ב. ריווקין

# אַ גלויבן פאַר אומגלויביקע



מאַקס וועבער

צונויפגעשטעלט פון
**מינע באָרדאָ-ריווקין**
רעדאַקטירט פון
**אבא גאָרדין**




ארויסגעגעבן פון
דוד איגנאַטאָוו ליטעראַטור-פאָנד
ניו-יאָרק, 1947.

# א פּאָר אַריינפירנדיקע ווערטער

ב. ריווקין איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1883 אין דער קורלענדער שטאָט יאַקאָבשטאַט. זיין פאָטער און מוטער — „עמך", פשוט'ע ערלעכע פאָלקס-מענטשן: באַשאַנקענע מיט אַ געזונטן יושר-געפיל. ביי זיי גלויבן איז געווען אַ באַשיינפּערלעכקייט, ממש מיטן אויג צו זען, מיטן אויער צו הערן, מיט דער האַנט אָנצוטאַפּן, און מיטן גומען צו פאַרזוכן. אמונה גע-פּלאָכטן מיט ביטחון, צונויפגעוועבט מיט זיכערקייט פון גאולה. פרומקייט איז געגאַנגען האַנט-אין-האַנט מיט גוטסקייט.

פון זיינע תמימים-מאמינים עלטערן האָט ער געקראָגן בירושה אַ גרויס פאַרמעגן, אַן אומוואַקלדיקן גלויבן אין ניצחון פון גערעכטיקייט איבער אומרעכט, און נאָך מער אַ קאָסטבאַרן אוצר, אַ גרונט-פעסטע אמונה אין כוח פון גייסט.

ווי אַ זון, ניט בלויז פון זיינע עלטערן, נאָר אויך פון זיין דור — איז ריווקין נאָך גאָר אַ יונגער בחור צוגעשטאַנען צו אַ רעוואָלוציאָנערן קרייז. דאָס האָט אים געמאַכט צו עמיגרירן קיין לאָנדאָן אין יאָר 1911. פון לאָנדאָן איז ער אָנגעקומען קיין ניו-יאָרק ערב 1912.

עס איז כמעט ניטאָ קיין איין ערנסטע יידישע פּעריאָדישע אויסגאַבע דאָ אין לאַנד, אין וועלכער ב. ריווקין זאָל זיך ניט האָבן געהאַט באַטייליקט פון צייט צו צייט. ער האָט געשריבן אינספּירירטע התלהבותדיקע אָפּהאַנדלונ-גען וועגן אַלע וויכטיקע יידישע וואָרט-מייסטערס.

צו ליטעראַטור, בכלל, און צו קריטיק, בפרט, האָט ער געהאַט זיין אייגענעם צוגאַנג. יידישע ליטעראַטור-שאַפונג איז ביי אים געווען אַן עבודה, ניט קיין וואָכעדיקער באַרוף. ער האָט זיך געקריגט מיט די וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די אויפגאַבע פון בעלעטריסטיק איז צו אַמוזירן. ער האָט געלערנט, אַז זי דאַרף דעם יידישן לייענער מדריך-זיין. אָבער מיט וועלכע מיטלען? ווי אַזוי? דורך דעם שאַפן פון העלדישע געשטאַלטן, וואָס וועלן דינען ווי מוסטערן פון עטישן העראָאישן אויפפיר. פּרינציפּן-דעקלאַראַציעס, טרוקענע טעאָריעס קענען ניט אויסאיבן קיין באַצווינגנדיקן איינפלוס אויף די ברייטע שיכטן פון פאָלק. זיי ריידן בלויז צום שכל, בשעת מע דאַרף אַפּעלירן צום האַרצן, צו די עמאָציעס, צו דעם אונטער-באַוואוסטזיין, בשעת מען דאַרף ריידן צו די אומגלויביקע, בשעת מען דאַרף קעמפן קעגן די ציניקער פון אונזער דור מיט דעם בישוף פון מ ע נ ט ש - ב אַ ש אַ ף.

„מענטש-באַשאַף" — דאָס איז ב. ריווקינ'ס הייליקסטער וואָרט. מענטש-באַשאַף איז דער ענדגילטיקער תכלית פון אַלע אונדזערע אונטער-נעמונגען פון אַ פּאָזיטיוון ווערט. קיין רעוואָלוציע, ווי ברייט און טיף

איר פאַרנעם זאָל ניט זיין, קען קיין סך ניט אויפטאָן פאַר דעם וואוילזיין פון דער מענטשהייט, בל-זמן קיין גייסטיקע רעוואָלוציע איז ניט געמאַכט געוואָרן. דער אָנפאַנג און ענד פון אַזאַ רעוואָלוציע איז די באַשאַפונג פון אַ נייעם אדם'ען. לויט זיין פאַנעם פון דער יידישער געשיכטע איז דאָס, אייגנטלעך, די שליחות, וואָס דאָס יידישע פאָלק דאַרף דורכפירן: שאַפן אַן „אדם השלם", און דורך אים איבערגעשטאַלטיקן די גייסטיקע פיזיאָגנאָמיע פון די פעלקער, פון דעם מענטשלעכן מין.

איידער די געשטאַלט פון אַט-דעם מענטשן, דעם אויסלייזער, קען אויס-געפורעמט ווערן אין ווירקלעכן לעבן, דאַרף עס אָפּגעמאָלן ווערן אין פאַר-שטעלונג, דאָס הייסט אין ליטעראַריש קינסטלערישער פאָרם. און דאָס צו טאָן איז די פליכט פון די יידישע וואָרט-קינסטלער.

די אידייע פון אויסלייזונג, בכדי צו ווערן אויפטועריש, האָט געמוזט אָנגעמען אַ קאָנקרעטע פאָרם פון אַ משיח-פערזאָן. משיחות איז אַ וואונדער-לעכע יידישע שאַפונג, וואָס האָט, בפועל-ממש, געראַטעוועט דאָס יידישע פאָלק פון אונטערגאַנג. די גאַנצע טראַגישע געשיכטע פון כנסת-ישראל צווישן די אומות-העולם איז לאַנגדויערנדיקע חבלי-משיח, וואָס פירן אום-פאַרמיידלעך צו גאולה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

די אידייע פון געטלעכקייט האָט זיך אויך אָנגעטאָן אין אַ געשטאַלט, כדי דער מענטש, מקיים-זייענדיק דעם „שויתי ה' לנגדי תמיד", זאָל דורך אים געלייטערט און דערהויבן ווערן.

ב. ריווקין געהערט צו די זעלטענע באַצווינגער פון וואָרט. ער באַהערשט אַ גאַר אייגנאַרטיקן סטיל. ער זינדיקט, דוכט זיך, כסדר קעגן סינטאַקסיס. אָבער אַלע זיינע שפּראַך-עבירות ווערן אים ניט בלויז פאַרגעבן, נאָר אויגנ-בליקלעך פאַרוואַנדלט אין מיצוות. אַזאַ כוח און אויסדרוק-אימפעט באַזיצט ער. זיינע זאַצן זיינען ווי אַ געשפּאַנטער בויגן. די ווערטער לויפן ווי פיילן און טרעפן גלייך אין ציל.

דאָס בוך: „אַ גלויבן פאַר אומגלויביקע" איז דאָס ערשטע בוך וואָס ווערט אַרויסגעגעבן נאָך ב. ריווקינס פריצייטיקן טויט.

אין דעם בוך קומען אַריין ב. ריווקינס אַרבעטן וועגן שריפטשטעלער און וועגן אַלגעמיינע יידישע קולטור-פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות מיט ריווקינס גאַנג — אַ גלויבן פאַר אומגלויביקע.

אבא גאָרדין

אויגוסט, 1947.

# אינהאַלט־פאַרצייכעניש

## I

### אַ גלויבן פאַר אומגלויביקע — זז' 9—101



## II

### דוד איגנאַטאָוו שאַפונגען — זז' 103—181

#### א) בענטשנדיקער ענטוזיאַזם — זז' 105—114



#### ב) בערמאַן — דער נביא־סאָציאַליסט — זז' 115—166



#### ג) יפתח לעגענדע — זז' 167—181

## III

### אָפּשאַצונגען — זז' 183—256



## IV

### ליטעראַטור און דערציאונג — זז' 234—256

קאפיטל 1

# מענטש־באשאף

די וועלט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ראוי געוואָרן פאַר א נייער, גערעכטער מענטש־אָרדנונג. אָבער א נייע, גערעכטערע מענטש־אָרדנונג קאָן זיך ניט איינשטעלן אָן דעם, אז א נייער, גערעכטער מענטש־טיפּ זאָל גלייכצייטיג ניט באשאפן ווערן. דאָ אין דער נייער מענטש־באשאפונג, זיינען די פעלקער „צו קורץ געקומען". וואו נייע אָרדנונג־בויאונג האָט זיך אָנגעהויבן, קאָן זי נאָך עד היום ניט דערפירט ווערן ביז צום סוף.

דאָ האָט די וועלט זיך גענויטיקט אין אונדז. מיר קאָנען עס. מיר האָבן עס מערערע מאָל געטאָן. מיר זיינען די באַרופענע מענטש־געשטאַלטער בצלם אלהים, מיר זיינען „גאָט באשאַפער", און, דורך גאָט, מענטש־באשאפער און פעלקער־געשטאַלטער. דערמיט האָבן מיר אונזער געשיכטע אָנגעהויבן. פון א שטיין אין מדבר האָבן מיר אַרויסגעשלאָגן גאָט — שעפערישע גאָט־קראַפט, וואָס האָט געשטאַלטיקט דאָס אידישע פאָלק. שפּעטער צו האָבן מיר פאַר דעם צוועק זיך באשאפן די משיח־געשטאַלט, וואָס האָט געשטאַלטיקט דאָס אידישע פאָלק דורך די צוויי טויזנט יאָר גלות. זי האָט אונז געדינט פאַר א פורעם צו וואַרפן אין די פנימער פון די פעלקער און אזוי אַרום זיי איבערצופורעמען. מיר האָבן שוין וויפיל מאָל געמאַכט אַזעלכע פּרובן. כאָטש ניט אַלעמאָל איז די מלאָכה אונדז גערָאָטן.

האָבן מיר פון דעם פאַרשטיינערטן האַרצן פון דער איצטיקער וועלט, אונטער גרויזן, וואָס האָבן געפּרעסט און פרעסן אויף אונז פון אַלע זייטן, ניט געקאָנט אַרויסשלאָגן גאָט? בפרט, ווען פון אָנהויב און פון מיטן און נאָכ'ן סוף פון דער וועלט־מלחמה האָבן קאַטאַסטראָפעס גענומען קלאַפּן אונדז אין קאָפּ אַריין — צו דערמאָנען אָן אונזער היסטאָרישער פליכט און ראָלע!

אָבער אומזיסט איז געווען דאָס קלאַפּן איבער'ן קאָפּ. דאָ האָבן אונדז ניט געקלעקט קיין כוחות. די אַלטע רעליגיעזע, מענטש־באַשע־פערישע קראַפט האָט זיך אין אונדז ניט אָפּגערופן, האָט דער „האַר פון גאָרנישט", דער „ימח שמו", אונדזער ראָלע אויסגעכאַפּט. ער האָט באשאפן דעם „נייעם מענטשן" און די „נייע אָרדנונג" אַרום

אים — א מענטש חיה און אַן אָרדנונג פון רציחה. און ער האָט זיך פּאַרנומען גרינטלעך אונדז צו „פאַרבייטן״ — גייסטיק אונדז צו טעראָריזירן, פיזיש אויסצוראָטן. ווייל מיר האָבן פאַרפעלט די אונדז באַשערטע ראָלע, איז צוגעקומען דעם משחית גבורה. האָבן מיר דערלאָזן צו אַ געשיכטלעכן גרייז — מיר האָבן דערלויבט דעם משחית צו פאַרבייטן משיחן — האָבן מיר געצאָלט דערפאַר.

דערפאַר. — דאָס איז עס וואָס האָט געגרוילט אונדז. מיר דערקענען די סימנים פון יום הדין, וואָס אונדזער רעליגיע האָט אונדז געלאָזט פאָרויספילן — ווען די וועלט וועט אַנגעזעטיקט ווערן מיט אומרעכט ביז „כלו חייב״, דעמאָלט וועט זי געמשפט ווערן.

אָבער מיט דעם וועלט־משפט דאַרף דאָך, לויט דער פאָראויסזאָגונג, מיטגיין די גאולה, וואו יידן איז באַשערט אַ הויפּט־ראָלע: זיי דאַרפן צושטעלן אַ הויפּט־חלק צו דער באַשאַפונג פון אַ נייעם מענטשן און אַ נייער ערד, צו דער לייזונג פון דער מענטשהייט יושר־פּראָבלעמען. ווייסן די כחות פון אומרעכט, אַז פון אונדז וועלן זיי זיך אויסריכטן זייער מפּלה, פאַרלויפן זיי אונדז דעם וועג מיט ברוטאַליטעט און מיסטיפיקאַציע, כדי צו דערשטיקן די מעגלעכע יידישע ראָלע ביי דער איינשטעלונג פון דער גערעכטער אָרדנונג.

די צייט איז דערפילט געוואָרן. עס דערנעענטערט זיך דער פאָראויסגעזעענער אחרית הימים. די צוזאָגן דאַרפן געהאַלטן ווערן. דער נס וואָס איז אונדז צוגעזאָגט געוואָרן פון פאַרצייטן, דאַרף נעמען געשען. עס דאַרף זיך אָנהויבן די רעליגיע מאַניפעסטאַציע וואָס וועט עפענען די נייע וועלט־עפּאָכע, וואָס אין אָט דער מאַניפעסטאַציע איז אונדז באַשערט אַן ערשט־קלאַסישע ראָלע. דאַרפן מיר עס פאָראויסבאַפן מיט עפּעס אַן אַקציע, וואָס זאָל אָנזאָגן דער וועלט, אַז מיר זיינען וויליק און גרייט. די פּאָר סימנים פון אחרית הימים זיינען דאָ, און מיר זיינען ניט בכוח, מיר ווייסן ניט ווי אַזוי אים אַנטקעגנצוקומען מיט דער געהעריקער אידישער אַקציע. און ווייל די אַקציע פעלט, פילן מיר טיפע אומבאַפרידיקונג. דערפון דער געפיל, וואָס איז ניט אויסצומיידן, אַז מיר טוען ניט גענוג, ניט גענוג אָפּצוּענטפערן אונדזערע שונאים. און דער משחית האָט געוואונען די איבערהאַנט. עס האָט געשטאַרקט זיך די שנאה צום יידן, און עס שטייגט אומזין, און עס שטייגט גרויל. ווען אָבער די אַקציע וועט קומען, וועט דער אומזין פון וועלט־אַנטיסעמיטיזם פּלאַצן, און אונדזערע שונאים וועלן זיך אַרויסשטעלן פאַר די ליגנערס און מיסטיפיקאַטאָרס, וואָס זיי זיינען, און עס וועט זיך איינשטעלן אַ ליכטיקע הייליקע אַטמאָספערע אַרום יידן — מיט אַ גרויסער פעולה פאַר זיין אייגענער און דער וועלטס גאולה.

און זאָל אפילו זיין, אַז דער פאַרגעפיל פון אחרית הימים, וואָס מאַכט ציטערן די פעלקער, און די יידן בתוכם, איז אַ פּריצייטיקער.

עס איז אַ גורלדיקער מאָמענט, מיט דעם ריח פון קאַטאַסטראָפע אינדערלופטן — דאָס יאָ, אָבער נאָך ניט קיין וועלט־משפט, נאָך ניט „משיחס צייטן", נאָר אַ טיילכעלע דערפון, אָבער אַ טיילכעלע איז ניט אין דער בחינה פון גאַנצן און די שטנס, די מיסטיפיקאַטאָרס טוען זייער אַרבעט בשלימות. מיר אָבער ניט. דעם פּחד פאַר'ן יום הדין מאַכן מיר מיט, אָבער צו דערפילן אונדזער טייל — פליכט צו דער גאולה — און אפשר וועט די גאַנצע גאולה מקוים ווערן טיילכעלעכ־וויז? — פאַר דעם זיינען מיר ניט גרייט. רופט זיך דאָס אָפּ.

⁂

אָבער וואָס באַטייט דאָס אַלץ? ווי קאָן מען — וועט מען פרעגן — היינטיקע צייטן אַזוי ריידן? וואו גאָט, וואו משיח, וואו מענטש־באַשאַפונג בצלם אלהים? וואָס פאַר אַ פּראַקטישע ממשות האָט אָט די גאַנצע רעליגיעזע סימבאָליסטיק? — וועל איך פּרובן אַזוי איבער־זעצן דעם רעליגיעזן אידישן אָפּענפער אין היינטוועלטיקן יידישן לשון אַז אפילו די אומגלויביקסטע צווישן אונדז זאָלן אים קאָנען באַנעמען.

קאַפּיטל 2

# ארץ ישראל של מעלה

האָבן מיר אויסגעהערט דעם רעליגיעזן ענטפער, וואָס פּרעפּלט זיך אין אונדז דורך אַ קול דממה דקה — דורך אַ טונקעלן געפיל — און וואָס האָט דער ענטפער אונדז געלאָזט הערן? — אַז היטלעריזם איז אַן אַרויספאָדערונג, אַ ווענדונג צו אונדז — מיר, וואָס מיר האָבן פון אַ שטיין אין מדבר אַרויסגעשלאָגן גאָט־קראַפט און וואָס מיר האָבן אין פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן די גאָט־קראַפט געזאַמלט און איינגעהיט, איינגעפּאַסט אין דער משיח־געשטאַלט, אין צוגרייטונג צום אחרית הימים — האָבן מיר איצט, ווען דער אחרית הימים איז געקומען, די אָנגעזאַמעלטע און איינגעהיטע גאָט־קראַפט געראַפּט מאָביליזירן; פונדאַסניי אין זיך אָפּרופן אונדזער גאונות אין אַרויס־ציען גאָט־קראַפט פון אַ שטיין אין מדבר און דערלאַנגען די משיח־געשטאַלט. האָבן מיר עס ניט געטאָן, האָט היטלער אונדז דערלאַנגט אַ טייוולשע אימיטאַציע אויף אונדזער חשבון.

איז אין דעם ענטפער דאָ ניכטערער זין אָדער ס'איז בלויז רעליגיעזע פאַנטאַזיע? דאַרף פריער פון אַלץ פעסטגעשטעלט ווערן צי די משיח־געשטאַלט איז קאַפּאַבל צו טאָן אַרבעט. דאַרפן מיר צוריקגיין צו אונדזער ארץ־ישראל פאַרצייטן. דאָרט האָט די משיח־

געשטאַלט זיך באַוויזן און עס איז לײַכט אײַנצוזען, צו וועלכן צוועק זי האָט זיך באַוויזן: אײַנגעקלעמט אויף אַן ענגען פּאַס צווישן די חיילות פון די וועלט־מדינות, קעגן וועלכע דאָס פֿאָלק האָט פיזיש זיך ניט געקאָנט באַשיצן, האָט עס געמוזט צופֿאַלן צו אַ גײַסטיקן שוץ, אום צו קאָנען בלײַבן לעבן. האָבן יידן, וואָס האָבן געטראָגן דעם שם הויה אין זיך, נאָכגעטאָן גאָטס עובדא אין מענטש־באַשאַפונג: זיי האָבן געלאָזט פאַרשוועבן אַ וויזיע־געשטאַלט, לויט וועלכער דאָס פֿאָלק האָט זיך באַשאַפן אויף צו געדויערן דורך די צייטן. און אַזוי האָט דאָס פֿאָלק זיך געהאַלטן, אָנגעקלאַמערט אָן דער אמונה אין „משיחס־צײַטן”. און וואָס ווייטער עס האָט זיך אָוועקגערוקט משיחס קומען, אַלץ לענגער האָט דאָס פֿאָלק געדויערט, אָבי די וויזיע, וואָס האָט געהאַט משיחן פֿאַר איר צענטער, איז אים פֿאַראויסגעגאַנגען. און אַלץ, וואָס דעם פֿאָלק האָט געפֿעלט, האָבן די נביאים אַרײַנגעטאָן אין דער וויזיע פון משיחס צײַטן: יושר צווישן מענטשן, שלום צווישן פֿעלקער. ווען משיח וועט קומען, וועט די גאַנצע וועלט־אָרדנונג — ביז צו די „הרי חושך”, הינטער וועלכע עס איז שוין געווען עק וועלט — באַנײַט ווערן לויט משיחס מוסטער. סאָציאַלע גאולה, פֿאָלקס־גאולה, פֿעלקער גאולה — אַלץ אינאיינעם. ווײַל דער סאָציאַלער קאַמף — דער קאַמף פון די יידישע פּויערים מיט די פּריצים, וועלכע האָבן גערויבט זייער לאַנד און פּראַצע — פֿלעגט בסדר איבערגעריסן ווערן פון נאַציאָנאַלן קאַמף קעגן די באַלאַגערער. דאָס פֿאָלק איז געווען אין פּערמאַנענטער סכנה: בסדר אין אַנגעשטרענגסטער זאָרג פֿאַר זײַן קיום. און ווײַל פון דעם קלעם, אין וועלכן די געשיכטע און די געאָגראַפיע האָבן דאָס פֿאָלק אַרײַנגעשפּאַרט, איז קיין אַנדער אויסוועג ניט געווען, ווי נאָר אַז משיח זאָל קומען ניט נאָר פֿאַר יידן, נאָר פֿאַר די פֿעלקער אַרום, אַניט וואָלטן זיי דאָך בסדר באַלאַגערט דאָס „אויסגעלייזט” פֿאָלק. — האָבן די נביאים די אַלע קאַמפן און נויטן פֿאַרבונדן און אומגעוואַנדלט אין גאָטס יושר־ברכה אויף דער גאַנצער מענטש־אָרדנונג, אין משיחיסטישן אחרית הימים פֿאַר אַלע פֿעלקער.

וואָס און ווי אַזוי אין משיח־געשטאַלט איז אַרײַנגעחלומט געוואָרן — איז פֿאַרשטענדלעך. אָבער ווי אַזוי האָט די משיח־געשטאַלט, מיט דער זעאונג פון אחרית הימים, געקאָנט באַשיצן דאָס פֿאָלק קעגן די באַלאַגערער — די משיח־געשטאַלט, אײדער נאָך משיח איז געקומען? — ענטפֿערט דערויף די היינטיקע פּסיכאָלאָגיע פֿאַרן פֿאַרצייטן: — ווײַל אַ געשטאַלט! געשטאַלט איז די קאָנצענטרירטסטע גײַסטיקע פֿאָרם; נעמט אַרײַן אין זיך אַלץ: געדאַנק, געפֿיל, ווילן, פֿאַנטאַזיע; רעדט צו אַלע חושים. אָנגעצילעוועט אויף אַ יחיד, אויף אַ פֿאָלק, איז זי אַ געווער אָנגעלאָדן מיט פּסיכאָ־עלעקטריע. שפּאַנט זי דעם גאַנצן נפש אָן, שמעלצט אים, פֿורעמט אים, שמידט אים. די משיח־

געשטאַלט האָט מאָביליזירט דעם יידנס גייסט פאַר דעם האַרטסטן ווידערשטאַנד — אויב נישט קעגן חיילות, איז קעגן מפּלות. — אָט די אַרץ־ישראלדיקע משיח־מאָביליזאַציע פון יידישן גייסט, איינמאָל האָט זי זיך איינגעשטעלט, האָט זי שוין געאַרבעט פאַר אַלעמאָל. דער ייִד יחיד — און פאָלק — האָט זיך אָנגעגורט מיט אויסדויער און קיום־קראַפט פאַר זייער אייגענער צייט און פאַר אַלע שפּעטערדיקע יאָרן. איז מעגלעך געווען, אַז נאָך איין חורבן און נאָך אַ צווייטן חורבן האָט דאָס פאָלק נאָך אַלץ זיך ניט געהאַלטן באַזיגט. איז מעגלעך געווען אַ מכבי־אויפשטאַנד, אַ בר כוכבא אויפשטאַנד — אַן אויפשטאַנד פון הייפעלעך געגען וועלט־אימפּעריעס. און וואו אויפשטאַנדן פלעגן דורכפאַלן, האָט די משיח־געשטאַלט נאָך בעסער געדינט. אַדאַנק אָט דער משיחיסטישער אמונה, וואָס האָט אונזער קיום אויפגעהאַנגען הויך איבער דער ערד, האָבן מיר איבערגעלעבט ניט נאָר אונדזער אייגענע נאַציאָנאַלע מפּלה, נאָר די מפּלות פון אַ צענדליק וועלט־מדינות, וואָס פלעגן אונדז באַלאַגערן. יעדעס מאָל, ווען זיי פלעגן אונדז שטאַרק ענג מאַכן, פלעגן מיר אָפּענטפערן מיט אַ משיחיסטישער אַקציע. אַפילו די פאַלשע משיחיות האָט געדינט. ווען די רוימישע אימפּעריע האָט אונדז באַלאַגערט און עס האָט געהאַלטן דערביי מיר זאָלן צעמאָלט ווערן, האָט אַ גענעראַלער משומד שאול גענומען אַ באַשיידענעם יידישן בעל דרשן און אים אָפּגעשמדט פאַר אַ גאָט. האָבן די רוימער אונז פיינט באַקומען, אָבער האָבן געמוזט לאָזן לעבן. אַניט וואָלט זייער גאָט־מענטש קיין אָנהאַלט ניט געהאַט, ער וואָלט מיטגעשטאָרבן צוזאַמען מיט אונדז.

און אַדאַנק דער משיחיסטישער אמונה איז מעגלעך געוואָרן, אַז, ווען נאָך אַלע מפּלות איז דאָס פאָלק פאַרטריבן געוואָרן פון זיין לאַנד, אָן שום האָפענונג באַלד זיך אומצוקערן, דאָס פאָלק, אַן אויס־נאַם צווישן פעלקער, זאָל נאָך אַלץ זיך האַלטן פאַר ניט באַזיגט, ווייל וואָס הייסט? — דער צוזאָג אויף גאולה, אויף משיחס צייטן, איז דאָך נאָך ניט מקוים געוואָרן.

און דערפאַר אַזוי ווי די אַרץ־ישראל־נביאישע מאָביליזאַציע פון יידנס גייסט האָט זיך פאַרענדיקט, האָט זיך גלייך אָנגעהויבן די תלמוד־בבל׳ישע מאָביליזאַציע אויף אויסצודויערן ביז משיחס צייטן. עס איז געווען אַ פאַרזעצונג פון דער אַרץ־ישראל־מאָביליזאַציע, מיט אַ נפקא מינה: עס איז ניט געווען קיין אייגן לאַנד, קיין טעריטאָריע, אויף וועלכער זיך צו מאָביליזירן. האָט געדאַרפט געשאַפן ווערן אַ קינסטלעכע אַרענע פאַר דער גייסטיקער מאָביליזאַציע. און די רעליגיע, די מאָביליזאַטאָרין פון אידישן גייסט, האָט ווידער גענומען אויף זיך אָט די אויפגאַבע. יידן האָט געפעלט טעריטאָריע אונטער זייערע פיס, האָט זי אויפגעהויבן אַ טעריטאָריע איבער זייערע קעפּ — אַן אַרץ ישראל של מעלה, אַרץ ישראל איז ווידער אויפגעשטעלט גע־

וואָרן; יידן זיינען געמאַכט געוואָרן אָפּצוהיטן אין פּאַקט אָדער סימבאָל די געזעצן, וואָס זיינען גילטיק געווען אין אַמאָליקן ארץ ישראל. און דערפאַר איז עס נאָר געווען ארץ ישראל של מעלה, וווּ אָן שום אָנשפּאַר אין היינט, איז דער יידישער קיום צוגעשפּאַנט געוואָרן צו אַ קינפטיקן, גייסטיקן אויבער־נצחון דורך משיחן.

און עס האָט געאַרבעט! אויף אָט דער ארץ ישראל של מעלה זיינען מיר ווי אַ פאָלק אָפּגעזעסן גאַנצע 2000 יאָר, ניט האָבנדיק קיין מאַטעריעלע טעריטאָריע פאַר אָן אונטערשטיצונג; געזעסן זיכערער ווי די פעלקער וואָס האָבן יאָ געהאַט טעריטאָרעס פאַר זיך־פלעצער. דער גאַנצער פרומער לעבנסשטייגער פון אונדזערע קליינשטעטעל־דיקע טאַטעס, מיט תרי״ג מצוות, וואָס זיי האָבן מקיים געווען מיט אַזאַ התמדה איז ניט געווען קיין אויסדרוק פון גלאַט אַזוי און סתם אַזוי פרומקייט, גאָטספאַרכטיקייט, נאָר עס איז געווען אַן אויפשפיל פון דער משיח־אמונה. יעדע גרעסערע מצוה און יעדער גרעסערער צערעמאָניאַל האָט זיך פאַרענדיקט מיט: ובא לציון גואל! — וואָס אָט דער אויפשפיל האָט געהאַט פאַר זיין בפירושן צוועק: די מאַטעריאַליזירונג פון דער טעריטאָריע של־מעלה — כדי אַנטקעגנ־צואווירקן די שאָדנס פון זייער עקאָנאָמיק של מטה — דער אומ־גליקלעכער מסחר־עקאָנאָמיק, וואָס האָט געבערעקלט דעם באָדן אונטער זייערע פיס. אונדזערע פרומע טאַטעס האָבן די טעריטאָריע של מעלה ניט דערפונדן; זיי האָבן זי איבערגענומען בירושה פון זייערע טאַטעס; אָבער זיי האָבן אָן אַ שיעור בייגעטראָגן צו איר מאַטעריעלער ממשות, וואָס דערפאַר קומט זיי גאָר אַ גרויסער דאַנק.

פון מסחר האָבן די מערסטע פון זיי געצויגן זייער חיונה, און מיר האָבן אָפּט פאַריבל אויף זיי, הלמאי זיי האָבן ביים דאַוונען געשמועסט וועגן מסחר; האָבן זיי אָבער אין זייער לעבנס־שטייגער פון אַ גאַנצן טאָג געהאַט אַ גאַנצן אַרסענאַל פון ספּעציעלע מעטאָדן און מיטלען אויף צו שטייגערן די ממשות פון גייסט, אויף צו פאַר־האַרטעווען גייסט ביז צו דער שטייפקייט פון מאַטעריע.

זיי האָבן געהאַט און האָבן עד־היום אַ גלויבן, וואָס שטאַרקט זיך דווקא דורך די אויגן־שטעכנדיקע קאַפּוירבאַווייזן פון דער ווירקלעכ־קייט, וואָס שרייט צום יידן: אומזין איז דיין גלויבן — זיי האָבן געהאַט און האָבן דעם זעלבסט־היפּנאָז פון טאָג־טעגלעך איבער־גע׳חזר׳טע שבועות און נדרים: אַ תרי״ג טאָג־טעגלעכע איבונגען, וואָס קריצן אין גייסט אומצעשטערבאַרע שפּורן, קאַרבן, רינגלעך — קאַנאַל־כעלעך פאַר געוואוינהייטן: צערעמאָניאַלן אויף טריט און שריט, פון באַגינען ביז חצות, וואָס שפּילן דעם פשוט׳סטען יידן אריין אין דעם ספּעקטאַקל, וואָס ווערט אויפגעשפּילט אויף דער טעריטאָריע של־מעלה.

אָן עבר־און־צוקונפט־ספּעקטאַקל צוגלייך, די גאַנצע יידישע

געשיכטע אויפגעשפּילט, פון פאַרצייטן ביז אחרית הימים, פון ברית אברהם ביז משיחס צייטן — אַ שפּיל, אָנגעלאָדן מיט צוזאָגן אויף להבא, מיט נבואה אויף גאולה, מיט גאָטס שבועות און נדרים, די זעלביקע, וואָס דער ייד אונטן חזרט איבער אין זיינע טאָג־טעגלעכע איבונגען — און זויגט זיי אריין אין זיך.

דורך אָט די טאָג־טעגלעכע איבונגען שמעלצן זיך אויס פון הוילן גייסטשטאָף האַרטע, כמו־מעטאַלענע כלים אויף איינצופאַסן און איינצוהאַלטן די אָנגעזויגענע גייסטיקע ענערגיע: און עס שמידן זיך אויס אינסטרומענטן, וואָס דינען פונקט אַזוי גוט, ווי פיזישע אינסטרו־מענטן — אינסטרומענטן פון אינערלעכער דערלייזונג, כלים און אינ־סטרומענטן, וואָס האַלטן אָן זייער ממש מאַטעריעלע ממשות, כל־זמן דער גלויבן און דער זעלבסט־היפּנאָז טוען זייער טעגלעכע שעה־צו־שעה, רגע־צו־רגע אַרבעט; כלים און אינסטרומענטן, וואָס ציען אַרונטער דעם דערלייזונג־ספּעקטאַקל פון אויבן אין דעם יידנס נשמה אריין, און פאַרזיגלען דעם ספּעקטאַקל מיט דער חתימה „אמת און וואָר" — און עס ווערט שוין איצט אין אים טיילווייז מקוים, וואָס דאַרף לויטן צוזאָג מקוים ווערן פול און גאַנץ אין דער צוקונפט פאַרן גאַנצן פאָלק.

און פון דער טעריטאָריע אין דער לופטן לאָזן זיך כסדר אַרונטער פונקט אַזעלכע ממשותדיקע, פאַרגליווערטע ביז צו מאַטעריעלער שטייפקייט, שוץ־ווענט, וואָס רינגלען דעם יידן אַריין אין אַ זיכטבאַרער אָדער אומזיכטבאַרער געטאָ־הייט; און כל־זמן ער איז אין דער שטענ־דיקער אַרומרינגלונג, איז ער נשמה־מוטיק, אַפילו ווען זיין גוף צאַפּלט זיך אין הוילע סכנות; איז ער נשמה־רייך, מעג ער געצוואונגען זיין פון דער לופט צו מאַכן זיין אָרעם־ברויט צום עסן — רייך מיט דער גאַנצער עשירות פון דער יידישער נשמה־ענערגיע, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט פון פאַרצייטן ביזן היינטיקן טאָג — אויב ער איז אַן עכטער, געטרייער, קינסטלערישער מיטשפּילער אין דעם ספּעקטאַקל, וואָס שפּילט זיך אויבן איבער אים און וועגן אים.

און צייטנווייז פּלעגט געשען: — אין אַן עת צרה, נאָך גזירות, פּלעגט דער תרי"ג אַרויסגעבן בפרהסיה דעם געהיימען משיח־ספּעק־טאַקל, וואָס ער האָט געהאַט איינגעשלאָסן אין זיך — פּלעגט איינער אַ ייד אַריינעמען אין זיך דעם שם המפורש און אויפשפּילן אַ גאַנצן משיחיסטישן ספּעקטאַקל אין אַ פּרוב צו פאַרווירקלעכן מלכות השמים — כדי אָפּצופרישן די אַלטע און אָנצאַפּן נייע אמונה אין דער ענדגילטיקער גאולה. די אונטערנעמונג איז ניט געווען אַזוי שווער. יידן האָבן געלעבט אין אַ געטאָ, אָפּגעצאַמט פון דער גרויסער דרויסן־וועלט. האָט די מלכות השמים זיך נאָר געדאַרפט באַציען אויף דער יידישער לעבנס־אָרדנונג; און אַפילו אין די גרעניצן פון דער יידישער לעבנס־אָרדנונג האָט ניט געדאַרפט זיין קיין פולע פאַרווירקלעכונג פון מלכות השמים, נאָר אַ רמז דערויף. גענוג אויף דער אומגעלעב־

קייט פון פולער פּאַרווירקלעכונג האָבן יידן זיך געהאַלטן. נאָר דער פּרוב, די אָנשטרענגונג איז געווען אַנצושעפּן פרישע גלויבנס־גבורה פון יידישן גאָט־ברונעם אום אָנצוטרינקען דאָס פאָלק מיט קיום.

דעם לעצטן משיחיסטישן אויפשפּיל אויף אַ גרויסן־שטייגער האָבן מיר געהאַט אין חסידות. מיטן צדיקס טיש פאַר אַ רמז אויף מלכות השמים. און נאָך מער. דאָס איז ביז היינט צו טאָג געווען די תלמודיש־שולחן־ערוכדיקע אידישקייט, וואָס האָט אַריינגעשפּילט דעם יידן אין גבורה און האָט פאַרהאַרטעוועט די טעריטאָריע איבער זיין קאָפּ ביז צו אַזאַ אייזנפעסטקייט, אַז אליהו הנביא האָט געמעגט פאָרן איבער איר מיט זיינע פייערדיקע רייטוועגן: און, להבדיל, אַ המן פון אונטן האָט געמעגט לאָזן בילן אויף איר זיינע גיהנום־כלבים — און די טעריטאָריע פלעגט אַ ציטער טאָן און דער ייד פלעגט גיין אויף איר — אונטער איר — אַן אומדערשיטערטער. וואָס האָט פּאַסירט, ווען דער עסיקער שכל פון דער ציוויליזאַציע האָט גענומען אויסעסן דעם קלעפּשטאָף—דעם גלויבן—וואָס האָט געגעבן האַפט דער געטאָ־וועלט, און די געפּרעסטע גלויבנס־לופט האָט גענומען אויסוועפּן? די תרי״ג כלים, וואָס זיינען אויסגעשמאָלצן געווען פון פאַרגליווערטער גלויבנס־לופט, האָבן זיך גענומען ברעקלען. דער גלויבן האָט זיך דאָך געהאַלטן אויף אַ שם המפורש — דערפאַר טאַקע איז געווען גלויבן ביז אַבסורד. איין ריר פון זין און דער גלויבן גייט אויף אין אומזין, און די תרי״ג מעטאַלענע כלים צעפאַלן אין שטויב.

איז געווען אַ סכנה, אַז די גאַנצע מאָראַלע ענערגיע, וואָס איז אָנגעזאַמלט געווען אין זיי, וועט אויסלויפן — פון וואַנען וועט דאָס פאָלק נעמען אויסדויערקראַפט פאַר קיום ביז נצחון? אפילו דער קנופּ, וואָס האָט צוזאַמענגעהאַלטן די טעריטאָריע של מעלה, האַלטענדיק זי צוגעפעסטיקט צו אחד, האָט זיך גענומען דריבלען. אָט־אָט און זי וועט זיך צונויפפאַלן. אויף וואָס וועט דאָס פאָלק זיך האַלטן אין דער לופטן?

יעמאָלט טאַקע האָבן זיך געמעלדעט די אַלע מאָדערנע במקומס — ליטעראַטור, קולטור, ציוניזם, סאָציאַליזם. איז אָבער אַ פראַגע, צי זיי איז טאַקע געלונגען איינצוהיטן די אָנגעזאַמעלטע גלויבנס־גבורה, בעת דער זאַמל־אַפּאַראַט — דער תרי״ג — איז האַלב־צעשמעטערט געוואָרן? — און דער עיקר, דער עיקר, האָבן זיי אָקאָרשט ניט אָנגעוואָרן דעם עיקר: — אַז דער יידישער קיום איז ניט געווען סתם קיום, נאָר אַ קיום אָנגעקלאַמערט אָן אַ צוקונפטיקן נצחון — וואָרום אַנדערש האָט גאָר קיין קיום ניט געקאָנט געמאָלט זיין, ווי נאָר אָנגעקלאַמערט אָן דער יידישער משיח־ראַלע אין אחרית הימים?

דער היינטיקער היסטאָרישער מאָמענט שטעלט די אַלע „במקומס“ צו פּראָבע.

קאַפּיטל 3

# אונדזער טאָפּלטע שייכות

וואָס איז איצט געשען? איז עס טאַקע דער פאָראויסגעזאָגטער אחרית הימים? איין הויפּט־סימן איז דאָ: אַנדערש ווי אַמאָל איז די גאַנצע וועלט איצט ווי איין שטיק. ניטאָ קיין הרי חושך, הינטער וועלכע זיך צו באַהאַלטן. אָבער ס'איז נאָך אַנדערשער פון אַמאָל: פון דער קייט, וואָס נעמט אַרום אַלע פעלקער און לענדער אין איין שטיק, זיינען מיר יידן, מיט ארץ ישראל אינאיינעם, אַ הויפּט־רינג. וואו די קייט זאָל זיך ניט נעמען באַוועגן, וועט עס דערגיין צו אונדז. און מיר וועלן זיין די געטראָפענע.

עס האָט גענומען צוויי טויזנט יאָר, ביז מיר האָבן זוכה געווען צו דער אומגליקלעך־גליקלעכער פּאָזיציע פון אַ הויפּט־רינג אין דער וועלט־קייט. ווייל איך זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין אחרית הימים־מיסטיק און פרובן איינריידן אונדזערע אפיקורסים, די וועלטלעכע ראַדיקאַלן, אַז בעת מיר זיינען געזעסן אָפּגעצאַמט אין דער געטאָ, איז איבער אונדזערע קעפּ, אָן אונדזער וויסן, אָנגעגאַנגען דער משיחיסטישער פּראָצעס; אַז דאָס האָט געאַרבעט אונדזער פּאַרצייטיקער משיחים־טישער שם המפורש, וואָס האָט געזוכט צו פאַרווירקלעכן מלכות השמים, און אַזוי אַרום האָבן מיר אַ דירעקטע שייכות צו דער איצטיקער וועלט־מהומה. ניין, איך וועל עס ניט זאָגן. גיכער וועל איך זאָגן, אַז דאָ איז קאַרל מאַרקס פאַרמישט, וועלכער האָט על פּי זיין מאַרק־סיסטישער טעאָריע פאָראויסגעזאָגט, אַז ווען דער קאַפּיטאַליזם וועט אַרומנעמען די גאַנצע וועלט, וועט ער פּלאַצן צוליב זיינע אינערלעכע און אויסערלעכע סתירות. און ער האָט געטראָפן! און ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט געפּלאַצט, האָט ער געמאַכט פּלאַץ פאַרן פאַרצייטיקן יידישן שם המפורש, וואו צו נעמען אַרבעטן. האָט ער אָנגעצונדן אַ מענטש־באַשעפערישן פונק — אַ ברענענדיקע גלוסטונג צו אמת־יושר — צו „פּראַוודאַ" — אין דעם פּראָסטעסטן איוואַן, — אַזוי אַז דאָס האָט מאַרקס בשותפות מיטן יידישן שם המפורש דערלאַנגט דעם סאָוועטישן אָקטאָבער. — די אַנטיסעמיטן קאָנען נאָך חלילה דערהערן! טאָפּלט אידישע אַרבעט! אָבער וואָס זיינען מיר שולדיק? מיר וועלן זיי זאָגן, אַז דאָס איז די אַרבעט פון דעם קריסטלעך־אָפּגעשמדטען צווייג פון אַלט־יידנטום. מאַרקס האָט נאָר געגעבן עקאָנאָמישע פאָרמולס, ווען, אונטער וועלכע באַדינגונגען דער שם המפורש קאָן נעמען אַרבעטן. און איך וועל אודאי ניט זאָגן, אַז דאָס איז ווידער אַמאָל געווען די אַרבעט פון אונדזער פאַרצייטיקן שם המפורש וואָס האָט אויפגעוועקט דעם ריז, נאָך יאָרן דרעמלען. — און ווי דער העלד פון דער פאַרצייטיקער רוסישער לעגענדע איליאַ מוראָמעץ,

וועלכער איז יאָרן אָפּגעזעסן מיט די פיס אונטער זיך, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און גענומען שפּאַנען. האָט ער איבערגעשפּאַנט פּויכן און אין חברותא מיט היטלערן האָט ער גענומען יאָגן די וועלט־מהומה — דעם קאָסמישן שטורם, וועלכער חרוב מאַכנדיק אַ צענדליק לענדער האָט ער אָנגעיאָגט צו ארץ ישראל — וואָס דען וועל איך זאָגן? — אַז עס באַשטעטיקט זיך טאַקע, וואָס דער רעליגיעזער ענטפער האָט אין פאָרויס געגלאָזט וויסן, אַז געשטאַלט־געבונג, וואָס איז דער סאַמע עיקר פון משיחות — וואָס שמעלצט, פורעמט, געשטאַלטיקט מענטש־מאַסע און מענטש־אָרדנונג אין איין גלייכצייטיקן מענטש־אָרדנונג־באַשעפערישן אַקט — איז דער סאַמע נויטיקסטער אַרטיקל אין אחרית הימימדיקן מאָמענט. און אפילו ווען ניט אחרית הימים, מענטש מוז באַשאַפן ווערן, ניט געמאַכט ווערן מיט די הענט. אָבער ווי באַוואוסט, אַלע וואָס זיינען באַשעפטיקט מיט פּלענער ווי אַזוי איבערצואַנדערשן דעם וועלט־סדר — די סאָציאַליסטן פון כל המינים — זיינען מעכאַניקער, האַנט־אַרבעטער, וואָס ווען די געלעגנהייט קומט ווערן זיי אַלע ווי איינער — יד חזקהניקעס. אַ סך תורה האָבן זיי אָנגעשריבן, אויף דער איבערקערעניש אין דער מאַטעריעלער אָרדנונג — און דער מענטש? — זיי זיינען יוצא מיט אָרדנונג. דער מענטש וועט זיך שוין ווי עס איז אין דער אָרדנונג אַריינשטופּקעווען. אַפילו ווען זיי ווענדן אָן קולטור־מיטלען, איז עס אויך מעכאַניש אַריינגעשטופּקעוועטע קולטור.

אַזוי האָבן זיי אויך אין סאָוועט־רוסלאַנד געטאָן; דעם עיקר האָבן זיי פאַרזען — אַז מיט דער ניי געשטאַלטונג פון דער אָרדנונג האָט געדאַרפט מיטגיין די ניי־געשטאַלטונג, די ניי־באַשאַפונג פון גאַנצן מענטשן, ניט קיין שטיקלעכווייזע אַריינפּרעסונג. מענטש און אָרדנונג זיינען איין פּראָצעס. זיינען די פּראָבן ניט געלונגען, אָדער בלויז האַלב געלונגען — איז געוועזן איבעראָנשטרענגונג, אַ שטאַרקן זיך איבער געוואַלט — מיט געוואַלט — מיט אַלע קאָנזעקווענצן פון איבערמענטשלעכן זיך שטאַרקן איבערן מענטשן.

דאָס וואָס מיר האָבן אין סאָוועט־רוסלאַנד אויסגעפעלט מיט אונדזער משיחיסטישער פונקציע — דאָס איז אונדזער ערשטע אינדירעקטע שייכות צום קאָסמישן פּראָצעס, וואָס מהומהוועט די וועלט. דער באַדאַרף אין אונדז — דאָס מאַכט די שייכות. און היטלער האָט געגעבן דעם ענדגילטיקן באַווייז, אַז מיר האָבן אַ שייכות.

די ניט־געלונגענקייט אָדער האַלב־געלונגנקייט פון סאָוועטישן עקספּערימענט האָט געגעבן שליטה דעם פאַשיזם, דעם נאַציזם. מוסאָליני, היטלער האָבן געהאַט דעם טעות — דעם סאָציאַליסטישן פאַרזען, אַז מענטש דאַרף געשטאַלטיקט ווערן — אויפגעכאַפּט און דעמאַגאָגיש־שווינדלעריש אויסגענוצט. אויב ניט אַ הייליקע, וועלן זיי אַ טייוולשע געשטאַלט דעם פאָלקס־מענטשן צוגעבן. און היטלער,

וועלכער האָט געהאַט די גרעסערע, פסיכיש־צעבראָכענע פּאָלקס־מאַסע און געגוג יידן־מאַסע אויף אַרויסציען פון איר די נשמה, האָט באַקומען זיין רשות. ער האָט זיך פאַרנומען — אומבאַוואוסטזיניק און באַוואוסט־זיניק אויסצוקאָנקורירן אונדזער פונקציע פון געשטאַלט־געבונג: — ער וועט זיין דער געשטאַלטגעבער צו דער וועלט! פאַרקריפּלט און פאַרמיאוסט און פאַרבלבולט אונדזער ראָלע, פאַר זיין דעמאַגאָגישער אינספּיראַציע האָט ער אָנגעהאַלטן אַ פּערמאַנענטע יידן־הריגה. און אַרויסגעקוועטשט פון דעם יידן די נשמה, און פאַרשווארצט זי, און געפרעסט זי אָננעמענדיק זיך מיט אַלץ מער חיות. און אַנטקעגנ־געשטעלט דעם יידיש־משיחיסטישן שם המפורש זיין טריפהנעם טייוולאָנישן אַשמדאַי־שפּרוך: טויט צום וועלט־יידנטום! — האָט ער זיך אָנגענומען מיט וועלט־פאַרנעם. דער צושפּיל פון דער גאַנצער וועלט־אָרדנונג, וועלכע קרענקט אויף איבערגאַנג, האָט געעפנט פאַר אים דעם וועג צו וועלט־מאַכט.

און אַז מיר זאָלן קוקן ווייטער און טיפער איז די גרונט־סיבה פון דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף דער וועלט: — עס האָט געהאַלטן ביים איבערגאַנג צו אַ נייער וועלט־אָרדנונג. אַפילו די פּאָליטישע דעמאָקראַטיע, ניט בלויז די סאָציאַלע דעמאָ־קראַטיע, גיט עס שוין צו: — נאָך דער מלחמה, נאָכן נצחון איבער היטלערן, וועלן מיר למען השם נעמען סדרן אַ נייעם וועלט־סדר — יאָ, די גאַנצע אַלטע וועלט־אָרדנונג איז געווען עקאָנאָמיש צייטיק צו מאַכן פּלאַץ פאַר אַ שטיקעלע עפענונג פאַר מלכות השמים. פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט זיך געראַנגלט, נאָר אַפילו ווען אומוויליק; אַפילו, לאָמיר זאָגן, ווען די וועלט איז נאָך ניט געווען אינגאַנצן פאַרטיק פאַר דעם, האָט דער איבערגאַנג זיך געהאַלטן אין צוגרייטן. אָבער דער געזונטער, היילנדיקער, שעפערישער, מענטש־באַשעפערישער מעטאַד האָט געפעלט. האָט עס דערלאַנגט חלאת, האָט עס דערלאַנגט משוגעת, האָט עס דערלאַנגט וועלט־געראַנגל, און פריער פון אַלץ האָט עס דערלאַנגט איבערגאַנג אויף יידנסהאַס, ווי אַ הויפּט־מיטל אין וועלט־געראַנגל. אַפילו אין די לענדער פון דער דעמאָקראַטיע, אַפילו ביי אונדז אין אַמעריקע, וואו די דעמאָקראַטיע קרענקט שטאַרק אונטער, געפינען דעמאַגאָגן גענוג געלעגנהייט אויף צו אימיטירן היטלערן, נוצנדיק דעם יידן פאַר אַ שפּרינגברעט.

זיינען מיר אינמיטן פון דעם וועלט־געראַנגל — אינמיטן צווישן היטלעריזם און דער גאַנצער וועלט־אָרדנונג, ווי פאַרקרעפּערט אין דער ענגלישער וועלט־אימפּעריע, מיט ארץ ישראל אין מיטלפּונקט פון דער אימפּעריע.

זיינען מיר דאָך אַריינגעשטעלט אין אַ קאַטאַסטראָפאַלער וועלט־סיטואַציע אויף דעם געפערלעכסטן אָרט.

זיינען מיר אַרויסגעפּאָדערט געוואָרן אונטער טויט־געפאַר.

און אַלץ דערפאַר, ווייל דער צוזאָג, אַז יידן זיינען די באַרופענע צו געבן דעם מענטש אַ נייַ־געשטאַלט, ווען די צייט וועט איבערברעכן — דער היסטאָרישער נדר, אויף וועלכן אונדזער קיום איז אָנגעהאַנגען געוועז — איז ניט מקוים געוואָרן. און וואָס עס ווערט ניט מקוים מיט גוטן, ווערט מקוים דורך בייזן — דורך צוואַנג, דורך סכנה. קומט ניט דער יידישער געשטאַלטגעבער, קומט זיין היפוך — דער אַנטי־יידישער, אַ משחית אויף אונדזער קאָפּ. איצט, ווען די וועלט־סיטואַציע האָט געפּלאַצט, איז דער געשיכטלעכער סוד אַרויס פון זיין באַהעלטעניש; — אַז די געשיכטע האָט אונדז באַהאַלטן פאַרן אחרית הימים! — די קאַטאַסטראָפע שרייט דעם אייביקן יידן אין פּנים אַריין: פאַרשאַלטענער אָדער געבענטשטער, וואו ביסטו מיט דיין דערלייזערישער פונקציע?

וואָס קאָנען מיר טאָן צו מאַכן אים ענטפערן? — איצט איז דאָך דער שעת הכושר פאַר אים צו גיין אַ נייע יידישע הקפה אַרום דער וועלט — צו אַ נייער שמחת תורה. אַניט איז אַ נייער תשעה באב. איצט איז דער מאָמענט, ווען מיר דאַרפן זיך פאַרדינען אַ נייעם זכות הקיום — איצט, ווען דאָס אַלטע יידנטום פון פּוילן איז אונטערגעגאַנגען פאַר אונדזערע אויגן! כל זמן דאָס פּוילישע יידנטום איז געווען, האָבן מיר אַלע געטרונקען פון זיין גלויבנס־רעזערוואואַר און געקיומט אויף זיין חשבון אַלס יידן אין אַלע אונדזערע מאָדערנע פאַרוואַנדלונגען. איצט דאַרפן מיר אַליין, מיט אייגענע כחות, זיך אָננעמען מיט לעבנס־זכות, אַניט איז אונטערגאַנג. און אונדזער אויסגעפּרופטער מיטל דערצו: אויף אַ נייעם אופן, אין פאַרוואַנדעלטער פאָרם, צוגעפּאַסט צו אונדזער „אומגלויביקער" פּסיכאָלאָגיע, דאַרפן מיר אויפנעמען אונדזער אַלטע משיחיסטישע פונקציע. מיט אַ צדיקס טיש קאָן מען מער ניט יוצא זיין אויף אַ רמז פון מלכות השמים. אַ וועלט־טיש דאַרף געגרייט ווערן פאַר דער וועלט־אַרעמשאַפט. עס איז ניט קיין אויפגאַבע פאַר אונדז אַליין. נאָך די ברכה דאַרפן מיר געבן, די גייסטיקע פאָרמולע. אפילו אַ פּרוב, אַן אָנשטריינגונג דערצו וועט זיין געגנוג. און מיר וועלן זיין געראַטעוועט.

וואו זיינען אונדזערע געזאַלט זיין גייסטיקע פירער? פאַרוואָס האָבן זיי איבערגעענטפערט דעם גורל־מאָמענט צו די מאַכער מיט די הענט און מאַכער מיט די מיילער?

קאַפּיטל 4

## דער יידישער נצחון

די פרומע יידישע וועלט האָט געהאַלטן אין איין טענהן מיט אונדז, אַז — אין גאָט איז אונדזער נצחון. פאַרוואָס זשע איז אַזוי

שוואַך אונדזער רעליגיעזער אָפּרוף אויף דעם אַרויסרוף פון דער צייט? ווייל פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר איז אונדזער רעליגיע איינ־געשטעלט געוואָרן אויף גלות, אויף צו געדויערן טראָץ אַלע רדיפות; מעגן גאַנצע טיילן פון יידישן פאָלק אומקומען, אָבער אַ רעשט וועט אַלעמאָל בלייבן אויף אויסצוהאַרן ביז צו דער גאולה אין אחרית הימים. אָבער איצט, אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז אויסגעזעצט צו לעבנס־סכנה, און אַ רעשט קאָן חלילה אויך ניט בלייבן — פאַרוואָס לייגן מיר נאָך אַלץ אָפּ די נייע גאָט אַנטפּלעקונג? פאַר וואָס מאָבילי־זירן מיר זיך ניט פאַר אַ גרויסער עפּאָכעמאַכנדיקער רעליגיעזער אַקציע? ווייל אונדזערע גלויביקע זיינען נאָך אַלץ איינגעשטעלט אויף גלות. און אונדזערע אומגלויביקע זיי האָבן דאָך צו גאָט קיין שייכות ניט. אָבער גראָד זיי, די אומגלויביקע, זיינען עס, וואָס פּרובן ענטפערן אויף דעם אַרויסרוף פון דער צייט — ווער מיט ציוניזם, ווער מיט סאָציאַליזם און ווער מיט ביידע צוזאַמען. אָט דער מאַטעריעלער ענטפער זייערער דאַרף רעליגיעז איבערפאָרמולירט ווערן. אַ רעליגי־עזער זין־אינהאַלט דאַרף אַריינגעגעבן ווערן אין ציוניזם, אין סאָציאַליזם און אין זייער סינטעז. פּרובן עס וויפיל ניט איז טאָן הייפעלעך פון אונדזערע רעליגיעזע מחנות — אָבער הייפעלעך איז ווייניק. מיר טאָרן פון דער קינפּטיקער אַל־יידישער גאָט־מאָביליזאַציע די אומ־גלויביקע ניט אויסלאָזן, ווייל זיי זיינען אונדזער אַקטיווע מאַיאָריטעט.

צום גליק איז גאָר ניט אַזאַ מהלך צווישן אונדזערע אומגלויביקע און גלויביקע. עס איז אַ מהלך, וואָס איז גאָר קיין מהלך ניט. זיי זיינען אי נאָענט, אי ווייט איינע פון די אַנדערע — די ווייטקייט קומט פון אַ פאַרבלענדעניש, וואָס פאַרשטעלט זיי איינע פון די אַנדערע. ווען דאָס פאַרבלענדעניש פאַלט, וואָלטן זיי זיך געקענט געבן די הענט. פאָלגלעך איז דער יידישער נצחון דורך אַ פאַראייניקטער יידישער גלויבנסאַקציע מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, נאָר דאָס פאַרבלענדעניש וואָס שטייט ווי אַ מחיצה צווישן אונדזערע גלויביקע און אומגלויביקע מחנות, דערווייטערט אים פון אונדז. דאַרף מען די מחיצה איינוואַרפן בכדי דעם נאָענט־ווייטן־נצחון צו דערנעענטערן.

אָבער ווי קאָן מען דאָס? זיי זיינען דאָך דערצויגן געוואָרן אויף דעם לידעלע: — „גאָט און משיח זיינען געשטאָרבן" און קאָנען נאָך עד היום דאָס לידעלע ניט אַרויסחזרן פון קאָפּ? עס מאַכט ניט. כאָטש אין גאָט גלויבן זיי ניט און קווינקלען זיך אַפילו דעם נאָמען גאָט אַרויסצורייִדן, אָבער זיי זיינען ניט אומגלויביק. גלויבנס־ענערגיע, איינגעשפּאַרטע גלויבנס־ענערגיע פאַרמאָגן זיי. זי נעמט זיך אַרויס פון דערזעלביקער יידישער לעבנס־עקשנות, וואָס זאָגט אונטער דעם יידן, אַז ער גייט ניט אונטער און לאָזט אים ניט אונטערגיין. דאָס איז די אָנגעזאַמעלטע קיום־ענערגיע, וואָס יידן האָבן אָנגעפּאַרדינט דורך די אויפטועון פון אַלע יידישע דורות; דורך זייער אויסדויער, מאַרטי־

רערשאַפט און הייליקייט, העראָאישקייט און ווייל קיום־ענערגיע, וואָס וויל זיך ניט אונטערגעבן, טראָגט דעם כאַראַקטער פון גלויבן אין דער יידישער אייביקייט — דעם כאַראַקטער פון גלויבן בכלל. און אונדזערע אַפּיקורסים זיינען גלייבע שותפים מיט אונדזערע פרומע צו אָט דעם ריזיקן גלויבנס־פאַרמעגן — יעדער פון זיי טראָגט אין זיך אַ חלק פון דעם. אַניט פון וואַנען האָבן זיי גענומען זייער גלויבנס־דראַנג, זייער צוקונפט־גלויבן — אָט די גאַנצע אַקטיוויטעט זייערע אין דער ריכטונג פון צוקונפט־אידעאַלן, מיט וועלכע זיי פלעגן זיך אָפּגעבן ווייט איבער דער פּראָפּאָרציע, צו וועלכער זיי זיינען באַרעכטיקט געוואָרן לויט זייער עקאָנאָמישער פּאָזיציע? פון יידיש־געשיכטלעכן גלויבנס־רעזערוו אָבער נאָך בעסער: גלויבנס־רעזערוואואר, האָבן זיי עס אָנגעשעפּט, כאָטש עס דוכט זיך זיי, אַז זייער גלויבן שטאַמט פון אַן אַנדער מקור. פון דעמזעלביקן מקור. והראיה: עס איז פּאַקטיש ניט אויסצואוואָרצלען ביי אונזערע אַפּיקורסים דעם געפיל, אַז מיר יידן זיינען ניט פאַרפאַלן. גיט אַ קלאַפּ אין הארצן פון יעדן אַפּיקורס, וועט ער אויך אויסשרייען: — נצח ישראל לא ישקר — דער אייביקער וועט אין יידן ניט פעלשן.

קיין ספק ניט, זיי האָבן קיין טויזנט־חלק ניט אָנגעשעפּט פון יידישן גלויבנס־רעזערוואואר, וויפיל זיי וואָלטן געקאָנט, ווען זיי וואָלטן געוואָלט.

אָבער אַז זיי גלויבן פאָרט אין גאָט? זאָלן זיי זיך ניט שרעקן פאַר דעם נאָמען גאָט — ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר אים.

מעגן זיי זיך אַפילו קווינקלען דעם נאָמען גאָט אַרויסצוריידן, אַבי גלויבנס־ענערגיע איז אין זיי דאָ. און זי האָט מוראדיקע ממשות. לעבעדיקע ממשות. זי איז אין אונדז, וואָס גאָט איז איבער אונדז. זי איז אַזוי ווי גאָט. גאָט איז אַן אָפּשלאָג פון איר. זי דערלאַנגט פון זיך גאָט, און זי דערלאַנגט עס פון זיך קראַפט צו באַשאַפן אונדז אַליין און אַנדערע בצלם אלהים, און דראַנג צו געשטאַלטן פעלקער און צו פורעמען דאָס פּנים פון דער וועלט. אומזיסט האָבן לעצטנס אַ צאָל האַלבע אַפּיקורסים ביי אונדז מיט אַ האַלבן האַרצן גענומען שעפּטשען: גאָט! — און גלייך זיך איבערגעשראָקן און גענומען טאַפּן ווענט און שטעגן ווי צו אַנטלויפן פון אים. גאָט איז גאָר ניט אַזוי ווייט פון זיי — מיט דער האַנט צו דערלאַנגען אַפילו פאַר גאַנצע אַפּיקורסים. גאָט איז נאָר דער אויבערשטער נאָמען פאַר דער יידישער גלויבנס־ענערגיע, וואָס שטראָמט אויך דורך זיי. צו דער איבערטייטשונג פון נאָמען גאָט און צום גאָט־באַגריף בכלל וועל איך זיך נאָך אומקערן. אָבער אַפילו אָן דער איבערטייטשונג טאָר מען אויף אונדזערע אומגלויביקע ניט זאָגן, אַז זיי פעלט לחלוטין גלויבן. איך האָב עס נאָר וואָס אויבן אַרויסגעבראַכט און איך וויל עס נאָך שטאַרקער מאַכן. וואָס עס פעלט אונדזערע אומגלויביקע, איז בלויז דער גלויבן אין אָנגענומענעם זין

פון ווארט — דער גלויבן, וואס איז תלוי בדבר, וואס איז אנגעהאנגען אן זאכן, אן ציצית, לולבים און וויין אויף קידוש. אבער עס פעלט זיי ניט דער גלויבן בכלל — דער גלויבן ווי א נשמה־פונקציע, ווי שכל, ווילן און זכרון זיינען נשמה־פונקציעס.

גלויבן איז דער נאטירלעכער צושטאנד פון דער נשמה, איר נאטירלעכסטע און העכסטע פונקציע, וואס נעמט שוין אריין אלע אנדערע נשמה־פייאיקייטן. גלויבן איז דאס שטרעקן זיך פון גייסט פאראויס — מיט ווילן, שכל, געפיל און פאנטאזיע — וואס אט דאס שטרעקן זיך פארמערט דעם גייסט, באשאפט נייעם צוגאב צום גייסט, — דערלאנגט נשמה יתירה. בפרט, ווען מען האנדלט לויט דעם גלויבן. די האנדלונג לויט גלויבן מאכט גלויבן רעאל. עס פארווירקלעכט זיך דאס אין וואס מען גלויבט — פריער פון אלץ אין גייסט, דערנאך אינעם מענטש — נייער מענטש קומט צו — און דערנאך אין די זאכן, וואס דער מענטש טוט. עס ווערט אן א שיעור אויפגעטאן, ווען גלויבן איז די טרייב־קראפט — אין גלויבן ווי א נשמה־פונקציע איז דאך דעם יידנס געניאליטעט — ער קאן יעדן מאל דערלאנגען פון זיך א נייעם אויספלייץ פון גלויבן — און מען מוז דאך צוגעבן, אז אט די גניאלע גלויבנס־כאראקטעריסטיק האט זיך איבערגע־ליפערט צו אונדזער אומגלויביקן דור אין א גאנץ היפשער מאס. אט דער גלויבן, וואס איז גייסט אין העכסטער שפאנונג, גייסט כפל כפלים; דער גלויבן, וואס איז פארזעצונג פון דעם וואס איז פאראן; דאס אננעמען זאכן אויף קרעדיט — זאכן, וואס זיינען נאך ניטא, ווי זיי וואלטן שוין געווען, וואס אט דער קרעדיט־גלויבן העלפט די זאכן זיך פארווירקלעכן — אט דער גלויבן ווי א נשמה־פונקציע, פעלט ניט אונדזערע אומגלויביקע. זיי זיינען גלויביקע אומגלויביקע.

די פיפיקע שכל־הישרניקעס, די ציניקער, וועלן לאכן: וואס איז דאס פאר א משונהדיקע בריאה „גלויביקער אומגלויביקער"? אבער זיי אויף צו להכעיס איז דער מין גראד זייער פארשפרייט ביי אונדז; דאס זיינען אלע וועלטלעכע ראדיקאלן, וואס טראכטן און האנדלען לויט צוקונפט־אידעאלן. זאל נאכאמאל א שבח אויף זיי געזאגט ווערן. כאטש אין גאט גלויבן זיי ניט, אבער דעם עיקר פון גאט־גלויבן האבן זיי — זיי גלויבן אין גלויבן, זיי זיינען „יודעי חן" — זיי ווייסן דעם סעקרעט, אז גלויבן איז די שעפערישסטע נשמה־פונקציע. גלויבן פארמערט, טאפלט די נשמה, רופט ארויס קראפט אין איר, וואס זי האט עס פריער ניט געהאט. זיי ווייסן, אז אין צוטרויען צום גלויבן לאזט זיך טאן א וועלט מיט ארבעט. כאטש זיי זאגן עס ניט מיט ווערטער, אבער האנדלען האנדלען זיי אזוי. זייער גאנץ האנדלען איז איינגע־שטעלט אויף גלויבן אין זאכן וואס זיינען נאך ניטא און דארפן ערשט ווערן. זיי זיינען איינגעשטעלט אויף צוקונפט־אידעאלן — פונקט אזוי ווי אונדזערע אלט גלויביקע זיינען איינגעשטעלט געווען אויף

משיחס צייטן — וואס אויף אט דעם גלויבנס־איינשטעל האבן זיי אפגעלעבט יאר טויזנטער.

און עס זיינען פאראן צווישן זיי א גרויסע צאל ריזיקאנטן וואס זיינען פייאיק צו גרויסן פארמעסט — און ריזיקע איז גלויבן. דער בעסטער און שענסטער ביישפיל זיינען די חלוצים. ווייל זייער גאנץ לעבן איז א האנדלען אין ריזיקע לויט גלויבן. און פאראן צווישן זיי א גרויסע צאל פאלקס צדיקים, וואס זיינען פאקטיש און פראקטיש די גרעסטע בעלי אמונה ביי יידן היינט צו טאג. און וואס לינקער געשטימט, אלץ גרעסערע בעלי אמונה — זיי גלויבן אויף צו להכעיס דעם ניכטערן שכל, אין אפלייקענונג פון אלע אויגען־שטעבענדיקע באווייזן אויף פארקערט. און פאראן צווישן די אומגלויביקע א קלאס, וואס האבן געמאכט פון ריזיקע אין גייסט זייער פראפעסיע. דאס זיינען די שעפערישע מענשן. די שריפטשטעלער, די קינסטלער צווישן זיי. זיי פארלאזן זיך סיסטעמאטיש אויף רוח הקודש. זיי טרויען זיך אן דעם גייסט, ער זאל זיי דערלאנגען, וואס זיי פארלאנגען — און עס פאסירט: ער דערלאנגט זיי ווערק, — באשאפענע פון „גארנישט“, א יש מאין. זיי זיינען אודאי גלויביקע. שאפן איז א גלויבנס־אקציע. און דער פאקט איז, אז די יידישע ליטעראטור האט שוין ארייגעזויגן אין זיך א גוטע העלפט פון יידישן גלויבנס־רעזערוו.

אונדזערע אומגלויביקע זיינען אן ספק יורשים צום יידישן גלויבנס־פארמעגן. זיי אונטערשיידן זיך אבער פון אונדזערע גלויביקע אין צוויי וויכטיקע פרטים. יענע האבן גאט און האבן אן אפאראט.

דער ערשטער און הויפט־אונטערשייד איז, וואס דער גאט־גלויביקער האט א פערמאנענטן קוואל פון גלויבן, וואס טראגט אריין זין אין יעדער אלטער מצוה, און ווען עס טרעפט, אז אן אלטע מצוה האט זיך אויסגעדינט, קאן ער גלייך אויפן שטעל זיך אונטערטראגן א נייע מצוה און אנלאדן זי מיט זין פון דעם גלויבנס־קוואל. דער גלויביקער איז נאענט צו דעם אורקוואל פון גלויבן, פון וואנען עס שעפט זיך נשמה־גבורה אן א סוף — ער איז נאענט צום אין־סוף, צו גאט — ווי נאענט? — קאנט איר זיך דערמאנען פון אייער קינדהייט, ווען איר האט זיך געכאפט, אז איר טראגט אומגערן א טיכל אום שבת — האט זיך אייך ניט געדוכט, אז אייער האנט וועט גלייך געליימט ווערן? — אזוי נאענט איז געווען גאט! ניט ווי ביים קינד, נאר א העלפט אזוי נאענט איז גאט שטענדיק צום גלויביקן. אט די נאענטקייט אדער האלבע נאענטקייט איז עס, וואס גיט דעם גלויביקן ווארעמקייט, געטרייהייט, איידעלע ציטערניש, בטחון, וואס דאס אלץ צוזאמען מאכט אויס דעם נשמה צושטאנד פון גלויביקן. — און ווייל די אומגלויביקע פעלט אט די נאענטקייט צום אין־סוף, זיינען זיי, אפילו די שעפערישסטע צווישן זיי, באגרענעצט אין זייערע ריזיקעס

און פאַרמעסטן, אין זייער אַנגעטלען זיך, לויטן פרייען ווילן, מיט נשמה־גבורה.

נו, איז דאָך פאַרפאַלן! אַזאַ אונטערשייד לאָזט זיך ניט אַפּווישן. אַז דער „פרייער שכל" האָט אַ סוף געמאַכט צום אין־סוף! — צום גליק איז דאָס ניט אמת. דער אין סוף איז פּונקט אַזוי נאָענט צום אומגלויביקן ווי צום גלויביקן. נאָר אַ פאַרבלענדעניש פון ווערטער מאַכט דעם מהלך. נאָר שלעכטע עברי פאַרשטעלט, פאַרשפּאַרט אים דעם צוטריט צו דעם אור־קוואַל. און עס פאָדערט זיך אַ גאַנץ קליינע וואָרט־אָפּעראַציע, דער מהלך זאָל ווערן אויס מהלך און דער אומ־גלויביקער זאָל קאָנען נעמען שעפּן פון אור־קוואַל נשמה־גבורה אין דער וועלטלעכסטער פאָרם. נאָר כדי ניט מיד צו מאַכן מיט חקירה, שטעל איך זיך דאָ אָפּ, אָנזאָגענדיק אין פאָראויס, אַז עס לאָזט זיך יאָ אויסמאָלן אַ נייע אַל־יידישע גלויבנס־אַקציע, פון וואַנען ווי פון אַ ברען־פּונקט עס וועלן זיך לאָזן ארויסציען פּראַקטישע לאָזונגען אויף צו דערנענטערן דעם יידישן נצחון אין אָפּענטפער אויף דעם ארויס־רוף פון דער צייט.

קאַפּיטל 5

# די דיקטאַטור פון די נאַראָנים

די דיסקוסיעס וועגן גלויבן און אומגלויבן האָב איך דערפירט ביז צום פּונקט, וואו איך האָב דערקלערט, אַז בלויז אַ פאַרבלענדעניש, אַ אומפאַרשטענדעניש שיידט אָפּ אונדזערע גלויביקע אומגלויביקע פון דעם אין־סוף, דעם אור־קוואַל פון גלויבנס־ענערגיע. און דאָס פאַרבלענדעניש־מיספאַרשטענדעניש לאָזט זיך לייכט אומוואַרפן — יעמאָלט וועלן מיר ארויסבאַקומען אַ גאָט־גלויבן פאַר אומגלויביקע, וואָס דאָס, זאָג איך אָן אין פאָרויס, איז דער דינאַמיט, וואָס וועט אויפרייסן דעם אַנטיסעמיטיזם אין אַלע זיינע פאָרמען און אויס־לייטערן די לופט פאַר דער יידישער דאָלע אין דער וועלטס גייסטיקער באַנייאונג.

ווייל איך נאָכאַמאָל אַ בויער טאָן אין דער פאַרבלענדעניש־מיספאַרשטענדעניש, ביז זי וועט דורכגעלעכערט ווערן און אפילו אַ בלינדער זאָל זי קאָנען דורכקוקן. — „גאָט", „משיח" זיינען די גרויל־ווערטער פאַר אונדזערע וועלטלעכע ראַדיקאַלן. האָב איך זיי געזאָגט:
— ווער הייסט אייך זיך שרעקן פאַר ווערטער? — ווייל איך דאָ די קאָרעקציע נאָך פאַרשטאַרקן: — עס איז לחלוטין ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך! לויט דעם יידיש־פראַנצויזישן סאָציאָלאָג עמיל דורק־היים איז „גאָט" דער לעבענסווילן פון אַ היסטאָרישער געמיינשאַפט.

וואָס לעבט מער אָדער ווייניקער אויף אַ באַשטימטער טעריטאָריע. און טויזנט מאָל ריכטיקער איז עס פאַר דער יידישער היסטאָרישער געמיינשאַפט, וואָס האָט פון איר געשיכטע זיך צורעכט געמאַכט אַ טעריטאָריע און וואָס האָט איר וויכן צו לעבן טראָגן אַלע מאַטעריעלע אוממעגלעכקייטן סימבאָליזירט דורך גאָט. האָט עס אונטער דעם צודעק פון גאָט־סימבאָל אָנגעזאַמלט אַן אָרגאַן פון לעבנס־דראַנג, אַ קאָכיקן שטראָם פון לעבנס־חיות, אַן אומאויסשעפּלעכע שפע פון גלויבן.

וואָס זשע לאָזט ניט צו דער שפע זיך צורירן און זי באַפרייען פאַר נייעם לעבנס־געברויך, ווען דאָס פאָלק איז אין אַזאַ טויט־סכנה? דער שרעק פאַר וואָרט־צודעק, פאַר דעם גאָט־סימבאָל, די סטראַשידלע, וואָס נאַראָנים האָבן אוועקגעשטעלט, די גרויסע נאַרעשקייט, וואָס שטייט ווי אַ מחיצה צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט.

די מחיצה איז זינלאָז. וועלטלעכקייט אין קעגנזאַץ צו קירך האָט נאָך געהאַט אַ זין ביי די אומות העולם, ווען דער פרייער געדאַנק האָט זיך געדאַרפט אַרויספּלאָנטערן פון דער קירכלעכער טעאָלאָגיע און דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן זיך אַרויסבאַפרייען פון אונטער דער קירכן־הערשאַפט. אָבער וועלטלעכקייט אין קעגנזאַץ צו רעליגיע איז אַן אויסגעליידיקטער באַגריף, אַ געשטאָרבן וואָרט, וואָס האָט קיין אונטערשטיצונג ניט אין דער וויסנשאַפט.

עס טאָר ניט און עס איז ניטאָ קיין מחיצה צווישן וועלטלעכקייט און רעליגיע. בפרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער יידישער רעליגיע, וואָס איר גאַנצע עבודה איז געווען צו טאָן פאַר אונדז לעבנס־דינסט — אונטער געשיכטלעכע אומשטענדן, וואָס האָבן אוממעגלעך געמאַכט צו לעבן.

דר. זשיטלאָווסקי האָט אין זיין „גאָט־רעוויזיע" געפונען גאָט מער ווי אַלעמאָל. אָבער ערשט האָט ער ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אים. ער האָט אים אויפגעזוכט אויף אַזאַ מהלך פון מענטשן און פון מענטשנס האַנדל־וואַנדל, אַז צו מאַכן אים אַרבייטן, צו ברענגען הילף און רעטונג פאַרן מענטשן, קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין. היינט וואָס טויג ער אונדז? דאָס איז אַ גאָט פאַר יחידי סגולה, פאַר קאַבינעט־מענטשן, וואָס זיינען זיך מחיה מיט ספּעקולאַציעס וועגן גאָט. וואָס גיט זיי אַזאַ גאָט? ער גיט זיי פילאָזאָפישע חקירה. ער רופט אַרויס אין זיי דעם געפיל פון באַוואונדערונג, פון חשיבות, פון הייליקייט, פון יראת הכבוד. ער גיט זיי צו שפירן אומענדלעכקייט, אייביקייט. דאָס איז עס, וואָס דר. זשיטלאָווסקי האָט גערופן רעליגיעזיטעט, אָבער דאָס איז פּאַסיווע רעליגיעזיטעט; אַ שאָטנדיקער אָפּשלאָג פון דער אַקטיווער רעליגיעזער איבערלעבונג.

דער סאַמע עיקר פון דער רעליגיעזער שפּירונג איז ניט, אַז גאָט איז באַשעפערישע קראַפט אויף אַ מהלך, צו וועלכער מען קאָן קוים

דערלאנגען מיט די העכסטע פילאזאפישע ליטערס, נאר אז ער איז די באשעפערישע וועלט־קראפט אין אונדז, אין דער פערזענלעכער דערפארונג פון יעדן מענטשן. יא, מעשי בראשית האבן ניט אויפגעהערט — ער באשאפט דעם מענטשן יעדע רגע בצלם אלהים. שפירן מיר עס ניט אלעמאל, נאר מיר שפירן עס אין די גאר גרויסע לעבנס־מאמענטן. דער יידישער גאט האט געהאט א טבע — הויפט־זאכלעך דורך דער משיח־געשטאלט, וואס ער האט דערלויבט די נביאים פאראויסצושיקן דער יידישער געשיכטלעכער פראצעסיע — צו באשאפן מענטשן, ניט איינציקווייז, נאר מחנותווייז — אין די טויזנטער און הונדערטער טויזנטער.

גאט איז ניט בלויז פאר די יחידי סגולה. אין דער געשיכטלעכער דערפארונג פון דער גאנצער מענטשהייט איז גאט געווען דער צוזאמענ־העפטער פון די מענטשלעכע געזעלשאפטן. אין דער יידישער געשיכט־לעכער דערפארונג איז גאט געווען דער פארוואלטער פון יידישן גורל. גאט איז דער יידישער היסטארישער כוח.

אויסגעריכט מיט א גאט־סימבאל, וואס האט געמאכט דעם „אין סוף" פאר דעם אוממיטעלבארן רעגירער פון אונדזער געשיכטע, מיט א רעליגיעזן אפאראט, וואס האט געהאט אלע אונדזערע געשיכטלעכע געשעענישן פאר זיינע אינסטרומענטן, מיט א משיח־ראלע אין אחרית הימים, מיט א טעגלעכן לעבנס־שטייגער, וואס האט דעם אפאראט און גאט און משיחן געמאכט ארבעטן — האבן מיר זיך אנגעשפייזט מיט א גלויבנס־רעזערוו, וואס קאן קלעקן פאר „אייביק לעבן".

אט דעם גאט דארפן מיר איצט מאביליזירן, כדי צו פארמעסטן זיך קעגן וועלט־שטורם. ער איז דער באהאלטענער כוח אין אונדז: דאס איז די אנגעזאמלטע גלויבנס־ענערגיע, וואס איז געבונדן אין אונדז און מיר דארפן זי לויזבינדן. מיר דארפן זי פאר א נייעם גרויסן יידישן תכלית.

אט פון וואנען און צו וועלכן צוועק מיר וועלן דארפן אנהויבן די יידישע „גאט־רעוויזיע".

און דער ערשטער שריט אין דער רעוויזיע איז אפשאפן די מחיצה צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט. ווען מיר זאלן פאלגן דר. זשיטלאווסקין און דורכפירן זיין אפעראציע — דעם ריס צווישן אונדזער וועלטלעך לעבן און דער יידישער רעליגיע, וועלן מיר אלץ אנווערן. אלץ וואס גאט האט אונדז געגעבן און אלץ וואס די משיח־ראלע האט אונדז צוגעזאגט דארף אריינגעפירט ווערן אין אלע אונדזערע „וועלטלעכקייטן" — אניט זיינען קאפוט די אלע מעשים. שטיצט זיך אויף „וועלטלעכקייט" און מיר וועלן צו קיין תכלית ניט דערפירן ניט דעם ציוניזם, ניט דעם סאציאליזם און ניט דעם טעריטאריאליזם. און עס וועלן ניט העלפן די ניי־געמאכטע לאזונגען: אין געטא אריין! אין שול אריין! אין פאלק אריין! עס דארף אוועק־

געשטעלט ווערן א כלל גדול: אלץ וואס איז דא אין רעליגיע לאזט זיך פארוועלטלעכן — מיטן אין־סוף צוזאמען — אויסער דעם טשוואק, מיט וועלכן די ארטאדאקסיע קלאפט צו דעם אין־סוף צום הימל, מאכנדיק א סוף צו דעם לעבעדיקן אין־סוף, וואס ארבעט אין אונדז.

(דער הויפט־מיטל פון פארוועלטלעכונג איז די ליטעראטור, די קונסט. פארקינסטלערונג מיינט פארוועלטלעכונג. און די אלע סאציאלע און קולטורעלע טעטיקייטן, וואס פאלגן נאך דער קונסט, זיינען אויך פארוועלטלעכונגס־מיטלען. אבער וועגן דעם דארף א באזונדערע רעדע זיין).

יא נאך א רעשטל אומוועלטלעכקייט איז געבליבן קלעפן צו אונדזער אלטער רעליגיע.

געבליבן קלעפן צו דער אלטער רעליגיע — דאס וואס איר אפאראט איז געווען אנגעשטעלט אויף איינצוהיטן דעם יידישן קיום, אין בטחון אויף קינפטיקן נצחון, בעת מיר לעבן איצט אונטער דעם גזר, דעם קיום צו דערפירן ביז צו א באלדיקן נצחון, אניט וועט קיין קיום ניט זיין — איידער וואס ווען וועט די רשעות פון דער וועלט אונדז איבערוועלטיקן. דא דארפן מיר רופן צו הילף אונדזערע אקטי־וויסטן, וואס האבן זיך פארוועלטלעכט לויט דר. זשיטלאווסקים נוסח און אויסלערנען זיי ארבעטן מיט דעם רעליגיעזן אפאראט, זיי זאלן צאפן גלויבן פון ריזיקן יידישן רעזערוו אויף ארייננצוטאן דעם אנגע־צאפטן גלויבן אין גרויסע מעשים פון היינטיקן טאג. אבער מען קאן זיך צו דער ארבעט אפילו ניט צורירן כל זמן די מחיצה איז אוועק־געשטעלט און שטייט. דר. זשיטלאווסקים חכמה פון פאר 50 יאר קאן ניט גילטן היינט. דארף מען פירן די אינטעליגענץ אין חדר אריין און קנעלן מיט איר: — איינמאל פאר אלע מאל קיין מחיצה איז ניטא.

קאפיטל 6

## עקספערימענטירן אויף גאט

ס'איז איצט א צייט, ווען דאס וואס איז פריער געווען פילאזאפיע איז געווארן פראקטיק. פראבלעמען, איבער וועלכע מען האט זיך יארנלאנג געפלפולט, זיינען געווארן טאג־פראגן, וואס מוזן נאך היינט פארענטווערט ווערן. אט האבן מיר געהאט א יארנלאנגן פלפול וועגן רעליגיע און וועלטלעכקייט. ראדיקאלע שרייבער האבן א קאריערע געמאכט דערויף. כסדר פארנומען געווען מיט מאכן וואס שארפער דעם אונטערשייד, וואס שטארקער די מחיצה צווישן דער רעליגיעזער און וועלטלעכער קולטור. רעליגיע, האט עס ביי זיי געהייסן, האט צו טאן מיט גאט־גלויבן, מיט יענער וועלט; וועלטלעכקייט — מיט

אומגלויבן, מיט דער וועלט. אַנדערש, האָט זיך זיי געדוכט, קאָן מען ניט באַגרינדן די מאָדערנע ליטעראַטור קעגן די אַלטע ספרים, די מאָדערנע דערציאונג קעגן די תּלמוד תורה'ס. איצט שטעלט זיך אַרויס, אויב מיר וועלן די מחיצה תּיכּף ומיד ניט אָפּשאַפֿן, וועלן מיר בלייבן אויסגעשטעלט קעגן אַ וועלט מיט שונאים.

דאָס איז דער אַרגומענט: אונדזער געשיכטלעכע גבורה, וואָס האָט אונדז אַריבערגעטראָגן איבער אַלע תּהומען און דערטראָגן ביז צום ברעג פֿון דריטן יאָרטויזנט — אונדזער גענעאַלע גלויבנס־גבורה איז פֿאַרמשכּונט ביי אונדזערע אַלט־גלויביקע. זעען מיר אָבער, אַז אונדזער אַלט־רעליגיעזער לאַגער איז ניט בכּוח צו מאָביליזירן אונדזער געירשנטן גלויבנס־רעזערוו פֿאַר אַ נייעם פֿאַרמעסט מיט דער וועלט. זיי קאָנען נאָך אַלץ ניט אַריבערשפּרייזן די געטאָ־גרענעצן, הינטער וועלכע מיר האָבן יאָרטויזנטער אָפּגעלעבט אין אָפּגעשיידקייט פֿון דער וועלט. זיי קאָנען ניט אַריבער פֿון פּאַסיוון אויסהאַרן צום גרויס־וועלטישן אויפֿטוען. בעת דאָס גאַנצע פֿאָלק שטייט שוין מיט זיין לייב און לעבן דרויסן, אינמיטן פֿון דער גרויסער וועלט. גראָד איז עס דער וועלטלעכער, אומרעליגיעזער לאַגער, וואָס איז איינגעשטעלט אויף אַקטיוויטעט און פֿאַרמעסט. פֿעלט אים אָבער דער גענעאַלער, גבורהדיקער גלויבנס־מיטל.

עס איז אומבאַדינגט נויטיק, אַז די פֿאַרמעסט־גלוסטיקע, ריזיקאַנטן אונדזערע זאָלן זיך אָננעמען פֿולע הערצער מיט גלויבנס־גבורה. איז די מניעה דערביי, די מחיצה, וואָס איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט. ניט די פֿילאָזאָפֿיע, נאָר די שאַרפֿע נויט היינטיקן טאָג גיט דעם באַפֿעל: עס זאָל קיין מחיצה ניט זיין! אונדזערע פֿרומע ווייזן ניט קיין חשק די מחיצה דורכצוברעכן. גראָד פֿון דער וועלטלעכער זייט פֿון דער מחיצה, ביים אָפֿיציעל אומגלויביקן לאַגער, מערן זיך מיט יעדן טאָג אַזעלכע, וואָס זעען איין, אַז די מחיצה מוז דורכגעבראָכן ווערן. זיי האַמערן און בויערן. נאָך מער: זיי זאָגן, אַז די מחיצה איז קיין מחיצה ניט, נאָר פֿאַרהאַרטעוועטע פֿאַרבלענדעניש. פֿון זייערטוועגן שרייב איך. ביכער וואָלטן געדאַרפֿט געשריבן ווערן וועגן דעם, נאָר לית ברירה שרייב איך אַ בראָשורע.

אָבער מער וויל איך ניט דעבאַטירן; איך וויל עקספּערימענטירן. איך האָב צוגעזאָגט צו גרינדן אַ לאַבאָראַטאָריע פֿאַר אַן עקספּערימענט אין גלויבן פֿאַר אומגלויביקע. טו איך עס. איך קלייב אויס אַ מנין ראַדיקאַלן פֿון דעם מין גלויביקע אומגלויביקע און זעץ זיי אַוועק אין דער לאַבאָראַטאָריע. איך וויל מיט זייער הילף פּראַקטיש פֿאַרווענדן דעם עקספּלאָדיר־שטאָף — דעם גאָט־גלויבן פֿאַר אומגלויביקע, אָדער לאָמיר עס אָנרופֿן „פֿאַרוועלטלעכטע רעליגיעזיטעט" — פֿאַר דעם קאַמף קעגן היטלעריזם, קעגן אַנטיסעמיטיזם, קעגן רשעות וואָס דאָס איז אונדזער הויפּט־אויפֿגאַבע היינט צו טאָג. עס לאָזט זיך

גרייליך טאָן פּאָזיטיווע ארבעט מיט דעם זעלביקן שטאָף. ווען מען טוט אים אריין אין ארץ ישראל, וואָלט ער ארייננגעגעבן מזל ברכה און הצלחה אין ציוניזם. ער וואָלט פילפאַך פארלייכטערט די איינשטעלונג פון יידיש־אַראַבישן שלום: מחמת אומשלום איז די הויפּט־מניעה צום ווידער־אויפבוי פון היימלאַנד. און די מיליאָנען סאָוועטישע יידן טאָרן דאָך אויך ניט פארזען ווערן. דער שטאָף — די פארוועלט־לעכטע רעליגיעזיטעט — וואָלט פון דערווייטן געווירקט צוריק ארייג־צוציען זיי אין קרייז פון אַל־יידישער אחדות, וואָס איצט, אויפן ערשטן בליק, געפינען זיי זיך דרויסן פון אים. דער שטאָף וואָלט זיי גערינגט אין דער לייזונג פון זייער הויפּט־פּראָבלעם ווי אַזוי זאָלן זיי אין פולער יידישקייט זיך אריינבויען אין סאָוועטישער ניי אָרדנונג־בויאונג. עס איז אַ גרויסע עבירה צו קוקן אויף זיי ווי אויף יידן פון אַ „באַזונדערן מין" — זיי דאַרפן געהאָלפן ווערן. און דער שטאָף — די פארוועלטלעכטע רעליגיעזיטעט — וואָלט שטאַרק זיך נוצלעך געמאַכט אין דער לייזונג פון אַ פּראָבלעם, וואָס ליגט אונדז דאָ גאָר נאָענט צום הארצן און מאַטערט אונדזערע מוחות—דאָס פּראָבלעם פון יידישער דערציאונג, וואָס סיי פון איר רעליגיעזער זייט און סיי פון איר וועלטלעכער זייט לאָזט זי איבער אַ סך צו ווינטשן.

און דאָס פּראָבלעם פון פארוועלטלעכן די יום טובים העננט נאָך אַלץ אין דער לופטן. אי די דערציער, אי די יום־טוב־פּראַווער האָבן פארפעלט אַן עיקר. זיי זיינען שוין ברוך השם איינגעגאַנגען אויף אַפּצוקאָפּירן אַלע לעבנס־שטייגערס, מיט די יום טובים אינאיינעם, ריכטיק איינזעענדיק, אַז זיי זיינען געווען די אויפהאַלטער פון יידישן קיום. אָבער פארזען האָבן זיי, אַז דער יידישער קיום אַליין האָט זיך געהאַלטן אויף דעם קינפטיקן יידישן נצחון, אויף דער יידישער משיח־ראָל אין אחרית הימים. יעדער פאָלקס־שטייגער, יעדער יום טוב איז געווען ניט נאָר אַן אויפשפּיל פון עבר, נאָר נאָך מער אַן אויפשפּיל פון אחרית הימים. דערפון זייער דערהויבנקייט. און דערפאַר האָט דאָס פאָלק זיי אַזוי געטייערט און געפייערט. און דאָס איז דער הויפּט־תנאי פאַר דער ווידעראויפשטעלונג פון די פאָלקסשטייגערס און די יום טובים: אַנצונעמען זיך מיט דעם פייערלעכן גלויבן אין דער גרויסער יידישער צוקונפט־ראָלע אין דער וועלט דערלייזונג: אַן שום שעמעדיקייט: אתה בחרתנו! — ווי דאָס פאָלק האָט זיך ניט געשעמט. אַן דעם וועלן זיי בלייבן ליידיקע אימיטאַציעס, שפּילכעלעך אויף צו פלייסנס — און זיי וועלן זיך באַלד אויסוועפּן. — אָבער די פאַר־וואַנדלונג פון קיום אין נצחון איז דאָך די הויפּט־כונה פון דער פאַר־וועלטלעכטער רעליגיעזיטעט.

מיט איין וואָרט, אַזויפיל פּראַקטישע פארוואַנדלונגען. אַז עס קומט אויס, אַז פארוועלטלעכטע רעליגיעזיטעט איז דער נויטיקסטער אַרטיקל, וואָס מיר דאַרפן היינט צו טאָג האָבן. אין אָט דער פּראַקטישער

אַרבעט אַרום דער פאַרוועלטלעכטער רעליגיעזיטעט, וועל איך אַרויסקריגן די טיפערע אייגנשאַפטן אירע און פאַרפולקאָמען דעם מעטאָד פון איר פּראָדוצירונג. אָבער איידער איך טרעט צו צו דער פּראַקטישער אַרבעט, דאַרף איך נאָך מאַכן אייניקע הכנות: פאַרקניפּן אַ פּאָר געדאַנקען־פעדים, וואָס זיינען געבליבן הענגען, און קאָנען פּלאָנטערן דעם בליק, אַרויסציען אַ פּאָר געדאַנקען־שפּליטער, וואָס שטעכן נאָך דעם מוח; און איך דאַרף נאָך אומוואַרפן אַ פּאָר מחיצות, וואָס פאַרשטעלן דעם וועג. און מיינט איר, איך בין שוין פאַרטיק מיט דער הויפּט־מחיצה, וואָס שטייט מיר אין וועג — דער דיקטאַטור פון נאַראָנים איבערן גייסטיקן יידישן לעבן? ניט אַזוי לייכט שטירצט מען אַ דיקטאַטור! אונדזער געבילדעטע אינטעליגענץ און אונדזער פאָלקסטימלעכע אינטעליגענץ, וואָס פאָלגט איר נאָך — ביידע וועלן נאָך לאַנג שמאַכטן אונטער דער דיקטאַטור פון די נאַראָנים, וואָס מיט זייער גראָשנדיקער קענטעניש פון דער וויסנשאַפט האָבן זיי אָפּגעפּסקנט, אַז די וויסנשאַפט זאָגט, אַז גאָט איז ניטאָ און קיין נשמה איז ניטאָ. וואָס אָט די גרויסע נאַרישקייט איז עס, וואָס שטייט ווי אַ מחיצה צווישן גאָט און וועלט, צווישן רעליגיעזיטעט און וועלטלעכקייט, צווישן גלויבן און אומגלויבן. שוין לאַנג צייט די דיקטאַטור פון נאַראָנים זאָל געשטירצט ווערן.

דער מנין ראַדיקאַלן, וואָס איך האָב אָפּגעקליבן פאַר מיין עקספערימענט אין גאָט־גלויבן פאַר אומגלויביקע, זיינען קיין אויסנאַמען ניט. אויך זיי זיינען איבערוועלטיקט פון דער נאַרישקייט. און איך דאַרף זיך מיט זיי ראַנגלען, ביז איך וועל ברעכן זייער ווידערשטאַנד. די מערסטע פון זיי זיינען סאָציאַליסטן־מאַרקסיסטן, און זיי וועלן האָבן אַ טענה: ניט די נאַראָנים זאָגן עס, אַז גאָט איז ניטאָ, נאָר מאַרקס האָט דאָס געזאָגט: רעליגיע איז אָפּיום! — גיי הויב זיך אָן מיט קאַרל מאַרקסן.

ענטפער איך זיי: רבותי, לאָזט זיך דינגען. אַ חכמה פון פאַר הונדערט יאָרן קאָן נאָך הונדערט יאָר ווערן אַ נאַרישקייט. צווישן מאַרקסיזם און אַטעאיזם איז געווען, ווי דר. זשיטלאָווסקי דריקט זיך אויס — אַ היסטאָרישע אידייען־פאַרבינדונג. דאַמאָלט, פאַר הונדערט יאָרן, זיינען זיי געווען אידייאיש פאַרבונדן. קאַרל מאַרקס האָט געדאַרפט איבערקומען אַן אידעאַליסטישע גאָט־פילאָזאָפיע, אַ טעאָלאָגיע, וואָס איז געווען היפּאָקריטיש סיי אין איר אידעאַליזם און סיי אין איר פרומען גאָט־גלויבן. זי האָט זיך ניט זעענדיק געמאַכט די מאַטעריעלע עקאָנאָמישע ווירקלעכקייט אין וועלכער מיליאָנען האָבן זיך געראַנגלט פאַר ברויט (און קאַרל מאַרקס בתוכם). האָט ער געשאַפן אַ טעאָלאָגיע אַרום דער מאַטעריעלער עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט: עקאָנאָמיק איז איבער אַלץ! טעאָלאָגיע איז דאָס, וואָס נעמט זיך אונטער צו פּסקנען די לעצטע שאלות וועגן „אין סוף“,

וועגן וועלט־אל, וועגן גייסט און מאַטעריע אויפן סמך פון טעאָרעטישע סברות. — אָבער איצט נאָך הונדערט יאָר, ווען די טעאָלאָגישע געטרייהייט צו דער מאַטעריעלער עקאָנאָמיק האָט שוין באַוויזן, ווי היפּאָקריטיש זי קאָן זיין: זי האָט ארויסגעבראַכט אי דעם פאַשיזם, אי דעם נאַציזם, אָט די דיקטאַטורן, וואָס באַרויבן די מיליאָנען פון זייער ברויט און פרייהייט — צו וואָס דער געצנדינערישער דרך־ארץ פאַר מאַטעריע־עקאָנאָמיק, די אָבערגלויבערישע באַהויפּטונג, אַז זי איז אַלץ און לאָזט קיין שום פּלאַץ ניט איבער פאַר אַ סימן גייסט? זי פאַרדאַרבט דעם גלויבן און טעמפּט אָפּ דעם געוויסן, פאַרבלענדט און מאַכט בלינד צום סאָציאַלן יושר, מאַכט פאַרזען דעם רויב פון ברויט און פרייהייט ביי מיליאָנען — מיליאָנען — פאַר הונדערט יאָרן דורך אָבערגלויבערישן גלויבן און איצט אויך דורך אָבערגלויבערישן אומגלויבן פונקט אַזוי.

די עקאָנאָמישע ווירקלעכקייט טאָר ניט פאַרזען ווערן. ווען ישעיה הנביא זאָל איצט קומען מיט זיין גאַנצער נבואה, נאָר אויסמיידן זאָל ער צו ריידן וועגן דעם ברויט, וואָס דאַרף אָנקאָרמען די מיליאָנען, וואָלט ער געווען אַ פאַלשער נביא. ברויט פאַר איין הונגעריקן איז פשוט ברויט, הוילע מאַטעריע. אָבער ברויט פאַר מיליאָנען שליסט שוין איין גייסט, יושר און נבואה. כדי צוצושטעלן ברויט צו די מיליאָנען, כדי איבערצוקומען די הייַנטיקע אויסהונגערנדיקע עקאָנאָמיק דאַרף מען זי איבערשמעלצן אין גייסטיקער ענערגיע, לייטערן זי אין דער טעמפּעראַטור פון אָנגעפלאַמטן געוויסן — וועט זי מיט דער צייט צוריק זיך איינפאַסן אין נייער, מיט הייליקן יושר אָנגעלאָדענער, פון דער נבואה פאַראויסגעזאָגטער עקאָנאָמיק — אין צוקונפט־אָרדנונג. — פונקט ווי די וויסנשאַפט טוט עס: זי פאַרוואַנדלט די מאַטעריע, באַמבאַרדירנדיק אירע אַטאָמען, באַפרייענדיק עלעקטראָנישע ענערגיע, וועלכע קאָן זיך צוריק אָפּזעצן אין מאַטעריע. עס איז קיין מחיצה ניטאָ צווישן מאַטעריע און ענערגיע אין דער פיזיק, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט מאַטעריעלע דערשיינונגען. הייַנט צו וואָס דאַס בוקן זיך פאַר איר אין דער פיזיק פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן?

איך פיל, אַז עפּעס האָב איך שוין ביי מיין מנין אומגלויביקע ראַדיקאַלן אָראָפּגעדונגען. געמאַכט אַן עפּענונג אין דער דיקטאַטור פון די נאַראָנים. זיי וועלן שוין פרייער זיין אין זייער דענקען.

איז וואו דער אויסוועג? קיין טעאָלאָגיע! קיין באַהויפּטונג אויפן סמך פון סברות. באַהויפּטן נאָר אויף אַזויפיל, וויפל עס לאָזט זיך באַשטעטיקן דורך עקספּערימענט. מיר לעבן אין אַ וויסנשאַפטלעכן פּעריאָד. מיר נעמען בלויז אָן, וואָס לאָזט זיך עקספּערימענטאַל פעסטשטעלן. אַזוי טוט די וויסנשאַפט. מאַכט זי דען וועלכע עס איז פּאָזיטיווע באַהויפּטונג וועגן „אין־סוף"? קיין איינע. זי ווייסט ניט. אָבער אויך די ערלעכע רעליגיעזע פילאָזאָפיע ווייס ניט. „גאָט איז

אומדערקענבאַר". נאָר ביידע, סיי די וויסנשאַפט, סיי די רעליגיע, זיינען אויפגעעפנט צום „אין־סוף". וואָס די וויסנשאַפט מיינט מיט „אין־סוף" איז: וועלט־אַל, דער קאָסמאָס, איז אומבאַגרענעצט פאַרן פאַרשער. עס איז קיין גרענעץ ניטאָ צום פאָרשן און אָננעמען זיך מיט וויסן. אין אויפגעעפנטקייט צו „אין־סוף" זאַמלט זי גראַדנווייז וויסן וועגן אים דורך עקספּערימענטירן. אין אירע עקספּערימענטן נוצט זי פיזישע אינסטרומענטן און דעם מענטשלעכן שכל פאַר איר הויפּט־אינסטרומענט. האָט זי דעם „אין־סוף" קלענער געמאַכט, אָדער חלילה קאַליע געמאַכט? ניין, דאָס געהיימעניש ווערט אַלץ טיפער; דאָס רעטעניש, וואָס בלייבט איבער נאָך יעדער פאָרשערישער דערגרייכונג, אַלץ גרעסער. אָבער אַלץ מער פון דעם געהיימניש און פון דער רעטעניש רייסט זי אַרויס און פאַרטוט עס אין דערפינדונגען. אַמאָל האָט עס געהייסן, אַז אליהו הנביא דונערט און בליצט. זייט בענדזשאַמין פרענקלין האָט געפאַנגען די בליצן, איז די וויסנשאַפט שוין געקומען אַזוי ווייט, אַז זי פאַנגט שוין די „קאָסמישע שטראַלן", וואָס שלאָגן זיך אָפּ פון דער צעפּלאַצנער מאַטעריע אין קאָסמאָס. באַלד וועט זי זיי איינשפאַנען צו טאָן אַרבעט פאַרן מענטשן. די מאַטעמאַטישע פיזיק איז צוגעקומען צו אַ ברעג, וואו זי שפּירט, אַז די וועלט ווערט כסדר באַשאַפן, מיט די נאַטורגעזעצן, מיטן מענטשלעכן שכל, וואָס לייגט אויס די נאַטור־געזעצן, צוזאַמען. און אויך אָט די שפּירונג וועט די וויסנשאַפט מיט דער צייט איבעראַרבעטן אין וויסן, פאַרטאָן צו ווערן אין דערפינדונגען, און זי וועט ווערן אַ שותּפטע צום וועלט־באַשאַף, אויף וויפיל די וועלט ווערט באַשאַפן פאַרן מענטשן. און דאָס אַלץ אַדאַנק דעם עקספּערימענטאַלן מעטאָד.

די רעליגיע טוט דאָס זעלביקע: אויפגעעפנט צום „אין־סוף" עקספּערימענטירט זי אויף אים. מיט דער נפקא מינה, וואָס ניט פיזישע אינסטרומענטן און ניט דער שכל איז איר הויפּט־אינסטרומענט, נאָר די גאַנצע מענטשלעכע נשמה, מיטן שכל אינאיינעם, זיינען אירע הויפּט־אינסטרומענטן. „גאָט איז אומדערקענבאַר", אָבער די קענטעניש וועגן זיינע אייגנשאַפטן זיינען דעם מענטשנס נשמה־עקספּערימענטן, די דערפאַרונג, וואָס זיין נשמה זאַמלט אין אויפגעעפנטקייט צום „אין־סוף" — וואָס מיינט דאָסזעלביקע, ווי אין דער וויסנשאַפט: די אומבאַגרענעצטקייט פון דער דערפאַרונג. אויך אינעווייניק אין דער נשמה גייט כסדר אָן וועלט־באַשאַף, פונקט ווי ביי דעם ווייטן ברעג, וואָס די וויסנשאַפט האָט דערגרייכט: מאַטעריע גייט איבער אין ענערגיע, ענערגיע אין מאַטעריע — און מיר שפּירן עס. די הויפּט־שפּירונג אָבער איז: מענטש ווערט באַשאַפן; מענטש ווערט געבאָרן, וואַקסט און גערייט פון „הוילן גאָרנישט" — פון „אין־סוף" אַרויס. די שפּירונג פון מענטש־באַשאַפונג — דאָס איז דער הויפּט־אינהאַלט

פון רעליגיעזן עקספערימענט. און זי איז אויך דער קוואל פון גלויבן. דאָ איז דעם מענטשענס באַרירונג מיט גאָט. דאָ דערלאַנגט זיך דער איינדרוק פון גאָטס לעבעדיקייט — אַז ער איז דאָ און טוט באַשעפעריש אַרבעט אין אונדז. און בפירוש ווי אין חומש בראשית שטייט: בצלם: גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן לויט זיין געשטאַלט. ניט בלויז מענטש־באַשאַפונג, נאָר מענטש־געשטאַלטונג. אַזוי גיך מיר דערשפּירן גאָט, קוועלט געשטאַלט אין אונדז אָן, אין וועלכער מיר פאַסן זיך איין. און פון בראשית ביז היינט איז מענטש־געשטאַלטונג — אין זיך און אין אַנדערע — דער רעליגיעזער הויפּט־געבאָט. און די שטאַרקסטע רעליגיעזע, מיט גלויבן אָנגעקוואָלענע מאָמענטן אין דער מענטשלעכער געשיכטע זיינען געווען געשטאַלט־געבונג צו מענטשן־מאַסן.

מיר יידן האָבן דורכגעפירט דעם גרעסטן רעליגיעזן עקספּערימענט אין דער געשיכטע. מיר האָבן זיך מיט אונדזער גאַנצער געשיכטע אויסגעליפערט צום „אין־סוף". קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. און מיר האָבן געהאַט אין אונדזער געשיכטע אַ גרויסע צאָל פון געשטאַלט־געבענדיקע מאָמענטן. אין מענטש־געשטאַלטונג אויף מאַסן־מאַסשטאַב איז אונדזער געניאַליטעט. כסדר האָבן מיר זיך אַרומגעטראָגען מיט מוסטער־געשטאַלטן פאַר די אויגן; גאונים, צדיקים, לאַמעדוואָווניקעס, אליהו הנביאס און משיחים. און מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ רעליגיעזן אַפּאַראַט — מיט דער משיח־געשטאַלט אַלס הופּט־אינסטרומענט, מיט דער משיח־ראָלע, וואָס באַלאַנגט צו דער געשטאַלט — און דורך אָט דעם אַפּאַראַט האָבן מיר אָנגעזאַמלט אַ ריזיקן רעזערוו פון לעבעדיקער גלויבנס־ענערגיע, וואָס גראַד אין איצטיקן מאָמענט איז אונדז אַזוי נויטיק, דער רעזערוו זאָל זיך עפענען. איז ער אָבער פאַרמאַכט און מיר האָבן צו אים קיין צוטריט ניט, ווייל אונדזערע פרומע האָבן זיך איינגעשטעלט אויף פאַסיוון אויסהאַרן, און אונדזערע פרייע, די אַקטיווע, ווייסן ניט ווי אַזוי צוצוטרעטן.

שלאָג איך פאָר מיין מנין ראַדיקאַלן, וואָס אין גאָט גלויבן זיי ניט, אָבער גלויבן אין גלויבן האָבן זיי בירושה — זיי גלויבן דאָך אין באַלדיקן קומען פון מלכות השמים! — זאָג איך צו זיי: איר קאָנט זיך פאַרשפּאָרן די גאַנצע טעאָלאָגיע. וואָס טויג אונדז טעאָלאָגיע, ווען מיר מאַכן אַזאַ ריזיקן עקספּערימענט. לאָזט אַריין אין זיך דעם יידיש־געשיכטלעכן רעליגיעזן עקספּערימענט. ניט דעבאַטירן, ניט אַרגומענטירן, ניט פילאָזאָפירן, נאָר עקספּערימענטירן! עס איז פאַראַן אַן עקספּערימענטאַלער מעטאָד אויף צו געפינען גאָט, נוצנדיק די אייגענע נשמה פאַר דעם הויפּט־אינסטרומענט.

קאפיטל 7

# איינפלאנצן גלויבן

איך האָב אוועקגעשטעלט אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר אַן עקספּערי־מענט אין גלויבן פאַר די גלויביקע אומגלויביקע און איך האָב ביי זיי שוין געפּועלט, זיי זאָלן אָפּטאָן דאָס פאַרבלענדעניש פון זייערע אויגן, וואָס האָט פאַרשטעלט פון זיי גאָט, דעם „אין־סוף". זיי האָבן ניט געדאַרפט אָנטאָן זיך צופיל געוואַלט, ווייל דעם עיקר פון גאָט־גלויבן — דעם גלויבן אין גלויבן — דאָס פאַרמאָגן זיי.

און איצט זאָג איך צו זיי: עקספּערימענטירט; גיט זיך אַ שטרעק אויס און שעפּט פון „אין סוף" לעבנס־ענערגיע, גלויבנס־ענערגיע, נוצנדיק די אייגענע נשמה פאַר אַן אינסטרומענט.

און דאָ שטעלט זיך אַרויס, אַז זיי האָבן ניט מיט וואָס צו שעפּן. וואָס, זיי האָבן קיין נשמה ניט? — אַוודאי יאָ, נאָר די נשמה ביי זיי איז קיין אינסטרומענט ניט, קיין כּלי ניט. און דאָ קומט אַריין דער צווייטער, פאַר פּראַקטישע צוועקן נאָך וויכטיקערער אונטערשייד צווישן די גלויביקע און אומגלויביקע. דער ערשטער אונטערשייד איז געווען דאָס, וואָס איז אויבן אויף — וואָס יענע גלויבן אין גאָט און די ניט, וואָס עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז דער הויפּט־אונטערשייד. איצט שטעלט זיך אַרויס, אַז עס איז אומזיסט דער גאָט־גלויבן, וויבאַלד קיין גלויבנס־אַפּאַראַט איז ניטאָ.

ווי איך האָב שוין עטלעכע מאָל געשריבן, האָבן די אַלע מצוות און צערעמאָניאַלן, דעם טראַדיציאָנעל גלויביקן יידן געדינט ווי אַן אַפּאַראַט אויף אָנצוציען און אָנצושעפּן גלויבן און צו קאָנסערווירן דעם אָנגעשעפּטן גלויבן. און נאָך אַן אמת איז, אַז עס פאָדערט זיך אַ געוויסע טעכניק, כּדי די נשמה זאָל זיך קאָנען אָננעמען מיט גלויבן, און דער צופלוס פון גלויבן זאָל קאָנען ווערן נשמה יתירה. עס פאָדערן זיך איבונגען — דיסציפּלין און זעלבסט־דיסציפּלין. די איבונגען פאַר־האַרטעווען דעם גלויבנס־צופלוס, זעצן די נשמה־יתירה אַריין אין פלייש. הלואי וואָלט איך געווען אַ מאַטעריאַליסט, וואָלט איך געקאָנט זאָגן, אַז די איבונגען פאַרוואַנדלען דעם נשמה־שטאָף אין מאַטעריע. סיי ווי קאָן איך עס זאָגן, ווען מען זאָל מאַטעריע „פאַרשטיין", ווי די מאָדערנע פיזיק פאַרשטייט זי: אַ ממשות, וואָס האָט קיין מאַטעריעלן עפּעס ניט אין זיך, נאָר באַשטייט פון הוילער ענערגיע. אָבער אַ ממשות איז עס, ניט קיין פּוסטע לופט. די איבונגען פון דעם טראַדיציאָנעל פרומען יידן — די מצוות, די צערעמאָניאַלן — האָבן אַריינגעאַרבעט אין זיין נשמה אַזעלכע ממשות'ן, וואָס מען וואָלט זיי געקאָנט אָנרופן די „מוסקולן" פון דער נשמה, אָדער ווי איך רוף זיי: „אינסטרומענטן"

— גאָט אָפּהיטונגען, משיח, ארץ־ישראל פון פאַרציימן און פון אחרית הימים זיינען געווען אינסטרומענטן, וואָס ווען טעגלעך געאיבט דורך מצוות און צערעמאָניאַלן, האָבן זיי כסדר געצויגן און געזויגן גלויבן. די טעגלעכע איבונגען האָבן אָפּגעלייגט אייזן אין דער נשמה, אייזן אין די אינסטרומענטן. כאָטש אויסגעשמידט פון הוילן נשמה־שטאָף, זיינען זיי געווען אייזן־פעסטע אינסטרומענטן, וואָס האָבן געטאָן גרויסע ארבעט פאַרן מאמין — זיי האָבן אים דערלאַנגט מוט, ווילן, מסירת נפש. ווען נויטיק, איז ער געגאַנגען אויף קידוש השם, אויס־נוצנדיק דעם אייזן פון זיינע נשמה־אינסטרומענטן. אָבער עס איז אַ מערקווירדיקער סאָרט אייזן געווען — זיין פעסטקייט האָט זיך געהאַלטן אויף אַ בלאָז, אויף אַ שפּרוך — אויף גלויבן. אַזוי גיך דער גלויבן נעמט זיך אויסוועפּן דורך דעם באַריר מיט דעם פרייען שכל — צעפאַלן די אייזנפעסטע אינסטרומענטן אין שטויב.

און דאָס איז געשען מיט די וועלטלעכע ראַדיקאַלן, די „גלויביקע אומגלויביקע" — זיי זיינען באַרירט געוואָרן פון פרייען שכל. האָבן זיי אָנגעוואָרן די „מוסקולן פון דער נשמה", די גלויבנס אינסטרו־מענטן. קאָן מען זיי דאַרום בשום אופן ניט צווינגען צו גיין אין שול אַריין דאַוונען און פראַווען צערעמאָניאַלן. צו וואָס זיי מאַטערן, אַז זיי האָבן ניט מיט וואָס צו אַרבעטן?

האָבן די טראַדיציאָנעל־גלויביקע אַ גרויסע מעלה איבער זיי: די אַלט־גלויביקע האָבן געהאַט אַ גלויבנס־טעכניק און די ניי־גלויביקע האָבן עס ניט.

דאָס איז די מעשה: — די אומגלויביקע, אפילו ווען זיי האָבן געירשנט די יידישע גלויבנס־פונקציע, פאַרמאָגן זיי אָבער ניט די פאַר־זענלעכע גלויבנס־טעכניק, דעם תמיד גרייטן גלויבנס־אַפּאַראַט, וואָס ציט אָן נשמה־גבורה, ווי דער פרומגלויביקער ייד האָט עס אין זיין צערעמאָניאַל, אין זיינע תרי"ג מצוות. ווען ער גיט אַ קוש די ציצה, האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט פאַר אַ גאַנצן טאָג.

דער אומגלויביקער אָבער, ווען ער פאַרנעמט זיך אפילו מיט זיין נשמה, ווען ער ווערט געוואָר, אַז ער האָט אַ נשמה — און ער וויל זיך אָננעמען מיט אַ נייער מידה, זיך איינשאַפן אַ נייע מעלה — דאַרף ער אָנהויבן פון אָנהויב אָן, פון ליידיקן, פון סאַמע דעק פון דער נשמה. ער האָט קיין אינסטרומענטן ניט. וועט ער זיך מאַטערן און האָרעווען, און אומזיסט — גאַנץ אָפט, צו אָפט פאַלט ער צוריק צו די אַלטע איינגעוואָרצלטע געוואוינהייטן. (מיט דעם אויסנאַם פון די שעפערישע מענטשן, וועלכע זיינען פייאיק יעדעס מאָל זיך אויסצואַרבעטן אַ נייעם נשמה־אינסטרומענט, פון דער פאַנטאַזיע אַרויס).

אָבער סטייטש, ווי קאָן מען אַזוינס זאָגן? האָבן אונדזערע אומ־גלויביקע ניט קיין איידעלע מידות? זיינען זיי ניט אָפּפערוויליק ביז

מסירת נפש? האבן זיי ניט ארויסגעשטעלט קיין העלדן, וואס האבן זייער לעבן אפגעגעבן פאר זייערע אידעאלן?

יא, דאס אלץ איז אמת. דאס אבער אלץ איז צו זיי געקומען אומבאוואוסטזיניק, דורך האנדלונגען, וואס זיי האבן געזוכט צו דערגרייכן. אבער באוואוסטזיניק האבן זיי זייער נשמה ניט קולטיווירט. באוואוסטזיניק ווייסן זיי ניט, אז א מענטש דארף זיך אפגעבן מיט זיין נשמה. גאנץ אפט האלטן זיי, אז נשמה איז גארנישט מיט גארנישט. זיי האבן קיין אנונג ניט, אז נשמה קאן דערפירט ווערן ביז ממשות, גענוג הארט אויף צו שמידן פון איר אינסטרומענטן.

אבער קאן מען דען פון אומגלויביקע פאדערן, אז זיי זאלן קושן די ציצה, שאקלען דעם לולב און מאכן קידוש אויף וויין, ווי באלד דער קלוגער שכל האט זיך צו זיי צוגעריירט און אויסגעגעסן די האפט, וואס דער גלויבן האט אין זיי אריינגעגעבן און זיי זיינען געווארן פאר אים אומזין? קיינער פאדערט עס ניט — עס האנדלט זיך וועגן דעם אויסצוארבעטן פאר די גלויביקע אונדזערע א גלויבנס־טעכניק, וואס זאל פונקט אזוי ארבעטן ווי דער גאט־גלויבן פון די טראדיציאנעל גלויביקע. דער היטלער־קאגלין־אולטימאטום, מיר טארן ניט פארגעסן זייער פארמעסט אויף אונדזער וועזן און עקזיסטענץ, צווינגט דערצו — מיר דארפן זיי רופן צו דינען אט די גרויסע מחנה אונדזערע פון וועלטלעכע ראדיקאלן, וואס נאך אלעמען זיינען זיי אונדזערע פליסיקסטע אקטיוויסטן. זיי דארפן געשטעלט ווערן צום גלויבנס־דינסט. זיי וועלן דארפן נעמען אויף זיך א יאך פון מצוות, פון געבאטן און פארבאטן.

הויב איך אן דערפון, וואס איך ווענד זיך צו מיין מנין אומ־גלויביקע מיט אזא מין רעדע: — איר דארפט טאן, וואס די פרומע טוען. איר דארפט אפקאפירן מיט אייער נשמה דעם רעליגיעזן אפאראט, וואס האט אנגעזאמעלט פאר יידן דעם ריזיקן רעזערוו גלויבן — ווייל די נשמה איז דאך דער הויפט־אינסטרומענט פון רעליגיעזן עקספערימענט — (און אויסזאגן אייך א סעקרעט: פון שטאנדפונקט פון פסיכאלאג פארנעמט זיך ניט רעליגיע מיט גאט, נאר מיט דער נשמה, וואס איז געווענדט צו גאט. גאט איז איר הויפט־מיטל, איר אינסטרומענט) — איז אבער די מניעה דערביי, וואס אייך פעלט דער אינסטרומענט. אייך פעלט ניט נשמה. איר זייט זיך מוסר נפש, איר זייט זיך מקריב, וואס אן נשמה קאן מען עס גארניט טאן, נאר איר האט זיך אפגעוואוינט צו נוצן די נשמה ווי אן אינסטרומענט, ווי א כלי. עס איז אויס מאדע ביי אייך געווארן צו פארנעמען זיך מיט דער נשמה. איר זייט אונטער דער דיקטאטור פון די נאראנים, וואס האבן געפסקנט, אז נשמה איז ניטא. און כאטש איר זייט קליגער פון זיי, געוועלטיקן זיי איבער אייך. די דיקטאטור מוז געשטירצט ווערן! — אפילו ווען איר גלויבט ניט אין גאט, אבער אין אייער נשמה דארפט

איר גלויבן, זי איז די באַלעבאָסטע איבער אייער לייב און לעבן און א נשמה דאַרף אַ גאַנצע כלי זיין, ניט צונויפגעשטעלט פון שטיקלעך און ברעקלעך שוואַכקייטן און תאוות — אַניט וועט די לעבן־געבנדיקע גלויבנס־ענערגיע, וואָס איר וועט אָנצאַפּן, גלייך אויסרינען, אַזוי גיך זי צאַפּט זיך אָן. חוץ דעם, איז יעדע שוואַכקייט, יעדע תאווה אַ לעבעדיק וועזן פאַר זיך אַליין, וואָס זוכט איינצוזויגן די גאַנצע לעבנס־שפּייז, וואָס די נשמה ציט אָן. פּרובט זיך ראַנגלען מיט אַ תאווה, וועט איר זען, אַז זי פּירט זיך ווי אַ לעבעדיק וועזן, וואָס וויל ניט שטאַרבן. זי כיטרעוועט, זי נאַרט, זי איז באַשאַנקען מיט באַוואוסטזיין. און די נשמה אָנשטאָט צו זיין איין גאַנץ לעבעדיק וועזן, איז אַ נעסט פון אַ סך לעבעדיקע וועזנס, וואָס האַלטן מלחמה צווישן זיך. מיט אַזאַ נשמה לאָזט זיך גאָרנישט אויפטאָן. אַזאַ נשמה קאָן פאַר קיין כלי ניט דינען אויף אָנצוזאַפּן גלויבנס־קראַפט און לעבנס־זאַפט פון יידישן גלויבנס־רעזערוו. דער גאַנצער רעזערוו איז אין יידן פון אייך דאָ, גערירשנט מיטן יידישן „פּסיכישן בלוט" — נאָר אונטער שלאָס און ריגל, צוליב אייער איינשטעל פון אומגלויבן און צוליב דעם, וואָס אייער נשמה איז קיין כלי ניט. סיידן איר זאָלט גלויביק ווערן מעשה ייד און איינשטעלן אייער נשמה ווי אַ כלי—ווי עס טוט דער פרומער ייד, וועלכער איבט זיין נשמה דורך נדרים און שבועות, דורך דיסציפּלין און זעלבסט־דיסציפּלין און דורך צערעמאָניאַלן, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם יידישן היסטאָרישן אַפּאַראַט, מיט זיין גרונט־טייל: די משיח־ראָלע — און די איבונגען לייגן אָפּ אייזן אין דער נשמה, און זי ווערט אַן אייזערנע כלי, אַן אינסטרומענט צו עפענען דעם רעזערוו פאַר דער גלויבנס ענערגיע אַריינצולויפן.

נאָך דער רעדע, ווען איך וועל שוין האָבן געפּועלט ביי זיי, אַז די נשמה דאַרף ווערן אַ כלי — וועלן זיי שוין מסכים זיין אויף די פרומע מצוות — וועלן זיי זיך שוין שטעלן דאַווענען, קושן די ציצית, שאָקלען דעם לולב? — ניין. פּונקט ווי מען האָט זיי ניט געדאַרפט צווינגען צו גלויבן אין גאָט, דאַרף מען זיי גאָר ניט צווינגען צו דאַווענען און אָפּצוהיטן די אַלע מצוות און צערעמאָניאַלן, וואָס די תורה, די גמרא און די פּוסקים האָבן פאַרגעשריבן אין נאָמען פון אידישן גאָט און וואָס דער טראַדיציאָנעלער ייד היט אָפּ.

וואָס זשע דען זאָלן זיי טאָן? פאַר מיין ערשטען פּרוב, כדי אַריינצופירן דעם אומגלויביקן אין דער פּסיכאָלאָגיע פון גלויביקן, פיר איך אריין דעם באַגריף נדר, אַלס דעם ערשטן חילוק צווישן נשמה־צושטאַנד פון גלויביקן, און נשמה־צושטאַנד פון אומגלויביקן. דער חילוק דאַרף אָפּגעווישט ווערן.

נדר, די שבועה, וואָס דער גלויביקער נעמט אויף זיך אָפּצוהיטן געוויסע האַנדלונגען אָדער צו פּאַרווערן זיך געוויסע האַנדלונגען — דאָס איז דאָס געצייג אויף אָנצוציען נשמה־גבורה. ניט די מצוות גופא,

נאָר דער נדר, וואָס באַגלייט זיי, דער נדר זיי צו מקיים צו זיין — דאָס איז דער עיקר; די געבאָטן און פאַרבאָטן, די מצוות פון טאָן און ניט טאָן, די דיסציפּלין און זעלבסט־דיסצפּלין, וואָס זיי לייגן אַרויף אויף אים, — זיי איבן זיין נשמה, פאַרהאַרטעווען זי ביז מאַטעריעלער ממשות. דער נדר איז עס, וואָס שמידט פון הויכן נשמה־שטאָף אייזן־פעסטע אינסטרומענטן, וואָס שטעלן צונויף דעם גאַנצן אַפּאַראַט, וואָס דער פרומער ייד האָט געהאַט אין זיין טעגלעכן צערעמאָניאַל, אין זיינע תר"יג מצוות — אַן אַפּאַראַט אויף אָנצופּאָמפּען נשמה־גבורה.

פאַר דער שטאַרקונג פון דער נשמה איז דער נדר נאָך וויכטיקער ווי די האַנדלונג, וואָס איז פאַרנדרט געוואָרן — די מצוה, וואָס גאָט האָט געבאָטן. ניט פון גאָטס וועגן, נאָר פון דער נשמה וועגן. נדר איז דער שליסל צו גאָט. היסטאָריש גענומען איז דער נדר געווען דער אינסטרומענט פון גאָט־שאַפונג. ניט גלויבן אַליין, נאָר גלויבן איינ־געפּאַסט אין נדר — דאָס איז געווען דער סעקרעט. דער נדר — דער זעלבסט אַרויפגעלייגטער צוואַנג, די שבועה, וואָס מען האָט גענומען אויף זיך און מען האָט זי אָפּגעהיט, האָט געמעגט אַפילו דאָס לעבן קאָסטן, און אַפילו וואָס איז נאָך טייערער פון לעבן — דאָס איז עס געווען, וואָס האָט דעם יידישן גאָט־גלויבן אופגעהויבן פון דער מדרגה פון בעל־דינסט צו דער מדרגה פון יהוה־דינסט. די עקדה, יפתחס נדר, זיינען די ביבלישע אילוסטראַציעס דערויף. פון דער גבורה, וואָס די נשמה האָט אָנגעצויגן, האָט גאָט זיך געשטאַרקט. די נשמה קומט פריער. און וויפיל ניט איז האָט דער נדר דערפילט די זעלביקע פונקציע אין דעם פאַרנדרטן טאָגטעגלעכן צערעמאָניאַל פון פרומען יידן — צו שטאַרקן גאָט דורך דער שטאַרקונג פון דער נשמה.

איצט זעען מיר די מעלה פון די אַלט־גלויביקע איבער די ניי־גלויביקע: די אַלט־גלויביקע האָבן פאַרמאָגט אַ פאַרנדרטן נשמה־אַפּאַראַט, וואָס האָט געזאַמעלט פאַר זיי גלויבנס־גבורה. האָבן זיי אויף אים זיך געקאָנט פאַרלאָזן, אַז אין צייט פון נסיון וועט ער זיי צושטעלן די פולע מאָס גלויבנס־גבורה. אונדזערע ניי־גלויביקע, די גלויביקע אין אידעאַלן און אומגלויביקע אין גאָט, האָבן ניט אַזאַ פאַרנדרטן נשמה־אַפּאַראַט, מיט אַזאַ גלויבנס־טעכניק פון מצוות און צערעמאָניאַלן. זיי נעמען אויף זיך קיין נדרים און קיין שבועות ניט. זיי היטן ניט קיין נשמה־דיסציפּלין. זיי אָפּערירן ניט מיט קיין אינ־סטרומענטן. זיי האָבן דאָס אַלץ אָנגעוואָרן. פעלט זיי אויס גלויבנס־גבורה — גראָד אין דעם מאָמענט, ווען זיי נויטיקן זיך אין איר צום שטאַרקסטן — ווען זיי פּרואוון פאַרווירקלעכן וויפל ניט איז זייערע צוקונפט־אידעאַלן.

אויב עס האַלט אַזוי שמאָל מיט די אומגלויביקע און אויב די מצוות זיינען ניט אַזוי פון גאָטס וועגן, נאָר פון דער נשמה וועגן, און דער פרומער איז זיי מקיים ניט ווייל זיי זיינען געהייסן און געבאָטן,

נאָר ווייל זיי טוען אים גוט — זיי זיינען נדרים, וואָס איבן אים אין דיסציפּלין, שמידן פאַר אים אייזן, האַרטעווען פאַר אים אינסטרומענטן — וואָס פאַר אַ פאַרברעכן וואָלט דאָ געווען, ווען דער אומגלויביקער שטעלט זיך אַוועק מיטן גלויביקן דאַווגען, קושן די ציצית און שאָקלען דעם לולב? ער וואָלט דאָך דערמיט ניט געפּסלט זיין אַפּיקורסות, ניט דערקלערט זיך אין גלויבן אין גאָט.

עס איז גאָר קיין פאַרברעכן ניט. און ווער עס קאָן זאָל עס—זיך לאָזן אויפרופן צו דער תורה, בענטשן מיט אַ מזומן און פּראַוועון בר מצוה — אָבער פאַר די מערסטע אומגלויביקע וועט עס ניט אַרבעטן.

נדר איז דער פאַראויסגייער פון אַ האַנדלונג — אָבער קאָן דען יעדע האַנדלונג פאַרנדרט ווערן, אפילו אַן אומזיניקע האַנדלונג? דאָס ניט.

די דיסציפּלין און זעלבסט־דיסציפּלין זיינען פאַר דעם פרומען יידן ניט קיין זעלבסט־צוועק. דער פרומער ייד מאַכט ניט קיין איבונגען סתם אַזוי, כדי צו מאַכן קונצן מיט דער נשמה. אין אינדיע פּראַוועון זיי קונצן. דער יאָגי שטעלט אָן זיין בליק צו איין פּונקט — אפילו צום אייגענעם פּופּיק — שטרעקט אויס זיין האַנט אין דער לופט, און פאַר וואָכן און חדשים נעמט ער זיין בליק ניט אַוועק און לאָזט זיין האַנט ניט אַרונטער. און ער דערגרייכט גאָר אַ סך. ער קאָן לויט זיין ווילן אָפּשטעלן זיין אָטעם און צוריק אויפאָטעמען. — אָבער דעם פרומען אידנס דיסציפּלין און זעלבסט־דיסציפּלין האָבן געהאַט אַ באַשטימטן זין און צוועק, אַ נאַציאָנאַלן זין און צוועק. די נדרים, די שבועות, די תר״יג מצוות, דער גאַנצער אַפּאַראַט פון נשמה־אינסטרו־מענט, וואָס זיי האָבן פאַר אים אויסגעאַרבעט — איבענדיק זיין נשמה, אָנשאַפנדיק פאַר אים נשמה גבורה האָבן זיי גלייכצייטיק אים געדינט פאַר אַ קינסטלעכער טעריטאָריע, אויף וועלכער זיך צו האַלטן. דער פרומער צערעמאָניאַל האָט דורך סימבאָלישע האַנדלונגען אויפגע־שפּילט פאַר אים זיין פאַרצייטיקן לעבנס־שטייגער אין ארץ־ישראל און אים פאַראויסגעשפּילט די גאולה, זיין צוקונפטיקן אומקער קיין ארץ־ישראל. יעדע צערעמאָניאַלע האַנדלונג האָט זיך פאַרענדיקט מיט „ובא לציון גואל“. דורך די טעגלעכע איבונגען האָט דער צערעמאָניאַל זיך פאַרהאַרטעוועט ביז אַ טעריטאָריע של מעלה, צו פאַרבייטן די טעריטאָריע של מטה, וואָס האָט אים געפעלט. אַזוי האָט דער ייד זיך דערהאַלטן — דורך דער גאַנצער גלות־צייט, הענגענדיק אין דער לופטן, אַן אָנגעקלאַמערטער אין הויכן נשמה־שטאָף.

האָט דער סיסטעם פון נדרים־מצוות פאַר דעם פרומען יידן געהאַט אַ ריזיקן זין; ער איז מיט זיין לעבן געווען איינגעשטעלט דערויף; זיין הענגען אין דער לופטן איז געווען אָנגעהאַנגען דערויף. דאָס

סיסטעם פון נדרים האט אים פארזארגט מיט נאציאנאלן קיום. האט ער געקאנט זיי אנלאדן מיט זין און גלויבן.

איבערגייענדיק צו די אומגלויביקע:

צו א זינלאזער האנדלונג וועט נדר זיך ניט צוקלעפן, עס וועט ניט אננעמען אויף זיך גלויבן. דאס איז דאך דער פארנדרטער גלויבן, וואס גיט אריין אין דעם נשמה־שטאף אייזן־פעסטע ממשות. טוט זיך אפ דער גלויבן פון אזא אינסטרומענט, ווי ציצית — איז אוים אינסטרו־מענט. רירט זיך צו צו דעם גלויבן מיטן הוילן שכל, ווערט ער זינלאז: — צו וואס אזא אומזין ווי ציצית? און דאס איז געשען מיטן השכלה דור. ער האט זיך צוגערירט מיטן שכל צום גאנצן יידישן גלויבנס־אפאראט, און דער אפאראט איז צעפאלן געווארן אין שטויב. איז געווארן אוים מיט דער אנשעפונג פון ושמה־גבורה, אוים מיט דער טעריטאריע של מעלה, אויף וועלכער יידן האבן זיך געהאלטן.

קאן איך שוין ניט מיין מניז אומגלויביקע מאכן דאוונען מיט א מנין — און זיי איינריידן. אז דאס הויבן זיי איבער זייערע קעפ די טעריטאריע של מעלה. אן אנדער מין עבודה דארף געפונען ווערן פאר זיי.

איך זאג פאראויס, אז דער עקספערימענט וועט מיר געלינגען. ניט נאר גאט, אויך משיחן קאן מען אזוי פארוועלטלעכן, ער זאל ווערן אננעמבאר פאר די גלויביקע אומגלויביקע. און ביידע צוזאמען — גאט און משיחן — איינשפאנען אין א גלויבנס־טעכניק, וואס וועט דעם וועלטלעכן סאציאליזם פון אונדזערע ראדיקאלן פארוואנדלען אין א רעליגיע, וואס וועט זיך נעמען טראגן איבער דער וועלט ווי א שטורעם, אזוי ווי יענע ניי־געבוירענע רעליגיע.

קאפיטל 8

# א קבוצה אין אמעריקע

האב איך פריער זיך אפגעשטעלט ביים פסוק, אז עס איז גאר ניט אזוי שווער צו פלאנצן גאט־גלויבן אין אומגלויביקע. ווייל איך צוגעבן נאך צוויי פסקים: עס לאזט זיך דענקען א גלויבן פאר אומ־גלויביקע, וואס זאל ארבעטן כמעט אזוי גוט ווי דער גאט־גלויבן. און נאך מער: זיי וועלן דערפילן, אז גאט, אין וועלכן זיי האבן ניט געגלויבט, איז געווארן א לעבעדיקע באשעפעניש אין זיי.

מיר האלטן אינמיטן פון ערשטן פסוק. מיין מנין אפגעקליבענע אומגלויביקע האט שוין תשובה געטאן. זיי האבן זיך שטארק מתקנא געווען אן די פרומע, וואס זיי האבן אזא טיכטיקן נשמה־אפאראט, מיט אזא וואונדערלעכער גלויבנס־טעכניק. וויבאלד אלץ, וואס פאדערט

זיך דערצו איז פארנדרט זיין — ניט פון גאָטס וועגן, נאָר פון דער נשמה וועגן — זיינען זיי שוין געווען מוכן ומזומן צו פארנעמען זיך מיט זייער נשמה און צו נעמען אויף זיך שבועות און נדרים, כדי אליין זיך איינשאפן אזא אפאראט מיט אזא טעכניק. זיי זיינען אפילו גרייט געווען צו שטעלן זיך דאוונען מיט א מנין פרומע. — האָב איך געזאָגט: ניין, עס וועט ניט ארבעטן. כדי נדר זאָל קאָנען אָננעמען און גערייען, דאַרף צוקומען א זינפולע האנדלונג פאר דעם בעל נדר. די אלט־גלויביקע האָבן א ריזיק־זינפולע האנדלונג אָדער א סיסטעם פון זינפולע האנדלונגען אין זייער תרי"ג.

דאַרף מען מיין מנין גלויביקע אומגלויביקע דערלאַנגען א סיסטעם פון זינפולע האנדלונגען, וואָס זאָלן זיך לאָזן פארנדרן.

און עס בעט זיך פון זיך אליין, אז זייערע פרובן צו פארווירקלעכן זייערע צוקונפט־אידעאלן זאָלן ארונטערגענומען ווערן אונטער א נדר — וואָס דאָס וועט זיי געבן אן אפאראט מיט א טעכניק.

פונדעסטוועגן וואלגערט זיך נאָך א פראַגע: די פרום־גלויביקע האָבן פאַר זייערע נדרים געהאַט גאָט פאַר דעם גאראנטאָר: פאר פאָלגן וועט ער געבן שכר; פאר ניט אויספאָלגן וועט ער באשטראָפן. אָבער אויף מיינע צוקונפטיקע מאמינים לאָזט זיך פרעגן:

— אז זיי גלויבן אין גאָט ניט, ווי קאָנען זיי אויף אים, — ניין, אויף זיך, — אָנהענגען אן אפאראט פון פארנדרטע מצוות און פאר־מצוהטע צערעמאָניאלן?

קאָן די זאָרג וועגן דער אייגענער נשמה אזוי גוט דינען ווי דער פחד פאר גאָט? קאָן מען ביי א סך ראדיקאלן פועלן, זיי זאָלן אזוי מורא האָבן פאר זייער נשמה ווי די פרומע האָבן מורא פאר גאָט? לאָזט זיך ענטפערן: — האָבן זיי דערפאַר אָבער א גרויסע מעלה איבער די אלט־גלויביקע: יענע נאָך מער ווי פאר גאָט האָבן מורא געהאַט פאר אן עין הרע.

דער אייזן פון זייערע אייזנפעסטע אינסטרומענטן האָט זיך געהאַלטן אויף א האָר. די גאנצע האפט פון דעם אייזן איז באשטאַנען אין גלויבן. איז גענוג געווען, אז א משכיל, אן אפיקורוס, א ציניקער, וואָס ווייס ניט דעם טעם פון גלויבן, זאָל זיך צורירן מיט זיין אייזקאַלטן שכל — און קאַפּוט דער אייזן, און די אינסטרומענטן וועלן זיך צעבלאָזן אין רויך. האָבן זיי צו דעם ציניקער זיך ניט געוואָלט צו־הערן. ער וועט זיי באגזלען. גיי באווייז א ציניקער, אז ווען די מזוזה איז פסול, קאָן חלילה פּאסירן אן אומגליק אין הויז. זיינען זיי געווען גלויבנס־פאַנאַטיקער, זיי האָבן מורא געהאַט פארן שכל. אדרבא, וואָס אומשכלדיקער, אלץ געזינטער. ווייל עס פאָדערט מער גלויבן ארויס.

די ניי־גלויביקע האָבן פארן שכל קיין מורא ניט. אלע זייערע גלויבנס־האנדלונגען, וואָס זיינען איינגעשטעלט אויף צוקונפט־אידעאלן, זיינען שכלדיקע, און קיין ציניקער קאָן זיי קיין שאָדן ניט טאָן. אויף

אַט דער מעלה זייערער קאָנען מיר נעמען ארויפאַרבעטן אַ גלויבנס־טעכניק.

עס איז קלאָר, אַז ווען עס זאָל געלינגען זייערע שכלדיקע, צו דער צוקונפט אָנגעצילעוועטע האַנדלונגען איינשמידן אין נדר—פאַר־נדרן זייערע האַנדלונגען, וואָס האָבן פאַר דאָס ציניש חוזק־בלאָזן קיין מורא ניט — וואָלט זייער שכלדיקער נדר־אַפּאַראַט פילפאַך אַריבער־געשטיגן אין קראַפט און האַפט דעם פרום־ציטעריקן נדר־אַפּאַראַט פון אונדזערע היינט־צייטיקע אַלט־גלויביקע.

אויב אַזוי, איז גוט. אַלץ וואָס זיי טוען פאַר זייערע צוקונפט־אידעאַלן, זאָלן זיי טאָן לפנים משורת הדין — אונטערן נדר — פאַרן נדר — צוליב דער נשמה וועגן. איבונג פאַר דער נשמה. מעשה פאַר דער נשמה. אויף די פּועלי ציון און די פאַרבאַנד־מיטגלידער אָנגע־ווענדט, וואָס זיי מיען זיך אַזויפיל פאַר די אַרבעטער־אינסטיטוציעס פון ארץ־ישראל — זיי האָבן גאָר אַ סך מיטלען פאַר דער ווידעראויפ־שטעלונג פון נדר: יעדן „פּעי־דעי“ קאָנען זיי באַשטימען אָפּצולייגן נשמה־מעשר פאַר ארץ־ישראל — אַ צוגאָב צו זייערע געוויינלעכע ביישטייערונגען. און אָפּהיטן עס ווי אַ נדר — פּינקטלעך אויפן זייגער.

וועט שוין זיין אָפּגעווישט דער חילוק צווישן אַלט־גלויביקן און ניי־גלויביקן? וועט דער ניי־גלויביקער שוין האָבן דורכגעבראָכן די נאַרישע מחיצה צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט און זיך שוין האָבן איינגעשאַפט אַ פאַרנדרטן נשמה־אַפּאַראַט, וואָס זאָל אים שפּייזן מיט גלויבנס־גבורה?

ניין, אָבער ס׳איז נאָך ניט גענוג דורכברוך פון דער מחיצה, נאָך ניט גענוג אָפּווישונג פון דעם חילוק. נאָך אַ דריטן עיקר וואָלטן די גלויביקע אומגלויביקע געדאַרפט איבערנעמען פון די אַלט־גלויביקע — דאָס וואָס דער אַלט־גלויבקער ייד האָט אונטער נדר און שבועה, פּערזענלעך, טעגלעך, מקיים געווען זיין צוקונפט־גלויבן — אמת סימבאָליש מקיים געווען, דורך מצוות און צערעמאָניאַלן, אָבער דאָך האָט זיך עס געפאָדערט צו טאָן פון פּערזענלעכער נשמה־האָרע־וואַניע. די „גלויביקע אומגלויביקע“ אונדזערע האָבן די מעלה, וואָס זייערע גלויבנס־האַנדלונגען זיינען ניט קיין סימבאָלישע, נאָר בפירושע האַנדלונגען; דאַרפן זיי נעמען נאָכטאָן די אַלט־גלויביקע אין דעם, וואָס זיי זאָלן ניט יוצא זיין מיט צוקונפט־גלויבן, מיט סאָציאַליזם אויף להבא, נאָר טאַקע נעמען אים גלייך, אין היינט, אונטער נדר און שבועה מקיים זיין אין זייער פּערזענלעכער הנהגה האָרעווענדיק מיט דער נשמה אויפ׳ן סאָציאַלן יושר, וואָס איז פאַרקערפּערט אין אים. וואָרום אָן פּערזענלעכער נשמה־האָרעוואַניע, שעפּט זיך קיין נשמה־גבורה ניט אָן. דאָס איז, נאַטירלעך, ניט פאַר די ציניקער געזאָגט געוואָרן, וועלכע באַגייען זיך אָן נשמה־האָרעוואַניע, זיי זיינען קיינמאָל

גאָרנישט מקריב, נאָר פאַר יענע סאָציאַליסטן, וואָס בלויז איין פערטל פון זייער סאָציאַליזם איז פּראָגראַם־געשריפטס, און דריי פערטל איז גרייטקייט צו פערזענלעכן קרבן.

זיינען עס דאָך די חלוצים אין ארץ־ישראל, זיי דאַרף מען ניט בעטן, זיי זאָלן זיך פאַרנדרן. וועניק נדרים האָבן זיי? זייערע טעג און נעכט זיינען פאַרנדרט. און זייערע היינטיקע מעשים זיינען שוין צוקונפט־מעשים — פאַרהיינטיקן זיי צוקונפט־אידעאַל. און ארץ־ישראל איז דאָך אַ הויפּטשטיק פון אידישן גלויבנס־אַפּאַראַט. וואָס דען איז געווען דער תרי״ג — ניט די ווידעראויפשטעלונג פון ארץ־ישראל? איז דאָך דאָס די אידעאַלסטע קאָמבינאַציע פאַר דער אויס־אַרבעטונג פון דעם טיכטיקסטן נשמה־אַפּאַראַט, וואָס זאָל פילפאַך איבערשטייגן דעם נשמה־אַפּאַראַט פון אונדזערע פרומע.

דאָס קייטלט צו אַ קבוצה, אויב איר זייט אַ ייד, צו אַ קאָלכאָז, אויב איר זייט אַ גוי, אָדער צו אַ קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניע אין אַמע־ריקע, וואָס אַלע דריי זיינען זיי ראוי איינצופאַסן און דאַרפן געבראַכט ווערן איינצופאַסן דעם ניי־יידישן און אַלט־יידישן צוקונפט־גלויבן צוזאַמען.

איך קאָן שוין איבערגיין פון פּראָיעקט צו פאַקט — צו דער גרינדונג פון אַ לאַבאָראַטאָריע־קאָלאָניע.

קאַפּיטל 9

## ווי דער גאָט־גלויבן

ניין, איך קאָן נאָך קיין קבוצה אין אַמעריקע ניט שטעלן, ווי צוגעזאָגט אין פאַריקן קאַפּיטל. עס איז נאָך דאָ אַ גרויסע מניעה. און גראָד די חלוצים האָבן מיך אָן דער מניעה דערמאָנט. — סטייטש ווי קאָן דאָס זיין, אַז זיי זאָלן אַ מניעה זיין? — זיי, די גרעסטע אָנשעפער פון דעם יידישן קוואַל פון קראַפט, פונם ברונעם פון יידישער גלויבנס־גבורה — וואָס זייער אָנשעפונג האָט געבויט דאָס לאַנד און וואָס זיי האָבן זייערע טעג און נעכט פאַרשוואָרן און פאַרנדרט פאַר דעם אויפבוי פון לאַנד — און וואָס דערפאַר טאַקי האַלטן זיי דעם שליסל צו עפענען דעם פאַרקלעמטן יידישן מוח פאַר נאָך אַ טיפערער אָנשעפונג — זיי זאָלן די מניעה זיין? — איז דער ענטפער דערויף:

— יאָ, זיי — ווייל וועמען ס׳איז אַ סך געגעבן, פון דעם פאָדערט זיך נאָך מער. דער חלוץ האָט ארויסגערופן אין זיך געגוג גלויבנס־גבורה אויף צו בויען דאָס לאַנד, אָבער ניט גענוג — אויף צו באַוואָרענען דאָס לאַנד פאַרן פאָלק. איצט, איצט, ווי רופט מען

אַרויס איר מאַקסימום, אין אַ אויסברוך, אין אַ גלויבנס־אויספלייצונג, וואָס זאָל אָפּווישן די לעצטע און שטאַרקסטע מניעות און מנצח זיין די שונאים — די וואָס זיינען אויפגעשטאַנען קעגן אונדז ווי די פּאַרציייטיקע המנס, און די נעענטערע, צייטווייליקע שונאים־שכנים, ניט אַנטוענדיק זיי, די שכנים, קיין בייז, נאָר אָפּטוענדיק זיי אַ הייליקן כישוף — ווי טוט מען דאָס? — דערפאַר האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביים חלוץ. דעם ענטפער, וואָס איך וועל געבן אויפן חלוץ, וועל איך איבערטראָגן אויף דער קבוצה אין אַמעריקע.

איז ווי רופט מען אַרויס אין דעם חלוץ דעם מאַקסימום גלויבנס־גבורה פאַר אַ געניאַלן אויסברוך? איז מיין ענטפער דערויף:

דער יידישער גלויבנס־אַפּאַראַט איז צונויפגעשטעלט פון אַ דריי־איייניקער קאָמבינאַציע: דער גאָט פון ישראל, דאָס פאָלק ישראל און ארץ־ישראל זיינען איינס. פעלט דעם חלוץ בלויז דאָס ערשטע גליד פון דער קאָמבינאַציע: דער גאָט פון ישראל. דאַרף מען דעם חלוץ גאָר ניט צווינגען צו גלויבן אין גאָט. נאָר איך וואָלט אים געזאָגט, וואָס איך האָב געזאָגט צו זיין גייסט־גענאָסע, דעם וועלטלעכן ראַדיקאַל, דעם טרעגער פון צוקונפט־גלויבן אין חוץ לארץ: — ביסט ניט פאַר־אינטערעסירט אין גאָט? אָבער אין דיין נשמה דאַרפסטו דאָך יאָ זיין פאַראינטערעסירט? אָדער איך וואָלט צו אים געזאָגט: גאָט, זאָגסטו, אינטערעסירט זיך מיט דיר ניט? אָבער דיין נשמה אינטע־רעסירט זיך מיט דיר יאָ! — און די נשמה פאַר איר שטאַרקונג, פאַר איר אייזנפעסטקייט פאָדערט פלעגע, דיסציפּלין, זעלבסט־דיסציפּלין. די רעליגיע האָט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצע טעכניק פאַר דעם: אַ גלויבנס־טעכניק: נדרים, שבועות, וואָס דאָס זיינען די מצוות. אייגנטלעך דאַרף איך גאָר מיט דעם חלוץ קיין סך ניט איינטענהן וועגן דעם — סיווי איבט ער דיסציפּלין און זעלבסט־דיסציפּלין און איז מקיים נדרים און שבועות מיט די מעשים פון זיינע הענט. אים דאַרף מען נאָר באַוואוסטזיניק מאַכן וועגן דעם, אַז ניט נאָר ארץ־ישראל פאָדערט עס, נאָר זיין נשמה באַדאַרף עס. זי נויטיקט זיך אין פלעגע: זי דאַרף ווערן אַ כלי, אַן אַפּאַראַט; און אַז די רעליגיע איז עס, וואָס ספּעציאַליזירט זיך אין נשמה־פלעגע. וועט ער מיך פרעגן: אָבער רעליגיע הייסט דאָך גלויבן אין גאָט? — וועל איך אים ענטפערן: — לייג אָפּ דערוויילע גאָט. אָבער מצוות, גלויבנס־מעשים, ווירקלעכע מעשים, ניט סימבאָלן, ניט צערעמאָניאַלן, טוסטו איבערגענוג. אַ גאַנצן מעת־לעת ביסטו פאַר־נומען מיט מקיים זיין גלויבן, אין מסירות נפש — דיין פשוטע אַרבעט איז שוין גלויבנס־עבודה, וואָס ציט אָן נאָך מער גלויבן, ווי צערעמאָ־ניאַל, נאָר דיין נשמה איז קיין כלי ניט, קיין געפעס ניט, וואו צו זאַמלען דעם אָנגעצויגענעם גלויבן. און דער עיקר, פאַרוואָס פרעגסטו ניט, פון וואַנען ציט דיין נשמה גלויבן, פון וועלכן קוואַל? די רעליגיעזע נשמה האָט עס אין איר גאָט־גלויבן. דו קאָנסט דעם גאָט־גלויבן ניט

אויפנעמען, די גאָט־געשטאַלט, וואָס האָט זיך איבערגעליפערט צום פרומען יידן — אָבער דעם תמצית זיינעם קאָנסטו יאָ אויפנעמען. און דער תמצית איז די אויפגעעפנטקייט פון דער רעליגיעזער נשמה צום „אין־סוף". — „אין־סוף" מיינט לכתחלה פשוט: עס איז קיין גרענעץ ניטאָ — וואָס פון דעם אָבער ווערט ביי דער רעליגיע אָן אַ שיעור: עס איז קיין גרענעץ ניטאָ צו דער אָנשעפונג פון לעבנס־קראַפט. און דאָס איז כמעט וויסנשאַפטלעך. וואָרום אויך ביי דער וויסנשאַפט ווערט פון דעם פשוטן „עס איז קיין גרענעץ ניטאָ" אָן אַ שיעור: — עס איז קיין גרענעץ ניטאָ צו פאָרשונג, צו דער אָנשעפונג פון וויסן וועגן דער וועלט, צו דער פאַרגרעסערונג פון דער וועלט ביז וועלט־אַל, ביז „אין סוף". און די וויסנשאַפט איז גאָר ניט אַזוי זיכער, אַז דער „אין סוף" איז ניט קיין לעבעדיקער. איצט קאָן איך מיט מיין ווענדונג צום חלוץ אויך מכוון זיין זיין „גלויבנס־גענאָסע", דעם וועלטלעכן ראַדיקאַל אין חוץ לארץ. כאָטש אין גאָט גלויבן זיי ביידע ניט, אָבער דעם ערשטן עיקר פון גאָט־גלויבן — דעם גלויבן אין גלויבן — פאַרמאָגן זיי. דאַרף מען צו דעם ערשטן עיקר נאָך אַן עיקר פון גאָט־גלויבן אין זיי אריינגעבן: — די אויפגעעפענטקייט פון דער נשמה צום „אין סוף", דעם אורקוואַל פון לעבנס־שפע. ניט פון גאָטס וועגן, נאָר פון זייער נשמה וועגן — כדי זי זאָל אָנגעלאָפן ווערן מיט וואָס מער לעבנס־שפע.

איך האָב וועגן דעם שוין גערעדט, און עס מעג איבערגעחזרט ווערן פאַר שטאַרקערער איינשאַרפונג. — לאָמיר אין קורצע פסוקים ווידער אויפשטעלן דעם בריק, וואָס האָט מיך געפירט פון דער דיס־קוסיע וועגן גלויבן און אומגלויבן ביז צו דער קבוצה אין ארץ־ישראל.

דער גאַנצער חילוק צווישן די די גלויביקע און אומגלויביקע איז אין דעם קליין ווערטעלע „אָן", וואָס מאַכט דעם חילוק צווישן „סוף" און „אָן־סאָף" — (אויף לשון קודש: „אין סוף"). — די אומגלויביקע, אויב זיי פילאָזאָפירן, נעמען אָן, אַז די וועלט האָט אַ „סוף". אם ירצה השם, וועלן זיי זי אינגאַנצן אויסמעסטן און אויסשעפּן. און עס וועט גאָר קיין געהיימעניש ניט בלייבן. וואָרעם אַלץ איז שכלדיק און לאָזט זיך מיטן שכל באַנעמען. וואָרום אַלץ איז „נאַטור", נאַטור־געזעץ און נויטווענדיקייט. — וואָס דאָס איז פונקט דער היפוך דערפון, וואָס די מאָדערנע פיזיק לערנט אונדז, ווען די מאַטעמאַטיקער און פיזיקער דערגיין ביז צו די ווייטסטע ברעגן פון קאָסמאָס און ביז צו דער טיפסטער טיפעניש פון דער נאַטור אינעווייניק אין אַטאָם — נעמט די נאַטור צערונען ווערן אונטער זייערע אינסטרומענטן און חשבונות. די מאַטעריע ווערט אוים מאַטעריע. די נאַטור־געזעצן נעמען זיך וויגן. און עס שטעלט זיך אַרויס, אַז די נאַטור מיט אירע געזעצן און קרעפטן, וואָס דער מענטשלעכער שכל פאַרשט, איז בלויז יענער טייל פון דער

אומענדלעכקייט, וואָס האָט זיך פון אים אויסגעטיילט אין צופּאַסונג צום מענטשלעכן שכל, דערפאַר איז אָט דאָס שטיק „אין־סוף" פּונקט צוגעמאָסטן צום מענטשלעכן שכל. דערפאַר קומט אים אַלץ פאַר אין דער נאַטור אַזוי שכל'דיק; דערפאַר איז ער אַזאַ בריה צו אַנטדעקן אין איר געזעצן און קרעפטן. ער האָט זיי אַליין אַוועקגעלייגט — אַנטדעקט ער זיי. אָבער וואָס מער ער אַנטדעקט, אַלץ מער בלייבן נאָך ניט אַנטדעקטע געזעצן און קרעפטן, וואָס הויערן און לויערן דרויסן פון מענטשלעכן שכל. עס איז אָן אַ שיעור. עס איז אָן אַ סוף. די פיזיקער באַשטעטיקן, וואָס די פילאָזאָפן האָבן שוין לאַנג געוואוסט: — זיי שפּירן באַשיימפּערלעך, ווי פון „אין סוף" באַשאַפט זיך אַרויס נאַטור, ווי נאָר דער מענטשלעכער שכל רירט זיך צו צו אים. זיי כאַפּן אים ביי דער אַרבעט: אין איין באַשאַפונגס־אַקט באַשאַפט ער די נאַטור מיטן מענטשלעכן שכל צוזאַמען. מעג מען שוין דעם „אין סוף" באַ־שעפער אָנרופן גאָט?

היינט, וואָס דבר'ן די אומגלויביקע מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז אָט־אָט דערגייען זיי מיטן שכל „ביז צום סוף"? — אָבער מען וואָלט זיי געקאָנט מוחל זיין זייער צו„קורץ־קומעניש" אין שכל. מילא, זיינען זיי שלעכטע פילאָזאָפן, פאַרשפּעטיקטע חכמים, וואָס האָבן ניט באַוויזן צו דערלערנען די נייסטע לעקציעס אין פיזיק. ערגער איז, וואָס אויך אין זייער פּראַקטיק מאַכן זיי אַ סוף צום „אין סוף". — וואָס מיינט דאָס? איז דאָס לייכטער צו דערקלערן, ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די גלויביקע.

די גרויסע מעלה, וואָס די גלויביקע האָבן איבער די אומגלויביקע, איז אין דער פּראַקטיק. און די פּראַקטיק איז דאָך דער עיקר. נאָך אַלעמען, וואָס איז דאָ דער גרויסער געווינס, ווען פילאָזאָפן, מאַטעמאַ־טיקער און פיזיקער האָבן אַנטדעקט דעם „אין סוף" אויף אַזאַ מהלך, אַז ער איז קוים מיט דעם קאָפּ צו דערלאַנגען? מענטשן מיט גרויסע קעפּ קאָנען זיך פאַרגיין אין אַ געשמאַקער חקירה. אָבער צום פּראַקטישן לעבן וואָס נוצט עס? וואָס פאַר אַ היתר קאָן צופאַלן דעם אָרעמען מענטשן? — נו, די פּשוט גלויביקע נעמען דעם „אין סוף", וואָס די פילאָזאָפן האָבן אַנטדעקט — אויף אַ מהלך אין דער הויך, אָדער אויף אַ מהלך אין דער טיף — און שפּאַנען אים איין צו טאָן דינסט פאַר'ן מענטשן. ווי אַזוי קאָנען זיי עס? ווייל דער „אין סוף" איז ניט אויף אַ מהלך, נאָר אַ לעבעדיקער פאַקט אין אונדז. דער „איך" — דער פּונק וואונדער, דער בליץ לעבן אין אונדז — איז די עפענונג צום „אין־סוף". און דורך דעם אַקט פון גלויבן קאָן די עפענונג אויסגעברייטערט ווערן אָנצושעפּן ווען מען דאַרף אַ הייסן פרישן שטראָם לעבענס־קראַפט.

פאַקטיש גלויבט יעדער מענטש אַזוי אַפילו ווען ער האָט קיין וואָרט ניט פאַר דעם. ווי ביים מענטשנס געבורט ווערט לעבן באַשאַפן

פון „גאָרנישט״ ארויס — אזוי האנדעלט דער מענטש אין יעדן געגע־
בענעם מאָמענט. — אפילו דער אומגלויביקסטער.

און דאָס איז די נפקא מינה צווישן גלויביקן און אומגלויביקן.
דער אומגלויביקער, וואָס רעדט ניט ארויס: גאָט! — האלט דעם
„אין־סוף״ אין זיך קוים אָפן, אָדער אינגאנצן פארמאכט. ער זאָגט, דער
מענטש איז א פראָדוקט פון ירושה און אומשטענדן, פון סביבה און
עקאָנאָמיק, פון געוויינהייטן און תאוות, וואָס האָבן זיך איינגעפליישט
אין זיין גוף און וואָס אלע צוזאמען האלטן זיי אים אונטער דעם
צוואנג פון נויטווענדיקייט. ער איז א פארטיק געגעבענער, א באגרע־
נעצטער, א פארפאלענער. אזוי פיל כוח איז אים צוגעמאָסטן און נישט
מער. דאָס וואָס ער איז — איז ער, און נישט מער.

דער גלויביקער אָבער זאָגט: לאו דווקא: ניט קיין פארמשפּטער!
וויפיל פראָדוקט פון אומשטענדן און געוויינהייטן דער מענטש זאָל
ניט זיין, איז ער נאָך אלץ ניט קיין געצוואונגענער צו בלייבן וואָס ער
איז. ער קאָן זיך ארויסבאפרייען פון אונטער זייער צוואנג. ער קאָן
אלעמאָל ווערן מער, וויפיל ער איז. ניטאָ קיין גרענעץ צו זיין וואוקס.
זאָל ער זיך נאָר אָנטרויען דער נאָענטער הילף, זאָל ער נאָר צולאָזן
גאָט צו זיך — וועט אין א רגע א ניי־מענטש, מער מענטש זיך נעמען
שאפן אין אים. ער וועט צוקריגען נשמה יתירה. ער וועט פארמערן
אין זיך דעם רוח הקודש. ער וועט געווינען טאלאנט. גלויבן איז דער
מיטל דערצו — גלויבן, וואָס דאָס איז אָננעמען זאכן, וואָס זיינען נאָך
ניטאָ, ווי זיי וואלטן שוין געווען; וואָס דאָס איז פילן, דענקען, האנדלען
אויף קרעדיט. דער עיקר—האנדלען. די האנדלונג, וואָס באשטעטיקט
דעם גלויבן, וואָס פאראמתט אים ביז הונדערט גראד—דאָס איז דער
אינסטרומענט, וואָס ברעכט דורך די מחיצה, וואָס טיילט אָפּ דעם
„נאטור־מענטשן״ פון „אין־סוף״, און ציט ארויס פון אים דעם מענטש־
באשעפערישן אקט, די איבער־חזר׳ונג פון מעשה בראשית. דאָ קומט
אריין די צווייטע נפקא מינה צווישן גלויביקן און אומגלויביקן: דער
אומגלויביקער, ווען ער וויל באנייען זיין נשמה, האָט ער קיין אינסטרו־
מענט ניט. דארף ער עס טאָן מיט די הוילע הענט. קומט אים אָן מיט
גרויסע שוועריקייטן...

דער גלויביקער ייד האָט געהאט א גאנצן ארסענאל פון אזעלכע
אינסטרומענטן — א תרי״ג האנדלונגען, וואָס האָבן זיין גלויבן באשטע־
טיקט און פאראמתט אין אים. נדרים, שבועות, מצוות האָבן אים
געהאלטן באשעפטיקט א קיילעכדיקן מעת לעת. דאָ האָט ער געפאסט,
דאָ האָט ער געדאווענט, דאָ האָט ער געפּראוועט חצות — איז ער כסדר
געווען אין א צושטאנד פון שעפערישער שפּאנונג, הארט ביי דער עפע־
נונג צום „אין־סוף״, צוגעטוליעט צו רוח־הקודש, אנגעווארעמט מיט
בטחון.

די אומבאגרעניצטקייט פון רעליגיעזער דערפארונג: עס איז

קיין גרענעץ ניטאָ צו די איבערלעבונגען, צום אָנשעפּן לעבנס־קראַפט און לעבנס־זאַפט דורך גלויבן אין גאָט. — דער באַרימטער אַמעריקאַנער פּסיכאָלאָג, וויליאַם דזשיימס, האָט אָנגעשריבן אַ וואונדערלעך ווערק: „די פיל געשטאַלטיקייט פון רעליגיעזער דערפאַרונג", וואו ער האָט פאַרצייכנט די איבערלעבונגען פון די קריסטלעכע הייליקע. ווען מיר יידן וואָלטן איצט געהאַט אַ פּסיכאָלאָג פון דזשיימסעס שניט, וואָלט ער געקאָנט אָנשרייבן צען וואונדערלעכע ספרים. וואָרום די גאַנצע געשיכטלעכע דערפאַרונג פון יידישן פאָלק איז אַריינגעלאָפן אין זיין גאָט־גלויבן, און איז געוואָרן רעליגיעזע דערפאַרונג. ניט האָבנדיק קיין מאַטעריעלן אָנשפּאַר, די אַלע באַקוועמלעכקייטן פון אַ מאַטעריעלער טעריטאָריע, האָט דאָס פאָלק מיט זיין גאַנצן געשיכטלעכן גורל זיך אָנפאַרטרויט דעם „אין־סוף". וואו נאָך אַזאַ פאָלק, וואָס זאָל אומיטלבאַר דעם „אין־סוף" מאַכן פאַר דעם שר־רעגירער פון זיין געשיכטע? און אַזוי אונטער דעם צודעק פון גאָט־סימבאָל האָט דאָס פאָלק אָנגעזאַמלט זיין ריזיקן רעזערוו פון גלויבנס־ענערגיע, וואָס דאָס איז געווען זיין קיום־ענערגיע (דאָס, דאַכט זיך, וועלן אַלע מסכים זיין, אַז די יידישע קיום־ענערגיע האָט זיך געזאַמלט הויפּטזעכלעך אין דער פאָרם פון גלויבנס־ענערגיע).

ביי אונדזערע אַלט־גלויביקע איז דער „אין־סוף" דאָרום אָנגעטאָן געווען אין אַ נאַציאָנאַל יידישער געשטאַלט. דאָס איז גאָט אַליין בכבודו ועצמו וואָס פירט דאָס פאָלק ישראל דורך דער געשיכטע צו דער גאולה אין ארץ־ישראל. גאָט אַליין בכבודו ועצמו שפּילט מיט דעם יידנס טעגלעכן גאולה־צערעמאָניאַל. אָבער ניט די סידור־געשטאַלט און ניט אַפילו די העכערע געשיכטע־פירנדיקע גאָט־געשטאַלט איז געווען דער עצם פון זיין גאָט־גלויבן. דער עצם, אויף וועלכן עס איז אָנגעטאָן געוואָרן די נאַציאָנאַלע גאָט־געשטאַלט, איז פאָרט געווען דער גלויבן, וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט דעם גאָט־גלויבן, אַז עס איז ניטאָ קיין סוף, ניטאָ קיין גרענעץ, ניטאָ קיין אָפּשטעל צו דער אָנשעפּונג פון לעבנס־שפע. ניטאָ קיין גזר — „ניין, מען קען ניט, מען טאָר ניט". מען מעג און מען טאָר צוטאָן נשמה, האָרעווען מיט דער נשמה, מקריב זיין נשמה — אויף צו פאַרמערן נשמה, אויף אָנצונעמען זיך מיט נייער לעבנס־שפע אויף צו ענדערן אַן אומגליקלעכע סיטואַציע.

אַט די אויפגעעפענטקייט צו דער וועלט רחבות, צו קאָסמישן חלל, צום אורקוואַל פון לעבן מעג דער אומגלויביקער אין גאָט אויפנעמען, ניט געשטערט פון זיין אומגלויבן. סיי ווי איז דער „אין־סוף" ביי די רעליגיעזע פילאָזאָפן געשטאַלטלאָז, נאָמענלאָז. בלויז אַ נאָמען — אַ שם. ביי די מקובלים איז ער „אין" — גאָרנישט. גאָר נישט, אָבער מיט אָן אַ צאָל אייגנשאַפטן, וואָס דער מענטש דערקענט זיי, איינע נאָך דער אַנדערער, לויט ווי ער באַנעמט זיי. קיין מענטש, אָבער אומענדלעך מאָל לעבעדיקער ווי דער מענטש, ווייל לעבן נעמט

זיך פון אים ארויס. קיין מענטשלעכע פערזענליכקייט, אָבער מיט דעם פערזענלעכסטן באוואוסטזיין, ווייל יעדער פערזענלעכער באַוואוסטזיין נעמט זיך פון אים ארויס. דאָס איז ניט קיין טעאָלאָגיע, נאָר א פסיכאָלאָגישער פאקט, וואָס לאָזט זיך עקספּערימענטאל פעסטשטעלן. ס'קאָן באוויזן ווערן פארן יחיד, אז ווען זיין נשמה איז אויפגעעפנט איינגעשטעלט אויף אומבאגרעניצטקייט, שעפּט זי בסדר לעבנס־שפע — אייגנארט, געשטאַלט, פערזענלעכקייט, טאַלאַנט. פונקט ווי אויף דער אויפגעעפנטקייט צום „אין־סוף", אונטער דעם דרוק פון פערמאנענטער לעבנס־סכנה, האָט דאָס פאָלק זיך אָנגענומען מיט די אַלע מעלות וואָס גיבן אים גבורה אויף אָפּצואווערן זיך קעגן אַלע סכנות און מיט דער הויפּט־מעלה פון „אין־סוף" — צו גערויערן אָן א סוף.

ווענד איך זיך סיי צו דעם חלוץ אין דער ארץ־ישראל קבוצה און סיי צו דעם מנין פון גלויביק־אומגלויביקן מין, וואָס איך האָב אָפּגעקליבן אין מיין אמעריקאנער לאַבאָראַטאָריע, וואָס אין גאָט גלויבן זיי ניט, נאָר אין צוקונפט — גלויבן זיי און זיי זיינען זי מקיים אין היינט — דער חלוץ פול און גאַנץ און מיין לאַבאָראַנט וויפיל ניט איז.

זאָג איך צו זיי: איר זייט שוין האַלבוועגס אין אייער וואַנדרונג צו גאָט. די צווייטע העלפט וועג צו גאָט וועט אייך געלינגען אָן איבער־אָנשטריינגונג, אָן זעלבסטפּארגוואַלטיקונג. האנדלט וויסנשאַפטלעך: פילאָזאָפירט ניט. עקספּערימענטירט. האנדלט רעליגיעז — אונטער נדרים און שבועות — האנדלט פארנדרטערהייט אין אויפגעעפנטקייט צום „אין־סוף". דער אינסטרומענט, מיט וועלכן איר עקספּערימענטירט, זאָל זיין אייער אייגענע נשמה. דאָ וועט זיך פּאָדערן א גאַנץ קליינע זעלבסט־אָפּעראַציע פון דורכהאַקן די מחיצה צווישן סוף און „אין־סוף". ווי אזוי טוט מען עס? פּשוט. — גלויבט! גלויבט, אז אייער נשמה קאָן שעפּן לעבנס־קראַפט, לעבנס־זאַפט, אָן אָן אָפּשטעל, אָן א גרענעץ, וואָס מען ווייס ניט פון וואַנען. גלויבט, אז קיין מחיצה איז ניטאָ און האנדלט לויט דעם גלויבן. דער עיקר: האנדלט! האנדלונג מאַכט דעם גלויבן.

האנדלונג טייטשט אויס און טייטשט איבער אייער נשמה. דאָס וואָרט פון אייער מויל טייטשט אייך, אייערע אידייען טייטשן אייך, אָבער האנדלונג איז די גרעסטע אויסטייטשערין. זי גיט דעם ענדגילטיקן טייטש אויך אייך. עס איז דאָ כישוף אין האנדלונג. זי גיט אייך א נייעם נאָמען און א נייעם וועזן. זי טייטשט אייך אריבער צו אַלץ העכערע פלעינען. און זי וועט אייך ארויפטייטשן פון פלעין פון אומגלויבן צום פלעין פון גלויבן. איז איידער איר גלויבט נאָך פול און גאַנץ, בעת איר צווייפלט נאָך — האנדלט! האנדלט לויט גלויבן פון אייער וואונטש.

ריזיקירט, עקספּערימענטירט, לאָזט צו די דערפאַרונג. מער

פאָדערט זיך ניט. די דערפאַרונג וועט אייך שוין צושטעלן גאָט אַ לעבעדיקן. דאָס איז די רעליגיעזע דערפאַרונג. מער ווייס ניט דער רעליגיעזער ווענן גאָט, ווי נאָר דאָס, וואָס די רעליגיעזע דערפאַרונג גיט אים. עס וועט קיין חילוק ניט זיין צווישן אייער רעליגיעזיטעט און אייער וועלטלעכקייט אין אייערע אַקטיוויטעטן — אייער רעלי־גיעזיטעט, אייער וועלטלעכקייט וועלן אויסערליך זיין איינס: דער חילוק וועט נאָר זיין אין דער פֿיינערער אינערליכער שטעלונג, אין דעם נשמה־מעמאָד. וואָס איר וועט טאָן, וועט אויפשפּילן די נאָענט־קייט צום אורקוואַל — איר וועט זיך אָננעמען מיט וואַרעמקייט, מיט ציטערניש, מיט ריזיקע, מיט פאַרמעסט — מיט זעלבסט־קרעדיט, וואָס דאָס איז גלויבן. אייער גייסט וועט זיין אין פּערמאַנענטער שפּאַנונג, אין פּערמאַנענטער שטייגונג. איר וועט דערשפּירן גאָט — מיט דעם געהיימניש, מיט דעם רעטעניש, מיט דעם וואונדער — איר וועט קאָנען תפילה־טאָן: ה׳ רעי, לא אחסר.

קאַפּיטל 10

# דער אין־סוף אין זיין נאַציאָנאַל יידישער געשטאַלט

דער „אין־סוף" מיינט פּשוט: „עס איז קיין גרענעץ ניטאָ" צו דער אָנשעפּונג פון כוח, ווי עס איז אין דער וויסנשאַפט קיין גרענעץ ניטאָ צו דער אָנשעפּונג פון וויסן, און איך לערן מיין אומגלויביקן: ווען דו וועסט דורך תפילה, דורך תפילהדיקער האַנדלונג אויפעפענען דעם „אין־סוף" אין זיך, וועסטו אָנציען פרישן כוח, וועסטו אַרויסקריגן עלית נשמה. — דאָס בלייבט אמת. אָבער ווען איז דאָס אַלץ געוואָרן? ווען דו וועסט זיך ווענדן צום „אין־סוף" אין זיין נאַציאָנאַל־יידישער געשטאַלט — אַניט וועט עס ניט טויגן. דער אַבסטראַקטער „אין־סוף" — דער גאָט פון וועלט־אַל און דער גאָט פון מענטשן בכלל — וועט דעם יידן ניט דערלאַנגען דעם געפאָדערטן כוח.

איך זאָג: דער גאָט, וואָס זיצט אין מענטשן, איז בעסער פון דעם גאָט, וואָס זיצט אין די הימלען, ריכטיק. זיין מעלה איז, וואָס ער איז היימישער, מענטשלעכער, נעענטער, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. בעסער, אָבער ניט פיל בעסער. אַלץ, וואָס ער וועט געבן איז דבקות — דאָס לעבעדיקע נאָך קדושה, נאָך צדקות, נאָך שלימות. זיכער אַ געשמאַקער געפיל, אַ זיסער תענוג. אָבער דאָס פאַרגלאָצט זיין אויף דביקות דאַרף פונקט אַזוי פאַרבראַקירט ווערן, ווי דאָס פאַרגלאָצט זיין אויפן וועלט־סוד פון די פילאָזאָפן־קאַבינעט־זיצער — זייער מעטאַ־פיזישע ספּעקולאַציע אויף גאָט אין די הימלען: — וואָס טוט ער דאָרט דער באַשאַפער ביי די ברעגן פון קאָסמאָס, לויט איינשטיינען און

עדינגטאָנען? — וואָס אַט די פראַגע פאַרשאַפט זיי, אָן ספק אינטע־לעקטועלן נחת רוח — גיט זייערע קעפּ צו פאַרזוכן דעם טעם פון חשיבות, פון ערפורכט, פון וואונדער אויף רעטעניש (דר. זשיט־לאָווסקים רעליגיעזיטעט). ביידע — אי די ספּעקולאַציע, אי די דביקות — זיינען נאָבעלע באַשעפטיקונגען פאַר די יחידי סגולה. זיי זיינען ניט פאַלש אין תוך. ניט קיין פאַרברעכנס. מען מעג אי ספּעק־קולירן אי זיך פאַרדבקהן. פאַלש זיינען זיי דערמיט, וואָס זיי וועלן ניט דינען דעם צוועק פון דערלאַנגען כוח. די ספּעקולאַציע וועט באַוועגן דעם קאָפּ, די דביקות וועט באַוועגן דאָס האַרץ. אָבער זיי וועלן ניט באַוועגן דעם „אין־סוף" צו לאָזן זיך איינשפּאַנען אויף צו באַוועגן די יידישע פאָלקס־מאַסע אָפּצוענטפערן מיט איר גערירשנטער גלויבנס־גבורה אויף דעם אַרויסרוף פון אַ וועלט מיט שונאים, וואָס דאָס איז היינט צו טאָג פאַר אונדז דער עיקר.

דער שליסל צו עפענען דעם רעזערוו פון דער יידישער גלויבנס־גבורה איז דווקא אין דעם איינשטעל אויף דעם „אין־סוף" אין זיין יידיש־נאַציאָנאַלער געשטאַלט — וואָס דעם יידנס הויפּטאינטערעס איז אין אים, ווייל זיין הויפּטאינטערעס איז אין דעם יידן. דעם טלית מעג מען אים אויסטאָן, אָבער ניט פון זיין יידיש נאַציאָנאַלער גע־שטאַלט. — דאָס איז געווען דער סעקרעט, וואָס איך האָב ניט אויס־געזאָגט מיין אָפּגעקליבענעם מנין אומגלויביקע, ווען איך האָב געזוכט צו פועלן ביי זיי, זיי זאָלן ריזיקירן מיט אַ תפילה צום „אין־סוף".

וועט זיך דאָך אָנהויבן נאָכאַמאָל אַ דינגעניש: שטייטש, ווי קאָן דאָס געמאָלט זיין — דער „אין־סוף" מיט אַ הויפּט־אינטערעס אין דעם יידן? — עס איז דאָך למעלה מן השכל! — ניין, נאָך אַלץ על פּי שכל — על פּי צוויי שכלים: — לויט דעם שכל, אַז וואָס פאַר אַ באַגריף מיר זאָלן זיך ניט מאַכן וועגן „אין סוף", איז עס סיידי אַ באַגרעניצטער, פאַרמענטשלעכטער באַגריף. די באַגרעניצונג, די פאַר־מענטשלעכונג איז בלויז אַ דערנעענטערונג צו אים. אָבער אַפילו אין דער באַגרעניצונג און פאַרמענטשלעכונג איז אַ חלק פון אים דאָ. און דער חלק טוט די אַרבעט פון גאַנצן.

און לויט דעם שכל, וואָס איך האָב אים שוין אַגב־אורחהדיק דערמאָנט, אַז — „גאָט באַווייזט זיך צום מענטשן, ווי ער באַנעמט אים; און ער ענטפערט אים, ווי דער מענטש רופט צו אים". — און כדי עס נאָך מער מקרב זיין צום שכל, זאָגט: — ניט גאָט, נאָר כוח — דער אָנגעזאַמעלטער, קאָנצענטרירטער יידישער פאָלקס־כוח. מיר האָבן אַ ריזיקן כוח אַרויסצובאַפרייען פאַר דער איבערפורעמונג פון דער וועלט, כדי עס זאָל ווערן אַ ביסל גערעמער דעם יידן צו לעבן אויף דער וועלט. מיר האָבן אָנגעזאַמלט אַ פאַרמעגן פון גלויבנס־גבורה — ווי קאָנען מיר, ווי טאָרן מיר זי לאָזן אין ניוועץ גיין? — אויב ניט

פאר דער איבערפורעמונג פון דער וועלט, איז לכל הפחות זי אויסנוצן פאר זעלבסטפארטיידיקונג.

לוינט זיך שוין אונדז געוואלדיק צו שענקן א סך מער אויפמערק־זאמקייט ווי ביז אהער אונדזער ה׳ אחד — יהוה — דעם „אין־סוף״ אין זיין נאציאנאל־יידישער געשטאלט, ווי אויך זיין שפעטערדיקן הויפט־געהילף אין כוח־דערלאנגונג און גלויבנס־זאמלונג — משיחן. ווארום דאס זיינען זיי פון אנהויב אן ביידע געווען — כוח־דערלאנגער און גלויבן־זאמלער. אלס אזעלכע האבן זיי ביידע אנגעהויבן זייער נאציאנאל־יידישע קאריערע אין דעם לאנד, וואו די געשיכטע האט געלייגט דעם יסוד פון יידישן נאציאנאלן קיום. ביידע זיינען זיי אויפגעקומען פאר דעם צוועק פון מאביליזאציע פון יידישן גייסט פאר א גרעסערער גבורה־דערלאנגונג.

ווארום אין דעם קלעם, אין וועלכן די געשיכטע און די געאגרא־פישע לאגע האבן דאס פאלק אריינגעשפארט; איינגעקלעמט ווי דאס פאלק איז געווען אויף אן ענגן פאס, אויף דעם קרייצוועג פון די גרויסע פעלקער־ארמייען, איז קיין אנדער ברירה ניט געווען, ווי צוצופאלן צו אחד־איין־גאט. ווארעם אחד־איין־גאט איז דער אינטענסיווסטער מאביליזאציע־מעטאד, וואס ווירקט צו דער פאראייניקונג פון גאנצן פאלק אין איין נפש, צו דער קאנצענטרירונג פון אלע זיינע כוחות; צו דער פאראייניקונג און קאנצענטרירונג פון יעדן יידישן בשר ודם — זיין גאנצער נפש, זאל אנגעצילעוועט ווערן צו איין פאקוס — צו אחד, איין־גאט. דאס איז געווען הויפטזעכלעך די ארבעט פון די נביאים אנצוצילעווען דעם יידן צו אחד־איין־גאט. און אפענטפערנדיק גלייכ־צייטיק אויף דעם סאציאלן קאמף פארן אָרעמענס ברויט און אויף דעם נאציאנאלן קאמף פאר קיום, מאכנדיק פון ביידע קאמפן איין קאמף, האבן זיי דעם מאביליזאטאר פון יידישן גייסט אויך געמאכט פאר דעם גאט פון יושר, פאר דעם גאראנטער־באשיצער פון ארעמאן. און ווען עס איז שוין קלאר געווארן, אז פון דעם קלעם, אין וועלכן דאס פאלק איז געווען איינגעשפארט, איז קיין אויסוועג ניטא, האבן זיי צו אחד־איין־גאט צוגעגעבן משיחן, כדי אויסצושפרייטן זיין יושר־הערשאפט פון יידישן פאלק אויף אלע פעלקער.

ווארום אין דער פאקטישער לאגע, אין וועלכער דאס פאלק פון ארץ־ישראל האט זיך געפונען, האט מענטשלעכע און נאציאנאלע גאולה אנדערש ניט געקאנט מקוים ווערן, סיידן זי זאל גלייכצייטיק זיין אן אלפעלקערלעכע, אלמענטשלעכע גאולה.

און אזוי איז אחד־איין־גאט געווארן דעם יידנס קאווירער פאר קיום, נצחון, גאולה—מענטשלעכער, נאציאנאלער און אינטערנאציא־נאלער — מיט משיחן אלס הויפט מיטל פון זיין פארמענטשלעכונג און איטערנאציאנאליזירונג.

און עס איז אוועק א רעליגיעזע אנטוויקלונג, וואס האט קיין

גלייכן ניט ביי קיין אומה ולשון — גאָט, פאָלק, לאַנד האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין שטיק, וואָס האָט שוין אַריינגענומען אין זיך אַ גרויס שטיק פון דער אַרומיקער וועלט. און דער יסוד, דער גרונד־טייל פון דער גאַנצער אַנטוויקלונג איז געווען ארץ־ישראל.

אויב די יידן זיינען מיט זייער רעליגיעזער גאונות׳ געווען אַן אויסנאַם אַפילו צווישן די רעליגיעזבאַגאַבטע מזרח־פעלקער: און רעליגיע האָט ביי זיי געוואונען די בכורה איבער אַלע זייערע אַנדערע אינטערעסן; אויב זיי נאָר אַליין האָבן זייער שטאַם־גאָט דערהויבן צו ה׳ אחד — צום איין־גאָט פון דער גאַנצער מענטשהייט — איז עס געווען אין געהאָרכזאַמקייט צו דעם באַפעל פאַר געשפּאַנטסטער גייסט־מאָביליזאַציע, צו וועלכער ארץ־ישראל האָט זיי אויפגעפאָדערט.

איז וואָס איז געווען דער געשיכטלעכער, יידישער נאַציאָנאַלער גאָט אין ארץ־ישראל־פעריאָד? דער מאָביליזאַטאָר פון יידנס גייסט, דעם יידנס כוח־דערלאַנגער. — אַ כוח־דערלאַנגער פון וועלכן קוואַל? — אַן אַנדער פאָלק וואָלט צעריבן און צעשטויסן געוואָרן אין אַזאַ קלעם, וואָלט אונטערגעגאַנגען נאָך איין מחלה און דער צווייטער. איז קלאָר, אַז כוח האָט זיך אים דערלאַנגט פון זיין גלויבנס־איינשטעל אויף ה׳ אחד, פון זיין אויפגעעפנטקייט צום „אין־סוף" אין זיין יידיש־נאַציאָנאַלער פאַרקליידונג. און וואָס איז משיח געווען? אויסער־לעך אַ גאַשטאַלטפּראָדוקט פון זעלביקן אחד, וואָס פון אחד׳ס טאָפּל־ראָלע אַלס גאָט פון יידישן פאָלק און גאָט פון אַלע פעלקער, האָט ער זיך אָנגעלאָדן מיט טאָפּלטער גאולה־שליחות; אינערלעך אַ געצייג, וואָס האָט זיך אַרויסגעשטאַלטיקט פון פאָלקס איך אין פּראָצעס פון ציען און זויגן כוח פון „אין סוף", און האָט געצויגן און געזויגן טאָפּלט. — איז משיח׳ס אַרבעט געווען דיזעלביקע גייסטיקע מאָביליזאַציע, נאָר קאָנדענסירט אין אַ געשטאַלט און דערפאַר נאָך מער געשטאַרקט און ווירקזאַם געמאַכט, ווייל אַ געשטאַלט, נעענטער און צוגענגלעכער געמאַכט פאַרן יידן, וועלכער האָט דעם אומזיכטבאַרן ה׳ אחד ניט געטאָרט זיך מאָלן און פאַרשטעלן. איז עס געווען כוח־דערלאַנגונג פלוס מעטאָד — דער מעטאָד פון אינערלעכער פאַרגעשטאַלטיקונג.

און דאָ, אַריבערשפּרינגענדיק פון פאַרצייטן אין דער היינטיקער צייט, איבערהיפּנדיק 2־3 טויזנט יאָר, ווען מיר אַלס פאָלק זיצן שוין ניט אין דער „ענגשאַפט" פון ארץ־ישראל, נאָר אין דער „רחבות" פון דער גאַנצער וועלט און די פאַרצייטיקע רעליגיע האַלט שוין ניט מיט אַזאַ צוואַנג צוגעקלעמט אונדזערע מוחות צו גאָט און משיחן — דערפילן זיי נאָך אַלץ זייערע אַמאָליקע פונקציע פון כוח־דער־לאַנגער — אויף אַזוי ווייט, אַז אַפילו אַפּיקורסים שפּירן עס. און דאָ קומט זייער גרעסטע מעלה, וואָס דאַרף זיין פון באַזונדערן אינטערעס פאַר מיין מנין אומגלויביקע, וועלכע זיינען אומווילִיק געווען אָנצונעמען „אין־סוף" און זיינע פּראָדוקטן אין זייער יידישלעכער טראַכט:

— דאָס וואָס איך האָב צוגעזאָגט דעם יחיד, אַז אויב ער וועט זיך ווענדן צום „אין־סוף" מיט אַ תפילה נאָך כוח, וועט ער ניט נאָר באַקומען כוח, נאָר ער וועט נאָך נעמען שפּירן זיין כוח־געבער ווי אַ לעבעדיק וועזן, באַשטעטיקט זיך דאָ אויף אַ גרויסן שטייגער. עס דוכט זיך אַלץ, אַז איבער דער גאַנצער יידישער וועלט־סיטואַציע הויערט אַ לעבעדיק וועזן. און דאָס לעבעדיקע וועזן האָט ווילן, האָט ציילן, האָט אַ פּלאַן — מיט איין וואָרט, דערשפּירן יידישן פאָלק. און עס פאַרוואַלטעט מיט יידישער געשיכטע, מיט אַ באַשטימטער כונה — אויסצולייזן די שבועות און צו האַלטן די נדרים, וואָס גאָט האָט געגעבן אין זיין ברית מיט יידן דורך די אבות, משה רבינו און די נביאים: עס קערעוועט דעם יידישן גורל — טרייבט די געשעענישן אויף דער וועלט, די פּאַסירונגען צו די פעלקער, די פּאַסירונגען צום יידישן פאָלק — אַזוי, אַז עס זאָל, לאָמיר זאָגן, מקוים ווערן דער אומקער פון די יידן קיין ארץ־ישראל.

(ווייל אַט דאָס מאָדנע דוכטעניש דערלאַנגט זיך אפילו צו ניט גלויביקע, דערפאַר טאַקע באַצייכן איך אָט די ווירקזאַמע געדיכטע גייסטיקייט, וואָס דעקט די יידישע סיטואַציע, אַלס „ארץ־ישראל של מעלה" — און זאָג ניט „גאָט", און זאָג ניט „משיח", כדי יוצא צו זיין אויך פאַר אפּיקורסים).

איז דער מוסר השכל פאַר אייך: דעם יידנס אינעוועניקסטער כוח, זיין גלויבנס־גבורה טוט דאָס און האָט דאָס אַלץ אויפגעטאָן. דאַרפט איר דאָך שעצן די יידישע פאַרגעשטאַלטיקונג פון „אין־סוף", וואָס ניט נאָר האָט זי דעם כוח דערלאַנגט, נאָר זי האָט אויך געגעבן דעם מעטאַד, דעם אַפּאַראַט, וואָס האָט דעם כוח אַרויסגעצויגן פון אין־סוף אין אַ לעבעדיקן שטראָם.

דאָס איז דער אָנהויב פון מיין באַווייז, אַז דער צוטריט פאַר אַ יידן צום „אין־סוף" קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין, ווי נאָר דורך זיינע פאַריידישטע פּראָדוקטן. אַניט וועט דער „אין־סוף" גאָר ניט וועלן אָנהויבן אַרבעטן פאַר יידן. ניט אין־סוף איז דער עיקר, נאָר וואָס מען טוט מיט אים אויף!

פון וואַנען נעמט זיך דער איינדרוק, וואָס אפילו אפּיקורסים שפּירן אים, אַז עפּעס שוועבט איבער דער יידישער סיטואַציע אַ לעבעדיקע סובסטאַנץ, די פראַגע האָב איך געשטעלט מיין אָפּגעקליבענעם מנין אומגלויביקע אויף צו פאַרטראַכטן זיך, וואו האַלט איך מיט אים? אפשר האָט ער זיך שוין אַליין פאַרענטפערט די פראַגע? כ'האָב שוין ביי אים געפועלט אַ סך זאַכן. געפועלט, ער זאָל עקספּערימענטירן אין אויפגעפענטקייט צום „אין־סוף" — דאָס מיינט, ער זאָל האַנדלען ווי ער וואָלט געגלויבט אין „אין סוף", איידער ער גלויבט נאָך אין אים. און נאָך פּשוטער גערעדט: האַנדלען, צולאָזנדיק דעם געדאַנק, אַז עס איז מעגלעך, אַז עס איז קיין גרענעץ ניטאָ צום אַנ־

נעמען נאָך מער. און נאָך האָב איך געפּועלט ביי זיי — ביי די צען פון מיין מנין — אַז ווען זיי האַנדלען אַזוי — מיט דעם געדאַנק, אַז עס איז קיין גרענעץ ניט — זאָלן זיי האַנדלען לפנים משורת הדין — מיט אַ יתרון פאַר נשמה — אונטער אַ נדר פאַר דער נשמה וועגן. יעמאָלט וועט דער „אין־סוף" פאַר זיי זיך אויפעפענען — און זיי וועלן נעמען גלויבן אין אים. און האָב שוין האַלב ביי זיי געפּועלט ניט גרינגצושעצן די נאַציאָנאַל־יידישע געשטאַלט פון „אין־סוף" — דעם גאָט, וואָס האָט ספּעציעלן אינטערעס אין דעם יידן, וואָס דאָס האָט לכתחילה זיי זיך גאָר ניט געלייגט אויפן שכל. זיי האָבן אָבער געמוזט צוגעבן, אַז דער „אין־סוף" געראָד אין זיין יידישער פאַר־געשטאַלטיקונג האָט געטאָן גרויסע אַרבעטן פאַר יידן — אפשר איז דאָס דער יידישער גאָט אַליין די לעבעדיקע סובסטאַנץ? דער איינ־דרוק פון לעבעדיקייט העלפט גאָר היפּשלעך אין דעם ווידעראויפבוי פון לאַנד. עס טוט זיך דאָרט לפנים משורת הדין — איבער אַלע עקאָ־נאָמישע, פּאָליטישע און גזלנישע מניעות. נאָך יעדער מניעה קומט אַ נייער אויסברוך פון התלהבות, וואָס איז גובר.

די לעבעדיקייט קומט ניט פון גאָט, וואָס די אָרטאָדאָקסיע האָט אַרויפגעזעצט אויפן הימל; און איך וועל גיין נאָך ווייטער אין רע־אַליזם און צוגעבן, אַז די לעבעדיקייט איז ניט קיין פאַקט, נאָר אַן אַפּדרוקטעניש. אָבער פון אָט דער פלוצלעכער אַפּיקורסות מיינער, ווי ס'וועט זיך שפּעטער אַרויסשטעלן, וועל איך האָבן גאָרנישט אָנגעוואָרן, נאָר פאַרקערט, נאָך געוואונען. און עס וועט אַ קנאַפּע נפקא מינה זיין, צי לעבעדיקייט איז אַן אַפּדרוקטעניש אָדער אַ פאַקט.

— נו, אויב ניט גאָט, ווער זשע איז לעבעדיק? אָדער וואָס גיט דעם איינדרוק פון לעבעדיקייט? קאָן דאָך קיין אַנדערער אויספיר ניט זיין, ווי נאָר מיר אַליין זיינען די לעבעדיקייט־געבער. דאָס איז דער לעבעדיקער גייסט אין אונדז גופא, וואָס מאַכט לעבעדיק אַלץ, צו וואָס ער קלעפּט זיך צו. — דער „לפנים משורת הדין", וואָס טוט אַזוי פיל וואונדער, איז דער רעזולטאַט פון 2000 יאָר „לפנים משורת הדינים", נדרים און שבועות, קרבנות ביז מסירת נפש, דאָס איז די אַקומולירטע גייסטיקייט, אָנגעהאָרעוועט און אָנפאַרדינט פון די יידישע דורות. וואָס יעדער ייד טראָגט אַ חלק פון איר — ניט אַלס זיין פּריוואַטאייגנטום, ווייל ניט זיין פּערזענלעכע האָרעוואַניע און פאַרדינסט — נאָר אַ חלק צוגעשניטן לויט דער מאָס פון גאַנצן, אַ חלק, וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס גאַנצע — די „נשמה" פון פאָלק. דאָס איז עס דער יש, וואָס וויל ווערן אַ לעבעדיקער נפש, וואָס וויל אָנטאָן אויף זיך לבוש. וואָס זוכט מיט אַזאַ עקשנות זיך צו פאַרווירקלעכן.

אָבער ווי קאָן אַ „נשמה", וואָס איז צעטיילט חלקימווייז צווישן מיליאָנען, ווערן איין גאַנצער יש, און נאָך אַ לעבעדיקער נפש דערצו?

איז עס ערשטנס דער רעזולטאַט דערפון, וואָס יעדע ענערגיע וויל פּרעזערווירט ווערן, וויל זיך ניט פאַרניכטן. ביז ניט לאַנג צוריק, ביז צו דער מאָדערנער פיזיק, האָט עס געגאָלטן, אַז מאַטעריע קאָן ניט פאַרניכטעט ווערן. איצט ווייס זי, אַז מאַטעריע קאָן אויפגיין אין ענערגיע און יעדע ענערגיע קאָן איבערגיין אין אַנדערע פאָרמען פון ענערגיע און קאָן צוריק ערגעץ וואו אָראָפּגיין צו מאַטעריע.—און גייסטיקע ענערגיע איז פאַר דעם פּסיכאָפיזיקער די צווילינג־באַגלייטערין פון נערוון־ענערגיע, וועלכע איז אַ נאָענטע קרובה צו עלעקטראָ־מאַגנעטיזם און פירט זיך פונקט אַזוי — וואָס דאָס האָט אַ דירעקטע אַנווענדונג אויף דער יידישער גייסטיקער ענערגיע. קיין טיילכעלע פון אָט דער אַקומולירטער ענערגיע וויל זיך ניט לאָזן אָנווערן, זי וועט זיך לאָזן איבערזעצן אין אַנדערע פאָרמען פון גייסטיקער ענערגיע — פון פאַרצייטיקער יידישער אין היינט־וועלטיקער יידישער. לית ברירה וועט זי צעווייט און צעשפּרייט ווערן, וועט עס זיין ניט נאָר אַ יידישער אָנווער, נאָר אַן אַלמענטשלעכער אָנווער. פאַרשווענדונג פון דער ווערטפולער גייסטיקער ענערגיע איז לעבנס־פאַרניכטונג. עס איז געגליכן צו רציחה און שפיכת דמים.

און פון וואַנען דער צוגעגעבענער סימן פון לעבעדיקייט? — ווייל וואו זי געפינט נאָר אַ געלעגנהייט — אַ שטיקל מאַטעריעלן אָנהאַלט — זוכט זי צונויפנעמען זיך אין אַ גאַנצקייט, און צוכט אָנצוהאַלטן איר גאַנצקייט. און וואו די גאַנצקייט געדויערט, נעמט זי זיך קריסטאַליזירן, פורעמען, — זי געווינט אַן אָרגאַנישקייט, וואָס וויל זיך ניט לאָזן צעשטערן: וואָס וויל ניט נאָר אייַנהיטן איר פאַרגאַנצטע ענערגיע, נאָר אויך זי פאַרמערן: זי נעמט אָן דעם כאַראַקטער פון אַ לעבעדיקן באַשעפעניש, וואָס איז באַשאָנקען מיט אַ זעלבסט־דערהאַלטונגס־אינסטינקט.

וואָרום דען ניט? עס איז דאָך אַ גייסטיקע ענערגיע, פון וועלכער עס שפּראָצט זיך באַוואוסטזיין. אויב דער מענטש פאַרמאָגט אַ זעלבסט־דערהאַלטונגס־אינסטינקט, איז עס ניט אַזוי זיין פלייש, ווי די פּסיכיק זיינע, זיין זעלבסטבאַוואוסטזיין, די דערהאַלטערין פון זיין זעלבסט־דערהאַלטונג.

און ניט נאָר דעם מענטשענס גאַנצע פּסיכיק, נאָר יעדעס טיילכעלע אירס, יעדער גייסטיקער איינס — אַזאַ געוואוינהייט ווי רויבן אפילו האַלט ביים ווערן אַ לעבעדיקע באַשעפעניש.

דאָס איז גערעדט פון איין געוואוינהייט, איין ליידנשאַפט, איין עבירה און איין מצוה: בפרט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פּערמאַנענטן סיסטעם פון געוואוינהייטן, מצוות, וואָס אַ גאַנץ פאָלק האָט מעגלעך, דורך יאָרהונדערטער, דורך יאָרטויזנטער זיי געאיבט — איינקריצנדיק

זיי אין זכרון, אין בלוט, אויפשפילנדיק זיי אויף די כלים און אינסטרו־מענטן, וואָס די איבונגען האָבן אויסגעשמאָלצן פון פאָלקס־גייסט, פון זיין מוח און האַרץ.

דאָ בעט זיך אַ דעליקאַטע פראַגע: ווי אַזוי ראַנגלט זיך דאָס לעבעדיקע באַשעפעניש, וואָס איז כולו גייסט, מיט די מניעות, וואָס שטייען אים אין וועג? דירעקט ווירקנדיק אויף דער דרויסנדיקער סביבה, אויף די אומשטענדן, געשעענישן, וואָס שטערן אים, אָדער אינדירעקט, רונד־אַרום באַנוגנדיק זיך מיט שטאַרקן די נשמות פון זיינע לעבעדיקע טרעגער, וועלכע פון זייער זייט ראַנגלען זיך שוין מיט דרויסנדיקער סביבה פון אומשטענדן און געשעענישן?

וועגן אָט דעם דעליקאַטן ענין גייט נאָך אַן אַ גרויסער וויכוח אין דער פּסיכאָפיזיק. דער „אומלעגאַלער", דערוויל נאָך ניט אָפיציעל אָנערקענטער טייל אירער לאָזט צו דעם געדאַנק פון דירעקטער ווירקונג. די „אומלעגאַלע" פּסיכאָפיזיק גייט אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז וויבאַלד נערוון־ענערגיע, דער פיזישער אונטערשלאַג פון פּסיכישער ענערגיע, איז דאָך איינער פון דער עלעקטראָ־מאַגנעטישער משפחה, קאָן זי, פּונקט ווי די גאַנצע משפחה, טאָן אַרבעט פונדערווייטנס, אָן מאַטעריעלער באַרירונג, ווי ראַדיאָ. און זיי באַשטעטיקן עס דערמיט, וואָס זיי פאָטאָגראַפירן געדאַנקען און געדאַנקען־בילדער און עקספּערי־מענטירן מיט טעלעפּאַטיע, טעלעוויזיע און טעלעקינעטיק — צו באַוועגן מאַטעריעלע זאַכן פונדערווייטנס — דורך הוילער פּסיכישער קראַפט. אָט די אַלע עקספּערימענטן, מיט וועלכע דער פאַרשטאָרבענער גרויסער ענגלישער פיזיקער, סער אָליווער לאַדזש, האָט אַזוי גערן זיך אָפּגעגעבן. — און דאָ קומט די „אומלעגאַלע" פּסיכאָפיזיק אונטערשטיצן די אַלטע יידישע לערע, אַז פון יעדער עבירה ווערט אַ רוח און פון יעדער מצוה אַ מלאך. געוויינלעך לאָזט זיך פעסטשטעלן, אַז די אַלע ווירקונגען פון דער ווייטנס זיינען אָפּהענגיק פון דעם ווילן פון דעם אגענט, פון וועמען די פּסיכישע קראַפט פליסט אַרויס. זיי פאָלגן אויס זיין ווילן. אָבער עס טרעפט, אַז אַן אָפּשפּריץ פון זיין פּסיכיק ווערט אַ לעבעדיק באַשעפעניש פאַר זיך אַליין, מיט אַן אייגענעם ווילן, און אָן זיין וויסן און ווילן נעמט עס זיך פירן אָדער ווי דער רוח, אָדער ווי אַ מלאך...

דעם מענטשנס פּסיכיק, ווען אין קאָנצענטרירטן צושטאַנד, באַזיצט אַ מאָס לעבעדיקייט און לעבעדיקע קראַפט, וואָס שטייגט ווייט אַריבער די פּאַרציע, וואָס איז צוגעטיילט דעם בלאָסן באַוואוסטזיין און דעם שוואַכן ווילן. אויב עס לאָזט זיך ניט געגוי באַווייזן, אַז זי ווירקט דירעקט אויף דער דרויסנדיקער סביבה, איז איר ווירקונג אויף דעם מענטשנס אינערלעכער פיזישער „סביבה" אויסער יעדן ספק. זי זעצט דורך אין זיין קערפּער ענדערונגען, וואָס מיט קיין באַוואוסטזיניקן ווילן

לאָזט זיך דאָס ניט אויספירן. — און עס זיינען דאָ גענוג פאַקטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן, וואָס גיבן גרונט צו באַהויפּטן, אַז דעם מענטשנס פּסיכיק זיצט ניט אַן איינגעשפּאַרטע אין מוח־קעסטל און קאָן ניט ארויס. קאָן יאָ. צ. ב. ש., זי דאַרף ניט אַלעמאָל אָנקומען צו דער הילף פון שפּראַך צו לאָזן וויסן וואָס זי מיינט אָדער צו פאַרשטיין און באַנעמען יענעמס מיין. עס איז צו מערקן, אַז קינדער לערנען פון דער מוטער שפּראַך ניט ווערטערווייז. זיי כאַפּן דעם מיין פון אַ גאַנצן זאַץ, איידער נאָך זיי פאַרשטייען די ווערטער. און אַזוי אויך הויז־חיות. דאָ ארבעט טעלעפּאַטיע—און דאָס וואָס די אימפּרעסיע פון אַ מענטשן דערלאַנגט זיך גלייך, ווערקנדיק סימפּאַטיע אָדער אַנטיפּאַטיע, איידער ער האָט נאָך אַ וואָרט אַרויסגערעדט. ווי ער וואָלט ארומגערינגלט געווען מיט אַ פּסיכישער אַטמאָספערע, וואָס האָט איר גוטן אָדער שלעכטן ריח. און אַזוי אויך די אימפּרעסיע פון דעם אָדער יענעם פאָלקס־טיפּ. דאָ פּרעסט זיך אַרויף ווי איין שטיק די גאַנצע סומע פּסיכיק, וואָס דער מענטש דורך זיין גאַנצן לעבן, דער פאָלקס־טיפּ דורך דורות האָבן אָנגעלעבט.

און מען מעג צולאָזן די השערה, אַז דעם מענטשנס פּערמאַנענטע פּסיכישע איינשטעלן און געדאַנקען־אויסבילדונגען — די פאַנטאַזיעס, חלומות און געשטאַלטן, וואָס באַגלייטן אים דורכן לעבן, בויען איבער אים אויף אַ צווייטע, גרעסערע אומזיכטבאַרע פּערזאָן, וואָס דעקט אים אַריבער און וויקלט איין זיין לעבן. עס קומט אויס, ווי יעדער וואָלט געהאַט זיין פּערזענליכן שר, וואָס פאַרוואַלטעט מיט זיין אויפירונג, נעמט חשבון, שטראָפט, באַלוינט, שטעלט איין, באַשטימט און רעגירט איבער זיין גורל...

אָבער כ׳וויל קיין השערות ניט! כ׳דאַרף האַלטן וואָרט! כ׳האָב צוגעזאָגט מיין מנין אומגלויביקע גאַרנישט אויף זיי אַרויפצוצווינגען. אָננעמען זאָלן זיי דאָס וואָס זיי קאָנען אַליין מיטמאַכן אין אַן עקספּערימענט. איז צו וואָס יאָגן זיך נאָך עקספּערימענטן אין דער פרעמד — איז אונדזער ריזיקער געשיכטלעכער עקספּערימענט אונדז ווייניק?

אין פאַרלויף פון אונדזער געשיכטע האָבן מיר געזאַמלט און אָנגעזאַמלט אַ באַרג פון פּסיכאָ־עלעקטריק. מיר, דאָס איינציקע פאָלק, וואָס האָט אָנגעפאַרטרויט דעם גייסט די פירונג פון זיין געשיכטע. דעמאָנסטרירן מיר מער ווי וועלכער עס איז פאָלק, אַז גייסט איז כוח.

קאַפּיטל 11

## דער יידיש־געשיכטלעכער עקספּערימענט

אין דעם יידישן גאָט־באַגריף איז פאַראַן אַן איידעלער פּונקט, וואָס דאַרף פאַרזיכטיק באַהאַנדלט ווערן: — יידן האָבן פון גאָט דעם אין־סוף אַרויסגעשיילט פאַר זיך אַ נאַציאָנאַל יידישע גאָט־געשטאַלט —

יהוה. ערשט דורך זיין נאציאָנאַל־יידישער געשטאַלט האָט דער אין־סוף זיך אַנטפּלעקט צו יידן. דערמיט האָט די יידישע געשיכטע זיך דאָך אָנגעהויבן. ווען יהוה האָט זיך באַוויזן צו אַברהמען און געשלאָסן מיט אים דעם ברית, האָט ער גלייך גענומען אויף זיך אַ נדר צו מאַכן זיינע קינדער און קינדס־קינדער פאַר אַ גרויס פאָלק, אַריינצופירן זיי אין כנען, וואָס דאָס וועט זיין ארץ ישראל; און פון אברהמען האָט ער גענומען אַ שבועה, אַז ער, זיינע קינדער און קינדס־קינדער זאָלן צו קיין אַנדער גאָט ניט דינען אויסער אים. יהוה וועט זיין דער גאָט פון ישראל. דערמיט האָט יהוה אין סוף זיך דערקלערט פאַר דעם יידיש־נאַציאָנאַלן גאָט.

און אַזוי און נאָך מער איז עס געוואָרן דורך דעם ארץ ישראל פּעריאָד. יהוה האָט געפירט זיינע מלחמות, געשיצט אים קעגן זיינע מעכטיקע באַלאַגערער, און כדי צו פאַרשטאַרקן זיין ווידערשטאַנד און צו באַוואָרענען אים קעגן מפּלות, האָט ער אים דערלאַנגט אַ משיח געשטאַלט, וואָס האָט צונישט געמאַכט אַלע מפּלות און קאַטאַסטראָפעס. — און אַזוי און נאָך מער איז עס געוואָרן דורך די 2.000 יאָר גלות: — כדי דאָס פאָלק זאָל קאָנען אויסשטיין קעגן אַ וועלט מיט שונאים, האָט יהוה אים דערלאַנגט אַ תרי״ג, וואָס האָט אים אָנגעגורט מיט בטחון אין ענדגילטיקן נצחון איבער אַלע שונאים אין משיחס צייטן. די שונאים וועלן בלייבן הילפלאָז. זיי וועלן אַליין אויסגעלייזט ווערן צוזאַמען מיט די יידן. — די גלות־רעליגיע איז נאָך אין אונדזער זכרון: די תרי״ג מצוות מיט וועלכע דער ייד האָט געבויערט דעם אין סוף, זיינען פאַר אים געווען ניט אַזוי אַ פּערזענלעכער ענין, ווי אַ נאַציאָנאַלער ענין. דער תרי״ג האָט אַזוי פאַריידישט דעם אין־סוף, אַז ער האָט אָנגענומען די געשטאַלט פון אַ פרומען יידן, אָנגעטאָן אין טלית און תפילין.

דער רעזולטאַט פון אָט דער פאַריידישונג פון אין־סוף איז געווען אַ גרויסער יידישער געווינס: די גאַנצע געשיכטלעכע דערפאַרונג פון יידישן פאָלק איז אַריינגעלאָפן אין זיין גאָט־באַגריף. אַזוי אַז די גאַנצע יידישע געשיכטע, איר עבר מיט איר עתיד, מיט ארץ ישראל אינאיינעם, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקן אַפּאַראַט, וואָס האָט געצויגן פאַר יידן גלויבנס־גבורה, לעבנס־גבורה פון אין־סוף. פאַראיינפאַכנדיק וועל איך דעם אַפּאַראַט צוגלייכן צו אַ היימישן ברונים: דער תרי״ג — דאָס איז געווען דער שטאַנג — דער „סווירטים". דער פאַריידישטער גאָט־באַגריף איז געווען דער עמער, וואָס האָט געשעפּט נאָכאַנאַנד גלויבנס־שפע פון דעם ברונים — דעם אין־סוף. האָבן מיר אָנגעזאַמלט אַ גלויבנס רעזערוו, גענוג פאַר צען פעלקער צען מאָל אַזוי גרויס ווי מיר. האָבן מיר באַוויזן גאונות אין גלויבן. יעדער דור האָט אַרויסגעשטעלט צדיקים, גרייטע אויף קידוש השם. דאָס גאַנצע פאָלק איז אָנגעלאָדן געוואָרן מיט אויסדויער ביז משיחס צייטן, וואו יידן איז פאַרגעשטאַנען אַ הויפּט ראָלע אין דער וועלטס־דערלייזונג.

דאָס אַלץ איז געווען די אַרבעט פון אין־סוף אין זיין נאַציאָנאַל־יידישער געשטאַלט. יאָ, עס איז געווען מערקווירדיק מיט דעם יידן: ער האָט דעם אין־סוף, דעם גאָט פון אַלע פעלקער, געמאַכט פאַר זיין נאַציאָנאַל־יידישן אייגנטום. — סטייטש, ווי מעג מען אַזוינס — צונעמען גאָט פאַר זיך? — נו, דער ייד האָט קיין אַנדער ברירה געהאַט. די אמונה איז געווען זיין איינציקער לעבנס־אַנהאַלט, פאַרבייטנדיק מלוכה און טעריטאָריע.

זיינען מיר איבערגעלאָזן מיט פסיכישן נאַטור־כוח, וואָס ווירקט אין אונדז און אויסער אונדז. קאָנען מיר זיך פאָרשטעלן אַ דירעקטע ווירקונג פון יידישן גייסט אויף דעם גאַנג פון די געשיכטלעכע געשעענישן — להיפוך דער מער רעאַליסטישער פאָרשטעלונג פון אַן אינדירעקטער ווירקונג — דורך באַווירקונג פון דעם גייסט פון די פעלקער. דער יידישער גייסט קאָן ווירקן פון דער נאָענט, אין אָפּהענגיקייט פון פאָלקס ווילן, אָדער פון אַ מהלך, אין פולער אומאָפּהענגיקייט, אויספאָלגנדיק מסתמא דעם באַהאַלטענעם פאָלקס־ווילן. קאָן ער אויסלייגן אין פאָראויס די געזעצן פון פאָלקס־געשיכטלעכן לעבן. קאָן ער מאַכן די געשעענישן אַרום דעם פאָלק לויפן דעם וועג, וואָס ער האָט פאַר זיי אָנגעצייכנט.

און נאָך אַמאָל, ווער איז דער יידישער גאָט? — די לעבעדיקע גייסטיקייט, וואָס האָט זיך אַרויסגעפּרעסט פון פאָלק אַליין, פון זיין צונויפגעפּרעסטן אין איין גאַנצקייט לעבנס־געפיל: דאָס האָט דעם יידנס געוואַלדיקע אָנגעקוואָלנקייט מיט לעבנס־קראַפט אָפּגעשפּריצט פון זיך דאָס לעבעדיקע באַשעפעניש גאָט. דאָס איז זיין אייגענער גייסט, וואָס לעבט. און אַזוי איז גאָט ניט בלויז ביי יידן, נאָר ביי יעדן פאָלק, וואָס האָט זיין אייגענעם גאָט. אפילו אין דער פרימיטיווסטער רעליגיע — ביי די געצנדינער, וואָס האָבן געדינט צו חיות און מזלות, ביי די פעטישיסטן, וואָס בוקן זיך נאָך היינט צו האָלץ און שטיין — איז עס ניט דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך איינגערעדט אַ נאַרישן אָבערגלויבן, נאָר דאָס איז זייער אייגענע לעבעדיקייט, וואָס רייסט זיך צו ווערן אַ לעבעדיק באַשעפעניש. דערנאָך קומט־צו זעלבסטהיפּנאָז, שפּיל און געגנשפּיל, געשטאַלט־שפּיל. עס קומען צו נדרים און שבועות. און גאָט קוועלט. וואַקסט און שטייגט. — ביים יידישן פאָלק איז נאָך צוגעקומען, וואָס עס האָט צו זיין גאָט, צו דעם לעבעדיקן באַשעפעניש, וואָס שפּיגלט אים אָפּ אין אַ פאַרגרעסערטער געשטאַלט, זיך איבערגעענטפערט בלב ונפש, אויסשליסלעך אין זיינע הענט איבערגעגעבן די פירונג פון זיין געשיכטע. האָט ער קאָנצענטרירט אין זיך די גאַנצע ווירקונגס־קראַפט פון עלעטראָ־מאַגנעטישן באַרג גייסטיקייט, וואָס דאָס פאָלק האָט אָנגעלעבט אין פאַרלויף פון זיין געשיכטע. און איצט, אַז איך וועל אָפּלאָזן דעם פאַרגלייך, וואָס איך האָב אויסגעבאָרגט ביי דער מאָדערנער פיזיקע און וועלכער האָט מיר גאַנץ גוט געדינט — אַז גייסט

איז געגליכן צו עלעקטראמאגנעטיק — און איך וועל איבערגיין צוריק צו נשמה־שפראך און איך וועל פרעגן: — פון וואנען האט דאס יידישע פאלק אנגעצויגן זיין לעבעדיקן גאט־בארג? — וועל איך באקומען דעם פולן ענטפער אויף דער פראגע: וואס איז דער יידישער גאט? — דער יידישער גאט איז די גרויסע שטיק לעבעדיקע גייסטיקייט, וואס דאס יידישע פאלק האט ארויסגעצויגן פון אין־סוף און אריינגעצויגן אין זיך דורך זיינע געשיכטלעכע איבערלעבונגען.

איז עס דער גאנצער אין־סוף און די גאנצע יידישע רעליגיע? אוודאי ניט! רעליגיע איז פארגעפיל וויפל נאך מער גאט ס'וועט זיך ארויסוויקלען פון אין־סוף. ס'איז א פראצעס.ביים יידן איז עס פאר־געפיל וויפל נאך מער יידישן גאט ער וועט ארויסרייסן און אריינציען אין זיך פון אין־סוף. אויפן יידישן גאט זעט מען עס צום בולטסטן, אז רעליגיע איז א פאראויסכאפונג מיט גלויבן, וויפל נאך מער אומ־מענטשישע נאטור־וועלט וועט אונטערוואַרפן ווערן צו גאטס און מענטשנס ווילן. די העכערע גייסט־קראפט וועט באזיגן די רויע נאטור־קארפט. די נאטור־געזעצן וועלן פארביטן ווערן מיט מאראל־געזעצן. די נויטווענדיקייט וועט פארביטן ווערן מיט פרייהייט. דער שטח פון יושר וועט זיך אויסברייטערן. רעליגיע איז דער דראנג גערעכט צו מאכן די וועלט. רעליגיע איז דער גלויבן אין דער השגחה, אז זי פירט און וועט דערפירן צום ציל. ביים יידן איז עס נאך געכפלט אויף דער אמונה, אז דער אין־סוף, דורך דעם שר פון ישראל, וועלכער האלט השגחה איבערן פאלק ישראל, פירט און וועט דערפירן אים ביז צום גאולה־ציל — ביז צו משיחס צייטן — וואס דערצו טרייבט ער די געשעענישן מיט אים און ארום אים.

דא קומען די בארימטע קאבינעט־חכמים, וואס קליגלען אויס גאט מיטן שפיץ־קאפ, און פרעגן זייער קשיה: ווי קומט צום אין־סוף, וועלכער באשאפט וועלטן און מאכט זיי חרוב, באשאפט חיות רעות, וואס פרעסן איינע די אנדערע, באשאפט פעלקער, וואס פארטיליקן איינע די אנדערע — ווי קומט צו אים א ווארעמער אינטערעס צום מענטשישן יושר, און נאך א ספעציעלן אינטערעס אין יידן זאל ער נאך האבן?

איז דער ענטפער: — דא רעדט זיך וועגן אין־סוף, וואס ערשט דורכן מענטשן באשאפט ער די נייע מענטשישע וועלט פון יושר צו באצווינגען און צו געוועלטיקן איבער דער אוממענטשישער נאטור־וועלט. די רשעות און די פעלקער־חיות זיינען שטויסן, דרינגענדיקע אנצוהערענישן און דערמאנונגען, אז ער, דער מענטשישער אין־סוף, זאל זיך צואיילן — ער זאל וואס אימפעטיקער אנגיין מיט דעם נייעם וועלט־באשאף. בנוגע אט דעם מענטשישן חלק פון אין־סוף מעג מען יא ריידן וועגן השגחה. וויפל ניט איז באגרעניצט זי זיך, די השגחה. נעמט מען א מענטשנס גאנצן לעבן, געפינט מען א שפור פון השגחה.

און נעמט מען דאס לעבן פון דער גאנצער מענטשהייט, אויף א ברייטן שטח פון רוים און צייט — אין פארלויף פון טויזנטער יאר איבערן גאנצן ערדקוגל—געפינט מען שוין גאנץ קענטיקע סימנים פון השגחה. גערעכטיקייט ווערט אלץ מער א רעאלע קראפט אויף ווידערצושטיין דעם בייז. עס איז א פראצעס. די השגחה ארבעט זיך ארויף גראדנווייז. — איך מעג זיך דערלויבן אפילו צו זאגן די נארישקייט, אז אויב די השגחה איז נאך ניט געווען, האבן מיר, מענטשן, זי באשאפן. — א נארישקייט איז עס דערפאר, ווייל מיר האבן די וועלט ניט באשאפן.

און בנוגע יידן — דא רעדט זיך דאך וועגן יידישען חלק פון אין־סוף, וועגן דעם יידישן גאט, וואס זיי האבן פון אים ארויסבאשאפן, וואס ער איז זייער אייגענער גייסט, וואס זיי האבן דערהויבן אין זיך; וואס זיי האבן אין אים ארייגעטאן זייער גאנצן היסטארישן כוח, אז עס איז כמעט ניט געבליבן ביי זיי קיין כוח פאר עפעס אנדערש; און וואס אין אים האבן זיי ארייגעגעבן זייער הויפט־אינטערעס — מעג ער שוין האבן א הויפט־אינטערעס אין יידן. אין דער שטיל געוועלטיקן זיי איבער אים הגם בפרהסיה געוועלטיקט ער איבער זיי. אין דער שטיל האלטן זיי השגחה איבער אים, מעג ער האלטן בפרהסיה השגחה איבער זיי. דא, ביים יידישן פאלק, איז די ארבעט פון דער השגחה צום קענטיקסטן. זי פירט די וועלט צו יידנס דערלייזונג...

— ווארוּוען השגחה? ווארוּוען צום יידנס דערלייזונג? ווייניק אומגליקן שיטן זיך אויף זיין קאפ? דאס פאלק ווערט געשליידערט פון קאטאסטראפע צו קאטאסטראפע — קיין שום איינזעעניש מיט אים! — אזוי ווערט מען דאך געפירט צו דער עקדה, ניט צו דער־לייזונג!...—אבער דא ערשט באשטעטיקט זיך, וואס פאר א געניועם חשבון די השגחה פירט מיטן יידישן פאלק. — אחוץ דעם אלגעמיינעם דינסט פון אומגליקן און קאטאסטראפעס — צו דער־מאנען דער מענטשהייט און דעם מענטשישן חלק פון אין־סוף זיך אונטערצואיילן מיט דעם נייעם יושרדיקן וועלט־באשאף, דינען זיי נאך דעם יידישן פאלק פאר א ספעציעלער דערמאנונג.

מיט דעם יידישן פאלק פאסירט, וואס עס פאסירט גאנץ אפט מיט דעם אויסדערוויילטן יחיד, דעם צדיק: — וואס גרעסער דער צדיק, אלץ גרעסער איז די מאנונג פון אים, אלץ שטארקער איז דער נסיון, מיט וועלכער ער ווערט געפרואווט. ווארום אזוי? — עס זיינען דא פארשיידענע פליינען, איבער וועלכע דער מענטש באוועגט זיך — אויסערלעך, בפני כל עם ועדה, און אויך אינערלעך, אין זיך — יעדער פליין מיט זיינע באזונדערע געזעצן. עס איז דא א נידעריקער פליין — פון נויטווענדיקייט, פון נאטור־געזעץ, וואו מענטש צו מענטש איז חיה. און עס איז דא א העכערער פליין — פון גערעכטיקייט, פון ברודער־געזעצן, וואו מענטש צו מענטש איז ווי מענטש צו זיך אליין. (עס איז מסתמא פאראן א דריטער פליין — אויף א מהלך אין דער טיף,

וואו ביידע ערשטע פליינען פאלן צונויף, וואו חיה־געזעץ איז אויף א געהיימען אופן אויך ברודער־געזעץ. אבער דאס איז אזוי למעלה מן השכל, אזוי מעטאפיזיש, אז איך וויל אפילו מיט דעם שפיץ־קאפ צו דעם זיך ניט צורירן) — דער צדיק האט גענומען אויף זיך מקיים צו זיין דעם געזעץ פון העכערן פליין. במילא ווערט ער געשטעלט צו פראבע: אנו, באווייז עס! לאדט ער איין אומגליק אויף זיין קאפ. ווארעם אין די מערסטע פאלן ווערט ער געשטרויכלט. ווארום גע־שטרויכלט? ווייל עפעס א האנדלונג זיינע וועט אים אויסטייטשן צום שלעכטן. א מענטש ווערט דאך אויסגעטייטשט ניט דורך די ווערטער פון זיין מויל, נאר דורך זיינע האנדלונגען. נו, קאן איין אומפארזיכטיקע האנדלונג אים אראפשלעפן צום נידעריקערן פליין, וואו מענטש צו מענטש איז חיה. מען האט עס נאך געוואוסט פארצייטן. דאס, מסתמא, האט פאסירט מיט איובן. געווען איז ער א צדיק א בעל־גוף, מיט קינדער און רינדער און ארעמעלייט ביי די טויערן, האט ער דער־לאנגט א נדבה אן ארעמאן מיט א מינע פון א צדיק. איז עס גענוג געווען ער זאל באשטראפט ווערן.

מען האט דאך ניט געלייקנט, אז דאס יידישע פאלק, פונקט ווי אנדערע פעלקער, באוועגט זיך אויף ביידע פליינען. מיר האבן צדיקים אויף דעם אויבערשטן פליין, איבער אונדזער פראפארציע, און מיר טוען אפ מעשים, וואס שלעפן אונדז אראפ אויפן אונטערשטן פליין פון נאטור־נויטווענדיקייט. — אן אנדער פאלק וואלט זיך דאס מוחל געווען. אבער מיר זיינען דאך אן אויסדערוויילט פאלק, א פאלק א צדיק פון בארוף. בארופן צו זיין די ערשטע אין נייעם וועלט־באשאף. א הויפט־ראלע איז אונדז אויפגעגעבן. קומט די פראבע: אנו, באווייז עס! — באווייזן מיר עס ניט. אי אויסדערוויילט־בארופן, אי פארפעלט דעם בארוף, געפעלשט אין דעם בארוף. דעם צדיקס גרויסהאלטעריי און דעם צדיקס שטרויכלונג. פאסירט עס מיט אונדז ווי מיט איובן. רייצן מיר אן אויף זיך קאטאסטראפעס.

מיר זיינען פארמשכונט געווען ביי אונדזער אייגענער השגחה און זי האט אונדז געפירט און דערפירט ביז צום היינטיקן טאג. טויזנטער יארן אפגעלעבט אויף קרעדיט ביי איר. און די צייט איז דערפילט געווארן. צאל! — צאלן מיר! — ערשט דער יידישער געשיכטלעכער עקספערימענט באשטעטיקט דעם צידוק הדין, באווייזנדיק ווי פינקטלעך די השגחה פירט איר חשבון.

אבער דאס איז דאך די השגחה, וואס מיר האבן אליין אויף זיך ארויפגעלייגט. דאס איז דאך דאס שטיק אין־סוף, וואס מיר האבן ארויסגערופן און געמאכט פאר אונדזער אייגנס, פאר אונדזער אייגע־נעם גאט — מיר מיט א הויפט־אינטערעס אין אים, ער מיט א הויפט־אינטערעס אין אונדז. מיר אליין די השגחה, מיר אליין דער שר פון אונזער געשיכטע. דער יידישער געשיכטלעכער עקספערימענט בא־

שטעטיקט, אז דער אין־סוף באַווייזט זיך צום מענטשן, ווי ער באַנעמט אים — אונטער אַזעלכע געשיכטלעכע אומשטענדן, מיט אַזאַ גלויבנס־מעטאָד, מיט אַזאַ גלויבנס־אַפּאַראַט, ווי די געשיכטלעכע לעבנס־נויט האָט זיי אַרויסגעפאָדערט. און דער עקספּערימענט באַשטעטיקט, אַז דער אין־סוף ענטפערט ווי מען רופט צו אים. ער האָט דאָך אונדז געדינט. — מיט אָט דעם מעטאָד, מיט אָט דעם אַפּאַראַט האָט ער אַריינגעאַרבעט אונדז אין ברוסטקאַסטן אַ ריזיקן גלויבן־רעזערוו, וואָס האָט אונדז געדינט צו כּוח און צו לאַנג לעבן. — אונדזער גלויבנס־דערפאַרונג האָט קיין גלייכע ניט צו זיך. די מוסטערן פון גלויבנס־דערפאַרונג, וואָס וויליאַם דזשיימס האָט צוזאַמענגעבראַכט פון די קריסטלעכע הייליקע — וואָס זיינען זיי? די אַבסטראַקטע הייליקייט פון יחידים־צדיקים. אונדזער גלויבנס־דערפאַרונג איז די הייליקייט פון אַ גאַנץ פאָלק, וואָס האָט זיין גאַנצן געשיכטלעכן גורל אָנפאַרטרויט איינציק און אַליין צום איינציקן, צו אונדזער חלק אין־סוף.

און איצט ווען די פראַבע־צייט איז געקומען, איז קיין אַנדער וועג ניטאָ אויף אויפצושליסן דעם גלויבנס־רעזערוו, וואָס איז פאַרשלאָסן אין אונדזער ברוסטקאַסטן, ווי צו נוצן דעם זעלביקן געשיכטלעכן איינשטעל אויף אין־סוף, מיט דעם זעלביקן גלויבנס־מעטאָד, מיט דעם זעלביקן גלויבנס־אַפּאַראַט, מיט זיינע צוויי הויפּט־תּנאים: דעם מאַנדאַט אויף ווידער־אויפשטעלונג פון ארץ ישראל און דעם מאַנדאַט אויף אַ הויפּט־ראָלע אין משיחס צייטן. — אַזוי און ניט אַנדערש! אַניט איז הילפלאָזיקייט, אַניט איז אַ קאַטאַסטראָפע! — קיין אַנדער צוגאַנג פאַר אונדז צום אין־סוף קאָן ניט זיין, אַניט וועט ער ניט וועלן אַרבעטן פאַר אונדז ווי פאַרצייטן און ראַטעווען ... קיין אַנדער דערקענונג פון אים, קיין אַנדער וויסן וועגן אים, ווי נאָר דאָס וויסן, וואָס האָט אונדז געגעבן אונדזער געשיכטלעכע דערפאַרונג.

יאָ, מענטשן, וואָס זיצן אין די קאַבינעטן, קאָנען זיך צורעכט מאַכן אַן אייגענע חקירה וועגן אין־סוף. זיי ווילן דווקא אים אויסטאָן פון זיין יידיש־געשיכטלעכער פאַרקליידונג. זיי ווילן אַן אַבסטראַקטן, נאָמענלאָזן אין־סוף — אַן אַנאָנים — אָן שום „היסטאָרישע קוואַליפיקאַציעס". היסטאָרישקייט איז ביי זיי אַ פאַרברעך. זאָל זי וויסן איר פּלאַץ די היסטאָרישקייט — אין פּראַקטישן לעבן, אין דער פּאָליטיק — אָבער ניט אין דער רעליגיע! פאַראַן אַפילו גוטע ציוניסטן צווישן זיי, וואָס ווילן אַפילו ארץ ישראל אַרויסוואַרפן פון דער יידישער רעליגיע. אַפילו אלהי ציון וירושלים געפעלט זיי ניט. און זיי זיינען גרייט צו וואַרטן ביז די אַלע „היסטאָרישקייטן" מיטן ציוניזם אינאיינעם וועלן זיך אויסלעבן. יידן וועלן שוין דעמאָלט זיצן אין ציון — וועלן זיי ניט דאַרפן גאָטס הילף פאַר זייער ציוניסטישער בירגער־שאַפט. דעמאָלט וועלן זיי צונויפנעמען יחידי סגולה — „אינטעלעקטואַלן מיט קינסטלערישן מוט, מיט מעטאַפיזישע איבערלעבענישן און וועלן גרינדן „די פרייע רעליגיעזיטעט פון דער צוקונפט".

פאראיאָרן האָבן זיי צוגעקראָגן די הילף פון ניט קיין קלענערן וויסנ־שאַפטסמאַן ווי איינשטיין, וועלכער האָט אין אַ שריפט צום קאָנגרעס פון פילאָזאָפן, טעאָלאָגן און וויסנשאַפטסלייט, וואָס איז געזעסן אין שעכטער סעמינאַר — זיי אויפגעפאָדערט אָפּצוזאָגן זיך פון גלויבן אין אַ פּערזענלעכן גאָט, וואָס די צייטונגס־רעפּאָרטערס האָבן על פּי טעות עס אָנגענומען פאַר אַטעאיזם. — אַלבערט איינשטיין פון זיין שטאַנד־פונקט, זיצנדיק אין זיין קאַבינעט, פירנדיק זיינע מאַטעמאַטישע חשבונות, דאַרף טאַקע קיין פּערזענלעכן גאָט ניט האָבן. ער דאַרף אַן אין־סוף, וואָס זאָל קאָנען צוקומען צו די ברעגן פון זיינע מאַטעמאַ־טישע פאָרמולעס. — און איינשטיין איז דאָך אין תוך גערעכט. דער אין־סוף איז טאַקע קיין „פּערזענלעכקייט" ניט, ער איז גאָר קיין „מענטש" ניט. נאָר אַן אַ שיעור מער. עס איז גענוג איין קליינע פראַגעלע צו שטעלן, ער זאָל ווערן אויס „מענטש"; — צו וואָס דאַרף ער עס? — צו וואָס האָט ער געדאַרפט באַשאַפן אַ וועלט, ווען ער איז אַליין שוין די גאַנצע וועלט? און צו וואָס דאַרף ער פעלקער, וואָס זאָלן איינע די אַנדערע מערדערן, צוזאַמען מיט די זקנים און עופעלעך? און צו וואָס דאַרף ער פליגן, וואָס זאָלן אַלע אין האַרבסט אויסשטאַרבן? און פליגן, וואָס לעבן נאָר איין טאָג? — צו וואָס דאַרף ער עס? וואָס, עס איז אים אומעטיק? ער דאַרף זיך אַמוזירן? ער דאַרף זיך שפּילן?

עס איז קלאָר, אַז ווען מען גייט צו צום אין־סוף מיט מענטשלעכע שכלדיקע פראַגן, איז ער גאָר ניט צו פאַרשטיין. פאַרן מענטשלעכן שכל איז ער אומבאַגרייפלעך. דער מענטשלעכער שכל ווי נאָר ער קומט צו צו אים, שטויסט ער זיך גלייך אָן אויף סתירות — סיי דער פּשוטער שכל, סיי דער פילאָזאָפישער שכל. ער איז למעלה מן השכל. ער איז גאָר קיין „מענטש" ניט און האָט קיין שום ענלעכקייט ניט צו „מענטש". קיין „פּערזענלעכקייט" ניט.

אָבער דער יידישער חלק אין־סוף, דער יידישער גאָט איז יאָ אַ „מענטש" און אַ „פּערזענלעכקייט". ווייל דאָס זיינען מיר אַליין. ניט קיין אַנאָנים, ניט קיין מעטאַפיזישער גאָט, ניט גאָט בכלל, ניט סתם גאָט — נאָר דער גאָט פון יידיש־געשיכטלעכן עקספּערימענט, דער יידישער געשיכטע־פירער, און אַלס אַזעלכן, מיט זיין הויפּט־אינטערעס אין יידן, דאַרפן מיר אים האָבן. אַניט וועט מיט אונדז גאָר קיין פּעולה ניט זיין. — און עס מאַכט ניט. דעם אין־סוף וועט עס ניט שאַדן. דער גאַנצער אין־סוף איז שוין איינגעשלאָסן אין אונדזער חלק אין־סוף; און דורך אונדזער חלק וועט ער קאָנען אַלץ גרעסער און גרעסער ווערן. — אין 400 יאָר אַרום וועלן מיר אויף אונדזער חלק האָבן נאָך אַ גרעסערן אין־סוף, ווי אַלבערט איינשטיין שטעלט זיך פאָר. ער וועט איינלאַדן דעם קינפטיקן איינשטיין צו אַ קאָנפערענץ, ווי אַזוי איבערצושאַפן די וועלט אויף די יסודות פון מאַטעמאַטיק, יושר

און דעמאָקראַטיע. — בתנאי מיר זאָלן ריכטיק אויסנוצן דעם יידיש־געשיכטלעכן גאָט, וואָס מיר האָבן אויף דער האַנט. אניט וועלן מיר ביז 400 יאָר אַרום ניט דערציען. — זאָל כאָטש די קאַטאַסטראָפּע אַראָפּברייינגען אונדזערע קאָבינעט־מעטאַפיזיקער פון זייער גוויישן הימל אויף דער יידישער ערד, וואו מיר שטייען אין סכנת נפשות.

קיין אַנדער אין־סוף פאַר אונדז, אויסער אין זיין נאַציאָנאַל־יידישער געשטאַלט! — צו דעם האָב איך געצילט, און צו דעם האָב איך דערפירט.

## קאַפּיטל 12

# דער מאַנדאַט אויף ארץ ישראל

### 1

### ארץ ישראל

איך דאַרף זייער פאָרזיכטיק אָנגיין, ווען איך שפּאַר אַזעלכע שאַרפע פאָרציעס פון יידישן גלויבן אויף מיין מנין אומגלויביקע. פון איין זייט דאַרפן זיי — די צען פון מיין מנין — מיר דאַנקבאַר זיין, וואָס איך האָב ביי זיי אַביסל אָפּגעשוואַכט די „מורא פאַר גאָט". איך האָב דעם יידישן גאָט אַראָפּגעבראַכט פון הימל און אים אַריינגעזעצט אין פאָלקס לעבעדיקן גייסט. דער יידישער גאָט, לויט מיין פירוש, איז נישט מער ווי דער אופן ווי אַזוי דאָס פאָלק, אונטער דעם דרוק און צוואַנג פון זיינע געשיכטלעכע אומשטענדן, האָט זיך איינגעשטעלט צום אין־סוף, כדי צו קאָנען צאַפּן פון אים לעבנס־קראַפט, גלויבנס־זאַפט, אויסדויער־גבורה אין אַזאַ מאָס, עס זאָל זיך קאָנען האַלטן טויזנטער יאָרן על בלימה, אויף „גאָרנישט". אויף ארץ ישראל של מעלה. אָט דער געשיכטלעכער איינשטעל — מיט זיינע גלויבונגען און האָפענונגען, זכרונות און צוזאָגן אויף להבא, מצוות און עבירות — אָט דער איינשטעל, וואָס האָט געמאַכט שטראָמען אַן איבערפלוס פון לעבנס־קראַפט פון אין־סוף אין פאָלק אַריין — דאָס איז דער יידישער גאָט, דער אין סוף אין זיין נאַציאָנאַל־יידישער געשטאַלט. במילא קומט שוין אויס, אַז ער האָט אַ הויפּט־אינטערעס אין יידן און דער ייד אַ הויפּט־אינטערעס אין אים, ווייל ער איז דאָך דאָס פאָלק אַליין, דער אויבערשטער, דער איידעלסטער טייל זיינער, די נשמה זיינע, קאָנצענטרירט אַרום איר ברענענדיקן מיטלפּונקט, וואָס עפנט זיך צום אומבאַגרעניצטן, אומאויסשעפּלעכן לעבנס־קוואַל — אין־סוף.

אזא פאראייגפאכונג, פארמענטשלעכונג פון גאָט דאַרף מיין מנין אומגלויביקע דווקא געפעלן. דערפאַר אָבער האָב איך ארץ ישראל של מעלה אזוי דערהויבן, אז אַ פּחד האָט אים געמוזט באַפאַלן: — זי פירט זיך דאָך ביי מיר אויף ניט בלויז ווי אַ לעבעדיק וועזן, נאָר ווי אַ גראַנדיעז לעבעדיק וועזן, וואָס קערעוועט די וועלט, טרייבט אַלע וועלט־געשעענישן צו ארץ ישראל מיטצוהעלפן אין איר ווידעראויפשטעלונג ווי פארצייטן. זי איז כמעט אזוי ווי גאָט...

וואָס פאַר אַ רושם האָט אויף מיין מנין געמאַכט מיין התלהבות־דיקער שבח אויף ארץ ישראל של מעלה, וואָס ביי מיר כהרף עין ווערט זי דעם אידנס אייביקער מאַנדאַט אויף ארץ ישראל, וואָס פלאַנצט זיך אַליין אריין אין ארץ ישראל של מטה? האָט מיין איבערטרייבונג אים ניט צעטריבן? איז ער אַקאָרשט זיך ניט צעלאָפן אוים פראָטעסט אָדער פאַר שרעק? איך קוק זיך אַרום: ניין, ער איז דאָ. קיינער פון די צען איז ניט אַנטלאָפן. זיי האָבן מיך אויסגעהערט מיט געדולד. זיי האָבן געכאַפּט, און ריכטיק געכאַפּט (איך האָב גאָר ניט דערוואַרט, אז ס'וועט בלייבן אַ סעקרעט), אז כ'האָב איבערגענומען די שפּירונג און שטאַנדפּונקט פון די רעליגיעזע. ס'איז דאָך אַ פאַקט — אונדזערע רעליגיעזע פילן און זאָגן עס, אז דער מאַנדאַט איז דער נדר, וואָס דער גאָט פון ישראל האָט גענומען אויף זיך דורך די נביאים — צוריק־צובריינגען דאָס פאָלק ישראל קיין ארץ ישראל — און דער גאָט פון ישראל איז שוין איינמאָל פאַר זיי לעבעדיק!

איך האָב געמעגט איבערנעמען דעם רעליגיעזן שטאַנדפּונקט — אז דער מאַנדאַט איז פון גאָט אַליין — און איך האָב געמעגט נאָך מער. ווייל פאַר מיר איז דער מאַנדאַט — די ארץ ישראל של מעלה — דאָס הויפּטשטיק פון יידישן גאָט. ווייל לויט מיין פירוש, ריידנדיק מעשה אפּיקורס, איז גאָט פאַר זיך אַליין פאַרן יידן גאָרנישט. „גאָר־נישטאָ", זאָל ער מיר מוחל זיין. דאָ איז ער בלויז אין דעם יידנס גלויבנס־איינשטעל, אין דעם אַפּאַראַט פון די תר"ג מצוות — וואָס קאָן צוגעגליכן ווערן צו אַ רער, וואָס דער איד האָט צוגעשטעלט צום ברענפּונקט פון זיין נשמה, וואָס ברענט דורך די עפענונג צום אין־סוף — און וואָס דורך אָט דער רער ציט ער אָן זיין לעבנס־שפע.

און דער אַפּאַראַט, דער תרי"ג, דער איינפאָס פאַרן יידישן גאָט — וואָס איז זיין עובדה געווען? ער האָט סימבאָליזירט ארץ ישראל אין טעגלעכע צערעמאָניאַלן: און אַ קייַלעכדיק יאָר האָט ער אויפגעפירט דעם משיח־ספּעקטאַקל, וואָס האָט גערעקט ארץ ישראל מיט דער וועלט צוזאַמען. ארץ ישראל איז גאָטס פּנים געווענדט צו דער יידישער גאולה — זיין יידיש־נאַציאָנאַלע העלפט; משיח — גאָטס פּנים געווענדט דורך ארץ ישראל צו דער וועלטס־גאולה — זיין אינטער־נאַציאָנאַלע העלפט. אַלע דריי — ארץ ישראל, משיח, גאָט — זיינען אַ דרייאייניקייט ניט פונאַנדערצורייסן. ערשט דורך דער יידישער

גאולה אין ארץ ישראל וועט קומען צו דער וועלטס גאולה. און פאַר־קערט אויך. משיח ברענגט ביידע גאולות — ער שפּרייט ארץ ישראל איבער גאַר דער וועלט. און אַלע דריי צוזאַמען — ארץ ישראל, משיח, גאָט — האָבן אַ בשותפותע לעבעדיקייט — דורך דעם לעבעדיקן גייסט פון יידישן פאָלק. אַלע דריי — לעבעדיקע וועזנס, וואָס זוכן, ווילן, פּרובן זיך פאַרווירקלעכן. די צוויי גרויסע צוזאָגן אויף להבא, וואָס זיינען איינגעשלאָסן אין יידישן גלויבנס־אַפּאַראַט, זיינען זעלבסט־באַפעלן זיך צו פאַרווירקלעכן.

איז דער אַפּאַראַט אַ מאַנדאַט — אַ טאָפּלטער מאַנדאַט — אַ מאַנדאַט אויף דער ווידעראויפשטעלונג פון ארץ ישראל און אַ מאַנדאַט אויף אַ הויפּט־ראָלע אין משיחס צייטן. און ביידע מאַנדאַטן ווייזן היינט צו טאָג די קענטיקסטע סימנים פון לעבעדיקע וועזנס: זיי נעמען אָן אויף זיך לבוש. דער מאַנדאַט אויף ארץ ישראל בפירוש אַזוי: ער באַשטייט, ער ראַנגלט זיך, ער איז גובר שנאות און מניעות; שונאים און גזלנים. ער שטאַרקט זיך מיט איבערמענטשלעכן כוח. — נו, מיין מנין אומגלויביקע—כל זמן זיי זיינען אָפיציעל אומגלויביקע—גלויבן נאָך אַלץ ניט, אַז גאָט מיט זיין צווייאייניק פּנים — ארץ ישראל און משיח — אַז אַלע דריי זיינען — לעבעדיקע וועזנס, איין לעבעדיק וועזן. אָבער זיי האָבן ניט פּראָטעסטירט, ווייל זיי זיינען מסכים: — אפילו ווען די לעבעדיקייט איז אַן אָפּדרוקטעניש, איז אָט דער אויס־געצייכנטער איינדרוק פון אויסגעצייכנטן משיח־ספּעקטאַקל, וואָס די גייסטיקע ענערגיע פון יידישן פאָלק שפּילט פאַר דער געשיכטע — ווערט געגלויבט צו ווערן. וואָס לעבעדיקער דער ייד הערט דעם רוף, אַלץ לעבעדיקער, שטאַרקער איז זיין אָפּרוף. עס העלפט וואונדערלעך צום ווידערשטאַנד. — דערויף זאָגן עדות צוויי טויזנט יאָר. דערויף זאָגט עדות דער ווידעראויפבוי פון ארץ ישראל, וואָס גיט היינט צו טאָג דעם קאָנקרעטסטן באַווייז ניט נאָר אויף עם ישראל חי, נאָר אויך אויף אלהי ישראל חי — אפילו פאַר די, וואָס גלויבן ניט אין אים. זיינען זיי מסכים, אַז די לעבעדיקייט איז אַ נוטיקער, רעטנדיקער איינדרוק און דאַרף אומבאַדינקט איינגעהיט ווערן.

## 2

## דער אייביקער מאַנדאַט

און וואָס וועט זיין, אַז דער געשריבענער מאַנדאַט, וואָס גיט דעם יידן זכות אויף ארץ ישראל, וועט בטל ווערן? אָדער דער יידישער טייל זיינער וועט אַרויספאַלן פון אים, און עס וועט בלייבן אַ מאַנדאַט אויף ארץ ישראל אָן דעם יידן? אָדער דער מופטי וועט צוריק אויפ־נעמען זיין אַלטן סטראַשונאַק מיט אַן אַל־מאַכמעדאַנישער הייליקער מלחמה, און דורך מרידות אין סיריע, אַראַביע און איראַק, וועט ער

אויפן מאנדאט ארויפטרעטן און אים צעטרעמפלען, און דער ענגלישער מאנדאט וועט זיין ווי אינגאנצן ניט געווען — איז דעמאָלט אוים ארץ ישראל פאר יידן? — ניין!

ווען דער געשריבענער מאנדאט, וואָס האָט געזיכערט דעם יידן א היים אין ארץ ישראל, וועט צעריסן ווערן, בלייבט נאָך א העכערער, גרעסערער מאנדאט, וואָס קאָן ניט צעריסן ווערן, ווייל ער איז ניט קיין געשריבענער — דער מאנדאט, וואָס זיכערט ארץ ישראל פאר א היים אין דעם יידן.

ניט פון מענטשן־הענט געשריבענער מאנדאט — א גערעדטער פון דעם אייביקן, וועלכער איז דאָ — אייביקע ווערטער אריינגערעדט אין דעם יידנס בלוט, און זיי האָבן זיך גערונען צוזאמען מיט זיין בלוט, דורך די דורות. און ווען דעם יידנס בלוט האָט זיך געגאָסן, האָבן יענע אייביקע ווערטער געשריען און האָבן זיך אריינגעהילכט אין דער וועלט: ובא לציון גואל!

און אַלץ, וואָס טוט זיך אַף דער וועלט, און וועט זיך טאָן — מלחמות און רעוואָלוציעס, קאטאסטראָפעס און מערכות, מקוים־געוואָרענע קללות און נאָך ניט מקוים־געוואָרענע ברכות — זיינען נאָר ווערטער פון יענעם אייביקן מאנדאט, וואָס רינט אין־און מיט — דעם יידנס בלוט. — טויב, שטום, בלינד און משוגע — די געשיכטע פון פארצייטן ביז היינט, אליין ניט וויסנדיק דערפון, רעדט נאָר וועגן דעם, נאָכזאָגנדיק אות ביי אות יענע יידישע, בלוטיקע און פארבלוטיקטע ווערטער — ובא לציון גואל...

— אניט האָט די וועלט קיין קיום ניט!

— עס איז א כישוף אין דעם: א געפאנגענשאפט פון לייב און גייסט. א געבענטשטער און א פארשאָלטענער קרייז, פון וועלכן די פעלקער, וואָס זיינען געקומען אין בארירונג מיט דעם יידן, קאָנען זיך ניט ארויסדרייען.

ווילנדיק־ניט־ווילנדיק מוזן זיי נאָכזאָגן: ובא לציון גואל.

— און די פעלקער, וואָס זיינען נאָך ניט געקומען אין בארירונג מיט דעם יידן, וואָס האָבן זייערע קעפּ קיינמאָל ניט צוגעלייגט צו דעם יידנס נשמה, און זייערע הענט — צו יידנס האלדז, זיי וועלן אויך מוזן דורכמאכן אָט־דעם גלגול, די בודיסטן מיט זייער בודיזם, פונקט ווי די הינדוסן מיט זייער בראמאניזם, וועלן סוף־כל־סוף אריינגעצויגן ווערן אין אָט־דעם געבענטשט־פארשאָלטענעם קרייז, פון וועלכן דער ייד איז דער מיטלפונקט.

קערצו גייט עס, און דאָס איז, וואָס איצט געשעט. ניט דירעקט, אַף אומוועגן ארבעטן זיך דורך די ווערטער פון דעם אייביקן, ניט געשריבענעם יידישן מאנדאט — דירעקט ארבעט נאָר גאָט! אָבער אפילו הינטער די אומוועגן איז ער אויך דאָ, און קערעוועט זיי, און

גלייכט אוים זייערע אויסקרימעניש, לאזט זיי ניט אראפ פון גלייכן וועג, וואס פירט דעם יידן קיין ארץ ישראל.

— ענגלאנד וועט חרטה האבן! — האט מען די אלע יארן ניט אויפגעהערט צו סטראשען דעם יידן — טראצקי וועט זיך געבן העגט מיט קעמאל פאשא! — האט מען פאר צוואנציק יארן געסטראשעט דעם יידן. — וואו איז איצט טראצקי און וואו קעמאל פאשא? און מען האט געסטראשעט, אז דער פירהונדערט מיליאנעדיקער איסלאם וועט דערוואכן — האט מען געסטראשעט און מען סטראשעט. — געפונען מיט וואס און מיט וועמען און וועמען צו סטראשן!

דורך רוים, בערלין און מאסקווע; דורך קאירא, באגדאד און קאלקוטא; דורך פראנקרייכס מפלה און ענגלאנדס גבורה אין נויט; דורך דעם מופטים פריער אפענעם און איצט באהאלטענעם סטראשונאק; ראנגלט זיך ביז עס וועט דורכגעבראכן ווערן דאס, וואס שטייט געדעדט אין דעם אייביקן יידישן מאנדאט: ובא לציון גואל!

א לאנגער, פארפלאנטערטער, פעלקער־ און לענדער־צעקנאקנדיקער פארוואלט צו איין קורץ ווארט: משיח!

די אלע געוועזענע און איצטיקע סטראטידלעם ווייסן א סך וואס זיי האבן געטאן און טוען! אפשר דאס וואס זיי טוען, איז טאקע צו צווינגען מיט געוואלט דעם איסלאם צו דערוואכן פון זיין האלב־טויזנט־יאריקן שלאף?

אבער צו וואס וועט ער דערוואכן? צו געבן יעדן פרומען פאשא א גן־עדן מיט טויזנט שיינע מיידלעך? אדער איסלאם וועט דערוואכן אף איינגעמען די וועלט — די איצטיקע וועלט, נאך דער נאר־וואס־דורכגעמאכטער קאטאסטראפע, ווען פעלקער שטייען איינס צום אנדערן אפן קאפ און לענדער קריכן איינס דעם אנדערן אין די געדערים? אפילו זיי זאלן צום פאשאס מיידלשן גן־עדן צוגעבן די קבצנישע תורה פון ארימאן, אז אנגעשטאפט די קישקע — און דער מענטש איז דערלייזט, וועט דער איסלאם אלץ קיין כוח ניט האבן אפילו זיין אייגענעם מזרח צו באצווינגען.

דער איסלאם וועט דערוואכן נאר כדי צו קאנען שטארבן, און שטארבנדיק ווידערגעבארן ווערן, און כדי דורך זיין שטארבן און ווידערגעבארן ווערן אויפצוורודערן דעם פארגליווערטן מזרח. און די צוויי טויזנט־יאריקע און פינף טויזנט־יאריקע אמונות פון אינדיע, כינא און יאפאן וועלן מיטשטארבן און מיטגעבארן ווערן, און גאנץ אזיען וועט דורכגעצוקט ווערן מיט א געשריי: וואס איז דאס הייליקע ווארט, וואס קאן אונדז פארענטפערן אונדזער נעכטן, היינט און מארגן? און אפרופן וועט זיך א פסוק: — מציון תצא תורה...

דער איסלאם וועט דערוואכן, און אנצושלאגן זיך אין אנמאכט אן די ניט געזעענע לוחות, אף וועלכע עס זיינען פארצייכנט די ניט פארשריבענע ווערטער פון אייביקן יידישן מאנדאט.

דער איסלאַם וועט דערוואַכן, כדי עס זאָל זיך עפענען דער יידישער געשיכטלעכער קרייז, אום אריינצולאָזן די פעלקער, וואָס זיינען ביז איצט געשטאַנען דרויסן פון קרייז.

דער קרייז איז נאָך ניט פאַרטיק געווען, ער האָט נאָך ניט געהאַט ארומגענומען די גאַנצע וועלט. איצט שפּרייט ער זיך אויס און פאַר־ענדיקט זיך, און ער וועט זיך צונויפציען און צונויפשליסן ארום דעם באַרג, אויף וועלכן עס איז געפאַלן גאָטס וואָרט, און איז דאָרט פאַרזיגלט געוואָרן, פאַרזיגלענדיק אין איין שיקזאַל דעם יידן און ארץ ישראל.

— איר גלויבט ניט אין גאָט און אין גאָטס וואָרט?

אום אייך צוליב צו טאָן, האָט גאָט ניט גערעדט, נאָר די יידן האָבן געהערט גערעדט, און וואָס זיי האָבן געהערט האָבן זיי געשוואָרן, דורות נאָך דורות. אַ יאָרהונדערט נאָך אַ יאָרהונדערט, אַ יאָרטויזנט נאָך אַ יאָרטויזנט, טאָג און נאַכט, אין חלום און אויפן וואָר, אין פייער און אין וואַסער, אונטער דעם חלף און אונטערן האַס — האָבן זיי די שבועה נאָכגעשוואָרן:

ארום יענעם באַרג וועלן מיר דערלייזט ווערן; און דורך אונדזער דערלייזונג וועט די וועלט דערלייזט ווערן.

איז די שבועה אַ ריזיקער כוח געוואָרן, אַ נדר אין אונדזער בלוט... די טיפסטע שבועה, וואָס אַ מענטש שווערט, איז כישוף, וואָס פאַרכישופט זיין לעבן, די מאָס טרייהייט פון אַ מענטשן צו דעם נדר אין זיין בלוט, דאָס רעגירט זיין שיקזאַל.

— גוט, גלויבט ניט! סיי ווי סיי ווירקט און רעגירט די שבועה אין אונדז. מיר זיינען טויט — די שבועה לעבט. מיר זיינען אירע ווערקצייג. ווער מיר זאָלן ניט זיין — שניידער, פעדלער, באַנקירן, באָלשעוויקעם; וואו מיר זאָלן ניט געשטעלט זיין — אויף די געפערלעכסטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס; וואָס זאָל מיט אונדז ניט פּאַסירן — איז אַלץ נאָר דערויף, די שבועה זאָל מקוים ווערן. מיר זיינען מקיים די שבועה, אפילו ווען מיר האָבן זי פיינט. — אפילו יענע שפּלע באַשעפענישן, וואָס שפּילן די ראָלע פון די הינטעלעך פון דער יידישער געשיכטע, וואָס קריצן מיט די ציין, ווען עס באַווייזן זיך די סימנים פון יידישער דערלייזונג.

זיי האָבן געביכעט פאַרן מאַנדאַט, און נאָכן מאַנדאַט, און וועלן ביכען, וואָס מיט דעם מאַנדאַט וועט זיך אויסלאָזן — דאָס בעסטע און דאָס ערגסטע — אפילו זיי זיינען געשטראָפט מקיים צו זיין כאָטש אַ האַלבע יידישע שבועה — מוזן זיי פריידיקן די קבצנישע תורה פון אָרימאַן, אַז אָנגעשטאָפּט די קישקע, און דער מענטש איז דער־לייזט; מוזן זיי פאַררעדן די „בייכעלעך" כאָטש מיט אַ האַלבער יידישער ברכה.

זיי שפּרייטן דעם אָפּפאַל פון דער יידישער נבואה וועגן משיחס

ציַיטן — כדי מיטצוהעלפן אין דער קאַטאַסטראָפע, וואָס וועט אַריַינ־טריַיבן גאַנץ אַזיע אין ארץ ישראל.

זאָגט ניט: „גאָט און זיַין שבועה", אויב איר קאָנט עס ניט פאַרטראָגן, זאָגט דעם יידנס שבועה האָט אָנגעזאַמלט אַ ריזיקן רעזערוו פון גייסטיקן מאַגנעטיזם, וואָס זיַין ציל־פונקט איז ארץ ישראל, און אָט דער באַרג־מאַגנעטיזם ציט. און האָט געצויגן די ליניעס פון יידישן שיקזאַל, טריַיבט און האָט געטריבן די יידישע געשיכטע, אין פאַרלויף דורך די ציַיטן און פעלקער, האָט צעזייט און צעשפּריַיט די יידן איבער־אַלע עקן וועלט, און אויסגעבעט אונטער זיי אַן עקאָנאָמיק, וואָס האַלט כסדר אין עקספּלאָדירן אין איין קאַטאַסטראָפע אין אוקראַינע. און אַ צווייטע קאַטאַסטראָפע אין פּוילן. אייַך, וואָס איר גלויבט ניט אין דעם כוח פון גייסט, לייגט זיך דאָס ניט אויפן שכל? ווייסט איר ווייניק וואָס גייסט איז, ווי דאָמינירנדיק זיַין ראָלע איז אין פאָרמירן די געזעלשאַפטלעכע מאַטעריע. וואָרט וועגט פלייש און גייסט, וועגט עקאָנאָמיק.

אומגעזען און אומבאַמערקט, אויף טויזנטער אַרומיקע וועגן, פירט דער גייסט די מאַטעריע.

די יידישע שבועה, דער אייביקער מאַנדאַט אויף ארץ ישראל, האָט זיך געצייכנט אין דעם יידנס לאַגע, און גערעדט דורך זיַינע אומגליקן, און זיך פאָרמולירט אין זיַין עקאָנאָמיק — אַזוי, אַז ער זאָל קיינמאָל קיין באַרואיקטער ניט זיַין — אַלעמאָל געשטויסן, געטריבן און גע־קערעוועט צום ברענפּונקט פון זיַין געשיכטע. וואו דער קנופּ איז פאַרקניפּט געוואָרן דורך גאָטס וואָרט אָדער דעם יידנס שבועה, דאָרט מוז ער זיך אָפּבינדן.

און דער ריזיקער רעזערוו פון גייסטיקער יידישער ענערגיע, מיט איר פאָקוס אין ארץ ישראל, האָט אויך אָנגעשטעקט און אָנגעלאָדן די פעלקער, מיט וועלכע דער ייד איז געקומען אין באַרירונג, און האָט געצייכנט און געצירקלט אויך זייערע שיקזאַלן, זיי זאָלן צושפּילן דעם יידישן שיקזאַל, אין דער פאַרווירקלעכונג פון אייביקן יידישן מאַנדאַט.

און איצט שפּריַיט זיך דער יידישער געשיכטלעכער קרייז, כדי איַינצושליסן נאָך און נאָך פעלקער. כדי זיי זאָלן אַלע צוזאַמען, מיט די פאַראייניקטע כוחות פון גאָר דער וועלט מיטהעלפן דעם יידישן גייסט זיך קאָנצענטרירן אויף יענעם אָרט וואו עס זאַמלט זיך דער צינד־שטאָף פון גאָר דער וועלט — וואו דער יידישער גייסט וועט געבן די שטאַרקסטע עקספּלאָזיע, מיט דעם וויַיטסטן אָפּהילך.

ווי קליין, ווי ווייניק, ווי אָנמעכטיק מיר זיַינען — אָבער מכשפים זיַינען מיר, דורך דעם כישוף פון גייסט, דורך דעם נדר אין אונדזער בלוט, אפילו אָן אונדזער וויסן — פאַרכישופן מיר די פעלקער.

אַלע פעלקער צאַפּלען זיך אין דער נעץ פון אַ „יידישער פאַר־שווערונג". — אפילו ווען מיר טוען גאָר נישט דערצו.

די אנטיסעמיטן זיינען „גערעכט" וועגן דער „פארשווערונג". זיי מיינען נאָר אַז מיר טוען עס; זיי אַליין זיינען מיטפארשווערער, עס איז אַן אַל־וועלטלעכע פארשווערונג פאַר דעם יידן, אינספּצענירט דורך דעם כישוף פון יידישן גייסט—צו ברענגען דעם יידן קיין ארץ ישראל, כדי משיח זאָל קאָנען קומען — פאַר זיי אויך.

און מיר גלויבן ניט! מיר שרעקן זיך: טאָמער וועט ענגלאַנד חרטה האָבן! טאָמער וועט דער איסלאַם דערוואַכן. מיר וואָרענען זיך: חלילה פאַרשפּילן מיר דעם געשריבענעם מאַנדאַט, זיינען מיר אויף אייביק פאַרפאַלן.

מיר שטעלן דעם געשריבענעם מאַנדאַט העכער פון דעם ניט־געשריבענעם, אָבער אַ געשריבענער מאַנדאַט איז תמיד פעלערהאַפט — און מיר גיבן דערמיט די שליטה אין אונדזער לעבן צו יענע „הינטעלעך פון דער יידישער געשיכטע", וואָס קריצן מיט די ציין אויף יעדן סימן פון יידישער דערלייזונג...

פאַר דעם געשריבענעם מאַנדאַט האָבן מיר געמאַכט פּאַראַדן, אָבער פאַר דעם ניט־געשריבענעם אייביקן מאַנדאַט — מיר ווייסן אפילו ניט רעכט אין וואָס ער באַשטייט...

איז וואָס דאַרפן מיר צו זיך זאָגן, אונדזער אייביקער מאַנדאַט זאָל פאַרווירקלעכט ווערן און וואָס דאַרפן מיר צו די פעלקער זאָגן? — מיר ווייסן ניט גענוי.

נאָר די איינוועניקסטע שבועה, דער נדר אין אונדזער בלוט טרייבט און פירט אונדז בלינדערהייט.

און מיר צאָלן, צאָלן טייער פאַר אונדזער אייביקן מאַנדאַט, פאַר אונדזער שליחות צווישן די פעלקער. — וואָרעם — וואָס עס קומט ניט מיט גוטן, קומט מיט בלוטן!...

עד כאן. ווען איך פאַל אַרויס פון מיין אַרטיקל און שטעל זיך פּנים אל פּנים מיט מיין מנין אומגלויביקע, ווערט מיין ענטוזיאַזם נאַטירלעך אָפּגעקילט און דאָס לעבעדיקע באַשעפעניש נעמט זיך אויסוועפּן.

אָבער עס איז אַ קנאַפּע נפקא מינה, צי דער איינדרוק פון לעבעדיקייט איז אַן אָפּדרוכטעניש אָדער אַ פאַקט, וואָס איז היינט אָפּדרוכטעניש קאָן מאָרגן ווערן פאַקט, אין גייסט איז לעבעדיקער איינדרוק שוין אַן אָנזאָג, אַז מער לעבן קומט. אויב דער מאַנדאַט — דער אָפּשלאָג פון ארץ ישראל של מעלה — איז פאָרלויפיק נאָך ניט קיין פולער לעבעדיקער פאַקט, קאָנען מיר עס מאַכן, עס זאָל אמת זיין. עס איז אַ טענדענץ, אַ פּראָצעס, אַ בהדרגהדיקע אָנזאַמלונג פון לעבנס־קראַפט; אַ פּראָיעקציע, אַ פאַראויסכאַפּונג מיט גלויבן אין אַ צו־שטאַנד, וואָס האַלט אין ווערן. נאָך ניט קיין פאַרטיקייט. מ'דאַרף אָננעמען, אַז מיר זאַמלען כסדר פּסיכאָ־עלעקטריק. נאָר פאַר אַ דור אָדער צוויי האָבן מיר פאַרנאַכלעסיקט דעם טיכטיקסטן טייל פון איר

אנזאמלונג. אונדזער גלויבנס־אפאראט איז קאליע געווארן. האט ער ניט געקענט קראפט צו ארבעטן. געדויערט עס. נאר מיר זיינען עס דאך די יעניקע, וואס באשטימען די קאנדיציעס, וואס מאכן יא אדער ניט ארבעטן אונדזער גלויבנס־אפאראט. ווען מיר ווילן פארריכטן וואו ער איז קאליע געווארן, און ער וועט נעמען ווידער ארבעטן מיט פולן שוואונג, לויט די היינטיקע וועלט־אומשטענדן — וועט דאס, וואס איז איצט בלויז א לעבעדיקער איינדרוק, ווערן א לעבעדיקע באשע־פעניש, וואס וועט קערן ווילן דעם מאנדאט צו רעאליזירן.

צו דער פראגע: — קאן דאס לעבעדיקע באשעפעניש דירעקט ווירקן אויף דער סביבה, אויף די אומשטענדן, אויף די געשעענישן — צי דארפן די חלוצים אליין זיך מיען, אדער זיי האבן נאך הילף „מן הצד" — דאס לעבעדיקע באשעפעניש מיט זיך פאר זיי? — ווייל איך גאר ניט באהויפטן אין פארויס וועגן דירעקטער ווירקונג, ביז זייער עקספערימענט וועט עס ניט באווייזן — בתנאי זיי זאלן ריכטיק איינ־שטעלן זייער גלויבנס־מעכאניזם — מיט נדרים, מיט אינסטרומענטן, וואס מאכן די נשמה פאר א „כלי" — מיט דעם גאנצן אפאראט, וואס שפילט אויף דעם משיח־ספעקטאקל.

אז שוין איצט ווייזט דאס לעבעדיקע באשעפעניש אזא טענדענץ און מאכט אזעלכע פרובן צו ווירקן אויף דער סביבה — לכל הפחות אויף דער יידישער סביבה — דאס זעען מיר באשיינפערלעך. צי די פרובן ווילן געלינגען איבער אלע מניעות — ספעציעל די עקאנאמישע מניעות — דאס וועט מיין מנין, מיט זיין היינטוועלטיקן דרך ארץ פאר עקאנאמיק, מיר ניט דערלויבן צו זאגן. אבער ראנגלען וועט זי זיך, דאס לעבעדיקע באשעפעניש, די טעריטאריע של מעלה, אריינ־געבנדיק אין אירע טרעגער של מטה, די בויער פון ארץ ישראל, די חלוצים, דעם פולן גלויבן אין ענדגילטיקן נצחון.

און דאס איז דער מאנדאט, וואס גיט די יידן אן א שיעור מער רעכט אויף ארץ ישראל, ווי דער געשריבענער מאנדאט. ווארום א לאנד איז ניט בלויז איר געאגראפיע, נאר פיל מער איר געשיכטע — די געשיכטלעכע דעקאראציעס, וואס שטייען ארום איר ווי ווענט; דער פסיכישער אנוואוקס אויף איר — די אטמאספערע, מיט וועלכער זי איז אנגעאטעמט, וואס גיט איר חיות, וואס מאכט זי וואקסן און געדייען.

קאפיטל 13

## הויפט־ראלע אין משיחס צייטן

דארף איך איצט זיך פארנעמען מיט דעם צווייטן אייביקן מאנדאט, וואס דער אפאראט האט דורך צוויי און א האלב טויזנט יאר ארבעט

אריינגעאַרבעט אין דעם יידנס פסיכיק. „אריינגעאַרבעט" טאָר מען אייגנטלעך ניט זאָגן — נאָר „אַריינגעשפּילט". וואָרום די אַרבעט פון אַפּאַראַט איז געווען צו מאַכן יעדן יידישן יחיד מיטשפּילן דעם משיח־ספּעקטאַקל, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק האָט געשפּילט — אַ ספּעקטאַקל, וואָס ציט זיך פון פאַרצייטן ביז משיחס צייטן, האָט ארץ ישראל פאַר זיין הימל, די גאַנצע וועלט פאַר זיין בינע, מיטן יידישן פאָלק אין צענטער, און וואָס זיין שלוסאַקט איז דער אַקט פון גאולה — יידישער און אַלוועלטלעכער — וואָס פון אָט דעם שלוסאַקט האָבן זיך אַרויס־גענומען די צוויי יידישע מאַנדאַטן — אַ מאַנדאַט אויף דעם ווידער־אויפבוי פון ארץ ישראל און אַ מאַנדאַט אויף אַ הויפּט־ראָלע ביי דער אַלוועלטלעכער גאולה.

אָבער בעת דער מאַנדאַט אויף ארץ ישראל איז אָנערקענט און ווערט גערימט און ס׳ווערט געאַרבעט פאַר אים — איז דער מאַנדאַט אויף אַ הויפּט־ראָלע אין משיחס צייטן ניט אָנערקענט. די פרומע גלויבן אין משיחן, שפּילן מיט דעם ספּעקטאַקל, אָבער טוען גאָרנישט פאַר זיין קומען. די ניט פרומע — מערסטנס זיינען זיי אפילו ניט חושד, אַז אַזאַ מאַנדאַט איז דאָ, און ווען זיי זיינען יאָ חושד, האָבן זיי מורא פאַר אים און טאַדלען אים — פון לינקס און פון רעכטס; פון לינקס, וואו מען גלויבט אינגאַנצן ניט, און פון רעכטס, וואו מען גלויבט, ווייל עס איז ניט שיין פאַר לייטן ניט צו גלויבן. — פון לינקס זינגט מען שוין אַ יאָר 50 דאָס לידעלע: — „משיח איז געשטאָרבן" און אפילו גאָר גרויסע קעפּ פון נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלן לאַגער, וואָס שעמען זיך צו זינגען נאַרישע לידעלעך, מיאוסן זיך מיט אים. „אָפּשטויסנד!" — האָט ד״ר זשיטלאָווסקי אַרויסגעגעבן זיין פּסק איבער משיחן מיט איבער 50 יאָר צוריק, איבער אָט דעם געניאַלן פּראָדוקט פון דער יידישער פאָלקס־שאַפונג. ער האָט ניט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו אַטאַקירן משיחן, ווי אַ „העסלעכן אָבערגלויבן".

דאָס איז פון לינקס. און פון רעכטס האָט מען די יידישע ראָלע אין אויסלייזונג־ווערק אַלץ מער אויסגעליידיקט פון אינהאַלט, אַלץ דין־דינער געמאַכט, ביז זי איז פאַרדינט געוואָרן אין אַ שאָטן, אין אַ בלאַסער מיסיע, וואָס אפילו רעפאָרם־ראַבאַים אין די גבירישע טעמ־פּלען, וואָס דערלייגן קיין נשמה ניט (ביידע דערלייגן זיי ניט — ניט די ראַבאַים און ניט די טעמפּלען) קאָנען זי נעמען אין מויל אַריין אָן שום שאָדן — די מיסיע צו פּריידיקן דורך די יידישע באַנקירן צו די גוייִשע באַנקירן: — ברודערשאַפט צווישן מענטשן, שלום צווישן פעלקער און אחדות הבורא. — וואָס אָט דאָס מגולגל־ווערן פון דער יידישער משיח־ראָלע אין אַן אָרעם־גבירישער מיסיע האָט דעם לינקן לאַגער געגעבן אַ געלעגנהייט פאַר ליצנות־טרייבעריי: — מיסיע! מיסיע! מיסיע! ווער דאַרף מיסיעס, אויסער אונדזערע גבירים־אדירים און זייערע נשמה־פאַרזאָרגער, די טעמפּל־ראַבאַים? — ס׳פאָלק, וואָס איז

בטבע אן ארעמאן, האט ניט קיין מיסיעס און לעבט ניט צוליב „מיסיעס". די איינציקע מיסיע, וואס דאס ארעמאנסקע פאלק האט, איז צו לעבן און „מאכן א לעבן" — היינט צו טאג און צו אלע צייטן. עקאנאמיק איבער אלץ!

און לינק־געלערנטע האבן ארייגעלייגט זייערע קעפ אין דער מארקסיסטישער תורה און האבן געפונען דאס טיפערע שטיקעלע עקאנאמיק, וואס איז געווען דער אנהאלט פארן יידישן קיום: דער מסחר, מיט וועלכן א געוויסער יידישער קלאס האט זיך פארנומען: די פארמיטלער־פונקציע. וואס אט דער געוויסער קלאס האט דערפילט צווישן שטאט און דארף, צווישן קלאס און קלאס, צווישן פריצים און פויערים, צווישן פעלקער און צווישן לענדער — דאס איז געווען דער גאנצער אנהאלט פאר דעם יידישן קיום דורך די צייטן. וואס איבער דעם איז „אויבערבוי", שפינוועבס, וואס די שפין פון דער יידישער געשיכטע האט אנגעשפינט איבער דער מסחר־עקאנאמיק — גאט, משיח, תרי"ג און שלחן ערוך. שיער־שיער זאגן זיי און דערזאגן ניט, אז וואס איבער דעם איז „פון טיוול" און דאס מערסטע דערפון מעג צום טיוול גיין!

אט וואס פאר א תכלית זיי האבן געמאכט פון לינקס און פון רעכטס פון דער אידישער משיח־ראלע און פון דעם גאנצען יידישן גייסטיקן איינשטעל, וואס באלאנגט צו דער ראלע! — אי די, אי יענע מאכן דעמזעלביקן טעות: זיי מיינען משיחיזם איז אן אידייע. און אויב אן אידייע, האט דער לינקער לאגער געזינטערע, שכלדיקערע אידייען צו פראפאגאנדירן — אין שכלדיקן הסכם מיט דער היינטיקער וועלט־סיטואציע און מיט דער יידישער סיטואציע אין דער וועלט. האבן זיי פראגראמען סאציאליסטישע, קאמוניסטישע, טעריטאריאליסטישע און אזוי ווייטער. און אויב אן אידייע, מעגן אונדזערע גבירים־אדירים זי לאזן פריידיקן פאר זייער אייגענעם נוץ — מעג די „קון ענד לאעב" — פירמע, למשל, לאזן אריינפריידיקן שלום און ברודערשאפט און אחדות הבורא דער מארגאן־פירמע, כדי, אפצושוואכן די קאנקורענץ צווישן זיי. שלום און ברודערשאפט אין פראפיט, אין אחדות־דינסט צו זייער ביידנס „בורא" — דעם גאלדענעם קאלב — זייער אחדות הבורא! און דערמיט לעבערלעך צו מאכן די מיסיע און צו מאכן זי מוקצה פארן פאלק, וואס איז באמת בטבע, אין זיין מערהייט, א גרויסער ארעמאן. — אי די, אי יענע פארזעען; די לינקע בשוגג צוליב קורצזיכטיקער קורצשכלדיקייט — די רעכטע במזיד צוליב פראפיט, אז משיח איז ניט קיין אידייע, נאר א געשטאלט. משיחיזם איז א מעטאד פון כוח־דערלאנגונג — דער מעטאד פון געשטאלטגעבונג — צו לאזן אויפשפילן א געשטאלט, צו פאראויסשיקן א זעאונג, א צוקונפט־וויזיע און דערנאך באדעכטיקן זי מיט מעשים; דער מעטאד, וואס ציט אן דעם מאקסימום ענערגיע—איז אן א שיעור טיכטיקער, ווירקזאמער פון יעדער שכלדיקער אידייען־פראפאגאנדא און פון אלע האניקזיסע מאראל־דרשות.

דעם מעטאָד פון געשטאַלטגעבונג האָבן יידן נאַטירלעך ניט דער־פונען — ער איז אַן אַל־מענטשלעכער קנין — אָבער צוליב ספּעציעלע געשיכטלעכע אומשטענדן האָבן יידן דעם מעטאָד פאַרפולקומט, אַז אַלע פעלקער פון אונדזערע נאָענטע קאָנטינענטן זיינען געגאַנגען צו זיי אין חדר אריין. און דער מעטאָד האָט נאָך היינט די ברייטסטע אָנווענדונג. איך וויל אין דעם מאָמענט סאָוועט־רוסלאַנד ניט אַריינ־מישן, אָבער וואָס איז מוסאָלינים פאַשיזם און היטלערס נאַציזם, ווען ניט אימיטירטע, פאַלסיפיצירטע געשטאַלטגעבונג? אונזער אייגענער מעטאָד איז איבערגעקערט געוואָרן קעגן אונדז און האָט געאַרבעט בייזוואונדער צו אונדזער אומגליק...

נעמט זיך דאָס אין אַכט, איר לינק־געלערנטע און רעכט־געפּריי־דיקטע!—מילא, וועגן די נאָטאַבלען פון די טעמפּלען האָב איך קיין דאגות ניט: זיי האָבן זייערע געדונגענע מאָראַל־צושטעלער. אָבער איר, לינק־געלערנטע, דאַרפט פאַרזיכטיק זיין — ניט וואַרפן זיך מיט „מיסיע" נאָר דערפאַר, ווייל גבירים האַלטן זי אין זייערע הענט (אָט האַלטן זיי אין זייערע הענט „קאַפּיטאַל", איז ער דעריבער טמא און פאַר פּראָלעטאַריער און סאָציאַליסטן ניט אָנצורירן?). — בראַקירט ניט מיט דער „מיסיע", וואָס ניט אין איר גבירישן גלגול, נאָר אין איר פּולער פאָלקס־פאָרם, וואָס האָט געלאָזט פאַרשוועבן פאַרן פאָלק די משיח־געשטאַלט, וואָס האָט איינגעפּאַסט אין זיך דעם צוזאָג אויף אַ ראָלע, אויף אַ הויפּט־ראָלע אין משיחס צייטן, וואָס אין אָט דער פּול־געשטאַלטיקטער פאָרם איז זי געווען דער אמתער אָנהאַלט פאַרן יידנס קיום דורך דריי פערטל פון זיין געשיכטע.

און זאָגט ניט, אַ פאָלק וויים פון גיין מיסיעס ניט, אַ פאָלק לאָזט זיך בלויז דיקטירן פון דער לעבנס־נויט... יאָ, ריכטיק פון דער לעבנס־נויט! ניט פאַר וואוילטיק, נאָר פאַר נויט האָט דאָס פאָלק זיך אויפגעגעבן זיין מיסיע — די הויפּט־ראָלע אין דער וועלטס און זיין אייגענער דערלייזונג. עס וואָלט אַנדערש ניט געקאָנט לעבן. אַנדערש וואָלט עס ניט געקאָנט זיין קיום אָנהאַלטן, ווען ניט אָנגע־קלאַמערט אָן זיין צוקונפט־ראָלע. ביי מענטשן, אַנדערש ווי ביי בהמות, ביי באַשעפענישן באַשאָנקענע מיט מענטשלעכן באוואוסטזיין — דאָס וואָס עס דיקטירט זיי די לעבנס־נויט ווערט זייער פונקציע און ווערט דערהויבן צו מיסיע (נעמט זיך אַראָפּ אַ מוסר השכל פון פּראָלעטאַריער — דער סאָציאַליזם איז אים דיקטירט פון זיין לעבנס־נויט, זאָגט איר? — איז סאָציאַליזם געוואָרן זיין פונקציע און זיין מיסיע).

לעבנס־נויט איבערזעצט איר אין בלויז עקאָנאָמיק, און ספּעציעל פאַר יידן איבערזעצט איר עקאָנאָמיק אין בלויז מסחר, אין בלויז פאַרמיטלעריי. וואָס איבער דעם איז „אויבערבוי", וואָס פאַר אייך מיינט עס שפּינוועבס. ניין, בפועל ממש אויבערבוי, ניט קיין שפּינ־

וועבס. — הויבט אויף אייערע געלערנטע קעפ פון אייערע מארקסיס־טישע ספרים און קוקט צוריק אין דער יידישער געשיכטע אריין, וועט איר דערזען, אז די יידישע געשיכטע האט איבערגעקערט דעם מארק־סיזם „מיטן קאפ אראפ". עס קומט באלד אויס, אז דער גאנצער יידישער קיום האט זיך געהאלטן אויף דעם אויבערבוי, וואס האט פילפאך זיך איבערגעבויט און אריבערגעדעקט די באזע זיינע — די עקאנאמיק. אן דעם אויבערבוי וואלטן יידן זיך ניט געקאנט האלטן אויף דעם שטיקעלע עקאנאמישער פאזיציע, וואס איז זיי צוגעטיילט געווארן. ווארום ווי האט עס געקאנט געמאלט זיין, אז אויף דער פונקציע פון איין קלאס זיינעם זאל דאס גאנצע פאלק מיט אלע זיינע קלאסן זיך קאנען האלטן ווי א נאציאנאלע גאנצקייט? און ווי איז דער דין, אז דאס שטיקעלע פאזיציע — דער מסחר, די פארמיטלעריי —האט אויך אויסגעפעלט: אין בבל, צום ביישפיל, וואו דער אוי־בוי מיט תרי"ג מצוות האט זיך גענומען ארויפארבעטן, און שפעטער אין דרום־פראנקרייך, וואו פאר עטלעכע הונדערט יאר האבן יידן דורכגעמאכט א מאטעריעלן און קולטורעלן אויפבוי — סיי מיט תורה און סיי מיט וויסנשאפט — און וואו זיי האבן זיך אפגעגעבן — סיי אין בבל און סיי אין דרום־פראנקרייך — מיט אלע מלאכות און פראפעסיעס, אחוץ מסחר, ווייל סיי די בבלער און סיי די דרום־פראנצויזן זיינען אליין געווען גוטע סוחרים און האבן זיך ניט געגוי־טיקט אין דער יידישער פארמיטלעריי. — אויף וואס זשע האבן יידן זיך געהאלטן? אויסשליסלעך אויף דעם גייסטיקן „אויבערבוי"...

ס'קומט באלד אויס, אז זייער עקאנאמישע באזע גופא איז געהאנ־גען אויפן אויבערבוי — ניט אז דער אויבערבוי האט זיך געשטיצט אויף דער באזע, ווי עס פאדערט דער בוכשטאב פון מארקסיסטישן דין. ווען ניט דער אויבערבוי, וואלטן יידן ניט געקאנט אזוי טיכטיק זיך אפגעבן מיט מסחר. — ווארעם דער גייסטיקער אויבערבוי האט שוין איינגעשלאסן אין זיך א סך אייגנשאפטן, וואס הויבן זיך אן מיט „אויבער" — גוטע און ניט אזעלכע גוטע — אי אויבערזאכן, אי איבעריקע זאכן — אויסדערוויילטקייט־באוואוסטזיין, אתה־בחרתנו־שאפט אין גוטן און ניט אזא גוטן זין. צווישן די אייגנשאפטן אויך אזא אייגנשאפט, ווי איבערקלוגשאפט. קלוגע קעפ דארפן זיך אפגעבן מיט א קלוגער באשעפטיקונג, וואס באשטייט גאנץ אפט אין איבער־קליגן . . .

אבער דער גייסטיקער אויבערבוי האט אויך איינגעשלאסן אין זיך א צאל אויבערמעלות, וואס האבן געמאכט דעם אידן פאר אן אויסנאם צווישן די פעלקער. די פילפאכע איבערשטייגונג פון דער עקאנאמישער באזע דורכן גייסטיקן אויבערבוי האט געבראכט מיט זיך דעם איבער־וואג פון גייסטיקן אינטערעס איבער דעם מאטעריעלן, די איבערוועל־טיקונג פון חומר דורך גייסט; האט אויך געבראכט די אמונה אין דער

אויבערמאכט פון יושר איבער אומרעכט; ווי אויך די אמונה אין סופכלסופיקן נצחון פון יושר איבער אומרעכט אין גאנצן וועלט־סדר; ווי אויך די אמונה אין סופכלסופיקן יידישן נצחון, וואס דאס מיינט שוין די יידישע „מיסיע" — די אמונה אין דעם יידנס הויפט־ראלע ביים איינשטעלן דעם יושרדיקן וועלט־סדר אין אחרית הימים.

ניט דער מסחר, נאר דער געהאפטער, געגארטער, היים געגלויבטער קינפטיקער יידישער נצחון האט דאס געגעבן קיום דעם יידן דורך די טויזנטער יארן. ביים יידן איז ניט געווען פראסט פשוט קיום, נאר קיום, וואס איז בטחון אין נצחון. דער גאנצער תרי"ג באשטייט דערויף: — קיום דורך נצחון! דער חיי אדם, וואס האט קאדיפיצירט דעם תרי"ג, איז די איבערזעצונג פון קיום נצחון. יא, אמת, דער חיי אדם האט אויך א סך דינים וועגן מסחר, אבער די דינים זיינען נישט מער ווי א צוגאב צום הויפט־דין: קיום־דורך־נצחון — וואס דאס איז געווען די סאמע עסענץ פון דעם יידישן גייסטיקן אויבערבוי, צו וועלכן מסחר איז געווען נישט מער ווי א צוגאב.

אבער סטייטש, ווי קאן מען אזוי איבערקערן „מיטן קאפ אראפ" דעם מארקסיזם? און פון וואנען נעמט זיך צו א גייסטיקן איבערבוי אזא אייזן־שטארקע ממשות צו קאנען טראגן אויף זיך אזא משא קיום? — איז ווער האט אייך געהייסן מאכן אזא חילוק און אזא סתירה צווישן גייסטיקן אויבערבוי און דער עקאנאמישער באזע? גייסטיקע ענערגיע גליווערט זיך אין מאטעריע און זעצט זיך אפ אין עקאנאמיק, וואס זי איז די געזעלשאפטלעכע לעבנס־מאטעריע, וועלכע פון איר זייט, ווען אנגעהיצט פון רעוואלוציע, קאן צוריק אויפגיין אין הוילער גייסטיקייט, כדי, איבערגעשמאלצן צו ווערן, ווען די רעוואלוציע קילט זיך אפ, אין נייער געזעלשאפטלעכער מאטעריע, —ביידע — אי דער גייסטיקער אויבערשלאג, אי דער מאטעריעלער אונטערשלאג שטעלן צונויף איין גאנץ שטיק עקאנאמיק אין ברייטן זין פון ווארט — וואס ביידע צוזאמען, ווי איין גאנץ שטיק עקאנאמיק, פאלגן זיי אויס דעם דיקטאט פון דער לעבנסנויט — אזוי פארשטאנען, איז קיין חילוק און קיין סתירה ניטא צווישן אויבערבוי און באזע. דאס איז בדרך כלל גערעדט.

ביי יידן איז נאך צוגעקומען, וואס די לעבנס־נויט האט דיקטירט און אונטערגעזאגט, אז יידישער קיום קאן ניט געמאלט זיין, ווען ניט אנגעצילעוועט צו א קינפטיקן נצחון — האט די יידישע עקאנאמיק, אין אירע ביידע טיילן, על פי מארקסיסטעשן דין, געטריי אויסגעפאלגט וואס די לעבנס־נויט האט געבאטן. במילא האט ביי יידן פאסירט, אז די באזע — די פרנסה פון פירנדיקן יידישן קלאס, צו וועלכער ס'האבן זיך געטולעט די פרנסות פון אלע אנדערע קלאסן — איז אויך אריינ־געצויגן געווארן אינעם גייסטיקן אויבערבוי, אין זיין איינשטעל אויף א נצחון, וואס איז געהאנגען הויך אין דער לופט. איז זי געווארן א

לופט־פרנסה. — פארשפארט מען זיך מארקסיסטישע קשיות צו פרעגן אויף דעם איבערטריבענעם באטייט פון גייסטיקן אויבערבוי ביי יידן. ווייל אלץ איז על פי דין, אן סתירה און חקירה.

און ווייל גייסטיקייט, וואס ענטפערט אפ דירעקט אויף דעם לעבנס־נויט, איז שוין אליין אין דער בחינה פון דער עקאנאמיק — האט דערפון זיך גענומען איר אייזן־שטארקע ממשות אויף צו קאנען טראגן די גאנצע משא פון יידישן קיום. דערצו איז נאך ביי יידן צוגעקומען, וואס זייער גייסטיקער אויבערבוי האט נאך איינגעשלאסן אין זיך די קרוינענדיקע יידישע אויבערמעלה — די יידישע משיחות — דעם יידנס געניאלע פייאיקייט אויפצוהויבן זיך אויף א געשטאלט־וויזיע און פון אויבן אראפ צו באפעלן די מאטעריעלע ווירקלעכקייט אויס־צופורעמען זיך לויט זיין וואונטש און גלויבן — וואס אט דער מעטאד פון געשטאלטגעבונג גיט דעם גייסט כפל־כפלימדיקע שטארקייט און ממשות. — נאך א ווײַלע און איך וועל זאגן: ווייל יידן זיינען געווען משיחיסטן, געשטאלטגעבער, וויזיאנערן, זיינען זיי אונטער די באדינ־גונגען פון מיטלאלטער געווארן ערשטקלאסיקע סוחרים, פיאנערן פון קאפיטאליזם.

אבער מיין אויפגאבע איז דאך ניט צו רעווידירן און צו קארעגירן דעם מארקסיזם, כדי צו מאכן פלאץ אין אים פאר דער יידישער געשיכטע, אדער כדי צו מאכן פלאץ אין דער יידישער געשיכטע פארן מארקסיזם. מיין אויפגאבע איז צו באווייזן, אז דער מאנדאט אויף א יידישער הויפט־ראלע אין משיחס צייטן איז היינט פונקט אזוי גילטיק ווי אמאל, און דארף פונקט אזוי אויסגעפאלגט ווערן ווי דער יידישער מאנדאט אויף ארץ ישראל. לאז איך איבער מיינע מארק־סיסטיש געלערנטע היסטאריקער, כדי נאך אמאל אן זיי זיך צו דער־מאנען, ווען זיי וועלן האבן איבערגעלערנט זייערע לעקציעס אין יידישער געשיכטע.

ווי אומגלויבלעך דאס זאל ניט קלינגען פאר אומגלויביקע אויערן, איז משיח פונקט אזוי פונדאמענטאל היינט פאר דעם גייסטיקן יידישן איינשטעל, ווי ער איז עס געווען ביז ניט לאנג צוריק — פאר א קימא לן פון 2,500 יאר. ער איז א היסטארישער מוז היינט, ווי ער איז געווען א היסטארישער פאקט אמאל — אן אומבאדינגטער גרונט־טייל פון גאט־אפאראט, וואס האט געצאפט יידן גלויבנס־גבורה — לעבנס־גבורה פון אין סוף. ער דעקט ביידע אספעקטן פון אפאראט: משיח איז ארץ ישראל און דעם יידנס הויפט־ראלע אין אחרית הימים אין געשטאלט־פארם. ארץ ישראל און די ראלע זיינען די עיקרים; געשטאלט איז זייער איינפאס אויף אויפצושפילן זיי; וואס אט דער ווירקזאמער יידישער מעטאד — געשטאלט־אויפשפיל — מאכט זיי ביידע זיך פארווירקלעכן נאך היינט — ניין, גראד היינט (ווי אזוי צו לאזן אויפשפילן אין דער היינטיקער אומגלויביקער צייט די משיח־

געשטאַלט — דאָס איז אַ פראַגע פון נשמה־טעכניק, וואָס וועגן דעם וועט זיין אַ באַזונדערער געשפּרעך שפּעטער).

און ווען דער אויבערשטער וועט זיך ניט צוהערן, האָט ער אויך גאָר אַ סך צו פאַרדאַנקען דעם אויסגעצייכנטן יידישן משיח־מעטאָד. דאָס האָט משיח אים אַזוי גרויס געמאַכט ווי ער איז. דאָס האָט ער אים דערהויבן פון אַ פּריוואַטן יידישן שטאַם־גאָט — יהוה — צו ה׳ דעם גאָט פון אַלע פעלקער.

לאָמיר זיך דערמאָנען: — ביז ארץ ישראל איז יהוה נאָך אַלץ געווען דער יידישער שטאַם־גאָט. יהוה׳ס נדר צו אברהמען און אברהמס שבועה צו אים זיינען בלויז געווען דערויף, זיי זאָלן זיך איינער דעם אַנדערן געהערן: ער, יהוה, איז זיין גאָט, קיין אַנדערן גאָט אָנערקענט ער, אברהם, ניט. — יאָ, אין דעם ברית איז נאָך איינגעשלאָסן געווען אַ נבואה, וואָס האָט פאָרויסגעכאַפּט די שפּעטערדיקע אַנטוויקלונג אין ארץ ישראל, אַז יהוה וועט נאָך זוכה זיין צו ווערן דער גאָט פון אַלע אַרומיקע פעלקער — וואָרום ווער פון זייערע געטער קאָן זיך גלייכן צו אים?

ווי אַזוי איז יהוה פון שטאַם־גאָט — דעם יידישן פאָלקס ה׳ אחד — געוואָרן דער ה׳ אחד פון אַלע פעלקער, גלייכצייטיק פאַרבלייבנדיק דער גאָט פון ישראל? — דאָס איז געווען משיחס אַרבעט: דיזעלביקע ארץ ישראל דיקע סיטואַציע — די איינגעקלעמטקייט פון יידישן פאָלק צווישן מעכטיקע פעלקער — באַלאַגערער — וואָס האָט געגעבן אין רעזולטאַט די נבואה אויף דער גאולה, דעם משיחיסטישן אחרית הימים פאַרן יידישן פאָלק און פאַר אַלע פעלקער — דיזעלביקע סיטואַציע האָט גלייכצייטיק גורם געווען, אַז ה׳ אחד זאָל זיך אינטערנאַציאָנאַליזירן, ניט אָנווערנדיק זיין הויפּט־כאַראַקטער, אַלס דער נאַציאָנאַלער יידישער ה׳ אחד. דער משיחיסטישער אחרית הימים האָט עס געטאָן. ביידע צוזאַמען — גאָט און משיח — האָבן מאָביליזירט דעם יידישן פאָלקס גייסט פאַר ווידערשטאַנד קעגן אַלע מעגלעכע און אומפאַרמיידלעכע מפּלות און קאַטאַסטראָפעס אין דער צוקונפט.

און ווען עס איז געוואָרן אויס מיט ארץ ישראל און עס האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע, די תּלמודיש־בבלשע מאָביליזאַציע פון יידישן גייסט — ווייסן מיר וואָס עס איז געשען: ה׳ אחד איז נאָך אַלץ געבליבן דער אויבער־מאָביליזאַטאָר פון יידנס גייסט און זיין כוח־דערלאַנגער, אָבער די געשטאַלטגעבנדיקע ראָלע פון דער משיח־געשטאַלט איז פּילפּאַך פאַרגרעסערט געוואָרן. דער מעטאָד פון אינער־לעבער פאַרגעשטאַלטיקונג איז געוואָרן דעם יידנס גלויבנס־מעטאָד. — דער אַפּאַראַט פון תּרי״ג מצוות, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין בבל — די פאַקטישע ווידעראויפשטעלונג פון ארץ ישראל, פון אַן ארץ ישראל של מעלה צו פאַרגיטיקן פאַר דעם אָנווער פון דער ארץ ישראל של מטה, דער גאַנצער אַפּאַראַט איז אונטערגעשפּאַרט געוואָרן

פון משיחן. ארץ ישראל של מעלה, תרי"ג האבן זיך געהאלטן אויף משיחן. אויף משיחן איז געלעגן די עובדא צו דערטראגן דעם קיום פון פאלק אן א לאנד ביז משיחס צייטן, ווען משיחס גאולה־אקט וועט צוריקברענגען דאס פאלק קיין ארץ ישראל. איז דער קיום פון פאלק, אנגעהאנגען אן דער ארץ ישראל של מעלה, צווישן ארץ ישראל פון עבר און ארץ ישראל פון עתיד, אנגעקלאמערט געווען אן דער משיח־געשטאלט. איז עס געווארן א קיום, וואס זיין עצם איז געווען הוילער בטחון אין נצחון, דער גלויבן אין יידנס הויפט־ראלע, דורך משיחן, אין אחרית הימים.

און עס האט געארבעט! ווייל א געשטאלט! דא זעט מען ערשט ארויס די גרויסע מעלה פון פארגעשטאלטיקונג. ווייל א געשטאלט, איז דער גאנצער תרי"ג פארוואנדלט געווארן אין א רעליגיעזן קונסט־אקט, אין א צערעמאניאל־ספעקטאקל, מיט משיחן אין דער הויפט־ראלע, און ווייל א געשטאלט אין צענטער פון ספעקטאקל האט יעדער ייד אים געקאנט נאכשפילן. און צאפן כוח אן אויפהער פון דער תפילהדיקער בארירונג מיטן אין־סוף.

און נאך א גרעסערע מעלה האט די משיח־געשטאלט. זי שפיגלט אפ אויף א נאציאנאלן מאסשטאב דאס, וואס עס קומט פאר אין דער נשמה פון יחיד, ווען ער ווערט אויפגעעפנט צום אין־סוף. צוערשט שפירט ער ניי־באשאף. ניי־מענטש קומט אים צו, ער וואקסט, ער שטייגט. דערנאך נעמט ער שפירן, ווי דער גאנצער פסוק פון בראשית וועט מקוים ווערן אין אים: ויברא אלהים את האדם בצלמו — פון „ויברא" ביז „בצלם". ער שפירט ווי זיין אייגענע געשטאלט נעמט אויפגיין אין אים איבער אים — פארגרעסערט, פארשענערט, אידעא־ליזירט — א מוסטער־געשטאלט — פאר אים פריער און דערנאך פאר אנדערע זיך איינצופאסן אין איר.

מיר קאנען דעם פראצעס נאכפאלגן ביים נביא. אזוי ווי ביי ישעיהן: צוערשט איז עס דער נביא אליין, דערנאך ווערט ער עבד ה' — כהרף עין איז דער עבד ה' דער גואל — און דאס איז שוין משיח. דעמזעלביקן פראצעס קאן מען נאכפאלגן ביי אונדזערע מאדערנע פאעטן־משיחיסטן; פון זייער אידעאליזאציע פון זיך אליין ציען זיי ארויס זייער משיח־סימבאל. — אין יחידס ווי אין פאלקס איך נייט אן א פאראלערער משיחיסטישער פראצעס.

איז קיין וואונדער ניט, וואס עס האבן זיך געפונען אזויפיל בעלנים אויף נאכצושפילן משיחן. אפילו די ערגערע נאכשפילער האבן אקטי־וויזירט דאס פאלק אפפרישנדיק זיין בטחון אין קינפטיקן נצחון. זיי האבן דערלאנגט א ריי באוועגונגען, וואס ס'איז גאר ניט נויטיק זיי אויסצורעכענען. קריסטנטום און מאכמעדאנענטום האבן זיך אנגע־שפיצט פון דער יידישער משיחות. און אויב די שבתי צבי־ און יעקב פראנק־באוועגונג געפעלן אונדז ניט, ווייל זיי האבן פארפירט צום

שמד, איז חסידות אויך אַ פּראָדוקט פון משיחיסטישן געשטאַלטונגס דראַנג: — געבאָרן ווי אַ געזונטע אָפּאָזיציע צו יענע קראַנקהאַפטע דערשיינונגען.

די משיח־געשטאַלט האָט געפורעמט און פורעמט נאָך עד־היום דאָס פּנים פון פאָלק און מאָדולירט זיין כאַראַקטער. זי האָט דערלאַנגט אַלע לעגענדאַרע מוסטערן — וואָס האָבן זיך אַריינגעפּלאַנצט אין לעבעדיקע פאָלקס־טיפּן. די חסידישע רביים זיינען אימיטאַציעס צו יענע מוסטערן אין אונדזער ניט־פרומער צייט. אויב די יידישע פאָלקס־מאַסע איז אַזוי מסוגל פאַרכאַפּט צו ווערן מיט התלהבות פאַר אידעאַלן און אוטאָפּיעס — אויב זי גיט כסדר אַרויס פון זיך העלדן, וואָס עס קוועלט פון זיי גבורה אין באַגייסטערונג פאַר אידעאַלן און אוטאָפּיעס — איז דאָס אַלץ צו פאַרדאַנקען דעם כוח־דערלאַנגער, געשטאַלטגעבער און זאַמלער פון דער יידישער גלויבנס־גבורה — ה׳ אחדם הויפּט־געהילף פאַר די לעצטע צוויי און אַ האַלב טויזנט יאָר. סיי אין דער מאַסע, סיי אין די העלדן אַרבעט דאָס אַלץ דער דערלייזערישער דראַנג, וואָס איז פאַרגעשטאַלטיקט געוואָרן אין משיחן.

דער דערלייזערישער, משיחיסטישער דראַנג איז דאָ, אָבער משיחיסטישער מעטאַד פעלט — דער מעטאַד פון וויזיאָנערישער געשטאַלטגעבונג, וואָס מיר האָבן אים אָנגעלעבט דורך אונדזער גרויסער דערפאָרונג און וועלכער האָט אונדז אַזוי גוט געדינט. — דער מעטאַד פעלט ניט נאָר דער מאַסע און אירע העלדן, וואָס זיינען אָנגעלאָדן מיט היינטוועלטיקן צוקונפט־גלויבן, נאָר ער פעלט אויך וואו ער האָט ניט געטאָרט פעלן — די טרעגער פון אונדזער אַלטן משיח־גלויבן. — וואָס זיי זיינען געווען די צוהאַלטער פון אונדזער געשטאַלטגעבערישער ראָלע אין אחרית הימים. דאָס איז אונדזער צרה היינט צו טאָג!

— דיזעלביקע סיבה, וואָס האָט אַרויסגערופן משיחן אַמאָל, גילט נאָך היינט. עס איז נאָך אַמתער היינט ווי אַמאָל: קיין קיום פאַר יידן אָן נצחון — ניט קיום גלאַט, נאָר די דערלייזערישע יידישע ראָלע אין אחרית הימים — דאָס איז וואָס גיט אונדז קיום! בפרט היינט: ווי קאָנען מיר אָנהאַלטן קיום, ניט אָפּהאַלטנדיק קיין גייסטיקן נצחון? — אָט האָבן געגאַנגען היטלערס־מוסאַלינים חיילות, פון טריאומף צו טריאומף, מיט דעם בפירוש ציל: אויסראָמען די יידן פון אייראָפּאַ, אָפּווישן ארץ ישראל פאַר יידן, אָפּמעקן אונדזער ראָלע צווישן די פעלקער — יידן זיינען די שונאים פון אַלע פעלקער, די שונאים פון דער מענטשהייט, קיין געדעכעניש פון יידן זאָל ניט בלייבן! — דאָס איז דאָך דער אחרית הימים, ווען מיר דאַרפן באַרעכטיקן אונדזער קיום דורך אַ גייסטיקן נצחון, אויסלייזן דעם צוויי און אַ האַלב טויזנט־יאָריקן נדר אין אונדזער געביין. אָבער דער אחרית הימים איז דאָ און מיר זיינען ניטאָ! דאָס איז אונדזער גרויסער אומגליק!

וואו זיינען די פאָרשטייער פון דער יידישער רעליגיע, די צוהאַל־

טער פון דעם אָפּלאָגער פון אונדזער גלויבנס־גבורה? זיי האָבן באַלע־באַטיש זיך איינגעאָרדנט אויפן אָפּלאָגער און האַלטן אים פאַרזיגלט און פאַריגלט. זיי טרייבן געפערלעכע עבודה זרה: ניט אָנרירן, ניט עפענען ווי זיי וואָלטן אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז די יידישע רעליגיע האָט געהאַט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר משיחס צייטן. זיי גלויבן אין משיחן, אָבער זיי האָבן אָנגעוואָרן דעם חוש פאַר משיחס צייטן! (מיט דער אויסנאַם פון אַ צאָל חסידישע רביים, מיט דעם ליבאַוויטשער רבין בראש, וועלכער אָפּפאָרנדיק קיין אַמעריקע האָט איבערגעלאָזט אין פוילן אויב ניט אַ משיח־באַוועגונג, איז אַ משיח־דערוואַרטונג נאָך אין אונדזערע טעג — וואָס דאָס האָט געהאָלפן די פוילישע חסידים גאָר אַ סך צום ווידערשטאַנד קעגן די נאַצי־בעסטיעס — זיי האָבן געקוקט אין די אויגן דעם מלאך המות אָן ציטערניש און שרעק).

אַנטקעגן אונדזערע פרומע פאַרזיגלער און פאַרריגלער האָבן שוין אונדזערע אומגלויביקע אַ גרויסע מעלה: האָבן זיי אָנגעוואָרן דעם גלויבן אין משיחן, האָבן זיי ניט אָנגעוואָרן דעם חוש פאַר משיחס צייטן. זיי האָבן זיך געגרייט פאַרן אחרית הימים מיט צוקונפט־פּלענער; זיי האָבן זיך אָנגעלאָדן מיט צוקונפט־גלויבן. זיי זיינען היינטיקע, היינטוועלטיקע — האָבן זיי פאַרטאָן זייער צוקונפט־גלויבן אין מעשים בכל יום. און איצט ווייסן זיי, אַז עס איז אַ יום מכל הימים — דער יום הדין! און זיי ווילן פאַרטאָן זייער צוקונפט־גלויבן אויף איבערצובויען די וועלט־אָרדנונג אויף די יסודות פון יושר — האָבן זיי געצירשנט אַ גאַנצע העלפט פון יידישן משיח־גלויבן.

וואָס פעלט זיי? די צווייטע העלפט—דער משיח־עיקר: די וויזיע. זיי זיינען ניט קיין וויזיאָנערן. זיי האָבן ניט די אַבסטראַקציע פון וויזיאָנער־רישקייט, פאַרמאָגן בלויז דעם פּלאַכן אָפּשלאָג פון וויזיע—טרוקענע סכעמען־פּראָגראַמען. צייטנווייז ווייזן זיי די ערגערע סימנים פון פאַנאַ־טישער אמונה: איבער אַ פּראָגראַם־פּונקט זיינען זיי גרייט אַ מענטשן צו הרגענען.—פאַראַן צווישן זיי יחידי סגולה, וואָס האָבן מער פון די מעלות, ווי פון די חסרונות פון אמונה. פאַרן פּראָגראַם־פּונקט וועלן זיי זיך אַליין מקריב זיין. זיי האָבן פּראָגראַם־פּונקטן, אָבער דאָס פּינטעלע פעלט זיי: — משיחס שם המפורש, וואָס האָט זיך אַרויס־גענומען פון דעם זעלביקן פּסוק: — „ויברא־בצלם" — מענטש־באַשאַף לויט וויזיע־געשטאַלט — פון וואַנען עס שטאַמט דער גאַנצער משיחיזם. אַפילו די פאַלשע משיחים פלעגן איבערשאַפן מענטשן מחנותווייז, און כהרף עין, געבענדיק זיך אַליין ווי אַ וויזיע, ווי אַ מוסטער־געשטאַלט — וואָס דאָס רופט איך געשטאַלטגעבונג. אָבער אַפילו די צדיקים צווישן די אומגלויביקע נייע־אָרדנונג־שאַפער ווייסן דעם סעקרעט ניט, אַז אַ מענטש דאַרף באַשאַפן ווערן, ניט מיט די הענט געמאַכט ווערן. און זיי ווייסן דעם סעקרעט ניט, אַז אָרדנונג־איבערשאַפונג מיינט פריער פון אַלץ גלייכצייטיקע מענטש־איבער־

שאַפונג. מאָלן זיי זיך נייע אָרדענונג ווי אַ דרויסנדיקע פּראָגראַם־סכעמע, אין וועלכער עס דאַרפן אַריינגעשטעלט ווערן הענט־געמאַכטע מענטשן, ווי פּראָגראַם־פּונקטן. זיי זיינען צדיקים חיי־אַדמניקעס, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט דינים — אין האַרצן; אָבער ניט קיין צדיקים וואָס גיבן זיך אַליין ווי מוסטער־געשטאַלטן.

דאָך ליפערן זיי דעם באַווייז, אַז דער יידישער משיחיזם איז נאָך היינט צו טאָג אין דער אַרבעט. ער שפּאַרט זיך דורך זיי ניט קיין דער־קענטער און ניט קיין אָנערקענטער. אַפילו זיי זיינען די באַשטעטיקער, אַז דער משיחיסטישער פּראָצעס גייט נאָך אָן. דער שטויב פון משיחס טריט איז געפאַלן אויף זייערע נשמות און צינדט פונקען, וואָס פאַר־לעשן זיך גלייך. ניטאָ קיין ברענשטאָף. ניטאָ קיין וויזיע, וואָס זאָל מאַכן ברענען אין זיי די נשמה. אָבער פונקען כאַפּן זיי.—אַניט פון וואַנען נעמט זיך ביי אונדז דאָס גרויסע גערעטעניש אויף אידייען־ספּעקולאַנטן צווישן אונדזער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ — סאָציאַליסטן, קאָמו־ניסטן — הגם לויט זייער עקאָנאָמישער סיטואַציע און הנהגה האָבן זיי געזאָלט זיין און זיינען גאָר נשקשהדיקע בורזשויען. מציאה־כאַפּער, פאַרוואָס ניט איינהאַנדלען אַן אוטאָפּיע, וויבאַלד עס קאָסט ניט טייער? — אָן אַ ברעקל נשמה־קרבן, האָבן זיי אויך דעם לוקסוס פון אידעאַליזם כמעט אומזיסט. אַזוי, מציאות־כאַפּנדיק, האַנדלען זיי אויך אין ריעל עסטייט און אויפן סטאָק־עקסטשיינדזש.

מיר האָבן מנחם מענדעלס אין אידעאַל־פּאָליטיק, ווי מיר האָבן זיי אין מסחר. לופט־שלעסער־בויער, וואָס מאַכן מסחר מיט לופט־שלעסער. אַ שעטנז, אַ פּסולער געמיש — פון וואַנען נעמט זיך ביי אונדז דער דאָזיקער מין? אַקאָרשט ניט פון יענער מיטלאַלטערלעכער סיטואַציע, יענער טשיקאַווער אַנווענדונג, וואָס דער מאַרקסיזם האָט געהאַט אין דער יידישער געשיכטע—ווען דער „גייסטיקער אויבערבוי" האָט אַזוי איבערשטיגן, איז אַזוי איבערהויבן געווען איבער דער יידישער פּרנסה־פּאָזיציע, אַז ער האָט אויך די פּרנסה אַריינגעצויגן אין זיך און זי פאַרגייסטיקט. דיזעלביקע סיטואַציע, וואָס האָט דעם יידן אָנגעהאַנגען פאַרן קאָפּ אויף דער משיח־וויזיע, האָט דערלאַנגט אַ קלאַס איבערגעהויבענע, קאָפּ־פאַריסענע, וואָס האָבן מיט פלינקע בליקן און בריהדיקע פינגער אַריינגענאַרט „וויזיע" אין מסחר — און אַזוי איז, לויט זאַמבאַרטן, געגרינדעט געוואָרן דאָס באַנק־געשעפט — אונדזערע סאָציאַל־ספּעקולאַנטן זיינען די יורשים פון יענעם „איבער־געקערטן יידישן מאַרקסיזם" — זיי זיינען טאַקע אַליין „איבערגעקערטע מאַרקסיסטן".

טרייבן באַנק־געשעפטן גלייכצייטיק מיט מזומנים און אידעאַלן. זיי רייצן. זיי רעגן אויף. מען מעג זיי פ י י נ ט ה א ב ן. זיי גיבן ניט ווייניק שטעכיקן אויסרייד פאַר שנאה צו אידן.

זיי זיינען די סטרא אחרא פון משיחיזם. פונקט ווי מנחם מענדל

אויף דער קיעווער בערזע איז געווען די סטרא אחרא פון חסידישער התלהבות.

אָבער אפילו די סטרא־אחראניקעס זיינען פון הינטן ארום א באַוויז, אַז דער משיחיסטישער פּראָצעס, וואָס צילט צו אָרדנונג־איבערשאַפונג דורך מענטש־איבערשאַף, איז נאָך אין דער אַרבעט. פעלט זיי אוים נשמה אויף אָנגעצונדן צו ווערן, ווען דער משיח־שטויב פאַלט אויף זיי — האָבן זיי אָבער געירשנט משיחן אין זייער געביין. אַניט וואָס טרייבט זיי צו טרייבן געשעפט דוקא מיט אידעאַלן, ווען זיי אַליין האָבן בילכּערע סחורה אויף די הענט? דאָס איז דאָס משיחיסטישע בייסעניש אין ז י י ע ר געביין.

אפילו די יאהודימשע מיסיע, וועלכע איז אַזוי ווייט פון דעם גלויבן אין אָרדנונג־איבערשאַף דורך מענטש־איבערשאַף — זי וויל דוקא אַז די איצטיקע אָרדנונג זאָל באַשטיין לעולם ועד; וועלכע האָט אָפּגעזייט אַ פּאָר פּסוקים פון וויזיאָנערישן משיח־גלויבן און האָט זיי פאַרשכּלט־פאַרטריקנט אין ליבעראַלע מאָראַל־סענטענצן, אויך די יאהודימשע מיסיע איז אַן אָפּשלאָג פון געירשנטן משיחיסטישן געביין.

אויך די יידישע אינטעליגענץ אין דייטשלאַנד, וועלכע האָט סיסטעמאַטיש זיך אויסגעליידיקט פון יידישן געמיט, ביז פון יידיש־קייט איז איר געבליבן בלויז דער שאַרפער יידישער שכל — אויך זי האָט זיך פאַרשכּלט אויף ליבעראַלע און ראַדיקאַלע אוטאָפּיעס. דעם יידישן געמיט האָט זי אַרויסגעוואָרפן, אָבער פון יידישן געביין זיך אַרויסוואַרפן האָט זי ניט געקאָנט.

עס זיינען דאָ געגוג פאַקטן, וואָס באַשטעטיקן פון הינטן אַרום, אַז דער מאַנדאַט אויף אַ הויפּט־ראָלע אין משיחס צייטן שפּאַרט און וויל זיך דורכרייסן, נאָר דער וועג איז אים פאַרשטעלט. האָבן מיר ניט אַזאַ בולטן, דירעקטן באַוויז, פון אינערלעכן יידישן לעבן, אויף דעם משיח־מאַנדאַט, אַז ער זוכט זיך צו פאַרווירקלעכן, ווי מיר האָבן עס אויפן ארץ ישראל־מאַנדאַט. דער ווידעראויפבוי פון ארץ ישראל — איבער אַלע מניעות—ווייזט דאָך באַשיינפּערלעך, אַז ער שעפּט ענערגיע פון אַן אומאויסשעפּלעכן קוואַל — פון אינעווייניקסטן יידישן מאַנדאַט אויף ארץ ישראל. אָבער דער משיח־מאַנדאַט איז פּונקט אַזאַ מוז. ביז ער וועט זיך ניט פאַרווירקלעכן, וועט אויך דער ארץ ישראל־מאַנדאַט זיך ניט קאָנען פאַרווירקלעכן. דער שונא האָט געצילעוועט זיין שנאה קעגןביידע צוגלייך: — אָפּווישן ארץ ישראל פאַר יידן! אָפּמעקן די יידישע ראָלע צווישן פעלקער! — וואָס דאָס מיינט שוין במילא אַ סוף מאַכן צום יידישן פאָלק.

האָט אונדז געפעלט דער שטאַרקער באַוויז פון אינעווייניק, אַז דער משיח־מאַנדאַט רייסט זיך צו פאַרווירקלעכונג, האָט ער זיך אַרויפּ־געשפּאַרט מיט אַ מוראדיקער דערמאָנונג פון דרויסן: — פאַרווירקלעך

מיך! — אַניט זיינען מיר ביידע פֿאַרפֿאַלן: איך, משיח, און דו, יידיש פֿאָלק! דאַרף מען נאָך קענטיקערע סימנים פֿון אחרית הימים? — די וועלט קראַכט אין אירע גרונט־עלעמענטן; זי איז דורכגענומען מיט אַ ציטערניש פֿון ערב אַ גרונט־איבערקערעניש. דער אחרית הימים איבערזועצט זיך אין וועלט־שטורם, דעם פֿאַרלויפֿער פֿון קאָסמישן פּראָצעס פֿון נייעם וועלט־באַשאַף, פֿון נייער מענטש געבורט. און ווייל מיר האָבן זיך פֿאַרשפּעטיקט מיט דער אונדז צוגעזאָגטער ראָלע אין אחרית הימים—וואָס אויף דעם צוזאָג האָט זיך געהאַלטן אונדזער קיום:

ווייל מיר האָבן ניט אונטערגעטראָגן אין צייט משיחס שם המפֿורש, וואָס איז איינגעקריצט אין אונזער געביין, מענטש־באַשאַף קוים גאָט־געשטאַלט—האָבן חבלי לידה פֿון משיחס צייטן זיך געווענדט קעגן אונדז; אונדזער אייביקע שייכות צום אחרית הימים איז געוואָרן אַ חלף קעגן אונדז, וואָס שעכט און בלייבט גערעכט.

דאָס האָט דער שם המפֿורש, וואָס דער אחרית הימים האָט אַרויסגעריסן אונדז פֿון הארצן און וועלכער טראָגט זיך ניט קיין אויסגענוצטער אין דער לופֿט איבער דער גאַנצער וועלט־סיטואַציע און געפֿינט ערגעץ קיין מקום מנוחה ניט — ער האָט דאָס אַרויסגערופֿן דעם וועלט־שטורם, וואָס טרייבט די געשעענישן, וואָס פֿאַרבלוטיקן אונדז, אין זייער קאָסמישן געיאָג — איינמאָל בלויז, ווען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די וועלט ראוי געוואָרן פֿאַר דעם איבערגאַנג צו אַ נייעם וועלט־ סדר, האָט דער שם־המפֿורש זיך אַריינגעכאַפּט אין דעם אָרט, וואו עס האָט אויפֿגעריסן דער סאָוועטישער אָקטאָבער. און עס האָט לכתחילה אויסגעזען ווי עפּעס ענליכעס צו נייעם מענטש־באַשאַף. ס'האָט זיך געדוכט, אַז אַ נייע געשטאַלט האָט זיך אָנגעטאָן אויף מענטשן. אָבער יידן פֿון שם המפֿורש־באַרוף זיינען דערביי ניט געווען. האָבן די אָקטאָבער־לייט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט דעם שם המפֿורש, האָבן זיי אים אָפּגעלאָזט און גענומען אַלץ מאַכן מיט די ידים — מענטש און אָרדנונג. יעמאָלט האָט זיך דאָס אָנגעהויבן — דער נע ונד פֿון שם המפֿורש דורך דעם תוהו ובוהו פֿון אַן אָנגעהויבענעם און ניט פֿאַרענדיקטן וועלט־מענטש־באַשאַף.

אין אָקטאָבער־לאַנד האָט זיך איינגעשטעלט אַ סדר, וואָס בעלי ידים האָבן עס גאַנץ לייכט נאָכגעמאַכט. איז געקומען מוסאָליני, איז געקומען היטלער און האָבן מיט זייערע ידים געכאַפּט דעם שם המפֿורש, וואָס יענע האָבן אָפּגעלאָזט, און מיט געוואַלט אים געצוואונגען צו טאָן מענטש־באַשעפֿערישע אַרבעט דורך געשטאַלטגעבונג. האָט ער זיך פֿון זיי אַרויסגעריסן, איבערלאָזנדיק זיי זיין הויט — די בלוטיקע אימיטאַציע צו געשטאַלטגעבונג — און אַליין — וואַגעלט ער, ווי אַ פֿאַרשעמטע, באַליידיקטע נאַקעטע נשמה, וואָס בעט אויף זיך אַ לבוש. און די באַליידיקונג איז זיך נוקם אַן אונדז. די אימי־

טאַטאַרס־דיקטאַטאָרס האָבן מורא, אַז די אידן, געשלאָגענע, וועלן זיך דערמאָנען אַן זייער באַרוף און וועלן אָנטאָן אַ הייליקן לבוש אויף דעם נאַקעטן שם המפורש. און עס וועט זיך אָנהויבן די געשטאַלט־געבונג, ווי גאָט און משיח האָבן געבאָטן. זוכן זיי צו פּאַרטיליקן דעם אידן צוזאַמען מיט זיין באַרוף. טראָגט זיך אַ פּוסטער קאָסמישער שטורם, וואָס געבערט קיין נייע וועלט ניט, נאָר בלוטיקע מבולס.

אָבער איז דאָס אַלץ טאַקע אמת? זאָג איך אַקאָרשט ניט נאָך וואָרט ביי וואָרט, וואָס די אַלטע אידישע רעליגיע האָט גערעדט? אָבער אַז מען זאָל צוליינגן ניכטערן, פון רעליגיע ניטפאַרשכורטן קאָפּ, איז דאָס אַזוי פעסטגעשטעלט, אַז איצט איז אחרית הימים, און אַז מיר האָבן אַ שייכות, און אַלץ איז פאַראויס באַשטימט, און אַ שליחות איז אונדז אויפגעגעבן געוואָרן, מיט אַ הויפּט־ראָלע, מיט אַ שם המפורש? אפילו אַז מיר האָבן זיך געהאַלטן אויף די אַלע צוזאָגן, איז דאָס שוין אַ שליחות? און אַז אַ שליחות, דאַרף זי שוין מקוים ווערן? און פון וואַנען איז געדרונגען, אַז משיחס שם המפורש איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן סאָוועטישן אָקטאָבער, אַז עס איז אונדזער זכות, וואָס לכתחילה האָט ער זיך איינגעגעבן און אונדזער אומזכות, וואָס דערנאָך האָט זיך עס ניט אַזוי איינגעגעבן?

ווייל איך גאָר ניט איינריידן מיין מנין אומגלויביקע, אַז דאָס אַלץ האָט אָנגעאַרבעט משיחס שם המפורש. — אפשר יאָ און אפשר ניט. ערגעץ וואו אין דער טיף מסתמא יאָ. אָבער עס וואָלט מיר גענומען צופיל צייט צו באַווייזן אַז יאָ. עס איז מיר לייכטער צו זאָגן: ניין, ניט דער שם המפורש — און איך וועל גאָרנישט אָנווערן דערביי. די אַרבעט פון שם המפורש קאָן דערקלערט ווערן אויף ביידע אופנים. מיסטיש און רעאַליסטיש. די מיסטישע דערקלערונג. איינמאָל אַ צוזאָג, אַ נבואה, אויף וועלכער דאָס פאָלק האָט זיך געהאַלטן, האָט זי גענומען אַרבעטן ווי אַ לעבעדיקע באַשעפעניש; געפּרעסט דורך די יאָרטויזנטער אויף די געשעענישן, — די צוגעצויגן, יענע אָפּגע־שטויסן, ביז זי האָט זיי אויסגעלייגט אין אַן איינפאַס אַריינצוטאָן זיך אין אים — אין אָקטאָבער, 1917. און עס מאַכט גאָר ניט אויס, וואָס דאָס היינטיקע אידישע פאָלק, מיט זיין אָפּגעטעמפּטן חוש פאַר משיחס צייטן, האָט זיך דירעקט ניט באַטייליקט אין דעם. און איך דאַרף אויך ניט האָבן דעם דירעקטן בייטראָג צו אָקטאָבער פון די האַלב־געבאַ־קענע „משיחיסטן" צווישן די אידישע סאָציאַליסטן, וויפל זייער ביי־טראָג איז געווען אָדער ניט געווען. גענוג, וואָס עס האָט נאָך עקזיסטירט דאָס פאָלק, וואָס אפילו „על פּי מאַרקסן" האָט עס געלעבט אין זכות פון דער נבואה אויף משיחס צייטן — איז די נבואה געשפּייזט געוואָרן מיט לעבנס־קראַפט צו אַרבעטן ווי אַ לעבעדיק באַשעפעניש — אָן דעם ווילן און וויסן פון פאָלק, איבער זיין קאָפּ.

דאָס איז אין קורצן די מיסטישע דערקלערונג, וואָס איך דאַרף

זי גאָר אַזוי נויטיק ניט האָבן, ווייל די פּאַקטישע לאַגע גיט מיר אַ רעאַליסטישע דערקלערונג, וועלכע וועט מיר דינען פּונקט אַזוי גוט, און אפשר נאָך בעסער. — נאָך דער אַקטאָבער־איבערקערעניש, ווען זיי האָבן זיך גענומען צו סאָציאַלער בויאונג — איז אַ פּאַקט, אַז דאָ האָט זיך געפּאָדערט די אידעלע קונסט פון מענטש־באַשאַפונג אויף אַ מאַסנשטייגער! און איז אַ פּאַקט, אַז זיי האָבן גענומען קנעטן מענטשנמאַסע, ווי מען קנעט ליים. וואָס דערפון האָט זיך אויסגעקנעט אַ רעזשים, וואָס אין זיינע קריטישסטע מאָמענטן האָט ער געדאַרפט אָנקומען צו מענטשן־רייניקונגען? — איז אויך אַ פּאַקט, אַז מיר יידן זיינען געניט אין דער אידעלער קונסט פון מענטש־באַשאַפונג, האָבנדיק דורכגעמאַכט אַזויפיל משיח־באַוועגונגען, וואָס זיינען אין תוך געווען מענטשן־באַשאַפונג אויף מאַסנשטייגער. האָט מען אונדז באַדאַרפט מיט אונדזער מענטש־קונסט־באַרוף. — דער באַדאַרף אין אונדז, כאָטש מיר זיינען דערביי ניט געווען — דאָס איז אונדזער שייכות צו אָקטאָבער. — און אַז דער פּאַשיזם און דער נאַציזם האָבן ברייט אויסגענוצט די סאָוועטישע סיטואַציע און האָבן דערלאַנגט אַ געפעלשטע סאָציאַלע איבערקערעניש מיט אַ געפעלשטער קונסט פון מענטש־באַשאַפונג און נוצן דערביי גאַנץ באַוואוסטזיניק יידן־אויס־ראָטונג ווי אַ צוועק פאַר דיביידע פעלשונגען — איז דאָך אוודאי אַ מוראַדיקער פּאַקט. היטלער און מוסאָליני גיבן דעם ענדגילטיקן באַווייז, אַז מיר האָבן אַ שייכות צום קאָסמישן פּראָצעס, וואָס מאַכט צוקן און פאַרצוקט ווערן פעלקער און לענדער.

און אַז די וועלט איז ערב איבערגאַנג צו אַ נייעם וועלט־סדר איז דאָך אויך אַ פּאַקט. ניט נאָר סאָציאַליסטן, נאָר אַפילו ליבעראַלן און דעמאָקראַטן גיבן שוין צו, אַז נאָך דער מלחמה וועט מוזן קומען צו אַן איבערבוי אין וועלט־סדר. דאָס איז שוין מער ניט אויסצומיידן. עס איז אַנדערש ווי אַמאָל. פּאַרצייטן, ווען מיר וואָלטן איינגעפירט משיחס צייטן איבער דער גאַנצער דעמאָלט באַקאַנטער וועלט — ביז צו די הרי חושך — וואָלט געווען די סכנה, אַז פון הינטער די הרי חושך וועלן קומען די באַרבאַרן און וועלן צעשטערן, ווי דאָס האָט עטלעכע מאָל פּאַסירט מיט די האַלבע און פערטל פּרואוון אויף משיחס צייטן, וואָס מען האָט איינגעפירט. האָט מען דעמאָלט ניט געקאָנט. עס איז נאָך געווען צו פרי. האָט מען געדאַרפט וואַרטן גאַנצע 2000 יאָר, ביז די גאַנצע וועלט וועט אַרומגענומען ווערן פון קאַפּיטאַליזם, און די גאַנצע וועלט־ווירטשאַפט וועט פאַרגאַנצט ווערן אין איין שטיק. איצט אַ סאָציאַלער סטאַטוס־קוואָ וועט ניט האָבן וואו צו אַנטלויפן, אויסצובאַהאַלטן זיך פאַר אַ שטיק צייט הינטער די הרי חושך. די גאַנצע וועלט, מיט אַלע פעלקער און לענדער, וועט עס מוזן מיטמאַכן. איז עס טאַקי דער אמתער אחרית הימים.

איז די וועלט ערב דעם אומפאַרמיידלעכן איבערגאַנג צו נייעם

וועלט־סדר, אָבער קיין כוח פאַרן איבערגאַנג האָט זי ניט. וואָרום ווער עס זאָל דאָס ניט אונטערנעמען — די מענטשלעכסטע סאָציאַליסטן, די ליבעראַלסטע ליבעראַלן — וועלן זיי אַלע זיך אָנשטויסן אויף דעם שטרויכל־פּונקט. — מענטש! — ווי שאַפט מען איבער די מענטשנ־מאַסע? — און מיר קאָנען די מלאכה. און אַז מיר וועלן ניט אונטער־קומען, וועט עס ווידעראַמאָל אויסלויפן אין נאַציזם און פאַשיזם — מיט געפעלשטן סאָציאַליזם, מיט געפעלשטער מענטש־באַשאַפונג — מיט יידן־אויסראָטונג פאַר אַ צודעק איבער דער טאָפּלטער פעלשונג. איבער גאָר דער וועלט אַזוי. — דער איבערגאַנג צום סאָציאַליזם וועט אַלץ בלייבן אַ טענדענץ, אָבער ניט קיין פאַקט. און אַ טענדענץ איז ערגער. פאַר אַ פאַקט בויגט מען זיך, אָבער קעגן אַ טענדענץ ווערט מען זיך — מיט כל המיטלען, אַפילו די בלוטיקסטע. — האָב איך פונדאַסניי, ריין רעאַליסטיש, ווידער אויפגעשטעלט אונדזער בלוטיקע יידישע שייכות צום אחרית הימים, וועלכער איז דאָ. קאָן איך צוריק איבערגיין אין אַ מין איצט מיסטיש־רעאַליסטישן טאָן און אויס־רופן:

— דער אחרית הימים איז דאָ, משיחס ראָלע איז דאָ און די אייביקע יידישע סיטואַציע איז נאָך מער ווי אַלעמאָל דאָ: מער ווי ווען עס איז אַמאָל איז קיין קיום פאַר אונדז אָן נצחון! ווען ניט איצט, ווען זשע דען? איצט אָדער קיינמאָל ניט! משיח קלאַפּט אין אונדזער טיר און בעט זיך אַריינלאָזן — איז אויפנעמען אים! — אַניט איז אומקום...

און מיר זיינען ביכולת עס צו טאָן. מיר קאָנען זיך ראַטעווען. מיר האָבן דעם כוח פאַר דעם. עס ליגט אָפּגעלייגט אין אונדז אַ רעזערוו פון גלויבנס־גבורה — יעדער פון אונדז האָט אַ חלק אין דעם. לאָזן מיר אָבער ליגן און פוילן דעם פאַרמעגן, וואָס גראָד איצט איז ער אונדז צום נויטיקסטן. — פאַרוואָס עפענען מיר ניט דעם רעזערוו? — ווייל דער וועג איז פאַרשטעלט. — פון וועמען און דורך וואָס? — מיר ווייסן דאָך:

דורך דער פוילענצעריי פון אונדזערע פרומע, די צוהאַלטער פונם אָפּלאַגער פון אונדזער גלויבנס־גבורה, וועלכע זיינען זיך איינגעזעסן אויף דעם 2000־יאָריקן גלות־איינשטעל—אויף קיום, וואָס ערגעץ ווען, אויף אַ מהלך אין דער צוקונפט, וועט ער איבערגיין אין נצחון. דער אויבערשטער וועט שוין געפינען זיין צייט. מען טאָר אים ניט צוויננ־גען — דוחק זיין דעם קץ. אָן שום חוש פאַר דעם, אַז די צייט איז שוין דאָ, און אַז דער אויבערשטער צו אַלע צייטן אַרבעט אין אונדז און דורך אונדז — צי מיר גלויבן אָדער גלויבן ניט אין אים.

און דער וועג איז פאַרשטעלט דורך דעם כלומרשטן אומגלויבן פון אונדזערע אומגלויביקע, וועלכע זיינען דווקא יורשים צו גאָר אַ היפּשן חלק פון אונדזער צוקונפט־גלויבן, און זיי ווייסן, אַז די צוקונפט איז

שוין היינט. האָבן זיי אָבער זייער חלק גלויבן איינגעטריקנט אין פראָגראַמען, וואָס באַוועגן זיך ניט — אָן שום חוש פאַר דעם, אַז מיר פאַרמאָגן אַ טייערן מיטל ווי אַזוי גלויבן אָפּצופרישן, פאַרזאַפּטיקן און אַזוי באַוועגלעך צו מאַכן, ער זאָל בערג איבערקערן און טויטע מענטש־מאַסע מחיה מתים זיין, דורך נייעם מענטש־באַשאַף. און דער טייערער מיטל איז — וויזיאָנערישע געשטאַלטונג.

און דער וועג איז פאַרשטעלט דורך דער געשעפּטמאַכעריי פון די יעניקע, וועלכע האָבן אונדזער געבענטשט־פּרוכטבאַרע שליחות פון מענטש־באַשאַפערישער געשטאַלטגעבונג אויסגעביטן אויף דאָס קליינ־געלט און גרויסגעלט פון דער האַרטער, אומפּרוכטבאַרער „מיסיע" — אָן שום חוש פאַר דעם, אַז באַשאַפן מענטש, אין אונדז, דורך אונדז, איז דער ערשטער עיקר פון יידישן גלויבן. זיי זיינען ניט חושד, אַז זייער „מיסיע" איז אַ האָר אויפן שאַרבן פון דעם גרויסן געשטאַלט־געבער, וואָס זיי האָבן געטויט אין זייערע הערצער.

אָבער וואו איז די זיכערקייט, די גאַראַנטיע, אַז צוליב אָט די דריי מינים שלימזלדיקע גלויביקע און אומגלויביקע אונדזערע איז אונדזער גלויבנס־רעזערוו שוין לאַנג ניט אויסגערונען אָדער איינגעדאַרט געוואָרן? אונדזער גלויבנס־פאַרמעגן אינגאַנצן ניט אויסגעביטן און אויסגעגעבן געוואָרן? האָבן מיר אָקאָרשט ניט שוין פאַרטאַכ־לעוועט דעם פאַרמעגן, וואָס גראָד איצט וואָלט ער אונדז גריילעך צוניץ געקומען? — ניין, דאָס קאָן ניט זיין!

אפילו די, וואָס האָבן אינגאַנצן זיך אויסגעלייזדיקט פון יידישן געמיט — איז יידישער געביין זיי געבליבן. און דער געביין — דאָס איז געגנוג. דער געביין — דאָס איז דער אָפּלאַגער פון אונזער גלויבנס־גבורה.—מען דאַרף זיך פאָרשטעלן דעם אָפּלאַגער ווי בפועל ממש אַן אָפּלאַגער, ווי אַ כלי, וואָס איז אָנגעפילט מיט גלויבנס־שטאָף. ס'איז טאַקי נישט מער ווי די כלי; די כלי גופא איז די הויפּטזאַך; די כלי וועט שוין — אונטער געוויסע באַדינגונגען — טאָן די אַרבעט פון לאָזן זיך אָנפילן מיט גלויבנס־שטאָף. די כלי — דאָס איז, וואָס ירשנט זיך.

דעם יידנס גייסטיקער איינשטעל, זיין אויף אחרית הימים אָנגע־שטעלטער גלויבנס־אַפּאַראַט — דאָס איז דעם יידנס כלי, וואָס האָט זיך אַריינגעאַרבעט אין די „מוסקולן" פון זיין נשמה; האָט זיך אָפּגעזעצט אין זיין „געביין", אין זיין פיזישער קאָנסטיטוציע — און קאָנסטיטוציע ירשנט זיך. און דאָס איז אַלץ וואָס איז נייטיק. דאָס מיינט ניט צו זאָגן, אַז אַדאַנק דעם יידנס קאָנסטיטוציע וועט זיין גלויבנס־אַפּאַראַט אַלעמאָל ביי אים פול פונקציאָנירן, נאָר דאָס מיינט, אַז די מעגלעכקייט פאַר דעם איז אַלעמאָל דאָ — זיין גלויבנס־אַפּאַראַט קאָן צו יעדער צייט געמאַכט ווערן צו פנקציאָנירן.

ביי אַ פאָלק איז ניט פיל אַנדערש ווי ביי אַ יחיד. אַ יחידס גע־

ירשנטע קאָנסטיטוציע באַשטימט נאָך ניט אין פאָרויס זיין גאַנצן פיזישן און גייסטיקן כאַראַקטער — צום גוטן אָדער צום שלעכטן. ווען איינעמס געירשנטע קאָנסטיטוציע, לאָמיר זאָגן, מאַכט אים גענייגט צו היציקע אימפּולסן — פאָלגט נאָך ניט דערפון, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ גזלן. די זעלביקע גענייגטקייט קאָן גאָר געבן אַ טעמפּעראַמענטפולן רעדנער, וועלכער געווינט, זיגט מיט זיין וואָרט — אַ באַפעלגעבער, אַ מאַכטהאָבער, אַ פירער. דאָס ווענדט זיך אָן דער האַרעוואַניע, וואָס ער וועט אַריינלייגן אין זיך, אָן די אומשטענדן אין וועלכע ער וועט אַריינגעשטעלט ווערן.

דעם יידנס געירשנטע קאָנסטיטוציע האָט זיך אַרויסגעקראָגן פון דעם יידנס גרונט־סיטואַציע — פון דער איבער־איבערגעהויבנקייט פון זיין „גייסטיקן אויבערבוי" איבער זיין עקאָנאָמישער פּאָזיציע; וואָס דאָס האָט זיך איבערגעגעבן ווי אַן „איבערהויב" אין זיין געביין; ווי אַ הויב, אַ בויג, אַ שטעל, אַ טרעפּל אַרויף אין זיין נערוו; וואָס דאָס מסתמא האָט זיך אָנגעצייכנט דורך אַ מאַטעמאַטיש פּינטעלע, וואָס ווייזט אַ ליניע און אפשר נאָך וויניקער דערפון: דער „הויב" אַרויף, אין אַן אַטאָם פון דער לעבעדיקער צעלע, וואָס ירשנט דור פון דור.

האָבן מיר אַלע געירשנט דעם „איבערהויב" — אין געביין צי אין נערוו — דאָס איז אַלץ איינס. אָבער עס בלייבט ניט קיין געביין, עס גייט אויף צוריק — פון געביין צום גייסט. — ביים מענטשן זיינען גייסט און געביין אין כסדרדיקן איבערגאַנג: גייסט זעצט זיך אָפּ אין ממשות, אין חומר — חומר ווייזט אָן אויף זיך גייסט — איבערזעצט זיך אין גייסט. דאָס יידישע פאָלק אין זיין געשיכטלעכער גאַנצקייט האָט דעם „איבערהויב" איבערגעזעצט אין משיחיזם.

אַזוי אַז מיר אַלע האָבן געירשנט אַ „משיחיסטישן געביין", אַ „משיחיסטישן נערוו" — אַן איינגעדרעמלטן משיחיזם, וואָס אָבער ניט ביי אַלעמען דערוואַכט ער אויפן זעלביקן שטייגער: — איין מין יידן גיט ער טאַלאַנט צו ספּעקולירן; אַ צווייטן מין — טאַלאַנט צו אידעאַליזירן; אַ דריטן מין — טאַלאַנט צו וויזואַליזירן אידעאַלן אין געשטאַלטן. — די סטרא־אחראַניקעס אונדזערע, די סוחרים ספּעקולאַנטן און די אידייען־ספּעקולאַנטן, זיינען פּונקט אַזאַ באַווייז דערויף, ווי אונדזערע אַמאָליקע צדיקים, וואָס האָבן געהאַט גילוי אליהו, וואָס היינט זיינען זיי פּאָעטן־משיחיסטן. דאָס ווענדט זיך אָן איינעמס האַנדלונגען, ווי זיי ווענדן דעם „איבערהויב" אין זיין געביין אויסטייטשן — האַנדלונג איז דאָך דעם מענטשנס הויפּט־אויסטייטשערין — איינעם ווענדן זיי אויסטייטשן פאַר אַן אידייען־ספּעקולאַנט, אַ צווייטן פאַר אַ פּאָעט־משיחיסט.

אָבער דאָ רעדט זיך דאָך ניט וועגן יחידים פּריוואַטן געביין, נאָר וועגן דעם נאַציאָנאַלן יידישן געביין, וואָס יעדן יידישן יחידס פּריי־

וואָטער געביין דינט אים פאַר אַן אָנשפּאַר. און דאָ גילט אויך דער כלל, אַז גייסט און געביין זיינען אין כסדרדיקן איבערגאַנג. גייסט ווערט געביין, געביין ווערט צוריק גייסט. — און דאָ ליגט אויך, אַז האַנדלונג, די אויסטייטשעריין, קאָן אָט דעם פאַרהאַרטעוועטן געביין צוריק אָפּרופן צו לעבעדיקער גייסטיקייט. פאַרהאַרטעוועטער פּאַסיווער גלויבן קאָן צוריק ווערן לעבעדיקער אַקטיווער גלויבן.

איז וואָס איז דער אָפּלאַגער פון אונזער גלויבנס־גבורה? געוויסע פּסיכאָ־פיזישע „שטעלונגען", אויסגעפורעמטע אין אונדזער געביין און נערוון, וואָס קאָנען אָנגעלאָפן ווערן מיט גלויבנס־גבורה, און וואַרטן דערויף. ווען פּאַסירט עס? עס דאַרף אונטערקומען אַ האַנדלונג — אין אַ געוויסער ריכטונג, צו אַ געוויסן ציל, לויט אַ געוויסן מעטאָד — אַ האַנדלונג, וואָס ענטפּערט גענוי אָפּ די איינגעבאָרענע, געירשנטע „פּסיכאָ־פיזישע שטעלונג" — גענוי, לויטן זעלביקן מעטאָד, ווי זיי האָבן זיך אויסגעפורעמט אין פאַרלויף פון דער געשיכטע — און אָט די האַנדלונג וועט דעם גלויבנס־אָנגעלאָף אַרויספאָדערן.

אַז אַזאַ האַנדלונג זאָל אונטערקומען און איר גרויסע פּעולה טאָן — דאָס ווענדט זיך שוין ניט אָן אונדזער געביין אַליין און אָן די איבערליפערונגען, וואָס האָבן זיך אויף אים אָפּגעלעגט; נאָר דאָס ווענדט זיך אַ סך אָן דער היינטיקער אידייען־נעץ, אין וועלכער די סביבה נעמט אונדז געפאַנגען. די היינטיקע אידייען־אויסבילדונגען ווילן דאָך אויך זיך פאַרגליווערן אין לעבנס־שטיקער — מיט דער פּרעטענזיע צו ווערן קינפטיקע איבערליפערונגען. קאָנען זיי אונדז אי שטערן אי באַהילפיק זיין אין אונדזער אונטערנעמונג צו מאַכן אַ גרויסן תכלית פון אונדזער איבערגעליפערטן גלויבנס־פאַרמעגן.

צום באַדויערן, די אידייען־נעץ, וועלכע האַלט די מערסטע פון אונדז געפאַנגען, האָט אונדז אַריינגעוואָרפן אין אַ הילפלאָזן צושטאַנד, וואָס קאָן אונדז קאָסטן דאָס לעבן ווי אַ פאָלק.

מיר וויסן וועלכע האַנדלונג וועט אונדז דינען פאַר דעם שליסל צו עפענען אונדזער פאַרחתמעטן רעזערוו פון גלויבנס־גבורה: — אַ האַנדלונג אונטער די זעלביקע צוויי הויפּט־תנאים אונטער וועלכע די גלויבנס־גבורה האָט זיך געזאַמלט; אַ האַנדלונג, וואָס וועט איבער־חזרן דעם פּראָצעס, וואָס האָט פאַר אונדז אָנגעצויגן גלויבנס־גבורה פון אין־סוף — דער פאַרמעסט אויפן אין־סוף מיט ארץ ישראל און אחרית הימים, וואָס פון אָט דעם פאַרמעסט שטאַמען אַרויס די צוויי מאַנדאַטן פאַר אונדזער קיום — דער מאַנדאַט אויף דער ווידעראויפ־שטעלונג פון ארץ ישראל און דער מאַנדאַט אויף דער הויפּט־ראָלע אין משיחס צייטן.

ווען מיר וועלן נעמען האַנדלען אונטער די צוויי מאַנדאַטן, וועלן מיר פון אונדזער טרוקענסטן געביין אַרויסרופן גענוג און איבערגענוג קוואַליקע גבורה אויף צו פאַרמעסטן זיך מיט אַ וועלט פון שונאים און זיי גובר זיין.

אבער אז איך וועל שוין האבן געפועלט ביי מיין מנין אומגלויביקע זיי זאלן זיך איינשטעלן אויף דער ווידעראויפשטעלונג פון ארץ ישראל, וועל איך נאך אלץ ניט האבן געפועלט ביי זיי זיי זאלן זיך איינשטעלן אויף משיחן. וועל איך נאך אמאל און ווידעראמאל צו זיי זאגן: האנדלט אויף משיחן! האנדלט אויף ברא־בצלם — אויף מענטש־באשאף לויט וויזיע־געשטאלט. וועלן זיי דאך מיך פרעגן: ווי אזוי טוט מען דאס? מיר ווייסן דאך אפילו ניט ווי אנצוהויבן! — וועל איך זיי ענטפערן: איר זאלט ניט ווייסן וואס מענטש־באשאפונג־מענטש־געשטאלטונג איז? דאס איז דאך די קונסט, וואס איר סאמע עצם איז ברא בצלם — דאס איז דאך די יידישע ליטעראטור, וואס איר טייערט און פייערט! איז פאר אייך דען א סעקרעט, אז ווען אפילו אין לעבעדיקן לעבן איז עס ניט אזוי קענטיק, שפארט און קוועלט משיחיסטישע וויזיאנערישקייט פון דער יידישער ליטעראטור...

אויב פאר דעם ארץ ישראל־מאנדאט האבן מיר אן אנשפאר אין דער זיך בויענדיקער ארץ ישראל, האבן מיר אין דער יידישער ליטע־ראטור אן אנשפאר פאר דעם משיח־מאנדאט. און דאס איז די נפקא מינה צווישן די צוויי מאנדאטן: דער ארץ ישראל־מאנדאט האט זיך אויף וואס צו שטיצן — אויף דער פאקטישער ארץ ישראל, וואס געהערט אויסער יעדן ספק צום נאציאנאלן יידישן „געביין״ — בעת דער משיח־מאנדאט האט ניט אזא מאטעריעלע אונטערשטיצונג. ער שוועבט נאך אלץ ווי א גייסט איבער דער מאטעריעלער יידישער סיטואציע און רייסט זיך צו ווערן א טייל פון איר — אונטער אן אולטימאטום פון טויט אדער לעבן! — און דאס וועט ער ערשט ווערן דורך א נאציאנאלער משיחיסטישער קמיע. די יידישע ליטעראטור איז די עפענונג צו אזא משיחיסטישער אקציע, וואס אין חוץ לארץ דעקט זי שוין די ארץ ישראל־אקציע אויך. — די טעכניק, ווי אזוי צו מאכן די משיח־וויזיע אריינצושפאנען פון דער ליטעראטור אין לעבעדיקן לעבן אריין; די טעכנישע פרטים — סיי פאר ארץ ישראל, סיי פאר חוץ לארץ — וועלן זיך אויסארבעטן, ווען מיר וועלן צוטרעטן צו דער ארבעט. מיר קאנען צוטרעטן צו דער ארבעט גלייך, אנהויבנדיק פון ארץ ישראל, וואו די ארבעט טוט זיך שוין...

און געדענקען זאלן מיר: וואס עס קומט ניט מיט גוטן, קומט מיט בלוטן!...

## קאפיטל 14

# גייסטיק געוועער

דער יאר פון היטלערס בליץ־קריג, וואס האט בליץ־שנעל אזויפיל באוועגונגען דערפירט ביז צו זייערע לעצטע גרעניצן און האט דורכ־

געשרפּהט יעדע באַוועגונג ביז צו אירע יסודות, האָט אויך דעם ציוניזם געשטעלט צו דערזעלביקער פייער־פּראָבע — און דער ציוניזם איז די פּראָבע באַשטאַנען. ניט וואָס די מניעות זיינען פּאַרמינדערט געוואָרן. פאַרקערט, זיי האָבן זיך נאָך פאַרגרעסערט. ווען דער ציוניזם האָט זיך געהאַט פאַרמאָסטן מיט דער בריטישער וועלט־אימפּעריע, וועלכע האָט אין אירע זעלבסטשוץ־אינטערעסן פאַרגעצויגן זיך צו אָריענטירן אויף די צענדליק מיליאָנעדיקע אַראַבישע פעלקער, און האָט געריסן שטיקער פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ביז פון איר איז געוואָרן מעקדאָנאַלדס ווייסער פּאַפּיר — פאַרמעסט זיך דער ציוניזם איצט מיט היטלעריזם, וועלכער האָט זיך פאַרמאָסטן אויף דער בריטישער וועלט־אימפּעריע און טרייסלט זי. און זייערע אונטערשטופּער פּרובירן שוין ברעקלען די אימפּעריע, זיי האָבן אָנגעהויבן פון חיפה. ווען די בריטישע וועלט־אימפּעריע האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, טרייסלט זיך ארץ ישראל אודאי. ווען די אימפּעריע איז אין קלעם, איז ארץ ישראל אין קלעם פון קלעם.

און דאָך איז דער ציוניזם ניט געפאַלן ביי זיך. די ארץ ישראל־בויער האָבן זיך ניט פאַרלאָרן. פּונקט ווי אונטער די יאָרן פון טעראָר, אַזוי אויך איצט: — גרייט אויסצושטיין אַ באַלאַגערונג, שטעלן זיי נייע אויפבוי־פּונקטן. די סכנה איז פילפאַך פאַרגרעסערט געוואָרן, אָבער ציוניזם איז נאָך אַלץ האַפּערדיק זיכער ביי זיך אין נצחון. זיין האָפערדיקייט שפּייזט זיך פון זיין אויפטועדישער ענערגיע, וואָס מיט זיין וויסן אָדער אָן זיין וויסן קוועלט זי אים פון אייביקן יידישן מאַנדאַט אויף ארץ ישראל.

געראָד ווייל אַזאַ סכנה, לאָזט דער אייביקער יידישער מאַנדאַט נאָך שטאַרקער פון זיך הערן דורך דעם אייביק־ייד־געפיל — דעם קול פון אייביקן יידן, וואָס זיצט אין אונדז און מאַכט אונדז געדויערן ווי אַ פאָלק. און דער קול איז עס, וואָס שטיצט און מונטערט דעם ציוניזם אין זיין זיכערקייט, אַז ער וועט אַרויס דער געווינער פון דער סכנה.

דער קול פון אייביקן יידן האָט דעם יידן נאָך קיינמאָל ניט גענאַרט: דאָס יידישע פאָלק, צוליב זיין אַבנאָרמאַלער פּאָזיציע צווישן די פעלקער, איז צוגעשפּאַרט צו די סאַמע יסודות פון וועלט־סדר, און ווען דער וועלט־סדר נעמט ציטערן, איז דער אייביקער ייד דער ערשטער עס צו דערשפּירן.

אין אַזאַ צייט ווי איצט, ווען די יסודות ציטערן, הייסט דער אייביק־ייד־געפיל, וואָס איז דעם יידנס היסטאָרישער זין, קוקן אין תוך אַריין. ניט באַנוגענען זיך מיט פּאַליאַטיוון — מיט האַלבע מיטלען און האַלבע ענטפערס. נאָר גרונט־ענטפערס דערלאַנגען, וואָס זיינען אָנגעצילט צו די יסודות — צו פאַרריכטן אין זיי וואו זיי זיינען קאַליע געוואָרן. — האָט דער אייביק־יידישער היסטאָרישער זין גאַנץ פעסטע און זיכערע סימנים, לויט וועלכע צו מעסטן און צו שאַצן די

יידישע אידייאישקייטן און צו מאַכן אונטערשיידן צווישן זיי. ער מעסט און שאַצט זיי לויט זייער נאָענטקייט צו די יסודות און לויט זייער מאָס אָנשעפּונג פון יידישן גלויבנס־רעזערוו און לויט דעם איינפּאַס, וואָס זיי קאָנען מעגלעך געבן פאַר אַ נייעם גלויבנס־אויס־ברוך. — אין דעם וויכוח, למשל, צווישן טעריטאָריאַליזם און ציוניזם האָט דער אייביקער ייד אין אונדז גענומען דעם צד פון ציוניזם, ער האָט געפרעגט און פרעגט נאָך איצט דעם טעריטאָריאַליזם: וואו וועסטו נעמען נשמה, וואָס דער ציוניזם פאַרמאָגט פאַר ארץ ישראל — אַריינ־צוגעבן באַגייסטערונג אין די יידישע מאַסן אַוועקצולאָזן זיך אין פרעמדע מרחקים, און דערצו נאָך אָנלאָדן זיי מיט העראָאישן אויס־דויער אויף דורות? — דער טעריטאָריאַליזם פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אויף די יידישע „מעשי ידים", אויף טרוקענע עקאָנאָמישע אויס־רעכענונגען. דער ציוניזם אָבער האָט יאָ פאַרמאָגט גענוג נשמה אויף צו הייליקן זיינע „מעשי ידים".

אָט די מעלה פון ציוניזם, פון אייביקן יידנס שטאַנדפּונקט, האָט זיך איצט באַשטעטיקט.

דער יאָר פון היטלערישן בליץ־קריג האָט בליץ־שנעל דערפירט אַלע פּראָגראַמען ביז צו זייערע גרענעצן, ביז צו זייערע לעצטע דער־גרייכונגען. איצט זעען זיי, די גרענעצן און דערגרייכונגען:—רעליעף, טוט רעליעף־אַרבעט. אָבער פאַר פאָלקס־רעטונג האָט ער קוים דער־גרייכט ביז סאַן־דאָמינגאָ—פאַר אַ הייפעלע פון פאָלק. אפילו גוויאַנאַ איז צו ווייט געווען פאַר זיין השגה. דער „בונד" פון פוילן איז פאַר־שוואונדן צוזאַמען מיט פוילן. ווען ער האָט געהאַט אַ באָדן אונטער זיינע פיס, האָט ער ניט געקאָנט טראָגן אויפן קאָפּ דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. ווי וועט ער עס איצט אַ באָדנלאָזער קאָנען? און דער באַנייטער טעריטאָריאַליזם? דעם לעצטן גרוס פון אים האָבן מיר געהאַט אין בן־אדירס בראַשור „פאַרן געשיכטלעכן יום־הדין", געשריבן אין מאַי, אין פּאַריזש, אונטער דעם שוץ פון דער מאַזשענאָ־ליניע. ווען די בראָשורע איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, איז שוין געווען אויס מאַזשינאָ־ליניע, אויס פּאַריזש און אויס פראַנקרייך. ווי דערשיטערט ער איז ניט געווען אין אָנגעזיכט פון יום הדין, האָט ער דעם פולן באַטייט פון יום הדין ניט באַנומען. יידן שטייען ביי אים דרויסן פון געשיכטלעכן טריבונאַל. ווי עדות, ווי קרבנות, און וואַרטן, ווען עס וועט האַלטן ביים פּסק דין, וועלן זיי אַריינקומען און אַריינזאָגן זייער פּסוק וועגן אַ יידישער טעריטאָריע אין אויסטראַליען.

דאָ באַשטעטיקט זיך, אַז דער ציוניזם איז אַנדערש: ער טרעט ניט אָפּ פון זיין פּאָזיציע אינמיטן פון וואולקאַן־אויסברוך. — וועט מען דאָך פרעגן: נו, אָנגענומען, אַז דער ציוניזם מיט זיין עקשנות האָט געוואונען זיין וויכוח מיטן טעריטאָריאַליזם און די אַנדערע יידישע באַוועגונגען. אָבער וואו איז די באַשטעטיקונג, אַז ער וועט אויך געווינען אין פאַרמעסט מיט דעם וואולקאַן־אויסברוך?

דאָ קומט אַריין מיט זיין אונטערשטיצונג דער אייביקער יידישער מאַנדאַט, וואָס רעדט צו אונדז איצט דורך דעם וואָך־געוואָרענעם אייביק־ייד־געפיל. דער אייביקער ייד אין אונדז, וואָס האָט די גאַנצע צייט געטענהט:—גענוג איז ניט גענוג!—אויף אַלע יידישע פּרואוון אָפּצוענטפערן דעם היטלעריזם, און זיין טענה האָט זיך באַשטעטיקט, ווי די מלחמה האָט עס באַוויזן — באַשטעטיקט ער אויך, אַז דער ציוניזם איז אַנדערש.

מיט וואָס אַנדערש? ווי מיר שטויסן זיך שוין איצט אָן, האָט דער אייביקער ייד איצט דערוואַכט, ווייל ער האָט דערשפּירט, אַז איצט איז די שעת הכשר פאַר אים — ער גלויבט, דער וואולקאַן אויסברוך גיט אַ ברייטע עפענונג פאַר אַ יידישן גלויבנס־אויפברוך; און עס גייט אים שטאַרק אין דעם, אַריינצופּאַסן דעם ציוניזם אין דער זיך גרייטנ־דיקער איבערקערעניש אין וועלט־סדר — ער זאָל אפילו ווערן אַן אומבאַדינקט נויטיקער באַשטאַנד־טייל פון דער איבערקערעניש — מיט זיין יידישן גלויבנס־בייטראָג אויסצוהיילן זי פון דער היטלעריזם־צרעת. ווייל ער באַצייטנס אַריינכאַפּן דעם וועלט צוזאַמענברוך אין אַ יידישן גלויבנס איינפאַס, און דערפאַר טאַקע האָט ער לכתחילה געגעבן זיין פאָרצוג דעם ציוניזם איבער אַלע אַנדערע יידישע באַוועגונגען. ער האַלט, אַז אַלע אַנדערע יידישע באַוועגונגען, אויסער דעם ציוניזם, זיינען אויסגערעכנט אויף „סטאַטוס קוואָ" — אויף דער אָרדנונג ווי זי איז, ניט אויף דער אָרדנונג, וואָס האַלט זיך אין איבער־קערן.—סטייטש, דער סאָציאַליזם, דער קאָמוניזם אַוודאי זיינען דאָך איינגאַנצן איינגעשטעלט אויף וועלט־איבערקערעניש? איז זיין ענטפער: ווייל וואָס שייך דעם יידישן טייל פון סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם, האָבן זיי זיך אָפּגעצאַמט פון יידישן גלויבנס־רעזערוו — ער איז איינגאַנצן פאַרמאַכט פאַר זיי — האָבן זיי ניט מיט וואָס מיט־צומאַכן די איבערקערעניש. דערפאַר טאַקי פעלן זיי פונקט איצט כוחות: דער סאָציאַליזם טוט כמעט גאָרנישט און דער קאָמוניזם טוט וואָס מען הייסט אים...

פונדעסטוועגן האָט אויך דער ציוניזם ניט אויסגעמידן אויסצו־הערן פון אייביקן יידן די טענה: ניט גענוג! — און דאָס מערקווירדיקע דערביי איז, וואָס צום סאָציאַליסטישן, חלוצישן ציוניזם איז זיין טענה נאָך אַ שטאַרקערע, ווי צום אַלגעמיינעם ציוניזם — וואָס אין פלוג איז דאָס אַ קשיה: די מעלה פון ציוניזם איז, וואָס ער שעפּט פון יידישן גלויבנס־ברונעם, זיינען עס דאָך די חלוצים די הויפּט־אָנשעפּער? און אַנדערש פון אַנדערע סאָציאַליסטישע מינים קאָן מען דאָך דעם חלוצישן סאָציאַליזם קיין פאָרוואורף ניט מאַכן, אַז ער איז אויסגע־רעכנט אויף „סטאַטוס קוואָ": אָנגעקלאַמערט אָן דער „איינגעפונדע־וועטער" באַשטייענדיקער אָרדנונג. ער איז לכתחילה איינגעשטעלט געוואָרן אויף דער אָרדנונג, וואָס האַלט זיך אין איבערקערן — קאָן

ער דאַך יאָ געבראַכט ווערן מיטצומאַכן די איבערקערעניש—אפילו שוין איצט. ער האָט פון וואַנען צו נעמען כוח פאַר אַ נייעם וועלט־איינ־שטעל, דאָס דאַרף דאָך דעם אייביקן יידן דוקא געפעלן.

דאַרף דעם אייביקן יידנס שטאַרקע טענה גאָר געווענדט זיין צום אַלגעמיינעם ציוניזם, זיין אידעאָלאָגיע איז לכתחילה דאָך אויך אויס־געאַרבעט געווען אויף „סטאַטוס קוואָ" — אַריינצושטעלן אַ מקום מנוחה פאַר יידן אין אַ באַרואיקטן, איינגעשטעלטן וועלט־סדר, ווי ער האָט אויסגעזען ביז 1914. מען האָט גאָר גערעכנט אַרויסקריגן ביי די רעגירונגען זייער גוטן ווילן. פועלן ביי ענגלאַנד, ביי דער פעלקער ליגע ארץ ישראל. און מען האָט געפועלט.—אָבער פאַר דער צייט איז געשען, אַז דער איינגעשטעלטער וועלט־סדר האָט גענומען פלאַצן. אַפילו מוח־בלינדע האָבן עס שוין גענומען זען און טויבע הערצער האָבן גענומען הערן די בייזע וואָרנונגען. און די בעלי בתים פון איינגעשטעלטן וועלט סדר האָבן גענומען זוכן סגולות — ביז זייער הויפּט־סגולה, דער היטלעריזם, האָט זיך אַ קער געטאָן קעגן זיי און איז אַליין געוואָרן דאָס בלינדע, קרעציקע געצייג פון דער איבערקערעניש. אָבער די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע בפרט אין אַמעריקע, ווי ניט איר מיינט מען דאָס, איז נאָך אַלץ געבליבן ביי איר אַלטער סכעמע: אַ מקום מנוחהלע, וואָס הענגט אָפּ פון חסד פון די וועלט־בעלי־בתים.

אָבער ווער דאַרף אידעאָלאָגיע? די גרענדע האָט געפירט דער קאַמפּיין־ציוניזם, וואָס אונטער דער שרפה פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך נאָך אַלץ געוואַרעמט ביי די ליכטלעך, וואָס האָבן געברענט אויפן ציוניסטישן טיש ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, און זיך געשפּייזט מיט די אידייאישע ברעקלעך פון יענער פּאַרציי־טיקער ציוניסטישער סעודה. ביז וואַנען די סתירה צווישן דער אידעי־אָלאָגיע און דער סיטואַציע, וואָס האָט געשניטן אין די אויגן און אין הארצן, האָט גענומען אויסעסן די אינספּיראַציע — און אויסטרינקען די קוואַלן פון הכנסה.

אָט די צוריקגעשטאַנענקייט פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, וועלכע מאַכט זיך ניט זעענדיק, אַז די וועלט ווערט איבערגעבויט אַרום איר — דאָס איז די הויפּט־סיבה פון די כראָנישע קריזיסן אין אַלגעמיינעם ציוניזם. און אומזיסט האָבן ביידע צדדים אין לעצטן אַמעריקאַנער קריזיס געמאַכט דעם „אַפּאַראַט" פאַר דעם הויפּט־שולדיקן. די צוריקגעשטאַנענע אידעאָלאָגיע האָלט דעם ציוניזם אין הילפלאָזן צושטאַנד — אויף דער אַמעריקאַנער אַרענאַ אָנגעוויזן אַלץ מער אויף דעם חסד און פלעגע פון דער גוטהערציקער פילאַנ־טראָפּיע; אויף דער וועלט־אַרענאַ אָנגעוויזן אויף דעם חסד פון די פּאָליטיקער, אויף הילף פון דער זייט, אויף דעם צושפּיל און נס. — עס וועט געשען אַ נס, און ענגלאַנד, מיט איר לייבן־מוט, מיט דעם צושפּיל פון מזלדיקע אומשטענדן, מיט דער האַלבער אָדער גאַנצער

הילף פון אַמעריקע, וועט גובר זיין די חיה רעה. — און וואו איז די אייגענע ציוניסטישע ביישטייערונג צו דער וועלטס איבערבוי, צו דער וועלט נויט אין אַפּווער קעגן אירע הויפּט־שטערער, די היטלערס ימח שמם?

אָט וואו און אויף וועמען דער אייביקער ייד דאַרף זיך כעסן — אויף די אַלגעמיינע ציוניסטן, ווייל זייער ציוניזם מאַכט קיין עפּענונג ניט פאַר א גלויבנס־אויפברוך — די וועלט איז פאַר זיי גאַנץ ווי געוועזן, ערגעץ ניט קאַליע, און מען דאַרף איר ניט איינגעבן קיין גלויבנס־רפואות. — וואָס זשע ברענט אַזוי דעם אייביקן יידנס צאָרן דווקא אויפן סאָציאַליסטישן, חלוצישן ציוניזם? ווייל דעם, וואָס איז אַ סך געגעבן, פון דעם פאָדערט זיך אַ סך.

דער אייביקער ייד, וואָס האָט איצט דערוואַכט און לעכצט נאָך אַ יידישן נצחון איבער דעם היטלעריזם און גלויבט אין דעם נצחון באמונה שלמה — ניט נאָר טענהט ער צום אַרבעטער־ציוניזם: ניט גענוג! —נאָר ער שרייט אויף אים אַ געוואַלט־געשריי, ניט גענוג מיינט דאָ: קאָנסט נעמען און נעמסט ניט גענוג. דו קאָנסט דאָך יאָ שעפּן פון דער יידישער גלויבנס־גבורה — פאַרוואָס שעפּסטו ניט גענוג אָן!? שעפּ, שעפּ ביז איבערפליצונג! דערלאַנג דעם יידישן אָפּענטפער, וואו מיר זיינען צום שטאַרקסטן און וואָס ווענדט זיך אָן אונדז אַליין. — דערלאַנג דעם יידישן גלויבנס־ביטראַג, וואָס זאָל אַזוי אָפּענטפערן אונדזערע שונאים, אַז זיי זאָלן בטל ווערן מיט אַלע זייערע טריאומפן.

און מען דאַרף גאָר ניט האָבן די מאָנונג און דערמאָנונג פון אייביקן יידן, אַז אַזאַ אָפּענטפער איז נויטיק. דער אָפּענטפער בעט זיך פון זיך אַליין, פון דער סיטואַציע אַרויס. אפילו פּאָליטיקער וועלן עס פאַרשטיין:

— איצט, ווען די ענגלישע אימפּעריע איז אויף משקולת, איז כדי דער ציוניזם זאָל וויטער קאָנען געטראָגן ווערן און ארץ ישראל זאָל קאָנען אויפגעבויט ווערן ביז צו אַ פולער נאַציאָנאַלער היים, איז עס דאָך דער דרינגענדיקסטער געבאָט: — געווינען די אַראַבער פאַר אַזאַ שלום, פאַר אַזאַ יידיש־אַראַבישער פאַרברידערונג, אַז ניט היטלעריסטישע און ניט מוסאָליניסטישע געוואַלט־מאַכט זאָל איבער זיי קיין שליטה ניט האָבן.

פּאָליטיש מיינט עס: אַ יידיש־אַראַבישע קאָנפעדעראַציע. אָבער ניט אַזוי לייכט טוט זיך דאָס ווי עס רעדט זיך. מיט פּאָליטיק אַליין איז דאָס ניט צו דערגרייכן. עס וועט זיך פאָדערן די אינטענסיווסטע גייסטיקע אָנשטריינגונג — גייסטיקער אויפטו, וואָס זאָל גילטיק זיין פאַרביידע צדדים — אַ פאַרברידערונג אין גייסט.

די יאָרן פון היטלערס בליץ־קריג האָבן אַ סך אַנטדעקונגען. און אַנטדעקט אין וואָס עס מאַנגלט דער פעסטסטער פון אַלע יידישע באַוועגונגען — דער חלוצישער ציוניזם: אָט דעם בעסטן פון אַלע

יידישע אַפּענטפּערן אויפן היטלעריזם דאַרף צוקומען דער אַפּענטפּער מיט אַ מענטש־באַשאַפערישער, מענטש־געשטאַלטנדיקער גייסט־עקספּלאָזיע.

עס דאַרף קומען פון דער יידישער זייט אַ נייע שעפערישע גלויבנס־מאַניפעסטאַציע, וואָס זאָל אָפּטאָן אַ הייליקן כישוף דעם אַראַבישן גייסט — ער זאָל איבערגעפורעמט, איבערגעשטאַלטיקט ווערן. אפשר מיינט עס גאָר אַ וואונדער שפּיצל אָפּטאָן, אַ היילנדיקע ברכה אריינזאָגן אין מאַכמעדאַנענטום?

אָט דער „נס" האָט געדאַרפט געשען. אָבער אפילו דער בעסטער ציוניזם האָט גערופן דעם נס, האָט אָבער ניט געגלויבט אין אים. איז ער דערווייל נאָך ניט געשען. דאָס וויים די פרומע יידישע וועלט און שווייגט, אָדער שווייגט ניט און מאַכט שלעכטע יידישע פּאָליטיק דערפון.

און נאָך אַ גרעסערער יידישער נס האָט געדאַרפט געשען, ווי די פרומע יידישע וועלט דערוואַרט עס היינט. מיר יידן זיינען מער ניט איינגעקלעמט אין אונדזערע אייגענע ד׳ אמות. מיר זיינען, וואו מיר זאָלן ניט זיין, אריינגעשטעלט מיט ארץ ישראל אינאיינעם אין סאַמע מיטן פון איין גרויסער גאַנצער וועלט. אפילו ווען עס זאָל גאָר ניט האָבן געשען אויף דער וועלט, נאָר דער איין אָרט — ארץ ישראל — וואָלט גענומען ציטערן, וואָלט די גאַנצע וועלט מיטגעציטערט. כדי צו פאַרריכטן דעם איין אָרט, וואָס איז קאַליע געוואָרן, דאַרפן מיר די גאַנצע וועלט מתקן זיין, ווי עס איז צוגעזאָגט געוואָרן אויף משיחס ציַיטן.

און דער אייביקער ייד, וועלכער האָט געלויערט אויף אַזאַ מאָמענט, האַלט, אַז די וועלט איז גרייט און ארץ ישראל איז ראוי און די חלוצים זיינען די באַרופענע דורכצופירן די אונטערנעמונג. — און ווירקלעך, פון אַלע יידישע לענדער קאָן ארץ ישראל יאָ ווערן דער איינפּאַס פאַר אַ ריזיקער יידישער גלויבנס־מאַניפעסטאַציע, וואָס זאָל אריבערשפּרייזן אירע גרענעצן און זיך דערלאַנגען איבער אַלע יידישע לענדער.

# II

# דוד איגנאַטאָווס שאַפונגען

א. בענטשנדיקער ענטוזיאַזם.

ב. בערמאַן — דער נבֿיא־סאָציאַליסט.

ג. יפתח־לעגענדע.



א.

# בענטשנדיקער ענטוזיאַזם

קאַפּיטל 1

## דער גאָלדענער נדר

זיין ערשטע דערציילונג „צוויי קרעפּטן” איז געווען ווי פון א היץ־פיבער ארויסגערעדט. ווערטער, צוזאַמענגעשמאָלצענע מיט גלי־ענדיקן פייער פון אינעווייניק. אָבער פון אָט דעם פייערדיקן קנויל האָט זיך ארויסגעוויקלט און וויקלט זיך נאָך איגנאַטאָוו. ער טונקט נאָך אַלץ זיין פען אין זיין ערשט געבאָרענעם פייער.

ווען די פאַרע האָט זיך אָפּגעקילט, און די ווערטער האָבן זיך אָפּגעקלערט און זיך צענומען, און די צעשמאָלצענע אידייען האָבן זיך קריסטאַליזירט, האָט מען געקאָנט זען, אז דאָס פייער פון אינעווייניס איז גאָלדיק־רויטלעכער שיין.

איגנאַטאָוו האָט פון דער היים — פון זיין אינוועניקסטער היים — מיטגענומען זיין מאַנער פון איבערשאַפן, איבערשפּיגלען די ווירק־לעכקייט: ער וואַרפט צוערשט ארויס א שיין. דאָס שטיק ווירקלעכקייט, אויף וועלכער זיין שיין איז געפאַלן, טיילט ער אויס, לייטערט זי, לייטערט זי און לייכט אויף איר, ביז זי קריגט די זעלביקע גאָלד־רויטלעכע ליכטיקייט, ווי דער שיין, וואָס ער האָט ארויסגעוואָרפן. ער זעט גאָלדענע זונען, גאָלדענע נעצן, גאָלד, גאָלד. פון דער מאַנערע וועט ער ניט און טאָר ער ניט אַוועקגיין, זי איז אים איינגעבאָרן.

ווי באַקומט ער פון זיך ארויס דעם שיין? אָה, דאָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע, דאָס אייגנטימלעכסטע ביי אים, זיינס און נאָר זיינס. ער נעמט זיך צייכנס, סמנים, פעטישן. יידישלעך, אַלט־יידישלעך. אפשר נאָך פון די צייטן, ווען מיר האָבן ארומגעוואַנדערט אין דעם מדבר. איר געדענקט? „שטעל אַוועק א שטיין און זאָל עס דיר דינען פאַר א דערמאָנונג”. און שפּעטער: „טו עס אָן אַלס א צייכן צווישן דיינע אויגן”. און נאָך שפּעטער: „מרור — אָן עראינערונג אָן די

ביטערנישן, וואָס דו האָסט געליטן". און גאָר נאָענט צו אונדזער צייט: קמיעות, דעם צריק'ס אַ מטבע'לע.

ביי איגנאַטאָוון זיינען דאָס גיכער פון אַלץ קמיעות, פאַררעדטע, אָפּגעשפּראָכענע זאַכן: ווינט, פראָסט, שניי, זומער, רעגן, קלאַנגען, פייער. באַגריפן: ווייסקייט, ווייטקייט, רוים. אידייען: מוטערשאַפט (אין „צוויי קרעפטן"), ריינקייט פון יידישן בלוט (אין „פיבי"), לעבעדיקע באַשעפענישן: שלאַנגען, מענטשן — „דאָס גאָלדן אינ־געלע".

און האָט ער זיך אויסגעקליבן זיין סימן, האַלט ער אים פאַר זיך און גליט אים ביז צום גאָלדענעם שיין און דאַן רעדט ער פון סימן אַראָפּ זיין מעשהלע, זיין לעגענדע, זיין דערציילונג. דאָס קען זיין אַ מעשהלע אין אַ מעשהלע, אַ לעגענדע אין אַ לעגענדע, אַ דערציילונגל אין אַ דערציילונג.

דאָס גאַנצע איז סטיליזירט לויט דעם גאָלדענעם סימן, אויסגע־האַלטן אין זיין שאָטן און שיין. דאָס איז ווי מוזיק אין ווערטער, וואָס וואַריאירט דעם הויפּט־טאָן אין פאַרשידענע גראַדן, הויכקייטן, טיפ־קייטן און ברייטקייטן.

ווען דאָס איז אַ לעגענדע, איז ווי אַ קאַמערטאָן וואָלט אַ קלונג געטאָן און דערנאָך וואָלטן די ווערטער נאָכגעזאָגט געוואָרן נאָכ'ן אָפּהילכנדיקן קלאַנג. דער גאָלדענער סימן איז ווי אַ טאָן שליסל, וואָס לאָזט ניט די טענער זיך פאַנאַנדערפליען.

ווען דאָס איז אַ דערציילונג, איז ווי אַ נעץ וואָלט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דערווירקלעכקייט און אַרומגעכאַפּט אַ שטיק, און זע: אַ גאָלדיק שטייגל, וואָס לייכט זיך פון אינעווייניק. און דער סימן איז ווי אַ גאָלדענער שליסל, וואָס פאַרשליסט עס.

דער סימן איז ווי אַ שליסל, אַ זיגל, אַ רינגל, וואָס האַלט דאָס גאַנצע צוזאַמען און לאָזט עס ניט פאַנאַנדערפאַלן.

אַמאָל טרעפט, אַז דער סימן איז ניט גענוג אָנגעגליט. פאַרשלאָסן איז עס, די גאַנצקייט איז דאָ, אָבער דער שיין איז בלייך. אַזוי ווי דער „פאַרבלאָנדזשעטער חתן", אָדער די פּערטע מעשהלע פון די „באָבעס מעשיות" אין „צוקונפט" פון די לעצטע מאָנאַטן. די ערשטע דריי פלאַקערן און לעשן זיך נאָך דעם פייער אין דער הארובע, נאָך וועלכער זיי זיינען אָנגעגליט.

און אַמאָל פאַרקערט. עס איז דאָ די עכטע גלוט, אָבער עס איז ניט גוט פאַרשלאָסן, און עס גיסן זיך אַריין פרעמדע טענער, איבער־געריסענע טענער, אַ טאָן איבער אַ טאָן, ווי אין איינער פון די אָנגע־גליטסטע איגנאַטאָווס מעשהלעך: אַמאָל איז געווען אַ נאַר. און עס קען טרעפן, אַז דאָס גאַנצע געפלעכטס נעמט זיך פאַנאַנדער—די נעץ און די שטייג צעשפּרינגען—און עס מישן זיך דורך שטיקער ניט אָנגעגליטע, ניט געלייטערטע ווירקלעכקייט מיט שפּליטערס פון גאָל־

דענעם סימן — און עס ווערט א צעטומלעניש, א ווירוואר, ווי מאנכע שטעלן אין ראמאן „אין קעסל־גרוב".

צו די פארענדיקסטע געביידן ביי איגנאטאָן — דורך און דורך פארזיגלטע און דורכגעלויכטענע — געהערט די מעשהלע וועגן „שטורעם־שפילער" און די ביבלישע פאעמע „דער גבור".

עס איז אפשר שווער פאר איינעם, וועמעס בליק איז ניט געוואוינט צו גלי־שיין, אין זיי אריינצודרינגען. בפרט, ווען אזא איינער האלט, אז אומעטום דארף זיך א טירעלע פאר אים עפענען אזוי לייכט, ווי די טיר אין זיין שלאָפצימער. דער געוואגטער האט ניט מורא אויפצורייסן א זיגל. און ווער עס איז אריינגעדרונגען, דער וועט דורכגיין דורך און דורך מיט א פארכאפטן אָטעם.

אויב איר ווילט, האט דער „שטורם־שפילער" א גאנץ פשוטן סוזשעט: א בעטלער ווערט שיר ניט פארפראָרן אין וואלד פון אָן אָנגעלאָפענעם שטורם־פראָסט — א זאך, וואס איז פיל מאָל דערציילט געוואָרן. אָבער פאר איגנאטאָוון איז ניט דער סוזשעט דער עיקר — דער סוזשעט ווערט איבערגעגעבן אין צוויי שורות—נאָר די מעשיות, וואס די זאכן דערציילן וועגן זיך גופא: דער פראָסט, דער שניי, דער ווינט, דער הור־הא, דער אימפעט, דער קנאל, דער פייף און די דינע, שלאנקע רוזין־דרזין. די אלע קלאנגען, וואס דערטראָגן זיך צו דעם ביז צום טויט פארפראָרענעם בעטלער. ניט נאָר מאכט איגנאטאָוו דאָ לעבעדיק שטומע זאכן און באגריפן, נאָר ער מאכט זיי אויך ריידן, אליין ריידן און דערציילן—ער איז ווי אָפגעטראָטן אָן א זייט און עס שפילט זיך אָפּ אָן אים א ראָמאן פון ליבע און אייפערזוכט, טריי און פערראט, געפאר און העלדן־טאטן. איגנאטאָוו האט דאָ צונויפגענומען אלע זיינע מיטלען—ניט איין סימן האט ער אוועקגעשטעלט, נאָר א סך סימנים און גליט זיי און טונקט זיי אין שיין און רעדט פון זיי אראָפּ זייערע שטומע געהיימע געשיכטן. און עס באקומען זיך קלאנגען, וואס מאלן מיט ליכטיקע געפארבטע ווערטער. און פון אלע קלאנגען א שיינענדיקע הארמאָניע.

דאס איז פערל אין שיינענדיקייט און אָפגערונדעטקייט. יענע לייט, וואס מוזן פריער נעצן געשאפענע ווערטער אין שפייעכץ, אום זיי צו צעקייען, האבן דעם פערל ניט געקענט איינבייסן און האבן אים באַשפּיגן — די וואונדערבארע זאך, וואס וועט נאך אמאל פון יידישע קינדער געלערנט ווערן, אויף אויסוויייניק.

אין „גבור" איז איגנאטאָוו ניט אזוי פריי געווען אנצוגיין מיט זיינע סטיליזירנדיקע מיטלען, ווי אין „שטורם־שפילער". ער איז געבונדן געווען מיט א סוזשעט פון דרויסן: די טראַגעדיע פון יפתח און זיין טאָכטער. זיין טעכניק ארבעט דאָ ניט אזוי אויפן אינהאלט, ווי אויף דער דעקאָראציע. דער דעקאָראטיווער טורעם, וואס איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אין אָנהויב פון דער פּאָעמע — א טורעם, וואס מען קען אים

נאָר מאָלן, נאָר ניט בויען — שטייט ווי א היטער פון דעם סטיל און גאַנצקייט פון דער פּאָעמע. די פּאָעמע, אין איר געבוי און געפלעכטס, צילט כסדר צו אים, דעם שפּיצנטורעם אין די בערג, ווי צו אן אויפ־געטורעמטע פּאַנאָראַמע.

אָבער אויך א מערקווירדיקן אופן חזרט איבער און שפּיגלט אָפּ די אידייע פון דער פּאָעמע איגנאַטאָווס טעכנישן בוי־מיטל. די פּאָעמע האָט צוויי שליסלען, וואָס פאַרשליסן זי — צוויי קמיעות: דעם טורעם און דעם נדר, וואָס יפתח האָט זיך געגעבן.

איגנאַטאָווס טאָן־שליסל, וואָס ער שטעלט אוועק אין אָנהויב פון זיין סטיליזירטער מעשהלע, איז דאָך אייגנטלעך אויך א נדר ניט אָפּצוטרעטן פון א געוויסן טאָן. ער פאַרשווערט זיין מעשהלע מיט א וואָרט, מיט א סימבאָל, זיך צו האַלטן פעסט אָן וואָרט, אָן סימבאָל, אום ניט צו צעפאַלן ווערן אין שטויב.

יפתחס נדר איז יהוה. אום צו זיגן איבער די בני עמון, רופט ער דאָס פאָלק זיך אָפּצוקערן פון מולך און עשתרת און זיך צו פאַרשווערן אין יהוה. מיטן נדר „יהוה!" פאַרכישופט ער זיינע מחנות און פירט זיי פון זיג צו זיג. אָבער דאָס אומדאַנקבאַרע פאָלק צאָלט אים מיט פאַראַכטונג, ווייל ער איז א בן זונה, און רייסט זיך ווידער ליין פון יהוה, אום גלייך באַלד צוריקצוקומען צו יפתחן זיך בעטן, ער זאָל זיי ווידער ראַטעווען פון שונא. דאָס איז דער לעצטער נסיון: אָדער יהוה, אָדער מולך. אַלץ איז אין קאָן: זיין געפּלאָגט לעבן, זיין פאָלק און יהוה. און ער פאַרגעסט זיך אָן זיין נדר צו „יהוה" און אין פאַרקרעמפּטן וואַנזין גיט ער זיך א צווייטן נדר: צו ברענגען פאַר א קרבן דאָס ערשטע לעבעדיקע באַשעפעניש, וואָס וועט אים אַנטקעגן קומען. און ער פאַרזינדיקט זיין טאָכטער. ער ווערט באַשטראָפט מיט דער זעלבער עבירה, מיט וועלכער דאָס פאָלק פלעגט דערצאָרענען יהוה — מיט א מענטשלעכן קרבן.

דאָס איז יפתחס טראַגעדיע לויט איגנאַטאָווס „גבור". ווען עס וואָלט ניט געווען די אָפּגעשיידקייט צווישן דער דעקאָראַטיווער אויסער־ליכקייט פון דער פּאָעמע און איר אינערלעכער טראַגישקייט — די אידייע קומט אוים ווי צופעליק פאַרבלאָנזשעט אין דער פּאָעמע — וואָלט עס געווען א וואונדער־ווערק.

יפתח איז באַגאַנגען א פעלער. וואָס איגנאַטאָוו באַגייט אמאָל אין זיין טעכניק: ער לאָזט פאַלן א נדר, שפּאַלט אים און פאַר־שווערט זיך מיט א צווייטן, און ער ווערט פּונקט אַזוי באַשטראָפט: עס צעפאַלט א געביידע, וואָס ער האָט מיט מי אויפגעפירט.

מיר האָבן דאָ געפונען א בעסערן אויסדרוק פאַר איגנאַטאָווס טאָן־שליסל: א נדר. עס איז נאָך יידישלעכער ווי צייכן, סימן און קמיע. איגנאַטאָוו פאַרשווערט דעם גאָלדענעם שיין מיט דעם צויבער־וואָרט, אָן וועלכן דער שיין איז אָנגעהילט, פאַרשווערט אים, ער זאָל זיך האַלטן

גענוג עכט, גענוג לאַנג און גענוג טיף, ער זאָל דורכנעמען און דורכ־לייטערן די ווירקליכקייט, פון וועלכער איגנאַטאָוו וויל מאַכן זיין מעשהלע.

פרעגט זיך: פון וואַנען נעמט איגנאַטאָוו דעם גאָלדענעם שיין, אין וועלכן ער פאַרשווערט זיינע מעשהלעך? דער ענטפער וועט אונדז אַוועקפירן פון דער טעכניק, מיט וועלכער מיר האָבן זיך ביז אַהער פאַרנומען, און ברענגען צו דעם אינהאַלט פון איגנאַטאָווס שאַפן.

קאַפּיטל 2

# איינגעשוואָרענער עקסטאַז

מען האָט גענומען ביי אש׳ן, יהואש׳ן, פינסקי׳ן, רייזענען נאָר אַ צענטן חלק אפשר פון דעם, וואָס מען קאָן ביי זיי נעמען. אָבער זיי זיינען גענוג „רעקלאַמירט”, און דאָס, וואָס זיי זיינען ניט דערשעצט, איז ניט קיין שטער אין זייער שאַפן. פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס זיינען רעקלאַמירט ווייט איבער זייער ווערט, און שאַפן אַוועק יאָרן מיט דעם אימפּעט פון דער רעקלאַמע. איז דאָך ניט מער ווי רעכט, מען זאָל נעמען „רעקלאַמירן” די יעניקע, וואָס האָבן קענגן זיך אַן „אָרגאַניזירטן מיספאַרשטענדעניש”, וואָס פאַרלויפט זיי אַלע זייערע וועגן. און איך טו דאָס. איך מאַך אַן אויסשטעלונג פון דעם גוטן, וואָס ביי זיי איז פאַראַן, און פון שלעכטן נאָר אַף אַזוי פיל, דאָס גוטע זאָל זיך נאָך שאַרפער אַרויסזען. דאָס איבריקע שלעכטע זוכט זיך אַליין, אויב איר האָט הנאה דערפון.

***

„אַ מעשה פון איינעם, וואָס מען האָט אים געשענקט אַ גאָלדענע זון. ער האָט די גאָלדענע זון אַ שליידער געטאָן אַן דר׳ערד. די זון איז זיך אין שטיקער צעפלויגן. איצט גייט ער אַרום זיין גאַנצן לעבן און זוכט די זון, און קלייבט שטיקלאַך פון איר, און וואו נאָר ער קערט זיך, און וואו נאָר ער ווענט זיך, זעט ער פאַר זיך אין שטיקלאַך זיין זון, זיין גאָלדענע זון”.

דאָס איז אַ ציטאַטע פון דער דערציילונג „גאָט באַהיט און באַשיץ”. געדרוקט אין דער ווילנער „יידישער וועלט”. דאָס איז מער ווי אַ ציטאַטע: די גאַנצע דערציילונג איז אַ מעשה פון איינעם, וואָס האָט אָנגעוואָרן זיין גאָלדענע זון — די געליבטע, מיט וועמען בשותפות ער האָט פאַרחלומט זיין לעבן. איצט זוכט ער אין צופעליקע גרוסן, אין די מינדסטע אָנצוהערענישן זייערע באַקאַנטע שפּורן פון דעם, אַז זי בענקט נאָך, רייסט זיך צו אים, אַז זי חלומט נאָך ווייטער זייער

בשותפות'דיקן חלום. די פּאָר שורות פלעכטן זיך כסדר אריין אין דער דערציילונג, ווי אַ מאָטיוו, אויף וועלכן איר ניגון זינגט זיך אויס. זיי זיינען די טאָן־שטעלער, די „טאָן־געבער" פון דער דערציילונג.

און אויך אַזוי דאָס קעפּל: „גאָט, באַהיט און באַשיץ". דערבאַר־מונג איז אַ באַגלייטנדיקער מאָטיוו, וואָס פאַרשליסט און עפנט דעם הויפּט־מאָטיוו ביי די אָפּשטעלן. איינמאָל, ווען די זינד איז נאָענט צוגעגאַנגען, האָט זי זיך צוקושט מיט איר. אַ געקרייציקטער דורך איר פאַרראַט, טוט ער דאָך תפלה פאַר איר: גאָט, באַהיט און באַשיץ מיין זינדיק קינד!

און איבער דעם ספור המעשה — אַ גראָבע שטיק ווירקלעכקייט: אַ געליבטע פון אַ פאַרחלום'טען בחור טרעפט זיך צופעליק ביים ים מיט אַ געזונטן חברה מאַן. מיט איר קלוגן פרויען־קעפּל רעכנט זי אויס, אַז דער לוינט זיך בעסער. און קונציק ברענגט זי דערצו, אַז איידער זי זעט זיך נאָך אַרום זאָל זי פאַרפירט ווערן — איבער דער מעשה וועבט זיך נאָך אַ מעשה'לע אין דער לופטן: אַ רייטער אויף אַ שוואַרצן פערד לאָזט זיך פייל פון בויגן אין אַ פאַרבענקטן פאַרנאַכט צו אַ פינסטערן וואַלד, וואו זיין געליבטע איז פאַרלאָרן געגאַנגען, און ער ברענגט זי צוריק אַ צוגעטוליעטע צו זיין האַרצן, צום גרויען איינ־זאַמען הויז אויפ'ן וועג. און עס געשעט אַ וואונדער: דאָס גראָבע שטיק ווירקלעכקייט שטעקט זיך אָן פון דער לעגענדע פון אויבן און ווערט אַליין אַ לעגענדע.

און אַ פערטער טאָן אין אַ ווייטן הינטערגרונט: דאָס ווייכע, לאַשטשענדיקע גלעטן פון אַ פאַרכישופטן וואַסער פון ים.

פיר טענער נעמען זיך חבר'ש פאַר די הענט און טראָגן דורך די דערציילונג אויף זיך, סטיליזירן זי — פיר „טענער"־סטיליזאַטאָרס. די גאַנצע דערציילונג איז ווי צו באַשטעטיקן און צו אילוסטרירן איגנאַ־טאָוו'ס מערקווירדיקע טעכניק: אַז ער בויט זיינע געשיכטן אויף איינ־געשוואָרענע סימנים, נדרים. וועמען איך האָב ניט איבערצייגט מיטן פאַרדעמדיקן עסיי, זאָל לעזן „גאָט, באַהיט און באַשיץ". איינע פון די מזל'דיקסטע זאַכן ביי איגנאַטאָוו'ן. איך זאָג דרייסט: איינע פון די פּולקומענסטע לויט דער פאָרם אין יידיש.

איגנאַטאָוו באַהערשט איצט זיינע מיטלען, ווי אַ מאַכטהאָבנדער. און איר זעט דאָ צו וואָס איגנאַטאָוו דאַרף די אַלע קונציקע מיטלען פון זיין טעכניק — דאָס איינריידן און איינשווערן זיינע מעשות אין סימבאָלן און לעגענדען.

„גאָט באַהיט און באַשיץ" איז געבויט אויף אַ צופעליקער באַ־געגניש פון דעם העלד מיט זיין אַמאָליקער געליבטער. די לעגענדע האַקט זיך איבער אין מיטן צו מאַכן פלאַץ פאַר דער באַגעגניש, און איר מערקט ניט די איבערגאַנגען און די ווירקונג: דאָס גראָבע שטיק

ווירקלעכקייט איז דערהויבן צו דער הויך פון א געלייטערטער לעגענדע.

און די וואונדער, וואָס זיין טעכניק שאַפט מיט דער נאַטור: איגנאַטאָוו מאָלט ניט די נאַטור, וואָס ער זעט, נאָר ער מאָלט זי פון עפּעס א פאַנטאַסטישער מאָלעריי. און דער עפעקט: איר שפּאַצירט מיט אים דורך א פאַרצויבערטער נאַטור, וואָס ליגט ערגעץ ארום א געהיימען שלאָס, צו וועלכן קיינער האָט קיין צוטריט ניט. נאָר די נאַטור אליין רעדט צו אייך מיט אַנצוהערענישן און לאָזט אייך טרעפן דעם געהיימניש.

און דיזעלבע טעכניק ווענדט ער אויף מענטשן און אויף אלץ, וואָס פּאַסירט מיט זיי. און איר דערקענט גלייך: איגנאַטאָוו׳ס טעכניק איז אייגנטלעך אויך זיין צוועק: זיין פאָרם איז זיין אינהאַלט. ניט נאָר זיינע מעשות נעמט ער אונטער א נדר, נאָר ער נעמט אויך אונטער א נדר די פּאַסירונגען; ניט נאָר זיינע ווערטער סטיליזירט ער, נאָר די ווירקלעכקייט. ער פאַר׳חלומ׳ט דאָס שטיק לעבן, וואָס זיינע העלדן גייען אויסלעבן. די פאַרגאַנגנהייט מאַכט ער צו חלום און די צוקונפט צו חלום, און דער היינט מוז שוין במילא ווערן א חלום. ער פאַר־חלומ׳ט די ווירקליכקייט און פאַרשליסט זי מיט א וואָרט און זי קען פון חלום ניט ארויס.

וואָס טרייבט איגנאַטאָוון צו פאַרחלומען די וועלט, פון וואַנען נעמט ער אזוי פיל חלום אויפן וואָר? אָ, איגנאַטאָוו האָט אין זיך דעם אוצר פון חלומות — עקסטאַז, פון אים באַקומט ער ארויס דעם גאָלדענעם שיין, וואָס לויכט אויף אלץ, וואָס זיין אויג זעט.

עקסטאַז מיינט, אז איינער זינגט זיין לעבנס ליד מיט צען אָק־טאַוועס העכער פון געוועגלעכן טאָן. ער פילט צענפאַכע טעמפּעראַטור פון פרייד און לייד. דאָס איז א מערקווירדיקער צושטאַנד: ווען איינער איז אין עקסטאַז, איז פאַר אים א וואָרט — כישוף. דאָס ארויסגערעדטע וואָרט איז ווי א באַפעל: עס זאָל געשען! און עס געשעט.

דער כישוף פון וואָרט איז אן אמת — אן אמת פאַר אלע עקסטאַז־מענטשן. פאַר איגנאַטאָוון, ווי פאַר זיינע העלדן, איז אן ארויסגערעדט וואָרט א נדר, וואָס האַלט אים געפאַנגען. ער איז א פאַרכישופטער דורך זיין וואָרט. ער, ווי זיינע העלדן, איז שטענדיק אין געפאַר איינ־געשוואָרן צו ווערן דורך א צופעליק וואָרט.

און דעם עקסטאַז־מענטשן האָט איגנאַטאָוו דערזען אין לעבן, און דורך אים זעט ער אלע איבעריקע מענטשן און די גאַנצע וועלט. ער הייסט ביי אים ברוך. ווער איז ברוך? איינער פון אונדזערע. א געשטאַלט, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אויפן טראַגישן הינטערגרונט פון פּאָגראָמען. דער געגנזאַץ פון דעם אלטן ניכטערן און קלוגן טיפ

פון יידישן רעוואָלוציאָנער, וועלכער איז צוגעשוואָומען צו פריי־זיין דורך די קאַלטע וואַסערן פון לאָגיק.

אין הינטערגרונט פון ברוכס באַוואוסטזיין ברענט כסדר די דערינערונג אָן זיין מוטער, וועלכע איז משוגע געוואָרן פון אַ פּאָגראָם. וויפיל ער גיט זיך ניט די מי עס צו פאַרגעסן, פאַרגעסט ער עס ניט. און די דערינערונג היצט זיין מוח, און ער ווערט איבערגעלאָפן מיט ענטוזיאַזם און ער איז תמיד פאַרטאָן אין פּלענער, וואָס דאַרפן זיין ענטוזיאַזם פאַרקלײדן. און ער בויט פּלענער און פערברענט זיי, אַזוי גיך, ווי זיין ענטוזיאַזם איז זיי איבערגעלאָפן. די פּלענער דינען אים נאָר אַלס מיטל צו ברענגען דאָס לעבן צו איין טעמפּעראַטור מיט זיין נשמה — דאָס לעבן זאָל געהייליקט זיין, אַ פייער טאָג, אַ יום טוב.

אַזוי שפּרייזנדיק פון פּלאַן צו פּלאַן, מיט דעם ענטוזיאַזם, וואָס לויפט אים פאָראויס שפּאַרט ער אָן די ברעגן פון אומענדלעכקייט, און דאַרט רוט ער, און עס באַפאַלט אים גאָטס הויך — אַ מיסטישע שטימונג. ווידער אַמאָל אין געגענזאַץ צו די געמיטלעכע גאָט־פאַרלייר־קענער, מיט וועלכע עס שווייבלט און גריבלט די ראַדיקאַלע גאַס.

און דערפאַר זעט איר, אַז ברוך איז שטענדיק אין געפאַנגענשאַפט ביי ווערטער, ביי צוואַנגס־אידייען. דאָס זיינען שאַרפע שאַרפנדיקע, ברייענדיקע און גליענדיקע אידייען, וואָס צעשמעלצן דאָס אָרעמע, קליינ־לעכע, נאַרישע און וואָכעדיקע לעבן, און פון דעם צעשמאָלצענעם פורעמט ברוך זיינע יום־טובדיקע לעגענדן.

ברוך איז פילגעשטאַלטיק. עס ווענדט זיך אָן דעם „סטיליזאַטאָר" — דעם וואָרט, די אידייע, מיט וועלכער ער האָט איינגעשוואָרן זיין עקסטאַז: אַמאָל איז דאָס עקל צו דער מעכאַניקע פון געבורט קאָנטראָל; אַמאָל האַס צו דער יידישער טאָכטער, וואָס האָט אויסגעמישט איר בלוט מיט גויאישן; אַמאָל וויי איבער דעם אונטערגאַנג פון יידן; און אָפט אויך: רעטונגס־פּלענער — נייע דערפער, קאָלאָניעס, אַרבעט אויף דער פרייער לופט, פרישע, פרייע געשווינדטע באַוועגונג, דאָס צונויפגיסן זיך מיט רוים און ווייטקייט. און איבער אַלעמען דער לאָזונג: פייער — אַ פייער, וואָס זאָל פאַרברענען די וועלט.

אַלע איבעריקע מענטשן קען און אָנערקענט איינגאַטאָוו נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זיי האָבן אַ שייכות צו ברוכן: בונים, ברוכס נאָכקרימעניש, זיין שאָטן. בונים פאַרליבט זיך אין אַלע מיידלאַך, וועלכע ברוך ליבט. בונים דאָס איז ברוך, אָן ברוכס שוואונג און חלומות. מאַקס — דער ערלעכער נעגנזאַץ פון ברוכן, דער פּראָסט פּשוטער בחור.

און ברוכס שפּיל־פּאַרטנערין — חנה. ברוכס ערשטער חלום קאָן ניט געבאָרן ווערן אָן באַהעפטונג צו אַ פרוי. און די פרוי איז חנקע, איינע פון יענע יידישע מיידלעך, מיט ניכטערע קעפּלעך און פאַר־חלומטע הערצער, וואָס צו 17 יאָר מאַכן זיי מיט אייך שותפות און

חלומען מיט אייך אויס אייער לעבנס־וועג, ציטערן און פלאַטערן און „פאַרגעטערן”, און צו 18־19 האָבן זיי חתונה מיט אַ בחור אָן חלומות, און דערנאָך קרעכצען זיי דאָס גאַנצע לעבן און מיינען נאָך אַלץ, אַז זיי זיינען פאַרליבט אין ברוכן, ווען ברוך איז דערביי ניטאָ. קומט ער אָבער צו נאָענט, זאָגן זיי, אַז זיי ליבן מאַקסן.

זיי זיינען בטבע „פאַררעטערינס” און ברוך האַסט זיי, און חלומט אָנשטאָט זיי אויס אַ סך, אַ סך חנקעס, וועלכע ער נעמט אַריין אין שפּיל.

אַלע איבעריקע פרויען־געשטאַלטן נעמען זיך ביי איגנאַטאָוון פון חנקען אַרויס: לאה מיט אַ פּערטעלע פון חנקעס פעיקייט צו פאַר־חלומען זיך, ביילקע מיט אַ ליידיקן אָרט אין האַרצן, וואָס אַ חלום דאַרף פאַרנעמען. פּיבי איז אַ פאַרגויאישטע חנקע: חנקעס ניצוץ, דערטרונקען אין גויאישן בלוט. ניט לאַנג צוריק האָט איגנאַטאָוו אַנטדעקט אַ פּאַרציייטיקע חנהקע — די באָבע מלכה, וועלכע לעבט איר לעבן אָפּ אין חלומות.

ברוך און זיין געשען מיט חנהקען איז דער אינהאַלט פון איגנאַ־טאָווס אַלע דערציילונגען: „עס רעגנט”, „דאָס גאָלדן אינגעלע” („אַמאָל איז געווען אַ נאַר”), „פּיבי”, „גאָט, באַהיט און באַשיץ” און פון ראָמאַן „אין קעסל גלוב”. אָבער אַזוי ווי ברוך איז אַלעמאָל אַן אַנדערער, און חנה’קע אַלעמאָל אַן אַנדערע און דער עקסטאַז אַן אַנדערער, איז די דערציילונג אַן אַנדערע.

און דאָס איז איגנאַטאָוו’ס אויפטו: ער האָט אַרויסגעבראַכט ברוכן, דעם עקסטאַז־מענטשן, דעם מאַן, וואָס שאַפט זיך אַליין איבער אין שוואונג פון זיין ענטוזיאַזם. ער לייטערט די ווירקלעכקייט, דורכ־טרייבנדיק זי דורך אַ לעגענדע, און לייטערט זיך אַליין איבער צוזאַמען מיט דער ווירקלעכקייט. אין דייטש רופט מען דאָס „פערקלערונג”. ווען קריסטוס איז אַרויף אויפן באַרג, האָט דאָס פאָלק פון אונטן דערזען אים אַ פאַרוואַנדלטן, אַ פערקלערטן, אַן איבערגעשטראַלטן, צוזאַמען מיט משה רבינו און אליהו הנביא.

ברוך איז אַזאַ איבערגעשטראַלטע „פאַרלייטערטע” געשטאַלט.

דער ראָמאַן איז דורך אומבאַמערקט. אָדער ער איז פאַרלאָכט געוואָרן פון יענע „קלוגע” אונדזערע, וואָס פאַרנעמען ביי אונדז דעם שטעל, וואָס נאַראָנים ביי די אומות העולם. אמת, דער ראָמאַן איז ניט אָרגאַניזירט. איגנאַטאָוון איז דאָרט ניט געלונגען דאָס, וואָס איז אים שפּעטער אַזוי גוט געלונגען אין „גאָט, באַהיט און באַשיץ” און אין „פּיבי”: די האַרמאָניע און די פּראָפּאָרציע פון די סטיליזירנדיקע מיטלען. די אַריינגעפירטע, סטיליזירנדיקע אידייען רייסן זיך אַריין אין ראָמאַן ווי די טייוואָלים. און נאָך ערגערעס: די אידייען זיינען צומאָל נישט געלייטערט, נישט סטיליזירט גענוג, און איגנאַטאָוו מעג זיך נאָר מיט אַזעלכע אידייען באַנוצן, וואָס דינען אים אַלס

סימבאָלן. ברוך האָט שוין זיין שטעלונג צום פּראָפּאַגאַנדיסט נחום, אָבער ער האָט נאָך ניט איבערגעוואונדען נחום'ס פּראָפּאַגאַנדע לאָזונגען...

און ניט נאָר ניט סטיליזירטע אידייען געפינט איר אין ראָמאַן, נאָר אויך שטיקער ניט סטיליזירטער, ניט געליטערטער ווירקליכקייט. און ווען ברוך פאַלט אַרויס פון זיין נדר און מישט זיך אוים מיט רויער ווירקליכקייט און רעדט פּשוטע וואָכעדיקע דבורים, ווערט ער, דער „נאָר ניט פון דער וועלט" אויף צו אמתן אַ נאַר.

און אַן אויסגעטאָגענעם, וואָכעדיקן פירט איגנאַטאָוו אים אַריין אין קיבעצאַרניע, צו מענטשן פרעמדע פאַר אים, צו וועלכע ברוך האָט קיין שייכות ניט, און דאָס טאָר איגנאַטאָוו ניט טאָן. מענטשן, צו וועלכע ברוך האָט קיין שייכות ניט, די ניכטערע, די קלוגע, זיינען פאַר אים שעדלעך, און במילא קומט ער אַרויס אַ נאַר.

די אידייע פון ברוכן איז ברייטער און טיפער פון ראָמאַן; ברוך איז דער געבענטשטער און בענטשנדיקער. און פונקט אַזוי ווי איגנאַטאָוו שווערט איין ברוכס עקסטאַז מערסטנס אין האַס און פאַר־אַכטונג, קען ער אים אויך איינשווערן אין אַ ברכה, אין אַ פאָרמולע, וואָס בענטשט דאָס לעבן. אויך ברוך מאַכט פאַרזוכן צו בענטשן, צו בויען. דאָס דאַרף איגנאַטאָוון אין גאַנצן געלינגען אין זיין קינפטיקן ראָמאַן און פאַר וואָס זאָל אים ניט געלינגען? זיין טעכניק איז גענוג־דיק געשטיגן. און אויך ברוך איז אויסגעוואַקסן. דער העלד פון „פּיבי" איז עלטער פון ברוכן. דאָס איז ברוך מיט דערפאַרונג. דאָס, וואָס איז געשען מיט אים פריער, מאַגנעטיזירט די דערציילונג. און דאָס, וואָס געשעט מיט אים איצט, לייענט זיך ווי וואונדער. און אויך זיינע וויזיעס זיינען זאַפטיקער און גראַנדיעזער פון ברוכס.

און ווען יענער ראָמאַן, צו וועלכן „אין קעסלגרוב" איז נאָר אַ פאָררעדע, זאָל אים געלינגען, וועט איגנאַטאָוו זיין ביי אונדז דער פּיאָנער פון ראָמאַן פון בענטשנדיקן ענטוזיאַזם, אויב ער איז עס נאָך ניט איצט.

„אידישער קעמפּער", יולי, 1917.

ב.

# בערמאַן — דער נביא סאָציאַליסט

## קאַפּיטל 1

## ליכט

דער שליסל צו דוד איגנאַטאָווס ראָמאַן „אַף ווייטע וועגן", ווי אויך צו זיין גאַנצן שאַפן נאָכן פאַרעפנטלאַכן, „דאָס פאַרבאָרגענע ליכט" — אַ ווערק, געבויט אויף רב נחמן בראַצלאַווערס מעשיות, זייער איבערדיכטונג אין אַ געבונדענער, געקייטלטער פאָרם — דער שליסל איז ליכט.

ליכט — וואָס אויפן היימישן לשון רופט מען דאָס „נשמה"; אויפן וויסנשאַפטלאַך - פּסיכאָלאָגישן לשון ·איז דאָס „פּסיכישע ענערגיע".

ליכט איז אַ טייער וואָרט; אַ צווישן-וואָרט — צווישן „נשמה" און פּסיכישער ענערגיע; עס קאָן באַפרידיקן סיי די איבער־שיכורע מיסטיקער און סיי די איבערניכטערע וויסנשאַפטלער; דער „זוהר" פינקלט מיט ליכט פון יעדער פינפטער שורה. און זוהר איז ניט ליכטיקייט? נחמן בראַצלאַווער האָט זיין גאַנצן בנין פון חסידות אויפגעשטעלט אויף ליכט — און גלייכצייטיק, אין דער מאָדערנער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט איז יעדע פאָרמע פון ענערגיע, צוזאַמען מיט דער מאַטעריע, אויפגעבויט פון וויבראַציעס, וואָס זיינען זייער נאָענט פאַרוואַנדט צו ליכטשטראַלן; אַז מען וויל, קאָן מען זאָגן, אַז סיי מאַטעריע און סיי ענערגיע איז ליכט, אין פאַרשיידענע מדרגות.

איז עס זייער מיסטיש און זייער וויסנשאַפטלאַך, ווען מיר וועלן זאָגן צוזאַמען מיט איגנאַטאָוון, אַז דער מענטש, ווען ער לעבט, פּראָדוצירט ער אין זיך און פון זיך — ליכט.

„דאָס פאַרבאָרגענע ליכט" הויבט זיך טאַקע ביי אים אָן מיט די ווערטער:

„ווי מיר נוצן האָלץ כדי אַ פייער צו דערהאַלטן, אַזוי נוצן מיר אונזער לעבן, כדי צו דערהאַלטן דאָס אמתע ליכט פון דער וועלט".

מיר לעבן, הייסט דאָס, ניט אַזוי אָן אַ פאַרוואָס, נאָר דאָס איז אַ

מין צינדן זיך און ברענען כדי צו דערהאלטן דאָס אמת'ע ליכט פון דער וועלט.

אָבער איגנאַטאָוו שטעלט זיך דאָ ניט אָפּ; ער באַנוגנט זיך ניט מיט דעם זאָג אַליין; ער גייט ווייטער און זאָגט ווייטער: — „עס איז אמת, אַז דער מענטש לעבט, פּראָדוצירט ער ליכט — אָבער ניט אַלץ הייסט געלעבט. לעבן צו לעבן איז ניט גלייך".

אמת־לעבן הייסט האָרעווען מיט דער נשמה, מאַכן אָנשטרענגונג, פאַרברויכן ווילן; מקריב זיין, זיך מוסר נפש זיין; איינשטעלן ריזיקירן — יעמאָלט ערשט קומט פאָר אין אונדז א פאַרמערונג פון נשמה־ליכטיקייט.

און דער מענטש שפּירט עס, ווען ליכט פאַרמערט זיך אין אים — ער שפּירט עס ווי גלויבן; ער ווערט אָנגעלאָפן מיט גלויבן; ניט גלויבן, וואָס איז אָנגעהאַנגען אָן עפּעס אויסער אים, אויף א נאָגל אין וואַנט, אָדער א טשוואָק אין הימל, נאָר גלויבן, ווי א געפיל: זעלבסט צוטרויען, זיכערקייט, בטחון אין נצחון.

און מענטשן אונטערשיידן זיך ביי איגנאַטאָוון לויט זייער גראַד גלויבן — לויט דער מאָס נשמה־ליכטיקייט, וואָס זיי האָבן אָנגעהאָרעוועט אין זיך, וואָס זיי האָבן זיך אָנפאַרדינט דורך קרבן.

צעפאַלן ביי אים די העלדן זיינע אין פולגלויביקע, האַלב־גלויביקע און ציניקער. די גלויביקע האָבן כוח און וואָג. די ציניקער — מעגן אויסערלאַך ווי גלאַנצן, אין לעצטן חשבון וועלן זיי זיך אַרויסשטעלן אָן כוח און אָן וואָג; נישטיקע, מאַכטלאָזע, פלאַכע, אומ'ממשותדיקע באַשעפענישן — ווי פון לופט געמאַכט. אָדער אפשר גאָר פון א האַלץ אַזאַ, וואָס ברענט ניט, כאָטש עס טשאַדעט.

און דאָס איז נאָך ניט אַלץ: דעם מענטשנס גורל ווערט באַשטימט לויט דער ליכט־וואָג פון זיין נשמה, לויט איר מאָס ליכטיקייט. מיט א מענטשן האָט וואָס פּאַסירט. דאָס אויסערלעכע אויג זעט אפשר ניט, פאַרוואָס האָט אַזוי פּאַסירט; אָדער זעט א ריין־מאַטעריעלע סיבה הינטער דער פּאַסירונג. אָבער דאָס האָט די געהיימע „מאָס און וואָג" אין אים געמאַכט, אַז עס זאָל אַזוי פּאַסירן.

וואָלט זיך געפאָדערט א לענגערע דערקלערונג, כדי עס מקרב צו זיין צום לאָגישן דענקען, אָבער פאַר קורצקייט וועגן, וועל איך עס בעסער אילוסטרירן מיט א בילד:

ווי יעדער מענטש וואָלט געהאַט איבער זיך אַן אומזיכטבאַרן שר, וואָס פירט דעם חשבון פון זיינע נשמה־דערגרייכונגען, און דער שר מאַכט עס, זאַכן זאָלן פּאַסירן צו דעם מענטשן, זיין לעבן זאָל זיך פאַנאַנדערוויקלען אין פּאַסירונגען — רעאַלע פּאַסירונגען, אָבער דאָך כמעט ווי צוגעגרייטע, ווי זיי וואָלטן געוואַרט אויף אים. דאָס אויסער־לאַכע אויג זעט א לויף פון פּאַסירונגען, וואָס זיינען געקייטלט דורך

מאַטעריעלע סיבות; אין דער אמתן איז דאָס אַ געהיימע, אָבער אַ רעאַלע מעשה, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין זיין נשמה, וואָס דער שר זיינער דערציילט עס צו די מלאכים אין הימל, און צו פּאָעטן אויף דער ערד.

איגנאַטאָוו וואָלט געזאָגט: יעדער מענטש דערציילט זיין מעשה פאַר דעם „אייביקן ליכט פון דער וועלט".

איבער יעדן מענטשן לאָזט זיך אַזאַ מעשה דערציילן. יעדער מענטש איז אַ מעשה.

מיט אַ דור און מיט אַ פאָלק איז ווי מיט אַ יחיד — וויפיל די נשמה פון דור, פון פאָלק האָט וואָג, מהות, „ליכט", אַזויפיל אויפטו איז זיי באַשערט. און פּונקט ווי ביים יחיד, געווינט די נשמה פון אַ פאָלק וואָג, מהות, „ליכט" — דורך גלויבן, דורך האַנדלונגען אין גלויבן, דורך קרבן, דורך גרייטקייט צו קרבן, דורך מסירת נפש, און דאָס איז עס, וואָס באַשטימט דעם פאָלקס גורל, דעם פאַרלויף פון זיין געשיכטע. אַ באַרג אַרויף פון פאַסירונגען, וואָס שפּיגלען אָפּ די שטייגנדיקע מעשה אין דער נשמה — אין דעם גייסט פון פאָלק.

איגנאַטאָוו לאָזט דעם הויפּט־העלד פון „אויף נייע וועגן" — בער־מאַנען — עס זאָגן אויף זיין מיסטישן לשון: „די מעשיות פון אַ פאָלק זיינען דעם פאָלקס טרעפּ צו ריינער געטלעכקייט".

דאָס איז איגנאַטאָווס זוהרדיקע מעשה־פילאָזאָפיע, וואָס ער האָט זיך צורעכט געמאַכט, איבערדערציילנדיק רב נחמן בראַצלאַווערס מעשיות אין זיין „פאַרבאָרגענעם ליכט".

און אַז מען וויל קאָן מען די דאָזיקע מעשה־פילאָזאָפיע, נאָך אביסל מי, אויך איבערזאָגן אויף ריין־מאַטעריאַליסטישער שפּראַך, און זי זאָל זיך לייגן אויפן ניכטערן שכל — „ליכט" איז ביי איגנאַטאָוון דאָס צווישן־וואָרט, וואָס פאַרבינדט דאָס מיסטעריעזע מיט דעם רעאַלן. דאָס מיסטעריעזע איז דער אונטערשלאַק פון רעאַלן, און דאָס רעאַלע דער איבערשלאַק פון מיסטעריעזן. אָדער ווי עס הייסט ביי אים אַליין: דאָס רעאַלע זיינען די ציגל פון דער געביידע, און דאָס מיסטעריעזע דער צעמענט, וואָס האַלט די ציגל צוזאַמען.

כאַראַקטעריסטיש פאַר איגנאַטאָווס אייגנאַרטיקער מעשה־פילאָ־זאָפיע איז דאָס, וואָס ליכט און מיסטעריע זיינען ביי אים זאַכן, וואָס מען קען כמעט אָנטאַפּן מיט דער האַנט:.

„דאָס איינזאַמע בענקען פון דעם מענטשן שאַטנט זיך אַריין אין דער ליכטיקער גרויס פון דער נאַכט און ווערט דורכדעם דורכזיכטיק. און די ליכטיקייט ווערט דורכדעם אַזאַ, אַז מען קאָן זי איצט אָננעמען מיט דער האַנט און דריקן צום האַרצן".

אָדער:

„אַ גאַסט מאַגנעטיזירט כמעט שטענדיק אַרום זיך דאָס ליכט פון

הויז. אויסער דעם ליכט פון הויז קריגט ער נאָך צו דאָס ליכט פון די אויגן פון די שטוביקע; יעדערער טיילט אים צו אַ טייל פון זיין ליכט.

„איז בערמאַן אַזוי געזעסן ווי אין אַ ליכט־קרייז און אַזוי ווי אויפגעלויכטן פאַר אַלעמען. עס האָט אויסגעזען, אַזוי ווי ניט נאָר אַלעמענס אויגן, נאָר אויך, אַז דאָס ליכט פון דעם לאָמפּ וואָלט זיך געצויגן צו אים".

דאָס איז וועגן ליכט. און מיסטעריע איז ווי מאַטעריע. — עס האָט געזאָלט זיין אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, לויט אַ צייטונגס־מעלדונג, און עס איז ניט געווען.

דער רוס שליאַפּניקאָוו קאָן דאָס ניט אַראָפּשלינגען:

„אַ שווערע ביטערקייט אויף דעם אייגענעם פאָלק האָט זיך גע־נומען הויבן אין שליאַפּניקאָוון. דאָס פאָלק, זיין פאָלק, איז אַ קריכנ־דיקער וואָרעם. און ער רופט זיך אָן צו בערמאַנען.

— און דו זאָגסט פונדעסטוועגן, אַז די רעוואָלוציע וועט קומען. ווי אַזוי פאַרט וועט זי קומען, אויב דאָס פאָלק איז פויל און שווער־מוטיק, ווי אַ קריכנדיקער וואָרעם?

— אין דער מיסטעריע פון רעוואָלוציע איז שוין פאַראַנען אַט־יענער כוח, וואָס — ווען זי שלאָגט אין נאַבאַט, גיט דאָס פאָלק, אַט־דער לאַנגזאַם־קריכנדיקער וואָרעם, זיך פּלוצלונג אַ הויב און אַ שפּרונג און דער קריכנדיקער וואָרעם ווערט ממש פאַר די אויגן פאַר־וואַנדלט אין אַ פליענדיקער וואונדער־שלאַנג — ענטפערט בערמאַן".

און ווייטער:

„— ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן פאַר דער מיסטעריע פון זאַכן. די מיסטעריע איז ממש די ערד אונטער אונדזערע פיס.

— די מיסטעריע איז דאָך עפּעס אַ מין ווייכע זאַך, און די ערד אונטער אונדזערע פיס איז און דאַרף זיין האַרט,

— די מיסטעריע קאָן אויך זיין האַרט און שאַרף ווי די שאַרף פון אַ שווערד".

און נאָך אַ שטאַרקערע פאַרמאַטעריאַליזירונג פון דער מיסטעריע:

„— אַ געביידע דאַרף אָבער געבויט ווערן אויף רעאַלן באָדן —

— יאָ — ענטפערט בערמאַן מיט זיין מאָדנער זיכערקייט און רואיקייט — אַ געביידע דאַרף געבויט ווערן אויף רעאַלן באָדן, אויף דעם רעאַלסטן באָדן, וואָס מיר האָבן — אויף דער מיסטעריע".

מיט אַט דעם באַגריף וועגן מיסטעריע, וועגן דעם שליסל־וואָרט — ליכט און מיט דעם איגנאַטאָווישן באַנעם, אַז אַלץ — מענטשן, געשעהענישן, זאַכן — זיינען מעשה — קאָנען מיר עפענען דעם ראָמאַן „אויף ווייטע וועגן", און אַלץ אין אים זאָל אונדז ווערן קלאָר און פאַרשטענדלאַך.

קאַפּיטל 2

# דער דור פון די ציניקער

איידער דער הויפּט־העלד פון איגנאַטאָווס דריי בענדיקן ראָמאַן „אויף ווייטע וועגן" באַווייזט זיך — אין מיטן פון דעם ערשטן באַנד, אכצן־צוואַנציג יאָר נאָכדעם ווי די געשיכטע האָט זיך פאַרוויקלט, איידער דער הויפּט־העלד בערמאַן בעווייזט זיך, איז ער שוין אויך דאָ: ער איז פאַרטראָטן דורך פרענקלען, וועלכער איז אין תוך זיין פאַרגייער — און פרענקל גיט עם אליין צו — אליין אַ האַלבער בערמאַן; און דאָס איז טאַקע זיין הויפּט־כאַראַקטעריסטיק: אַ האַלבער בערמאַן, אַ האַלב־גלויביקער, און אַ פאַרשטייפטער אין זיין האַלב־גלויביקייט. אָבער איימאָל האָט בערמאַן זיך באַוויזן, גיט אים איגנאַטאָוו אָפּ דריי־פערטל פון זיין אויפמערקזאַמקייט, און פרענקל טרעט אָפּ אין הינטער־גרונט. און איגנאַטאָוו האַלט אים דאָרט, כדי ביי יעדער געלעגנהייט צו אונטערשטרייכן די מינדערווערטיקייט פון האַלב־גלויביקן קעגן דעם מאַן פון פולן און גאַנצן גלויבן.

אום אָפּצומעסטן די פולע גרויס פון בערמאַנען דאַרפן מיר שטודירן פרענקלען, וועלכער איז בערמאַן אין אַ ניט דערוואַקסענעם צושטאַנד. זייערע לעבנס לויפן פאַראַלעל, הגם פרענקל איז מיט אַ דור עלטער פון בערמאַנען. אויב דאָס איז אפשר אַ סוד פאַר זייביידן, איז דאָס קיין סוד ניט פאַרן מחבר און דאַרף אויך קיין סוד ניט זיין פאַרן לייענער. עס זיינען פאַראַן פאַראַלעלע געשעענישן אין זייערע לעבנס, און פאַראַלעלע שטריכן און נייגונגען אין זייערע כאַראַקטערן. וואָס פרענקל האָט ניט דערטאָן, דערטוט בערמאַן.

אָבער פרענקלען קאָן מען ניט אַרויסנעמען פון זיין קרייז, פון זיין סביבה. אַלס האַלב גלויביקער, אין זיך ניט זיכערער, אונטער־וואַרפט ער זיך לייכט איינפלוסן; איז ער אַ פירער וואָס לאָזט זיך פירן; אַזוי ווי דער קרייז איז באַהערשט פון ציניזם, איז אויך פרענקל אָנגע־שטעקט דערמיט; איז ער אַ ציניקער איבערגעוואַלט — האַלב־גלויביקער, האַלב־ציניקער — אַ קאָמפּראָמיסלער.

מוזן מיר נעמען פרענקלען צוזאַמען מיט זיין צינישן קרייז. דאָס איז אויך נייטיק צוליב בערמאַנען — ציניזם איז דער היפּוך פון בערמאַנס גייסטיקער עסענץ — פון זיין אָנגעטרונקנקייט מיט דער ליכטיקייט פון גלויבן. ציניזם איז אומגלויבן אין גייסטיקייט. אַנט־קעגן דעם צינישן הינטערגרונט, וועט בערמאַן זיך שאַרפער אָנזען, און זיין אויפטו וועט בעסער אָפּגעשעצט ווערן. בערמאַן משפּט און פאַר־משפּט דעם דור פון די ציניקער און האַלב־ציניקער.

אַלזאָ, פרענקל און זיין קרייז: אַכט מענער און זעקס פרויען.

פרענקל — אַן אַנטלאָפענער פון סיביר. קינפּטיקער שרייבער,

רעדנער און אידייאישער פירער פון דער יידישער ארבעטער באוועגונג. לויט איגנאטאוון, איז אט דער געוועזענער „ביבלישער ברודער", אויסקריסטאליזירנדיק זיך פאר א סאציאלדעמאקראט, קיינמאל ניט פארטיק געוואָרן מיט זיינע אינערלאכע ספקות; בלייבט ער — אין הארצן — א האלבער אנארכיסט, אבער פאר דער עפנטלעכקייט — א שטרענג שבשטרענגער סאציאלדעמאקראט.

לעאָן גאבריעל — פון דער היים מיט א טונקעלן יחוס — אז ער זאל זיך האָבן באטייליקט אין א בלוטיקער עקספראפריאציע. גילט פאר א מוראדיקן אנארכיסט, אין דער אמתן — א 100 פראצענטיקער עגאאיסט. א מיאוסקייט, א קליינטשינקער, מיט א געקרייזלטן קעפל, אבער א גוואלדיקער עזות מחוצף פנים, וואס חוצפה און תאוה — לייב און ווייב — איז זיין רעוואלוציע. אזוי ווי ער איז דער אראנזשירער פון די פרייע ליבעאָרגיעס, דער צערעמאָניע־מייסטער אויף זייערע ליבעס־באנקעטן — און דערצו נאך אלס קינפטיקער אפעראזינגער, די הויפט־קראפט אויף די קאָנצערטן לטובת דער „רוסישער רעוואָלוציע" — די צוויי הויפט־באשעפטיקונגען פון דעם קרייז — איז ער פאררעכנט פאר דעם „קאָפּ" פון דער באוועגונג — ניט פרענקל — ספעציעל ביים ווייבערשן טייל פון דעם קרייז.

גאבריעל — פארקערפערט דעם ציניזם פון דעם דור. האָבן די צוויי — פרענקל און גאבריעל — א דירעקטע שייכות צו בערמאנען: פרענקל, ווי שוין אויבן געזאָגט, אלס זיין פאָרגייער און גאבריעל אלס זיין היפוך אין פריערדיקן דור. צו די צוויי וועל איך נאך האָבן מערערע געלעגנהייטן זיך אומצוקערן. פון אינטערעס פאר אונדז זיינען אויך די פיינמאנס, וואס זייער קינפטיקע טאכטער וועט אויסוואקסן צו ווערן די הייליקע כלה פון דעם הויפט־העלד.

דער פיאנא־פראפעסאר פיינמאן, א שווער־לייביקער, לאנגזאם דענקדיקער, אבער ערלאך פילנדיקער; מיט טונקעלע בענקשאפטן, וואס ער קען ניט ארויסרייסן. פון זיין „ביבלישע ברודערשאפט" עפּאָכע האָט זיך ביי אים אפגעשטעלט עפעס א חלום, וואס ער האָט קיינמאָל צום וואָרט ניט געבראכט, וועגן לעבן אין דרויסן, אונטערן פרייען הימל, אָן הייזער, אָן היטלען און האלב נאקעט. זיין שטומע התלהבות גיט ער אפּ אין דינסט צו זיין רייצנדיק שיינער פרוי. וואס ער פאסט אויף אז קיין בייז זאל איר ניט געשען, בשעת זי גייט איבער פון געליבטן צו געליבטן; אין דער צווישן־צייט איז ער איר מאן.

זיין פרוי, פאניא פיינמאן, די קעניגין פון דער גרופע, וועלכע רעגירט דורך איר שיינקייט. אין דינסט צו איר שיינקייט פייערט די גרופע ליבע־פאעזיע. איר לייב איז א ליבע מזבח, אויף וועלכן מ'ברענגט זיך אליין פאר א קרבן.

פאר פאניא פיינמאן איז איר שיינקייט, איר שטארקסטע איבערלעבונג. זי האָט אין לאָנדאָן זיך אויסגעקליבן דעם אומגעלומפערטן

פיינמאַנען פאר א מאַן, ווייל פון אַלע אירע פארערער האָט ער אָט שענסטן איר געליבט. זי האָט א זינגנדיקע, הגם אומגעהובלטע שטימע, זי קאָן זיך אָנטאָן מעשה רוסישע שיקסע, און אביסל אונטערטאַנצן מעשה שיקסע — אָבער איר שמחה איז ניט פארפול, ווען ניט פאר־ ענדיקט מיט דעם ליבע־אַקט. ניט מחמת צעלאָזנקייט, נאָר ווייל זי קען אַנדערש ניט פונקציאָנירן ווי נאָר דורך ליבע. דאָס איז איר שיינקייט צו טאַט געבראַכט. לויט אַלע כּללים פון יושר געהערט זי אַלס פּריז צו דעם פירער און קאָפּ פון דער באַוועגונג — צוערשט איז דאָס שליאַפּניקאָוו, דערנאָך גאַבריעל — און ווען יענער פּאַרלאָזט זי, פרעך פארראַטנדיק זי פאר איר אין די אויגן מיט א צווייטער,—אַנט־ דעקט זי נאָך אַמאָל די שטילע, אונטערטעניקע התפעלות פון איר מאַן פאר איר — און זי ווערט אים א געטרייע ווייב, און געבערט אים צוויי טעכטער — וואָס דאָס שטערט איר אָבער ניט אָנצוהאַלטן פאר א ריי מיט יאָרן איר אָפּיציעלן געליבטן, איינעם פון די צוויי אַרבעטער פון דעם קרייז — בערנשטיינען, וועלכער האָט אונטער דער צייט זיך אַרויפגעאַרבעט אויף א מאַנופעקטשורער, און איז געוואָרן דער ערשטער גביר פון דעם קרייז, און קאָן דורך דעם אַזוי צו זאָגן, איר פארבייטן דעם „קאָפּ" פון דער באַוועגונג — א „במקום קאָפּ".

(אגב האָט שוין די באַוועגונג דאַמאָלס ניט איין קאָפּ, נאָר מערערע קעפּ, און גאַבריעל איז אַוועק קיין בערלין שטודירן אָפּערא — אַוועק, ניט געזעגנדיק זיך מיט קיינעם, פאַרכאַפּנדיק אין פּאַראָויס ביים קאַסירער, דר. מינדלינען, די קינפּטיקע איינגאַמע פון געזעגנונג־אַוונט — וואָס אָט דאָס שטיק קליינלאַכע לומפּעריי איז פון די ווייבער אויך באַוואונדערט געוואָרן אַלס א גוואַלדיקע העלדישקייט — אי, איז דאָס א רעוואָלוציאָנער! — דאָס קאָן נאָר גאַבריעל, — האָבן זיי גע־ שמונצערט).

די צוויי אַרבעטער: קאַלמאַנאָוויטש און בערנשטיין. קאַלמאַ־ נאָוויטש — גוטמוטיקייט און האַרץ; בערנשטיין — אויסרעכענונג און קאָפּ. ווען זיי אַרבעטן זיך אַרויף אויף מאַנופעקטשורערס, זיינען זיי די ערשטע אַלרייטניקעס אין דער באַוועגונג.

דר. מינדלין — א פּרינציפּנלאָזער „פּרינציפּיעלער" אַנאַרכיסט, דער קאַסירער און קרעדיטאָר פון דער באַוועגונג, וואָס אויף זיין שייכות צו איר בויט ער זיין רעפּוטאַציע און קאַריערע. זיין ליבע צום אַרבעטער באַווייזט ער דערמיט, וואָס ער שינדט פון אים די הויט אייגנהענטיק. „פּרינציפּיעל" צערייסט ער דעם רעצעפּט, וואָס ער האָט פאַרשריבן צו א גוססן קינד פון אַן אַרבעטסלאָזן אַרבעטער, ווען דער פאָטער דערלאַנגט אים ניט זיין „בלוט פּרייז" — 3 דאָלאַר — צו יענע צייטן א משונהדיקער פּרייז. זיין „פּרינציפּ": מען טאָר דעם אַרבעטער ניט צוגעוואוינען צו פילאַנטראָפּיע; וואָס ערגער עס וועט אים זיין, אַלץ בעסער פאר דער רעוואָלוציע. דער קרייז זעט אין דעם

קלאַס־אויסגעהאַלטנקייט. און דאָס ווערט מינדלינס פּאַספּאָרט אויף א רעוואָלוציאָנער. און דאָס אויך: מיט זיינע לאַסקאָווע בליקן און תאוהדיקע שמייכלען נעמט ער די פרויען — צוערשט אין דער מחשבה, דערנאָך בפּועל ממש.

און די צוויי רוסן:

שליאַפּניקאָוו, אַן איבערגעוואָקסענער, אַ געוועזענער גוטסבאַ־זיצער, וועלכער האָט אָנגעוואוירן זיין גוט צוליב זיין חברשאַפט מיט די רעוואָלוציאָנערן; אַן אויסגעצייכנטער אַרכיטעקט, וועלכער פאַר־נאַכלעסיקט זיין פּראָפעסיע, ווייל זיין האַרץ ווייַנט נאָך דער היימישער ערד און אפשר נאָך זיין פאַרלאָרענעם גוט. שכורט, און שיכורערהייט דעקלאַמירט ער אויף אויסווייניק פּושקינס „מאַזעפּאַ": קאָטשוביי פאַרבילדלעכט פאַר אים דעם אַדעליקן רוסישן רעוואָלוציאָנער, און זיין טאָכטער, די מאַמע רוסלאַנד אַליין. די גרופּע דערבאַרימט זיך אויף צולעצט און קויפט אים אַ פּערמע, וואו ער פאַרברענגט זיינע טעג אין אַקערן די ערד, קושן די בהמות און זאָגן תהלים.

און דער אַכטער פון די מענער: בולאַק, אַ געוועזענער קאַזאַקישער אָפיציר, פון די קירגיזן — דאָ באַשעפטיקט אַלס צירקוס רייטער. אפילו ווען ער גייט — גייט ער רייטנדיק, אויף אויסגעקרימטע פיס. פאַרפעלט ניט קיין הוליאַנקע פון דער גרופּע — ער פאַררוסישט זייערע שמחות מיט זיינע קאַזאַצקעס. שפּעטער, ווען ער צעברעכט זיך די ריפּן, פאַלנדיק פון אַ פערד, פאָרט ער אַוועק אין דער וועסט, וואו ער נעמט אַרויסגעבן די ערשטע ענגלישע סאָציאַליסטישע צייטונג, „דהי סאָשיאַליסט".

די פרויען — קיין דירעקטע שייכות צו בערמאַנען האָבן זיי ניט, אַ חוץ מאַדאַם פיינמאַן, די מוטער פון גערטרוד. זיי געהערן אויך ניט צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַ חוץ אפשר מיס פינק. גיכער געהערן זיי צו דער ווייבערשער סוויטע פון גאַבריעלן, דער כהן־גדול פון פריי ליבע־דינסט: זיי זיינען די נויטיקע כלים צו דעם דינסט. וועל איך זיי דאָ אָפּ'פּטרן מיט קורצע כאַראַקטעריסטיקעס.

ליזע, פרענקלס פרוי: רוויכערט און זינדיקט מעשה מאַן. מיט'ן קאָפּ, צוליב דער אידייע, באַשליסט זי צו פאַרלאָזן פרענקלען מיטן קינד — און גייט אַוועק צו דר. מינדלינען צו דינען אים פאַר אַ קעפּס־ווייב, ביז יענער פאַרבייט זי מיט פינק.

מיס פינק — אַן עמאַ גאָלדמאַן אין מיניאַטור־פאָרמאַט. איגנאַ־טאָוו האָט זיך זייער געהיט, זי זאָל ניט דערמאָנען עמאַ גאָלדמאַנען. האָט ער זי אַ סך קלענער געמאַכט, סיי אין גייסט און סיי אין קערפּער. צווישן איין פרייער ליבע און דער אַנדערער, געפינט זי צייט אָנצופירן פּראָפּאַגאַנדע צווישן די דרעסמייקערס — און איינמאָל פירט זי אפילו אָן מיט אַ סטרייק, זי איז דר. מינדלינ'ס קעפּס־ווייב, ביז יענער באַשליסט חתונה צו האָבן פאַר אַ תכלית.

אַניוטאַ — אַ ייִדישע מיידל, מיט אַ קינד פון אַ רוסישן אָפיצער, איז זי אַ ייִדישע מאַמעלע צו איר רוסישן קינד, און גלייכצייטיק אַ „מאַמעלע" צו די צוויי גרויסע רוסישע „קינדער" — צוערשט צו בולאַקן, דערנאָך צו שליאַפּניקאָוון, און גלייכצייטיק אַ מאַמעלע צו אַ ייִדיש קינד — דעם ברייטפּלייציקן אַרבעטער קאַלמאַנאָוויטשן.

און די צוויי אַרבעטער־פרויען: מרס. קאַלמאַנאָוויטש און מרס. בערנשטיין — אָרימע, רחמנותדיקע אימיטאַציעס פון די פרייע ליבע אינטעליגענטקעס.

דאָס איז דער חשבון פון ערשטן דור, מיט וועלכן דאָס ערשטע בוך פון ראָמאַן איז הויפּטזעכלעך באַשעפטיקט. צום סוף פון ערשטן בוך נעמט זיך שוין באַוויזן דער צווייטער דור: אַ חוץ בערמאַנען און גערטרודן, אויך גערטרודס חברטע, זינע פּרענקל, און איר חברטעס חבר, דער סטודענט בראַווערמאַן.

זינאַ, די טאָכטער פון די פּרענקלס, זייער אַ געוויינלאַך מיידל, מיט איבערטריבענע פּרעטענזיעס אויף אויסערגעוויינלאַכקייט. זי ווערט די ייִנגסטע קעפּס־ווייב פון דעם שוין פאַרעלטערטן גאַבריעלן.

און בראַווערמאַן — אַ יורש פון דר. מינדלינען און פּרענקלען: פון מינדלינען האָט ער גענומען זיין קאַריעריזם, פון פּרענקלינען זיין תורה. ער וועט ניט צאַפּן בלוטיקע דריי־דאָלערדיקע פון אָרימעלייט, און צודעקן דאָס בלוט־צאַפּעניש מיט „פּרינציפּ", ווי דר. מינדלין — ער וועט עס מאַכן גלאַטער און בלאַטער. ער וועט אויסשטודירן לאַיער, און קאָמבינירנדיק לאַיעריי מיט פירערשאַפט אין דער אַרבעטער באַוועגונג, וועט ער זיך האָבן פּרנסה בכבוד. פּרענקלס תורה האָט ער איבערגענומען אָן האַרצווייטיק און אָן קאָפּווייטיק און אָן ספקות. ער טראָגט עס אויפן צינגל. ער ווייסט אַלע נייטיקע פּסוקים אויף אויסווייניק: די אַרבעטער זיינען אומוויסנדיק, אומוויסנדיק ביז גאָר. נאָר זייער עקאָנאָמישע לאַגע צווינגט זיי צו פאַראייניקונג און מיט דער קאָנצענטרירונג פון קאַפּיטאַל א. ז. וו.

מיס פינק, מיט יאָרן צוריק אַ פאַרבראַקירטע פון דר. מינדלינען און איצט בראַקירט פון אַלע חברים פון איר עלטער, פּרובט ווערן חבר מיט בראַווערמאַנען, וועלכער איז מיט צוואַנציק יאָר ייִנגער פון איר; איז אים מדריך אין דער טעאָריע און פּראַקטיק פון סאָציאַליזם, און אין דער סטראַטעגיקע פון פירערשאַפט; זי גרייט אים איבער־צונעמען פּרענקלס פּאָזיציע אין דער באַוועגונג; בראַווערמאַן האַלט עס פאַר ניצלעך צו „באַמאַנען" זי פאַר אַ שטיקל צייט — ביז עס געלינגט אים, מיט מיס פינקס הילף, נאָך אַ גענעראַל סטרייק, וואָס בערמאַן האָט אַרויסגערופן, צו פאַרנעמען פּרענקלס פּאָזיציע — דאַמאָלס טוט ער איר אָפּ, דער מיס פינק, וואָס דר. מינדלין פאַר צוואַנציק יאָרן: ער איז זי משלח, חתונה האָבן פאַר אַ תכלית — און מיס פינק איז אויסגעשפּילט, זי וועט שוין צו זיך ניט קומען; זי וועט ענדיקן זייער שלעכט.

זאָל נאָך דאָ דערמאָנט ווערן — ווילק — אַ פיגור, וואָס ווייזט זיך פונדערווייטנס, האַלב סטרייק־פירער, האַלב־גענגסטער, וועלכער נאָך בערמאַנס דורכגעפאַלענעם־דערפאָלגרייכן גענעראַל־סטרייק, העלפט בראַוועדמאַנען אַרויפקלעטערן צו פירערשאַפט.

האָבן מיר דאָ דעם צעטל פון די וויכטיקערע פּערסאָנאַזשן פאַר־פּול — און רעכנענדיק בלויז די מענער, אַפּשר מיט אַ צוגאָב פון מיס פינק, האָבן מיר דאָ אַלע עלעמענטן, וואָס אין זייערע פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס האָבן זיי צונויפגעשטעלט די דאַמאָלדיקע אַרבעטער־פירערשאַפט, פון וועלכע די איצטיקע פירערשאַפט איז אַרויסגע־וואַקסן.

ניט רעכענענדיק דערוויילֿ דעם צווייטן דור, איז צו אָט דער גרופּע פון אַנדערהאַלבן צענדליק מענער און ווייבער איגנאַטאָוו צוגעקומען מיט זיינע מענטש־מעשה־מיטלען און אָנגעהויבן זיין ראָמאַן. אין פלוג האָט זיך געקאָנט דוכטן, וואָס האָט ער געקאָנט אויפטאָן מיט זיי? וויפיל האָט באַטראָפן אין גאַנצן זייער נשמה־וואָג? זיינען דאָס די מענטשן, וואָס וועלן אָנהויבן פורעמען דאָס פּנים פון דער יידישער אַמעריקע?

אָבער יאָ. לאָמיר אַקאָרשט זען. פון אויבן אויף מער ווי אויף פּראַוועץ מענער־ווייבער־לייבער־וואַקכאַנאַליעס האָט אָט דער מענטש־מאַטעריאַל ניט געטויגט. און אַזוי איז טאַקע געווען. זיי פלעגן זיך צונויפקומען אויף הוליאַנקעס, אויף וועלכע מיט דער הילף פון די צוויי אמתע רוסן — שליאַפּניקאָוו און בולאַק — און דער פאַרשטעלטער רוסין — מאַדאַם פיינמאַן, וועלכע פלעגט זינגען און טאַנצן מעשה שיקסע, פלעגן זיי אויסלופטערן זייער „רוסישע נשמה", ווי זיי פלעגן רופן זייער היימווי. אָט די הוליאַנקעס פלעגן געוויינלאַך זיך פאַר־ענדיקן מיט אַרגיעס — ווער מיט וועמען, ניט איבערגעקליבן, וואו דער שכורער קאָפּ פלעגט אַנידערפאַלן.

נאַטירלעך האָט די קאָמאַנדע געפירט גאַבריעל. ביי אים איז וואָרט געווען טאַט — אָן שום פויזן, איבערגאַנגען, איבערקלערונגען און קווייַנקלעניש. עס איז גאָרנישט ניט געווען אין אים, הייל־נאַקעט די נשמה. דערפאַר איז ביי אים געווען געזאָגט־געטאָן. סך הכל האָט ער פאַרמאָגט אַ קליינטשיק קערפּערל, און ער האָט געדאַרפט אַרבעטן מעשים צו מאַכן אים פאַר אַ גענוס־אינסטרומענט. און נאָך האָט ער פאַרמאָגט אַ שטיקל טאַלאַנט צום זינגען און צום שפּילן. פלעגט ער אויף יעדער הוליאַנקע פּראַוועט אַ פלאַדן־צערעמאָניאַל, וועלכער האָט געזאָלט זיין אַ אימפּראָוויזאַציע אויף ווייַן־ווייב־געזאַנג, מיט דעם ווייב אַלס מיטלשטיק פון פלאַדן, און וועלכע איז אין דער אמתן געווען אַן עקלהאַפטע אַקטיאָרישע אימיטאַציע פון געשלעכטלעכן אַקט — נאָכדעם פלעגט זיך דאָס אָנהויבן. ער דער ערשטער, און אַלע נאָך אים.

זיי האָבן אים זייער נויטיק געדאַרפט, זאָגט איגנאַטאָוו. אין זייער אָפּגעריסנקייט פון דער אַלטער היים, און זייער עלנטקייט, איז דאָס איינציקע שטיקל אייגנטום, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, געווען זייער קערפּער. — און גאַבריעל האָט זיי געלערנט, מיט וואָרט און ביישפּיל, ווי צו מאַכן געברויך פון זייער גערפּער. — ווער איז דער בעל הבית איבער אייך? קיינער ניט! און איבער אייער קערפּער זייט איר אויך אַליין בעל־הבית. קאָן קיינער אייך ניט איינוויינזן, וואָס צו טאָן מיט אייער קערפּער, טוט מיט אים וואָס אייך געפעלט. עס איז אייער הויז, אייער וואוינונג — מאַכט אין אים אייערע שמחות. ער האָט פּראָקלאַמירט הפקר — אַליין וואָלטן זיי עס ביי זיך ניט געקאָנט פועלן. איז ער געוואָרן דער „קאָפּ" פון דער באַוועגונג פאַר דעם אינערלאַכן קרייז, פאַרשטויסנדיק דעם רום שליאַפּניקאָוון, און ניט צולאָזנדיק צום אויבן־אָן פרענקלען. ער פלעגט לאַכן פון שלאַפּניקאָווס אָפּשיי פאַר פּאָעזיע, און פון פרענקלס אידייען־גריבלעריי (פרענקל, ווי געזאָגט, האָט אַ צייט לאַנג ניט געקאָנט ביי זיך באַשליסן, צו וועלכער אידייע ער זאָל געבן פאָרצוג — דער אַנאַרכיסטישער אָדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער) — פּאָעזיע? — אידייען? — פייפט דערויף! וואָסערע רעוואָלוציאָנערן זייט איר? איר טרייבט נאָר אַלץ געצן־דינסט. — ליבע — אָט דאָס איז דאָס אמתע!

אַניט, אָן דער תורה, וואָס ער האָט זיי געלערנט, איז גאָר אומפאַרשטענדלעך די ווייבערשע, ווי אויך די מענערשע התפּעלות פאַר אים!...

ווען ניט זיין ליבע־ווייב טעאָריע און פּראַקטיק, וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער געהאַט צו רעוואָלוציע, אַחוץ דעם טונקעלן יחוס פון זיין באַטייליקונג אין אַן עקספּראָפּריאַציע? סיידן אפשר אויך דאָס, וואָס ער איז געווען אַבסאָלוט געוויסנלאָז —פריי פון יעדן מענטשלעכן מיטגעפיל.—עס איז ביי אים רעכט געווען זיך אַ זאָג צו טאָן, אַז פּאָגראָמען אויף יידן זיינען גוט, ווייל זיי לערנען אויס דעם רוסישן דומקאָפּ — דעם פּויער — צו הויבן אַ האַק אויף מענטשלעכע קעפּ, וואָס וועט שפּעטער זייער צוניץ קומען אין דער רעוואָלוציע (— אַי, אַי, אָט דאָס איז אַ רעוואָלוציאָנער! — האָבן די ווייבער ווידער זיך פאַרכלינעט) — און עס האָט אים דערביי ניט געאַרט ניט פאַרן פּויער און ניט פאַרן יידן, נאָר רעוואָלוציע האָט זיך אים געגלוסט, ווייל מסתּמה האָט זיך אים געדוכט, אַז אין רעוואָלוציע וועט ער קאָנען שפּילן זיין אַקטיאָרישע ראָלכעלע, און דערוויילע גיט עס אים אַ געלעגנהייט צו מאַכן פאַר זיין אייגנטום די ליבער פון אַלע ווייבער, וואָס די שייכות פון די מערסטע פון זיי צו רעוואָלוציע, ווי מיר ווייסן, איז אויך געווען נישט מער ווי פּלאַפּל־פּלאַפּל: רעוואָלוציע!...

און אפשר אויך דאָס, וואָס אַזוי ווי ער איז געווען די הויפּטקראַפט אויף די אונטערנעמונגען לטובת דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער

באוועגונג, פלעגט ער אין זיין אייגענעם אינטערעס אָננעמען די מענער־פוילענצער פאַר די קאַרקן און די ווייבער פאַר די קעפּ און זיי טרייבן פאַרקויפן ביליגער; ווייל אַ היפּשן פּראָצענט פון דער הכנסה פלעגט ער זיך אַראָפּלאָזן אויף הוצאות — זיין אייגענע הוצאה איז אויך געווען אַ טייל פון די הוצאות אויף רעוואָלוציע, און ווייל אַחוץ הוליאַנקעס, זיינען די בעלער לטובת דער רוסישער רעוואָלוציע געווען די הויפּט־באַשעפטיקונג פון דעם קרייז — און דער עיקר, דער עיקר, ווייל דאָס איינציקע שטיקל רעוואָלוציע אויף זייערע לייבער — אָט טאַקע דער־פאַר איז גאַבריעל, אָט דער גאָרנישט, אָט דאָס נול־באַשעפעניש, נעקרוינט געוואָרן פאַר דעם „איבער־רעוואָלוציאָנער", ניט דער אידייאישער פרענקל.

אָבער דער אמתער מהות פון גאַבריעלן וועט ערשט אַנטפּלעקט ווערן, ווען ער וועט אוועקגעשטעלט ווערן פּנים אל פּנים מיט דעם הויפּט־העלד בערמאַן, וועמעס אַנטיפּאָד ער איז — דערפאַר לאָזט איגנאַטאָוו גאַבריעלן אוועקפאָרן קיין בערלין אויף 18־20 יאָר צייט, און ברייגנט אים צוריק ווען בערמאַן קומט אָן.

און אָט דער מענטשן־שטויב — וועט מען נאָך אַמאָל פרעגן — זאָל האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פון יידישן לעבן אין אַמעריקע? אָפּגעוואויגן אויף דער ליכטוואָג, וויפל באַטרעפט אין גאַנצן זייער מהות אין נשמה־ווערט? דאַכט זיך גאָרנישט מיט גאָרנישט, אָדער כמעט גאָרנישט, אַ דין־דינע נשמה־פלעווקע — דאָך אַ שטיקל זכות האָבן זיי אויף זיך פאָרט געהאַט.

אמת, די מערסטע אָן אַ דירעקטער שייכות צו דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג — רעוואָלוציע — איז ביי זיי געווען נישט מער ווי זייער צייט־פאַרטרייב; זייער וואָכעדיקער פלאַפּל־פלאַפּל, און זייער יום־טובדיקע מליצה, און ביי גאָר גרויסע געלעגנ־הייטן זייער אויפגעבלאָזענע אַנטציקונג — דאָך אין דער היים האָבן זיי געהאַט זיך אָנגעשמעקט מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; זיי האָבן דורכגעריסן דעם פאָרהאַנג, וואָס האָט ניט געלאָזט דעם יידן אַריבערקוקן איבערן שטעטלשן גרעניץ; זיי האָבן באַוואונדערט די רעוואָלוציאָנערע העלדן, האָבן מיט זיי מיטגעפילט — מיטגעליטן, ווען זיי האָבן געליטן מפּלות און מיטגעפרייט זיך אויף זייערע העלדנ־טאַטן; און דאָ אין אַמעריקע האָבן זיי זיך משמח געווען אויף די בעלער לטובת דער רעוואָלוציע — האָבן זיי וויפיל ניט איז נשמה־ענערגיע אָנגעזאַמלט און פאַרווענדט — און דאָס קאָן שוין זיי פאַר־רעכנט ווערן פאַר אַ זכיה.

איגנאַטאָוו געפינט אפילו אַ שטיקל זכות אויף זייערע פרייע ליבע אָרגיעס — זיי דאַרפן ניט אָגולנע פאַרדאַמט ווערן, מיינט ער. — ניין? — ניין! — איגנאַטאָוו זאָגט אינדירעקט — ניין. דער דור פון די ציניקער האָט אין אָט די אָרגיעס געהאַט זיין הויפּט־איבונג אין ראַדי־

קאליזם — די בעלער לטובת דער רוסישער רעוואלוציע און די פארזוכן אויף פראפאגאנדע פון יוניאניזם און סאציאליזם האבן זיך ניט געקאנט פארמעסטן מיט די ארגיעס אין ווירקזאמקייט — די אייגענע לייבער זיינען פארט געווען נענטער, און די פראפאגאנדע דורך די אייגענע לייבער האט געמוזט האבן א געהעריקע ווירקונג — פריער פון אלץ אויף די באטייליקטע גופא. עס האט ראדיקאליזירט זייערע מוחות — זאל זיין דורך ציניזם, און ווי מאדנע דאס זאל ניט קלינגען — ווייל די ציניקער האבן קיין בעסערן ראדיקאליזירונגס־מיטל ניט פארמאגט, האט עס געהאט א געוויסן נשמה־ווערט — א נשמה־ווערט? — יא. עס האט באפרייט זייערע לייבער פון געבונדענער געטריישאפט — פון „געטרייהייט און אומפרייהייט"—אונטער צוואנג, שרעק און טרער געבאט. אמת, ווייב־לייב איז שטארק פארביליקט געווארן, אבער עס האט צוגעגרייט די געלעגנהייט פאר א צווייטן דור צו פארטייערן די לייבער דורך „געטרייהייט און פרייהייט" — א נייע צניעות, וואס פאלגט בלויז דעם קול פון אייגענעם לייב—אן שרעק פאר אויטאריטעטן. אזא פיאנערין אין נייער צניעות איז גערטרוד, די טאכטער פון די פיינמאנס, די באשערטע כלה פון הויפטהעלד בערמאן. האט דער קרייז יא געהאט א זכות אויף זיך, און ער האט דארום זוכה געווען.

אליין אפשר ניט, אבער זיי האבן געקאנט דינען פאר א הינטער־גרונט, אנטקעגן וועלכן פרענקל האט געקאנט אנהויבן ארויפארבעטן אן ארבעטער־באוועגונג. און דורך זייער פלאפל־פלאפל: רעוואלוציע! און דורך זייערע בעלער, וואו זיי האבן זיך משמח געווען אויף דער רעוואלוציע, זיינען זיי געבונדן געווען אים צו שטיצן.

פארגעסן מיר ניט אן פרענקלען. פרענקל איז דאך יא געווען א געליטענער. ער האט באצאלט מיט סיביר פאר זיין חלק אין דער רעוואלוציע, האט ער שוין יא געהאט אנגעזאמלט נשמה־דראנג אין זיך.

(אמת, שליאפניקאוו איז אויך געווען א געליטענער. ער האט באצאלט מיט זיין גוט פאר זיין אינטערעס אין דער רעוואלוציע, אבער סיי ער, סיי בולאק האבן נאר געדינט צו אקצענטירן די רוסישע נשמהקעס ביי אונדזערע יידישע ראדיקאלע אימיגראנטן — צו באַ־שטעטיקן זייער צוגעהעריקייט צו רוסלאנד און צו דער רוסישער רעוואלוציאנערער באוועגונג. קיין אנדערע ראל האבן זיי ניט געשפילט, און זיי דארפן ניט גענומען ווערן אין חשבון).

דורך דעם פרייז, וואס ער האט באצאלט, האט פרענקל שוין יא געהאט געוואונען א שטיקל איבערוואג אין נשמה־פארמעגן — און איינער וואס איז אין באזיץ פון אזא פארמעגן, קאן ניט רוען; ער קאן ניט אנדערש, ער מוז עס אינוועסטירן, כדי צו זאמלען נייעם נשמה־קאפיטאל.

בעת גאבריעל איז געווען דער צערעמאניע־מייסטער אויף די

אַרגיעס און בעלער, איז פרענקל, געשטיצט אויפן זעלביקן קרייז, געוואָרן דער ערשטער וועקער, דורך וואָרט און שריפט, פון דעם יידישן אַרבעטער דאָ. עס האָט אים געהויבן און געטראָגן. אַ הויכן, אַ שוואַרצבערדיקן, מיט בליצן אין די אויגן, האָט מען אים געזען אַרומלויפן איבער די גאַסן, מיט פלאַטערנדיקע לאַנגע פאָלעס, ווי געשטויסן פון עפּעס אַ כוח, מיט אַ האַסטיקייט, וואָס האָט אויסגע־דריקט גרייטקייט בייצוקומען יעדע שוועריקייט; ער איז געקראָכן אין די קעלערן, און געקלעטערט אויף בוידימער; און וואו נאָר עס איז געווען אַ האָפנונג צו קריגן אַ מנין אַרבעטער פּאָר צוהערער — אין פאַרחושכטע האַלס און אויף די „חזיר־מערק" — האָט ער גערעדט און געמאָנט יוניאָניזם און סאָציאַליזם. און געשטיצט אויפן זעלביקן קרייז, האָט ער געגרינדעט די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע שריפט „ליכט" אויף צו שרייבן און מאָנען יוניאָניזם און סאָציאַליזם.

האָט ער וואָס אויסגעפירט? וויפיל ניט איז — יאָ. סאָציאַליזם איז יאָ געוואָרן דעם יידישן אַרבעטערס נייע תורה, לכבוד שבת און יום־טוב, וואָס האָט אים פאַרביטן דעם רבס דרשה. אָבער יוניאָניזם האָט ער ניט אויסגעפירט. די סטרייקס פלעגן זיך ענדיקן מיט מיאוסע דורכפאַלן. סקעבס פלעגן פאַרנעמען די פלעצער פון די סטרייקער. די לעצטע פלעגן זיך אומקערן אין די שעפּער מיט בזיונות, איינגעבעטענע און איינמאָל האָט אַזאַ סטרייק, אין אַ דאַמען־הוט־פעקטאָרי, גאָר געפירט צו אַן אומגעריכטן רעזולטאַט: די צוויי אַרבעטער פון קרייז — קאַלמאַנאָוויטש און בערנשטיין — זיינען אַליין געוואָרן באָסעס פון אַ סוועט־שאָפּקע — מיט די בעסטע ברכות אויפן סאָציאַליזם, אָבער באָסעס.

פרענקל האָט פּראָטעסטירט: סטייטש! — און יענע האָבן זיך אַלץ מער אַרויפגעאַרבעט, און פרענקל האָט אַלץ פּראָטעסטירט — ביי זיך אין האַרצן — און אַלץ גענומען געלט ביי זיי אויף דער באַוועגונג — און אַזוי האָט זיך דאָס איינגעשטעלט: זיי די אַלרייט־ניקעס אין סאָציאַליזם, און פרענקל זייער גוטער ברודער...

עפּעס זיינען געווען קנייטשעלאַך אַזעלכע אין פרענקלען, האַלב־קייטן אַזעלכע, וואָס ער האָט בשום אופן ניט געקאָנט בייקומען; זיי האָבן אים כסדר געשטערט אין זיין גלייכגעוויכט. אָט די דולדונג זיינע פון באָסעס אין סאָציאַליזם, ווייל די באַוועגונג פאַרלאַנגט עס, און די דולדונג זיינע פון גאַבריעלס אַרגיעס. אָט דער האַלבלינג, האַלב־גלוביקער, האָט קיין כח ניט געהאַט אַנטקעגנצושטעלן זיך דעם שטראָם פון ציניזם. אַליין אַן איידעלער, האָט דער אַרומיקער ציניזם אים געפּרעסט אויפן געמיט, אָבער דאָס איז געווען די „אידייע", אַ טייל פון רעוואָלוציאָנערן אני מאמין. האָט ער זיך געמאַכט האַרץ, און זיך געבוקט צו דער „אידייע". די „אידייע" איז זיין גאַנץ געווען. און אַ צווייטן גאַנץ האָט ער געהאַט — די באַוועגונג! אַלץ פאַר דער

באוועגונג! האָט ער א סך געמיינקייט און פאַלשקייט אָנגענומען פאַר ליב — צוליב דער באוועגונג.

אליין — אָן שטאַרקע געשלעכט־גלוסטונגען האָט אים געאיבלט פון לייב־הפקירות, אָבער פרייע ליבע איז געווען א הויפטשטיק פון דער אידייע, א גרונט־טייל פון דער באוועגונג. האָט ער עס גערולדעט— אָן פּראָטעסטן... — אדרבא! ווען זיין אייגן ווייב האָט גענומען פּראַווען פרייע ליבע־שטיק, און עס האָט אים שוין מער ווי געאיבלט, נאָר געערגערט אויך — האָט ער זיך געמאַכט נאָך מער הארץ, און זיך אויף צו להכעיס, ווייל א געשוואָרענער צו דער אידייע און צו דער באוועגונג, איז ער אוועק האַלטן לעקציעס פאַר דער יונגוואַרג וועגן פרייע ליבע — דאָס איז געווען זיין פליכט, זיין רעוואָלוציאָנערע דינסט!... — אזוי איז ער געווען, פרענקל.

צוליב זיין העכערן נשמה־גראַד, האָט ער גאַנץ גוט געזען, צו וואָס פאַר א געזונקענקייט עס שלעפּט דעם קרייז די פרייע ליבע־הולטייסטווע און דאַך, ווען אַן אומגליקלעכע מוטער פון א מיידל, וואָס האָט גאַבריעלן א זון געבוירן, און וועלכע יענער האָט פאַרנאַרט מיט דעם צוזאָג זי מיטצונעמען קיין בערלין — ווען אָט די מוטער איז געקומען זיך קלאָגן פאַר פרענקלען, האָט ער גאַנץ קאַלט זי אויפגענומען און גאַנץ קאַלט זי משלח געווען — פאַרענטפערנדיק זיך אין די געדאַנקען: אז מען האָט האַלץ, פאַלן שפּענער! — און קיין וואָרט פון פּראָטעסט ניט אויסגעדריקט ביים באַגעגעניש מיט גאַבריעלן, ווייל ווידער אמאָל האָט ער, פרענקל, דען ניט געשוואָרן צו דער אידייע פון ראַדיקאַליזם? און האָט ער דען אליין ניט געפירט פּראָפּאַגאַנדע פאַר פרייער ליבע, ווייל א געשוואָרענער צו דער אידייע? יאָ, יאָ, וואָס מער עס האָט אים געאיבלט דערפון, אלץ עקשנותדיקער האָט ער געטריבן די פּראָ־פּאַגאַנדע.

דווקא דער איבערפלוס פון נשמה־איידלקייט האָט אים ניט געלאָזט גאַנץ ווערן. צוגעשריבן צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, האָט ער אין הארצן דאָך צוגעגעבן געוויסע אמתן ביי די אַנאַרכיסטן. אָבער וואָס מער ער האָט געצווייפלט, אלץ שטייפער איז ער באַשטאַנען אויף זיין אָפיציעלן שטאַנדפּונקט — מיט געשריי און רוגזה — זיך אליין אויף צו להכעיס, צו פאַרטויבן די אייגענע ספקות, ווייל די פאַראַנטוואָרט־לאַכקייט פאַר דער באוועגונג האָט דאָס געפאָדערט פון אים. נאָך יעדער אַזאַ דעבאַטע מיט די אַנאַרכיסטן פלעגט אין אים אָנהאַלטן דער גרויל פאַר אַזעלכע דעבאַטן. אָבער ביי צווייטער דעבאַטע פלעגט דאָסזעלביקע זיך ווידערהאָלן — און דאָס האָט אים אויך ניט געשטערט, ביים פאַרטיילן די הכנסה פון די אונטערנעמונגען, צו קוואַפּען זיך ארויסצורייסן א וואָס גרעסערן חלק פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אָדער די אַנאַרכיסטן גאָר אין גאַנצן צו פאַרטיילן, ברעכנדיק דערביי פייערלעכע צוזאָגן און בפירושע אָפּמאַכן — און ווידער אמאָל: זיך

אליין אויף צו להכעיס, ווייל די פאראנטוואָרטלאכקייט פאר דער באוועגונג.

וואס מער ער האט זיך געשאָקלט, אלץ פעסטער האט ער זיך געקלאמערט אָן זיין „שטעקן" — די באוועגונג!

די אַרומיקע האָבן גאַנץ גוט געשפּירט די אַלע האַלבקייטן אין פרענקלען און האָבן אים געהאלטן פאר א שוואכלינג; ער האָט עס מסתמא זיי געלאָזט דערקענען דורך דער לאנגזאַמקייט, מיט וועלכער ער פלעגט קומען צו זיינע כלומרשט פעסטע באשלוסן. אָבער דווקא דער האַלבלינג אין אים, דער שוואכלינג אין אים האָבן דאָס אים געמאכט פאר דעם כלומרשט שטאַרקן, האַרטן „אנטשלאָסענעם" פירער, וואָס ווייס פון קיין וואקלענישן ניט, וואָס חרטה איז פאר אים קיין אָפּהאַלט ניט — מיט איין וואָרט, א „זייל פון דער באוועגונג"...

אָבער פּונקט ווי ביי גאַבריעלן דאַרף מען עס אויך זאָגן און נאָך מער באַטאָנען וועגן פרענקלען, אַז זיין פּולער כאַראַקטער און אמתער מהות וועלן זיך ערשט אַרויסשטעלן, ווען ער וועט זיך באַגעגענען פּנים אל פּנים מיט בערמאַנען, וואָס פרענקל איז זיין פאָרגענגער און פּאַראַלעל צו אים אין א פריערדיקן דור.

אָט די צוויי — גאַבריעל, דער ציניקער דורך און דורך, די סאַמע בלאָטע פון ציניזם, און פרענקל, דער ציניקער איבער־געוואַלט — זיי זיינען דאָס געווען דער עלטערער דור, קעגן וועלכן דער הויפּט־העלד בערמאַן טרעט אַרויס אין מלחמה, א באוואָפנטער בלויז מיט דער הייליקייט פון גלויבן — מיט א נשמה, וואָס קאָן ניט קרימען און פעלשן.

קאַפּיטל 3

# די גוטע בשורה פון ראָמאַן „אויף נייע וועגן"

דער ראָמאַן איז אַן אָנזאָג, אַז דער פולגלויביקער טיפּ, דער העלד פון גלויבן, איז שוין דאָ מיט אונדז; ער גייט, ער קומט און ער וועט באַלד אָפּהאַלטן א נצחון.

דער טיפּ איז פאַרקערפּערט אין דעם הויפּט־העלד בערמאַן.

בערמאַן האָט זיך באוויזן, ווען פרענקל האָט פאַרשפּילט; דער גאַנצער פרענקל־דור האָט פאַרשפּילט. פרענקל — דאָס איז דער האַלב־צינישער, האַלב־גלויביקער פּשרה־מאַכנדיקער סאָציאַליסטישער פירער, וועלכער פאַרשטעלט מיט זיך און באַשיצט גאַבריעלן, דעם ציניקער, פול און גאַנץ, וואָס קאָמאַנדעוועט הינטער זיין רוקן.

אינגאַנצן דורך זיין ראָמאַן זאָגט אונדז אָן די פריילעכע בשורה, אַז די פרענקלס און איבערהויפּט די גאַבריעלס, וואָס ברענען ניט, נאָר טשאַדן, ווערן פאַרדרענגט; די בערמאַנס זיינען שוין געקומען זיי אָפּבייטן.

א דור, א יחיד, ווערט אוועקגעשטעלט פאר א געוויסן סכום מאטעריעלע אויפגאבן, וואס פאדערן די פארוועגדונג פון א געוויסן סכום נשמה־כוח (נשמה ליכט — אויף איגנאטאוו־בערמאנס זוהר־לשון) זיי בייצוקומען.

טעארעטיש קאן א דור ווי א יחיד פראדוצירן נשמה־כוח אומבאגרעניצט; פראקטיש אבער איז דאס אפטמאל א באגרעניצטע מאס כוח, וואס קומט ווייט ניט נאך דעם באדארף אין כוח; די מאטעריעלע מניעות, וואס מען דארף גובר זיין, שטייגן ווייט אריבער, ווייל כוח גיט זיך ניט אומזיסט. מען דארף עס פארדינען דורך נשמה־הארעוואניע. און ווען די נשמה־הארעוואניע פון א דור איז נישטיק, איז דער דור אויסגעשפילט. און א צווייטער דור מוז קומען צו פארנעמען זיין פלאץ.

אזוי איז געשען מיט דעם פרענקל־דור.

לויט איגנאטאוו־בערמאנס זוהרדיקער מעשה־פילאזאפיע קאן עס אויך אנדערש אויסגעדריקט ווערן: אויף דער נשמה־פלעין זיינען ניטא קיין מאטעריעלע מניעות. מאטעריע, חומר איז בלויז א נאמען פאר דעם, וואס גיט ווידערשטאנד דער נשמה. און יעדע אויפגאבע, וואס דארף געצוואונגען ווערן דורך א נייעם אויפשטייג פון נשמה־ליכט, וואס פליסט זיך ערשט אן דורך א מסירת־נפשדיקער האנדלונג אין גלויבן — אזא אויפגאבע איז שוין ממילא, דורך דעם אליין חומרדיק און מאטעריעל, ווייל זי ווייזט ווידערשטאנד. אין עצם אבער, לויט איגנאטאוו־בערמאנס מעשה־פילאזאפיע, איז מאטעריע, חומר — בלויז א נידעריקערער סארט ליכט, וואס דארף צעשמאלצן ווערן דורך דעם פיינערן, העכערן געלייטערטן סארט. געלייטערט איז עס נשמה; פארגליווערט איז עס מאטעריע. אזוי, אז וואס מען מעג זאגן איז: עס האט פרענקלען און זיין דור געמאנגלט אין נשמה־ליכט. זיי זיינען צו ארים אין נשמה כוח אויף גובר צו זיין די איינגעשטאנענע געזעלשאפטלעכע מאטעריע. אויף פרומען לשון: פרענקל האט ניט זוכה געווען; זיין דור איז ניט ראוי געווען.

און אין דער שפראך פון איגנאטאוום הויפט־העלד בערמאן:

„פאראן דורות מיט ליכטיקע אנהויבן, און דורות מיט גרויסע דערגרייכונגען; פאראן דורות, וואס פאלן ווי שטויב, ווי מיסט, און דינען ווי א נויטיקער צודעק פאר די גוטע זאמען פון די פריערדיקע דורות" (זייט 233, ב' 3).

וואס דאס מיינט צו זאגן, אז דער פרענקל דור איז געווען דער שטויב־און־מיסט־צודעק, וואס האט מעגלאך געמאכט, אז דער גוטער זאמען פון די אמאליקע יידישע דורות זאל אויפניין אין דעם בערמאן דור.

ווען בערמאן קומט, שטעלט זיך ארויס נאך בולטער דער קאמפראמיס, אויף וועלכן פרענקל האט אויפגעבויט זיין לעבן; די ווידער־

שפּרוכן אין אים ווערן נאָך שאַרפער, און זיין דורכפאַל ווערט אומ־פאַרמיידלעכער.

בערמאַן איז אַן אַ שיעור יידישער געווען פון פרענקלען אין מערערע פּרטים — ספּעציעל מיט זיין יידישן וויסן און קענען. אַ זון פון אַ שטאָט־מגיד, אַן עלוי, וועלכער איז געוואַקסן אַ גאון, אַז נאָך אַלס קינד האָט ער געהאַלטן אין איבערשטייגן זיין פאָטער מיט זיינע דרשות. די מאַמע האָט אים ניט געוואָלט לאָזן אין שול אַריין גיין, אויס מורא פאַר אַן עין־הרע. און דער פאָטער האָט מורא געהאַט זיך צוצוהערן צו זיינע דרשות, דאָס האַרץ זאָל אים ניט פּלאַצן פאַר גליק. פּלוצלונג נעמט דער געצערטלטער בן יחיד, דער עלוי, דער געהאַפּטער גאון און וואַרפט דאָס אַלץ אַוועק, און ליפערט זיך אויס מיט לייב און לעבן צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. איז דאָס געווען אַזאַ איבערברוך, וואָס האָט געפאָדערט אַזאַ נשמה־העראָאיזם, אַזאַ מסירת־נפשדיקן קרבן, וואָס האָט וווייט איבערגעשטיגן דעם קרבן פון צען יאָר קאַטאָרגע. עס איז געווען ווי אַן אַטענטאַט אויף טאַטע־מאַמע, אויף זיך אַליין.

אָבער ניט ווי אַן אַפּטריניקער האָט ער עס געטאָן; ניט ווי אַ משומד צו־להכעיס, וואָס וואַרפט אַוועק זיין אַלטן גלויבן און צעטרעט אים מיט די פיס. ווייל — לויט בערמאַנס אייגענע ווערטער — פריערדיקע דורות האָבן אויך ניט געהאַרעוועט אומזיסט און —

„היינטיקע מענטשן זיינען אפשר צו פּלוצלונג אַנטלאָפן פון דעם אַלטן קוואַל, ווי עס אַנטלויפן אַמאָל פּלוצלונג צעשראָקענע ווילדע ציגן פון אַ לויטערן קוואַל, וואָס זיי האָבן דערגרייכט דורך מי און דאָרשט".

בערמאַן האָט די חיצוניות אַוועקגעוואָרפן, די פּאות און דעם אַרבע כנפות. אָבער דעם גאַנצן אינהאַלט, די פולע אָנגעלאָדנקייט מיט יידישן גלויבן, די גאַנצע אָנגעזאַמלטע פּסיכישע ענערגיע — דעם גאַנצן באַרג פון יידישן נשמה־ליכט, וואָס איז אָנגעלאָפן און אָנגע־קוואָלן דורך די טויזנטער יאָרן — האָט ער איינגעהאַלטן און אין זיין סאָציאַליזם אַריינגעטראָגן. טיפע און הייליקע אמתן זיינען פאַר אים פאַרזיגלט געווען אין הלכה, הגדה און קבלה; אין די משלים און מצוות מעשיות; אין שבת און סוכה. זיי האָבן כסדר געזאַפּטיקט זיין מוח, זיין האַרץ און זיינע רייד; ער איז געבליבן ווי געווען: אַ איד פון העראָאישן גלויבן, וואָס פילט, אַז אין גאַנצן אומזיסט לעבט קיין דור ניט. דער סאָציאַליזם האָט אים געגעבן אַ קאָנקרעטן, מאָדערנעם לבוש פאַר אָט דעם גלויבן, וואָס האָט אים פאַרביטן די חיצוניות, וואָס ער האָט פאַרוואָרפן; אַ פּראָגראַם פון מצוות מעשיות, וואָס מען דאַרף מקיים זיין ניט אין סימבאָל, נאָר בפועל ממש, אין לעבן גופא, אין דער סאָציאַלער מאַטעריע.

צוויי וועלט־כוחות האָבן אויף אַזאַ אופן אין אים שלום געמאַכט

— דער כוח פון יידישן נשמה־העראָאיזם און די טרייב־קראַפט פון סאָציאַליזם.

זיין נשמה האָט געהאַט גאָר אַ הויכע וואָג. ווען אָפּגעוואויגן אויף ליכט־שטראַלן, האָט ער פאַרמאָגט אַ ריזיקן איבערפלוס פון נשמה־וואָג — און דאָס וועט באַשטימען זיין גורל, אויסלייגן זיין לעבן און פאַנאַדערוויקלען אין געשעענישן די מעשה בערמאַן.

קומענדיק קיין אַמעריקע, איז ער ניט ווי פרענקל אַוועק צו די אינטעליגענטן, די שרייבער און רעדנער, צו וועלכע ער האָט דאָך לייכט געקאָנט צושטיין. נאָר טריי צו זיין אידעאַל פון האַרעפּאַשנעם צדיק־סאָציאַליסט, איז ער אַוועק אַרבעטן אין אַ שאַפּ, ביי דאַמען־היט. דער זון פון שטאָט־מגיד, דער עלוי, דער יורש פון נביאים און חוזים, און אַליין אין זייער בחינה — וואָס אויף זיין שטערן און אין זיינע אויגן האָבן זיך געלויכטן תורה, חכמה און אמונה — האָט באַקומען אויסגעהאָרעוועטע, פאַרמאַזאָליעטע אַרבעטער־הענט.

און גראָד איז ער אָנגעקומען אין שאַפּ פון קאַלמאַנאָוויטש און בערנשטיין, וועלכע האָבן באַלאַנגט צום פרענקל־קרייז — ניט וויסנדיק, און ניט חושד זייענדיק, אַז זיינע באָסעס, וועלכע ער האָט געקאָנט בלויז אַלס עקספּלאָאַטאַטאָרס, זיינען סאָציאַליסטן, פריינט און חברים פון פרענקלען, אונטערשטיצער פון זיין סאָציאַליסטישער וואָכנשריפט — „ליכט". — און אַזוי אויף ווייטע וועגן און אומוועגן איז אים באַשערט געווען צונויפצוקומען זיך מיט דעם פרענקל־קרייז אויף אַן אופן, וואָס האָט צוגעזאָגט צו ווערן אַלץ פאַרפּלאָנטערטער.

מיט פרענקלען פּערזענלעך האָט ער זיך שוין געהאַט באַגעגנט פּנים אל פּנים — ער פלעגט אין דער רעדאַקציע פון „ליכט" ברענגען אויפרופן צו די אַרבעטער פון זיין פאַך, וועלכע ער האָט געגרייט צו אַ סטרייק; פרענקל פלעגט אויך אויפטרעטן אויף די פאַרזאַמלונגען, וואָס בערמאַן פלעגט רופן אין צוגרייטונג פון סטרייק.

פרענקל האָט זיך דווקא געוואָלט חברן מיט בערמאַנען. — איר דערמאָנט מיר מיך אַליין אין מיין יוגנט! — פלעגט פרענקל צו אים זאָגן, פון וואָס בערמאַנען פלעגט ווערן זייער פריקרע. פאַרוואָס פריקרע? בערמאַן האָט געשפּירט אין אים אַ גרויס שטיק פאַלשקייט. וואו? וואָס? — בערמאַנען האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז איבער פרענקל לעקציעס וועגן פרייער ליבע פאַר יונגע יינגלעך און מיידלעך.

בערמאַן איז גערעכט געווען. דערין איז געלעגן אַ שטיק פאַלשקייט. פרענקל פּערזענלעך איז פריי געווען פון פרייע־ליבע־גלוסטעניש, נאָר ער האָט דערמיט מקיים געווען אַ ראַדיקאַלע מצווה — פון אַנדערע, ניט פון אים פאַרגעשריבן. און נאָך מער פאַלשקייטן זיינען געווען אין פרענקלען, וויפל בערמאַן האָט געקאָנט מיטן חוש אויסשפּירן, וואָס אָבער בערמאַנען קעגנאיבער האָט פרענקל אַליין גענרמען וויטיקן מיט זיי.

אָנהויבנדיק דערפון, וואָס פרענקל איז גאָרניט געווען אַזוי פרעמד, פון יידישקייט, ווי עס קאָן זיך דוכטן. ניט אַזאַ למדן ווי בערמאַן, אָבער דאָס אַליין, וואָס ער איז אין זיין יוגנט געווען אַ צוגעהעריקער צו דער „ביבלישער ברודערשאַפט", ווייזט אַז אַ יידישער אָדער האָט געקלאַפּט אין אים.

נו, האָט איינמאָל פּאַסירט, אַז פרענקל האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַן איסט־סיידער שול, און האָט געפונען אַ יונגן רב דרשנדיק פאַרן עולם. אַ קלוגער רב געווען, און ווי איגנאַטאָוו גיט אָנצוהערעניש, אַז דער רב אַליין איז אויך אַ מין צווייטער פרענקל גווען. און דער רב בעל־דרשן האָט דערציילט פאַר זיינע צוהערער וועגן דער מחלוקת פון תנור של עכנאי — די לעגענדע וועגן די תנאים, וואָס האָבן געהאַט אַ וויכוח מיט דעם גרויסן תנא רבי אליעזר וועגן אַ דין, און די תנאים, וואָס האָבן דאָך אַליין געדאַרפט זיין געפּעסן, איבער־פילטע מיט פרומען גלויבן, האָבן זיי אַליין פונדעסטוועגן זיך גע־שטעלט קעגן גרויסן תנא, און קעגן אַלע העכערע אינסטאַנצן, און האָבן אויסגערופן:

— מעגן ביימער, ווינטן און טייכן און די גאַנצע נאַטור און אפילו אַ בת קול פון הימל קומען עדות זאָגן פאַרן תנא, וועט דער דין אַלץ בלייבן ווי מיר זאָגן...

און בוימער, ווינטן, טייכן און בת קול פון הימל זיינען געקומען און האָבן עדות געזאָגט פאַרן גרויסן תנא. אָבער די תנאים זיינען אַלץ באַשטאַנען דערויף, אַז דער דין איז ווי זיי זאָגן, ווייל — „די תורה שטייט אין הימל ניט איין, נאָר ביי אונדז מענטשן".

עס איז אַ סטרייק געווען קעגן דער אַלהעכסטער אויטאָריטעט. פרענקל זעט ניט איין אָט די רעוואָלוציאָנערע מאַניפעסטאַציע. אָבער פאַרכאַפּט איז ער געוואָרן פון דער שיינקייט פון דער לעגענדע.

ניט צום ערשטן מאָל איז אַזוינס געשען מיט פרענקלען. עס האָט אים אַ פּאָר מאָל אַזוי גענומען ציען צום בית מדרש. איז ער אַהין אריין, און האָט זיך פון דאָרט אַליין אַרויסגעוואָרפן ווי אַן „אחר". בערמאַן אָבער איז אַהין אריין און איז פון דאָרט אַרויס אַ דורכגעלויכטענער. אָט אַהער געהערן בערמאַנס אויבן־געבראַכטע ווערטער וועגן דור, וואָס איז שטויב און שימל. יעדער דור, האָט ער זיך געזאָגט, טראָגט מיט זיך ליכט. ניט אַלעמאָל איז אַ דור בפרהסיא אַ ליכט־טרעגער. אָבער אפילו ווען ער לייגט זיך אַוועק ווי שטויב און שימל, איז עס פאַר דעם צוועק, כדי אויף אַזאַ אופן אָפּצוהיטן און באַשיצן ליכטער, וואָס מוזן נאָך פאַר אַ צייט בלייבן פאַרהוילן, ביז עס וועט קומען דער דור, וואָס איז ראוי. טרייסלט ער אָפּ דעם שטויב, רייבט אָפּ דעם שימל — און זע, וואָס פאַר אַ ליכט עס איז געלעגן פאַרהוילן און געוואַרט אויף אַנט־פּלעקונג.

פרענקל, הגם אַ פאַקל־טרעגער פון סאָציאַליזם, האָט פאָרט באַלאַנגט

צום שטויב און שימל־דור. און איצט, ווען עס האָט אים ווידער אַ צי געטאָן און ער איז אַריינגעפאַלן אין בית־המדרש און איז אַפילו פאַר־גאַפט געוואָרן פון דער שיינקייט פון דער לעגענדע, וואָס דער יונגער רב האָט דערציילט, האָט ער אָבער אין דעם ענין סוכה גופא דערזען בלויז שימל און פינצטערניש. בעת בערמאַן, ביי אַן ענלעכער געלעגנ־הייט, האָט אין דעם ענין סוכה דערשפּירט אַ גרויסע וועלט־אידייע, וואָס וואַרט נאָך ערשט אויף איר דערלייזונג.

סוכה איז פאַר בערמאַנען אַ משל אויף דעם סכך, דעם צודעק איבער דעם געהיימען ליכט, וואָס איז דער תוך פון דער וועלט. סוכה איז דאָס עקזיסטירנדיקע, פאַקטישע, וואָס דאָס אויג זעט; מען טאָר אין דעם פאַקטישן זיך ניט פונדעווען—ניט אין הייזער, ניט אין אייגנטום —עס איז בלויז אַ סוכה, אַ צודעק, אַ צייטווייליקייט. נאָר מען דאַרף זיך בויערן דורכן צודעק, ביז מען דערגרייכט דעם גרונט—דעם ליכטיקן תוך אין מענטשן, אין דער אָרדענונג, אין דער וועלט. סאָציאַליזם איז פאַר בערמאַנען אַזאַ גרונטעוועון זיך אין דעם ליכטיקן תוך, וואָס דער־מיט איז עס אַנדערש פון פרענקלס סאָציאַליזם, וואָס באַוועגט זיך אויף דער אויבערפלאַך, און באַנוגנט זיך מיט אויבערפלאַך.—און אַ צווייטן משל געפינט בערמאַן אויף זיין שייכות צו פרענקלען אין דער מעשה פון „ארבעה נכנסו לפרדס" — ווען די פיר וואָס זיינען אַריין אין גאָרטן; מיט דעם אונטערשייד, וואָס די פאַרצייטיקע האָבן אונטער פרדס געמיינט דעם אַלט־גריכישן קולטור־גאָרטן, בעת ביי בערמאַנען האַנדלט זיך גראָד און דווקא ווען דעם אַלט־יידישן גאָרטן — יענע עכטע יידישקייט, וואָס אין יעדער צייט און אין יעדן דור טוט זי אָן אַן אַנדער לבוש, און פאַר היינטיקע האָט זי אָנגעטאָן דעם לבוש פון סאָציאַליזם.

פרענקל איז אַריין אין דעם אַלט־יידישן גאָרטן, און עס האָט אים פון דאָרט ווי אַרויסגעוואָרפן. בערמאַן אָבער איז פון דאָרט אַרויס מיט אַ יידישקייט, וואָס באַפליגלט און באַגייסטיקט דעם סאָציאַ־ליזם; גיט דעם סאָציאַליזם אור־דראַנג, אור־קראַפט, אור־ליכט. אור איז ליכט.

אָבער אויך פרענקל און זיין דור דערפילן אַ שליחות. זייער סאָציאַ־ליזם לייגט זיך ווי אַ באַשיצנדיקער צודעק פון שטויב און שימל אויף די גוטע ליכט־קערנער פון סאָציאַליזם — אַ צודעק, וואָס היט זיי אָפּ פאַר בערמאַנס, וואָס פון אונטער זייערע טריט גייט אויף בליאונג און שפּריצט ליכט, און אַזוי קומט אויס, אַז דער שימל־דור האָט געוואָרט אויף דעם ליכט דור און צוגעגרייט זיין קומען.

קערן מיר זיך אום צו פרענקלס באַזוך אין בית המדרש: פרענקל איז פאַרכאַפּט געוואָרן. דאָס האַרץ האָט אים געגומען ציטערן. און וויפל דער יונגער רב, פרענקלען צוליב, האָט ניט געזוכט מבטל צו זיין די לעגענדע, דער איינדרוק אויף פרענקלען איז געבליבן: גראָד

די לעגענדע האָט אים געהאַלטן אין איר צוואַנג. — אָבער ווען ער האָט פאַרלאָזן די שול, און זיך גענומען בודק זיין, און דערטאַפּט, אַז ער איז באַהערשט פון אַ „רעליגיעזער" שטימונג, איז ער אויף זיך אין כעס געוואָרן. איז ער גלייך אוועק און געמאַכט אַ געוואַלד אין דער באַוועגונג: סטייטש, ווי דערלאָזט מען דאָס, אַז די רעליגיעזע רעאַק־ציע זאָל אויפהויבן דעם קאָפּ אין מיטן פון דער פרייער אַמעריקע? — און עס איז באַשלאָסן געוואָרן. אַז דאָס „ליכט" זאָל אָנהויבן אַן אַנטי־רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע און די באַוועגונג זאָל פּראַוועז יום־כיפּור־בעלער.

מאָלט אייך, אַז דער פאַרשטאָרבענער פייגנבוים, אין זיין צייט דער כהן גדול פון יידישן אַטעאיזם, זאָל אין האַרצן אַליין האָבן געווען אַ פרומינקער, און געפּראַוועט אַטעאיזם כדי צו דערשטיקן די אייגענע רעליגיעזע שוואַכקייטן.

דאָס איז געווען דער מענטש פרענקל: אַליין געכאַפּט אין דער מעשה: צורר מחמת שוואַכקייט; ווייל אַ האַלב־גלויביקער, פאַרשטייפט ער זיך; ווייל אַ שוואַכלינג, איז ער אַן עקשן; ווייל אַ קאָמפּראָמיסלער, מאַכט ער דעם אָנשטעל פון שטאַרקייט און האַרטקייט; אַ שוואַכלינג, אַ האַלבלינג, אַ קאָמפּראָמיסלער, וועלכער פאַרהאַרטעוועט זיך דורך עקשנות. דאָס איז דער גרונטשטריך אין זיין כאַראַקטער: אַן עקשן־קאָמפּראָמיסלער — אַלס סאָציאַליסט, אַלס פרייע־ליבעניק, אַלס ייד, אַלס אַטעאיסט — אַ פעלשער קעגן זיך אַליין.

דער בערמאַן־דור וועט זיך באַלד צונויפשליסן אין אַ קלעם מיט פרענקל דור, און דער משפט פון אַ דור איבער אַ דור וועט זיך אָנהויבן.

קאַפּיטל 4

## דער משפט פון א דור איבער א דור

די צייט איז קיינמאָל ניט אומגערעכט, ווען זי איז משלח אַ דור פון דער סצענע. זי גיט אים פריער זיין פולן לוין. זי ווערט מיט אים קוויט.

ווען די איבעריקע מיטגלידער פון דעם קרייז איז דאָך אָפּגערעדט. ניט פּלאַפּל, ניט מליצות ווערן געוואויגן, נאָר נשמות. און נשמות האָבן זיי געהאַט? נשמהקעלעך! פאַר זייער פּלאַפּל־פּלאַפּל: רעוואָלוציע! — האָבן זיי געהאַט זייער לוין אין די מיזערנע פריידן פון זייערע בעלער־אָרגיעס. און עס איז גענוג און איבערגענוג לוין פאַר זיי געווען, ווען זיי האָבן געדינט פאַר אַ הינטערגרונט צו פרענקלען. אָבער פרענקל אַליין האָט אויך זיין פולן און גענויען לוין געהאַט. אָט דער פאַרשטייפטער שוואַכלינג האָט צוגעלאָזט און שלום געמאַכט מיט צופיל זאַכן, קעגן

וועלכע ער האָט אין האַרצן פּראָטעסטירט. און האָט ער געהאַט אַ ביסל איבערפלוס אין נשמה־וואָג קעגן די איבעריקע, איז אים דערפאַר געלונגען צו דערהויבן דעם סאָציאַליזם צו אַ דרשה, וואָס די אַרבע־טער פלעגן אויסהערן מיט פאַרגעניגן צו יעדער יום־טובדיקער געלעגנהייט. מער האָט אים ניט געקימערט, און מער האָט ער ניט פאַרדינט. אַ קאָמפּראָמיסלער געווען. אויף מער האָט אים קיין כוח ניט געסטאַיעט.

זיין לוין איז אים אָפּגעוואויגן געוואָרן אַקוראַט.

די צייט איז געקומען פרענקל און זיין דור זאָלן אַראָפּ פון דער סצענע.

(און דאָס איז די געהיימע לאָגיק, לויט וועלכער איגנאַטאָוום מעשה־פאַנטאַזיע האָט אויסגעצויגן די צייטלענג צווישן בערמאַנען און פרענקלען, שאַפנדיק אַ דיסטאַנץ צווישן זיי פון 18־20 יאָר, כמעט אַ דור, בעת פאַקטיש זיינען די בערמאַנס און די פרענקלס אין איין צייט געווען, און זיינען עס נאָך איצט. —

דער געהיימער מאָטיוו איז: — כדי צו געבן צייט פרענקלען און זיינע צייטגענאָסן אויסגעפּרוווט און אויסגעשפּילט צו ווערן).

⁂

עס האָט אויסגעזען, אַז בערמאַנען וועט געלינגען, וואָס פרענקלען און זיינע חברים איז קיינמאָל ניט געלונגען — אַרויסצורופן אַ סטרייק אין אַ גאַנצן פאַך און צו גרינדן אַ יוניאָן — און אַן אינדוסטריעלע יוניאָן דערצו, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע צווייגן פון פאַך. יאָ, ער וועט עס אויספירן, בערמאַן דער „נביא־סאָציאַליסט" — אָדער דער „ווילדער מענטש", ווי פרענקלס נאָכפאָלגער אין דער אַרבעטער באַ־וועגונג האָבן אים אַ צונאָמען געגעבן, ווייל ער האָט זיי איינמאָל צע־שטערט אַ גרויסאַרטיקן באַנקעט, וואָס זיי האָבן אַראַנזשירט פאַר די אַמעריקאַנער לייבאָר־טשיפס.

דער „ווילדער מענטש" האָט געוויזן, וואָס פאַר אַ כוח ער פאַרמאָגט. מיט דעם ענטוזיאַזם פון אַ הונדערט־גראַד גלויביקן, שיטנדיק מיט ווערטלעך, משלים און מעשהלעך, ווי זיין טאַטע דער שטאָט־מגיד, און צינדנדיק די פאַנטאַזיע פון זיינע צוהערער מיט פלאַמיקע פּאָעטישע בילדער, האָט ער גערעדט ניט וועגן אַ הוספה פון צוויי סענט, נאָר וועגן דעם אמת און יושר וואָס איבערן מענטשן, וועגן דעם גרויסן מענטשן־יום־טוב, וואָס וועט אַרויסוואַקסן פון די אַלע קאַמפן, וואָס וועלן זיך שפּרייטן פון פאַך צו פאַך, פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד... איינמאָל, ריידנדיק אויף אַ גאַס־ווינקל, האָט ער אַ רעדע אַזאַ אַזוי פאַרענדיקט:

— „ווי אַ ווייסער פייגל וועט זיך דער אמת פאַר אייך אויפהויבן

און מיט ווייט פאַנאַנדערגעשפרייטע פליגלען וועט ער שוועבן איבער אייערע קעפ! — ווי אַ ווייסער פייגל איז דער אמת".

און אַ שיינע איידעלע מיידל, וואָס האָט בערמאַנען ניט געקענט, און בערמאַן האָט זי ניט געקענט,—און וועלכע איז צופעליק פאַרביי־געגאַנגען, אַ גליקלעכע מיט דעם שאַכטל שאָקאָלאַד, וואָס זי האָט זיך אַליין געקויפט אַ מתנה—האָט די ווערטער אויפגעכאַפּט און זיך פאַר־וואונדערט: ווי קומען אַזעלכע שיינע רייד צו אַ פּראָסטן אַרבעטער, אַן אָפּגעריסענעם־אָפּגעשליסענעם, אַ צעשויבערטן? — און זי האָט לאַנג די ווערטער געדענקט, און זיי געחזרט פאַר זיך —

„ווי אַ ווייסער פייגל איז דער אמת".

און דאָס איז געווען גערטרוד, די טאָכטער פון די פיינמאַנס, פרענקלס אינטימסטע פריינט אין סאָציאַליסטישן קרייז.

דער גרויסער טאָג, ווען דער סטרייק האָט געדאַרפט דערקלערט ווערן, איז געקומען. קורץ פאַר דער דערעפענונג פון מיטינג, האָט בראַווערמאַן, אַ יונגער סטודענט, וועלכער האָט געזאָלט זיין איינער פון די רעדנער אַלס פאַרטרעטער פון פרענקלען, אים פאָרגעשטעלט פאַר אַ מיידל, וועלכע איז מיט אים געקומען. און אָט ווי איגנאַטאָוו באַ־שרייבט איר אויסזען:

„עפּעס אַזאַ מאָדנע, אַ הויכע, מיט אַזוינע שרעקלעך גרויסע אויגן. די מיידל איז דעקאָלטירט, און האָט עפּעס אַזאַ מין ליכטיקן האַלבן שמייכל אויף די פולע ליפּן, אַ שמייכל וואָס שמייכלט זיך ווי אַ בליץ, וואָס הערט ניט אויף. זי איז אַ טונקעלע, און דאָך עפּעס ווי אַ ליכטיקע. עפּעס אַזאַ מאָדנע נאָענטע און אַזאַ שרעקלעך ווייטע. — בערמאַן קאָן ניט קוקן אויף איר". — „וואָס ווילן זיי דאָ, אָט די אַריסטאָקראַט־קעס?"

און דאָס איז ווידעראַמאָל געווען גערטרוד.

ווען עס איז געקומען די ריי פאַר בערמאַנען צו ריידן, איז לכתחילה אין אים אַלץ ווי שטום געוואָרן, אָבער אַז ער האָט דאָס מויל געעפנט, האָט דורך אים ווי אַ בראָך געטאָן — און אין מיטן די רייד וועגן אונטערדריקונג און קלאַסנקאַמף, האָט זיך פּלוצלונג אַריינגעכאַפּט דער נאָמען פון רבה בר־בר חנא... — וואָס טוסטו?! — שרייט ער צו זיך — רבה בר־בר חנא און קלאַסנקאַמף! רבה בר־בר חנא און רעוואָלוציע! — אָבער ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּשטעלן. עס איז ניט געווען אין זיין מאַכט. עס איז ניט געווען אין זיין רשות. ער איז באַוועלטיקט געוואָרן פון אַ כוח, וואָס איז געווען שטאַרקער פון אים. זיין טאַטנס דרשה האָט זיך געריסן דורך אים. און ער האָט געמוזט דערציילן די גאַנצע גוזמא לעגענדע פון רבה בר־בר חנא. —

ווי ער האָט איינמאָל געליטן אַ שיף־ברוך; ווי ער איז מיט דער מאַנשאַפט צוגעשוואומען צו אַן אינדזל אין מיטן ים, באַוואַקסן מיט גראָז אוןביימער. און זיי האָבן צעלייגט אַ פייער, אום אָפּצוקאָכן

פאַר זיך אַ מאָלצייט. פּלוצלונג האָט דער אינדזל זיך אַ טרייסל געטאָן, זיך איבערגעקערט און זיי שיר ניט אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין. זיי האָבן קוים מיטן לעבן זיך געראַטעוועט. ס'איז ניט געווען קיין אינדזל — ס'איז געווען אַ לעבעדיקער ריזן־פיש, וואָס איז אָפּגעלעגן אומבאַוועגלעך פאַר הונדערטער יאָרן, ביז עס איז באַדעקט געוואָרן מיט ערד און איז באַוואָקסן געוואָרן מיט ביימער. דאָס פייער האָט די פיש אויפגעוועקט...

— די פיש איז דער אַרבעטער־קלאַס. זיי פרעסן זיך מאָלצייטן אויף זיין אומבאַוועגלעכן קערפּער. אָבער ער וועט זיך אַ טרייסל טאָן. און ווי וועט זיי זיין! מען וועט זיי דאַרפן ראַטעווען!

זיין טאַטנס דרשה האָט זיך געריסן דורך אים, און זי האָט אַרויס־גערופן די סטרייק־דערקלערונג. און דער טאַטע אין אים — דאָס איז ער אַליין געווען.

(צום סוף פון בוך זאָגט טאַקע אין חלום דער טאַטע צו בערמאַנען: „זון מיינער, מען קאָן פון פאַרגאַנגענע דורות ניט אַנטלויפן, זיי לויפן־מיט אינאיינעם מיט אונדז. אַט וואָלט איך אוודאי ניט וועלן צעברעכן דעם הימל, נאָר אַז דו קלעטערסט, קלעטער איך אינאיינעם מיט דיר, און אַז דו ברעכסט, ברעך איך אינאיינעם מיט דיר").

בערמאַנען איז נאָכדעם שוין מער ווי איינמאָל אויסגעקומען אויסצוגעפינען אַז מען קאָן פון פאַרגאַנגענע דורות ניט אַנטלויפן, אַז זיי לויפן נאָך אינאיינעם מיט אונדז.

גייענדיק פון סטרייק־מיטינג אַהיים, דערפילט בערמאַן מיטאַמאָל, אַז ער איז ניט אַליין, אַז אַ שלאַנקע פרויען־געשטאַלט, מיט שטילע גרויסע אויגן, גייט מיט אים. דער געפיל איז געווען אַ גוטער און אַ טרייסטנדיקער — זי איז אים בייגעשטאַנען און וועט אים ביישטיין. די מיידל־געשטאַלט האָט אים באַגלייט ביז אין צימערל אַריין — און ער האָט אַלץ געטראַכט:

— מאָדנע, ווי אַ מענטש, אין צייט פון גרויסער אויפרעגונג רעדט אַרויס זאַכן, וואָס ער וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז ער קאָן זיי זאָגן; ווי זיי וואָלטן געדרעמלט אין זיינע געדערים און געוואַרט אויף דער אויפרעגונג כדי דורך איר אַרויסגערעדט צו ווערן.

און נאָך האָט בערמאַן, פון פריערדיקע דערפאַרונגען, געוואוסט, אַז איינמאָל אַרויסגערעדט, לאָזן זיי שוין נישט אָפּ; זיי נעמען געוועלטיקן איבער אים, — אַזוי אויך איצט: שוין ביי זיך אין צימערל, אַליין מיט דער שוועבנדיקער מיידל־געשטאַלט, וואָס האָט אים באַגלייט, נעמט זיך זיין טאַטעס אַן אַנדער דרשה ווידער דרשענען דורך אים; ניין, די דרשה האָט אים געדרשנט — די דרשה שפּילט זיך פאַר אים, ווי אַ לעבעדיקע זעאונג, און ער איז בלויז דער צושויער־צוהערער:

— כיצד מרקדין לפני הכלה? — בית הלל זאָגט, מען זאָל טאַנצן און זינגען: די כלה איז ווי זי איז! — און בית שמאי זאָגט, מען

זאָל טאַנצן און זינגען: לויטער צויבער איז די כלה; פיין און אומבאַ־פלעקט...

און אָט שטייען זיי לעבעדיקע אין צוויי מחנות, און פירן די מחלוקת — בית הלל מיט פנימער שטילע, פאַרטראַכטע, מיט ברייטע, באַרואיקטע גרויע בערד; און די פנימער פון בית שמאי זיינען אויס־געקנאָכנטע, די בערד לאַנגע, שוואַרצע, שאַרף־פאַרשפּיצטע...

און עס עפנט זיך אַ פענצטער אין הימל, און עס קומט אַרויס אַ יונגערמאַן, כמעט אַ קינד, און גרויס און גרוי־איז זיין קאָפּ, און ער רייט שטייענדיק אויף אַ פייערדיקן לייב — מיט אַ טאָפּ אין די הענט — און זינגט אַ זאָג, אַז ער וועט שלום מאַכן צווישן בית הלל און בית שמאי — אָט ווי דער טאָפּ מאַכט שלום צווישן פייער און וואַ־סער...

עס איז געווען אַ טאַנץ און אַ זמר לכבוד חתן כלה. דער חתן איז ווער? — בערמאַן! — און די כלה איז ווער? — נאַטירלעך די רעוואָלוציע! — די רעוואָלוציע אין דער געשטאַלט פון דער מיידל, וואָס האָט אים באַגלייט אַהיים — שטייט זי דאָ, די מיידל־רעוואָלוציע, זיין באַשערטע כלה, זיין זיווג און פּלוצלונג ער הערט:

— עס שטייט געשריבן: אַ זיווג קומט ניט אָן לייכט. קשה זווגו של אָדם בקריעת ים סוף—האָט זיך ווידער גענומען דרשנען אין אים —און גלייך דערויף אַ צווייטע זעאונג:—פון צעעפנטן הימל קומט אַראָפּ אַ מענטש—מיט אַ קאָרב אויפן קאָפּ, און ער זינגט און שפּילט פאַר אים קריעת ים סוף. דער ים האָט זיך ניט געוואָלט שפּאַלטן. און די מצרים דערגרייכן שוין. דאָס פאָלק איז פאַרצווייפלט. די עלטסטע ווילן שוין אומקערן זיך, אַבי צו ראַטעווען די אָנגעזאַמלטע רייכקייט, נאָר דער יינגסטער, נחשון בן עמינדב, שרייט אויס:

— איידער קנעכטשאַפט, בעסער אין ים אריין אויף גאָטס באַראָט?

— און ער איז דער ערשטער אריין. און דאָס פאָלק נאָך אים. און זיי זיינען אויפגעשטאַנען, ווי לייבן און לעמפּערטן, און האָבן מיט גרויס אימפּעט זיך גענומען גיין אין ים, אויף לעבן און אויף טויט — אַבי קיין קנעכט ניט בלייבן!

און ווען זיי זיינען שוין געווען ביזן האַלדז אין וואַסער, האָט דער ים ניט אויסגעהאַלטן, און זיך געשפּאָלטן. — זייער גלויבן האָט דעם ים געשפּאָלטן. — און ער, בערמאַן, וועט דעם ים שפּאַלטן, און צו זיין באַשערטער כלה־רעוואָלוציע אריבערשפּרייזן...

פאַר זיך אַליין איז עס איינס פון יענע איגנאַטאָווס גאָלדענע מעשהלעך, וואָס מאַנכע קריטיקער מאָנען פון אים, אַז זיי אַליין זאָל ער נאָר שרייבן...

אָבער דאָס מעשהלע איז גלייכצייטיק אַ רינגעלע אין דער מעשה־קייט „בערמאַן” — לויט איגנאַטאָווס כלל, אַז אַ מענטש איז אַ מעשה: עס איז בערמאַנען אָן אָנזאָג געווען, אַז ער דאַרף זיין גרייט אַ ים צו

שפּאַלטן, אַן אָנגעגורטער בלויז מיט גלויבן, און אַז עס וועט אָנקומען שווער, ווי קריעת ים סוף...

בערמאַן איז דאָ אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין דעם שטראָם ליכט, וואָס ער האָט פון דעם געהאַט אַזאַ גרויסן רעזערוו אין זיין נשמה, און וואָס האָט זיך איצט דורכגעבראָכן און זיך גענומען באַוועגן, מיטשלעפּנדיק בערמאַנען אויף זיין באַשערטן לעבנס־וועג. און יעדער מאָל, ביי אַזאַ דורכברוך פון שטראָם, פלעגט בערמאַנען אויפשפּרינגען אַזאַ סימבאָלישע זעאונג, ווי אַ נבואה, וואָס וועט זיך שפּעטער דורכזעצן אין זיין לעבן, און בערמאַן פלעגט דערביי פילן, אַז ער איז ניט אין זיין רשות; אַז ער ווערט געטראָגן פון אַ געהיימען כוח; אָדער ווי אַ געהיימע האַנט וואָלט אים אַ נעם געטאָן און געפירט אָן זיין ווילן און וויסן; און ער פלעגט דערביי טראַכטן, אַז עפּעס איז אין אים פאַראַן, וואָס איז גרעסער פון אים, און אַז בכלל איז אַ מענטש גרעסער פון זיין אייגענעם גרויס: — „אַ מענטש איז וואָס ער אַנט צו זיין". און ער פלעגט דערביי זיך וואונדערן:

„מען האָט שוין אויסגעטראַכט מאָסן אויף צו מעסטן די ימים, די ערד, די זון און די שטערן. נאָר אַ מאָס אויף צו מעסטן, מיט וויפל אַ מענטש איז גרעסער פון זיין אייגענער גרויס — ווער וועט אַזאַ מאָס אויסטראַכטן?"

אין פאַרלויף פון ראָמאַן האָט בערמאַן מערערע אַזעלכע „דורכברוכן" — פינף־זעקס אַזעלכע נשמה־עקספּלאָזיעס, וואָס שפּריצן זיך פאַנאַנדער אין וויזיעס. דאָס זיינען זיי די מעשהלעך, וואָס גיבן די מאָראַל, דעם באַהאַלטענעם זין פון דעם, וואָס געשעט; פאַרענטפּערן וואָס עס איז פריער געשען, און זאָגן אָן, וואָס עס דאַרף אינגיכן, אָדער ווען עס איז — פריער אָדער שפּעטער — געשען. זיי גיבן דעם „פאַרוואָס" פון דעם „וואָס" — וואו האָט דער מענטש זיין נשמה גענאַרט און זיין נשמה־וואָג געפעלשט און געקרימט. די מעשהלעך שטעלן דאָס צונויף „די מעשה אין דער מעשה", אויף וועלכער דער ראָמאַן איז געבויט, און וואָס דאַרף געלייענט ווערן פונקט אַזוי ווי די רעאַליסטישע סביבה־שילדערונג, כדי דער ראָמאַן זאָל האָבן גאַנצקייט און צוזאַמענהאַנג.

איך, אין אָט דער אָפּהאַנדלונג, פאַרנעם זיך בלויז מיט די „דורכברוך"־מאָמענטן. — ווען די זעאונג האָט זיך אויסגעשעפּט, און בערמאַן, אַן אויסגעשעפּטער, האָט מיטן שפּיר־אויער נאָך אָנגעהאַלטן די לעצטע הימנע פון די פאַרשווינדנדיקע געשטאַלטן: „דאָס קול פון דער רעוואָלוציע אין קראַפט, אין שיינקייט; דאָס קול פון דער רעוואָלוציע ברעכט טענענבוימער, שלאָגט פלאַמען פייער, טרייסלט אויף דעם מדבר, באַוועגט די וועלט פון אירע יסודות, דאָס קול פון..."

האָט ער מיט פּלוצלונגדיקער קלאָרקייט דערזען, אַז די גרויס־אויגיקע מיידל־געשטאַלט, וואָס איז אים די גאַנצע צייט ביי־געשטאַנען,

סימבאָליזירנדיק פאַר אים זיין כלה־רעוואָלוציע, איז די זעלביקע, וואָס איר זעאונג האָט אים באַגלייט אהיים נאָכן מיטינג; די זעלביקע אריסטאָקראַטקע מיט וועלכער דער סטודענט בראַווערמאַן האָט אים באַקענט ביים אַנהייב פון מיטינג.

„איך און די אַריסטאָקראַטקע?" — האָט בערמאַן זיך דערשראָקן. יאָ, זי. זי איז געווען זיין זעאונג; די זעלביקע, וואָס האָט איינמאָל אונטערגעהערט דעם שלום פון זיינער אַ רעדע אויף אַ גאַסן־ווינקל: „ווי אַ ווייסער פויגל איז דער אמת" — און האָט די ווערטער באַהאַלטן אין זכרון און כסדר געחזרט. זי איז געווען גערטרוד. די אויסגעוואָקסענע טאָכטער פון די פיינמאַנס, וועלכע האָבן געהערט צו פרענקלס אינטימען קרייז.

זייט בערמאַנס באַגעגעניש מיט גערטרודן, האָט דער ליכט־שטראָם, וואָס האָט זיך געשפּאַרט פון זיין נשמה, גענומען פליִיצן מיט באַזונדערער גבורה, שטויסנדיק אויף בערמאַנס מאַטעריעלער סביבה, האַסטיקער אַנטרייבנדיק דעם פאַרלויף פון דער מעשה בערמאַן, אין וועלכער ער איז שוין ניט אַליין, נאָר זאַלבענאַנד — ער מיט זיין באַשערטער.

דער שפּרונג איז געוואָרפן געוואָרן. דער צירקל אַרום בערמאַנען און גערטרודן האָט זיך פאַרענגט. און די געשעענישן נעמען זיך וויקלען ווי פון אַ קנויל.

צוויי דורות האָבן זיך צונויפגעקלעמט, און דער משפּט פון דור איבער דור האָט זיך אָנגעהויבן: בערמאַן משפּט און פאַרמשפּט פרענקלען; און גערטרוד — „דאָס ליכט פון זיין נשמה" — משפּט און פאַרמשפּט גאַבריעלן; ביידע, פרענקל און גאַבריעל — ווערן צונישט געמאַכט — פרענקל, אַ צוגעשמידטער ווי צו אַ שאַנד־סלופּ, צום קאַמפּראָמיס, אויף וועלכן ער האָט זיין לעבן אויפגעבויט; און גאַבריעל, דער טייוול, אין „אַנטייוואָלטער" דורך דעם ווידערשטאַנד פון איין צנועהדיקער פרוי — גערטרוד; ביידע — פרענקל און גאַבריעל — שלינגענדיק זייער אייגענעם בזיון.

קאַפּיטל 5

## די פּרופונג פון הייליקן בערמאַן אין דעם מדבר

מיט דעם שליסל־וואָרט „ליכט", וואָס עפנט אויף דעם זין פון ראָמאַן, וועט דער לייענער זיך שוין אַליין פאַנאַנדערקלייבן אין די געשילדערטע געשעענישן. קאָן איך מיר פאַרשפּאָרן איבערצוגעבן דעם פאַקטישן אינהאַלט. נאָר אין קורצן צו דערציילן:

דער גענעראַל־סטרייק, וואָס בערמאַן האָט אַרויסגערופן אין דאַמען־היט־פאַך, האָט שוין געהאַלטן גאָר שמאָל: די פּיקעטס, און בערמאַן

אויך בתוכם, זיינען געשלאָגן געוואָרן מכות רצח פון גענגסטערס, געדונגענע פון קאָפּ פון דער באָסעס־אַסאָסיאיישאָן, וועלכער איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי בערנשטיין, אַן אַרויפגעאַרבעטער סאָ־ציאַליסט, אַן אָנגעהעריקער צו פּערנקלס קרייז, אַן אונטערשטיצער פון פּרענקלס וואָכנשריפט, וואָס האָט, ווי אויף ליצנות, געטראָגן דעם נאָמען פון בערמאַנס כישוף־וואָרט — „ליכט".

קוים דערהאָלט זיך פון די קלעפּ, ווערט בערמאַן געלאַדן פון פּרענקלען צו אים אין הויז אַריין, צו דער פייערונג פון זיין טאָכטער זינאַס געבורטסטאָג, וואו ער באַגעגנט זיך פּנים אל פּנים מיט דעם זעלביקן בערנשטיין. אַן אָנגעצונדענער לאָזט זיך בערמאַן נאָכדעם אוועק צו דער אַרבעטערשאַפט און טרייסלט זיי פון דאָס ניי אויף מיט דעם געשריי: פּאַרראַט! — דער מוט פון די סטרייקער ווערט דער־פרישט. דער קאַמף ווערט באַנייט. און אויפגערודערטע מיט גרעכטן צאָרן, קומען זיי מאַנען חשבון פון פּרענקלען, וועלכער ווייסט אַליין ניט, ווי אַזוי דאָס איז געשען, אַז ער, דער ערשטער וועגווייזער פון די אַרבעטער צום סאָציאַליזם, זאָל ווערן אַ מיטשולדיקער, דורך זיין בוזעם־פריינד, בערנשטיין, אין פאַרגאָסענעם אַרבעטער־בלוט.

דאָס האָט די קאָמפּראָמיסלעכקייט זיינע — זיין דולדן באָסעס אין דער באַוועגונג — טאַקע צוליב די „אינטערעסן פון דער באַווע־גונג" — אים געבראַכט דערצו.

און דאָ געשעט נאָך אַ מאָדנערע זאַך: די סטרייקער, נאָר וואָס אָנגעפייערטע מיט הייליקן פּראָטעסט דורך בערמאַנס רוף, לאָזן זיך אין דער נעקסטער מינוט אויפהעצן צו בלינדן כעס דורך איינעם ווילק — אַ פאַרדעכטיקער פּאַרשוין, וואָס אַ סברה, אַז ער איז גאָר געשטאַ־נען אין דינסט פון די באָסעס, וואָרעם בערמאַן האָט געדענקט גאַנץ גוט, אַז דאָס איז געווען ווילק, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף אים די גענגסטערס, וועלכע האָבן אים אָוועקגעלייגט אַ האַלב־טויטן אויפן טראָטואַר.

די סטרייקער צעשמעטערן די רעדאַקציע פון „ליכט" — און די פירערשאַפט פון סטרייק גייט אַריבער פון בערמאַנען צום האַלב־גענגסטער ווילק און דעם סטודענט בראַווערמאַן, פּרענקלס אַ תלמיד, וואָס אין דער מהומה האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פון דער רעדאַקציע כדי צו שלאָגן בלאָט מיט ווילקן. די נייע פירערשאַפט נעמט איבער די מעטאָדן פון די באָסעס — זיי דינגען גענגסטערס אויף צו שלאָגן די סקעבס — און דער סטרייק, אַרויסגערופן פון נביא־סאָציאַליסט בער־מאַן פאַרענדיקט זיך מיט אַ פּראַקטישן זיג דורך דעם יד אחת פון אַ קאַריעריסט מיט אַ האַלב־גענגסטער. און די ערשטע גרויסע יידישע אַרבעטער־יוניאָן ווערט געגרינדעט — אַ טיפּ יוניאָן, וואָס פאַרשאַפט אַזוי פיל שברת לב די פיינערע סאָציאַליסטן — אַ יוניאָניזם, וואָס, גע־באָרן אין אײדלקייט, האָדעוועט זיך אין גראָבקייט...

איז דאָס בערמאַנס מפּלה? אָבער אַפּילו ליידנדיק פּערזענלעך אַ מפּלה, האַלט ער אָפּ אַ נצחון: זיין קרבן, זיין בלוט, זיין האַרץ, זיין צאָרן, זיין ענטוזיאַזם זיינען איינגעקנאָטן אין דעם פונדאַמענט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג; אָן זיין קרבן וואָלט דער פונדאַ־מענט זיך ניט געהאַלטן און די גאַנצע געביידע וואָלט צונויפגעפאַלן.

אַפּילו בערמאַנס מפּלות זיינען נצחונות, מאַלע וואָס די ווירקלעכ־קייט, מאַכנדיק איר סך הכל, קנעט צונויף זיין קרבן מיט די געמיינע טאַטן פון די אַנדערע.

אָבער פרענקלס מפּלה איז אַן ערגערע: עס איז מפּלה מיט דער־נידעריקונג. איבערוואַרטנדיק אַ שטיקל צייט, נאָכדעם ווי די געמיטער האָבן זיך באַרואיקט, לאָדן אים איין די זעלביקע פירער, וואָס האָבן נאָר־וואָס אים געהאַט געשענדט, צו טאָן פאַר זיי משרת־דינסט — ער זאָל באַפּוצן זייערע פאַסקודנע וואָכעדיקע מעשים מיט זיינע שיינע יום־טובדיקע סאָציאַליסטישע פראַזן; ער זאָל שקלאַפן פאַר זיי אַלס ערן־גאַסט אויף זייערע יוניאָן־פּאַראַדן.

און טריי צו זיין אייביקן קאָמפּראָמיס נעמט פרענקל אָן די שענד־לעכע ראָל — נאַטירלעך, ווידעראַמאָל אין די „אינטערעסן פון דער באַוועגונג גופא". — ער, פרענקל, בלייבט אויף זיין „פּאָסטן", וואָס עס זאָל אים ניט קאָסטן! — שלינגט ער בזיון, פאַררייסנדיק דעם קאָפּ און פאַרמאַכנדיק די אויגן...

פרענקל צאָלט שטראָף. וואו ער האָט מיט דער נשמה געקריסט, ווערט קעגן אים געקרימט — און דאָס איז ערשט דער אָנהייב!

פרענקל בלייבט אויף זיין פּאָסטן, אָבער בערמאַן אַנטלויפט פון ניו־יאָרק, זיינע אויגן זאָלן עס ניט אָנקוקן. אַ באַזיגטער? ניין! דאָס ליכט, וואָס זיין נשמה האָט פּראָדוצירט, איז ניט פאַרלאָרן געגאַנגען; עס איז געבליבן דער קרן קימת פון דעם יידישן אַרבעטער אין אַמע־ריקע. — בערמאַן לאָזט זיך אַוועק אין דער וועסט אָנצוצינדן זיך מיט נייעם ליכט.

אַזוי, אַז אויפגעעפנט מיט דעם שליסל־וואָרט „ליכט", געווינט דאָס גאַנצע געשעעניש קלאָרן, טייערן זין. — מער וויל איך מיט באַ־שרייבונגען פון געשעענישן זיך ניט פאַרנעמען; דער דריי־בענדיקער ראָמאַן איז אָנגעפּראָפּט מיט געשעענישן — קאָן איך זיי אַלע נאָכלויפן מיט דער פען?—איך וועל זיך באַנוגענען מיט צוויי דריי מאָמענטן— בערמאַנס „נשמה־עקספּלאָזיעס" — וואו דער זין פון ראָמאַן ווערט אַלץ מער פאַרטיפט און דערהויבן — ביז די גאַנצע „מעשה אין דער מעשה" וועט אַרויסקומען בולט פאַרן לייענער, און דער פולער זין פון ראָמאַן וועט זיך אים אויסליינן אויף דער האַנט.

***

בערמאַן האָט אַוועקגעוואַנדערט אין די דאַקאָטאַס, אין די פּרעירים, פון דער גאָלדענער וועסט — וואו די ערד איז נאָך דעמאָלט געווען

פריי, און יעדער האָט זיך געקאָנט מאַכן אַ וואוינאָרט — לייגן אַ „האָמסטעד".

אויך פרענקל אין זיין צייט האָט געמאַכט אַזאַ רייזע אין דער ווייטער וועסט. אַ מידער פון דעם קאָמפּראָמיס, וואָס האָט שטענדיק זיך געקלעפּט צו אים ווי אַ פלעק — איז ער געווען אַוועקגעפאָרן אויף זעקס חדשים — אַוועקגעפאָרן נאָך אַ געזעגענונגס־אָוונט פון דעם קרייז. וואוהין ער פאָרט? — דאָס האָט ער פאַרשוויגן. אפשר מיט אַן ערלעכן מיין דערביי — האָט ער זיי געקענט דערציילן, וואָס עס טוט זיך ביי אים אויף דער נשמה? — ער האָט זיי קיין ליגן ניט געזאָגט, אָבער מיט זיין פאַרשווייגן האָט ער דעם אמת צו ליגן געמאַכט; ער האָט זיי געלאָזט דענקען, אַז ער איז געפאָרן מיט אַ וויכטיקער רע־וואָלוציאָנערער שליחות קיין רוסלאַנד, און ווער ווייס וואָסערע העל־דישקייטן ער וועט דאָרט אויפטאָן? — און ווען ער איז פּלוצלונג צוריקגעקומען, אַ צעווירענער, האָט ער ווידער געשוויגן, און האָט זיי געלאָזט אויסטייטשן: ווער ווייס וואָסערע העלדישקייטן ער האָט שוין דאָרטן אויפגעטאָן? ער האָט זיך ווי „געפּוילט" צו דערציילן דעם אמת. איז די נסיעה, מיט איר ערלעכער כוונה, געוואָרן אַ פּאָזע — אַ ליגנערישע טעאַטראַלישע פּאָזע, וואָס האָט זיך אַריינגעקלעפּט ווי אַ קאָמפּראָמיס צווישן די אַנדערע קאָמפּראָמיסן פון זיין לעבן.

ווי אַנדערש אָבער מיט בערמאַנס נסיעה. מיט פרענקלען פאַר אַ פאַרגלייך, צייכנט זיך נאָך בולטער אויס בערמאַנס געשטאַלט.

בערמאַן האָט זיך געלאָזט אין דער וועסט, ווי אַ פאַרצייטיקער נביא פלעגט גיין אין מדבר אריין — „אַפריכטן גלות" — דורכצומאַכן אַ גרויסן נסיון — צו נעמען אויף זיך פורעניות. עס האָט אים געקומט אַ שטראָף. אפשר האָט ער פריצייטיק זיך אַ כאַפּ געטאָן צו מאַכן רעוואָלוציע דאָ אין אַמעריקע? מיט וואָס פאַר אַ רעכט? דאָס איז פאַררעסנקייט, גאווה! דער חומר קאָן נאָר אויף אַזויפיל איינשליינגען פון דער נשמה־מעשה, וויפל ער קאָן פאַרטראָגן. קען ער דאָס לאַנד? ער דאַרף זיך באַקענען מיט אַמעריקע, אַנזויגן זיך מיט איר לופט, איינ־פלאַנצן זיך אין איר ערד. און ער איז געגאַנגען אַהין, וואו ערד איז געווען גרוב, צום ברעג פון אַמעריקאַנישן ישוב, וואו דער אַמעריקאַנער איז אין זיין ערשטער אָריגינעלער געשטאַלט, אַ פּיאָנער, וואָס גייט מנצח זיין אַ קאָנטינענט.

מיט בערמאַנס נסיעה אין דער וועסט הויבט זיך אָן דאָס דריטע בוך פון איגנאַטאָווס ראָמאַן.

די ערשטע קאַפּיטלען זיינען די פרישסטע אין ראָמאַן — דורכגע־לופטערטע מיט ווינטן, וואָס בלאָזן איבער דער רחבות פון דער פּרעירי. בערמאַן זאַפּט זיך אָן מיט דעם ריח פון לאַנד — מיט דער דערוויילִיקייט און צייטווייליקייט, וואָס איז „אַמעריקעס חלק אין דער אייביקייט" — דער גרונט־שטריך, וואָס האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן

פנים פון איר נאטור און אויף די פנימער פון אירע מענטשן. — און אט איז ער אין שטעטל, ביים גרענעץ פון דער פרעירי. די ערשטע נאכט אין האטעל האט ער חלומות, וואו עס באגעגענען זיך די צוויי קאנטינענטן—די אלטע היים האט זיך געוויגט מיט דער נייער. אין אט איז ער ביים שעריף פון שטעטל, וואס דארף אים געבן די דערלויבעניש צו פארנעמען א „האמסטעד"—א נעכטיקער פיאנער, היינט די „רעגירונג". אט איז ער דער אריגינעלער אמעריקאנער — יונגע פראסטקייט, פיזישע גבורה, מיט קינדערשן מות. מיט קיי־טאבאק־שפיי, וואס טרעפט בערמאנען אין שוך אריין, ווייזט ער אים א פינטעלע אין האריזאנט, וואו ער זאל זיך לאזן גיין דורך דער פרעירי.

ער גייט און גייט א גאנצן טאג, און קיין מענטשלעכער סימן. פלוצלונג א שרפה אין מיטן דער פרעירי — דאס האט א הייזקע זיך אנגעצונדן פון דער אונטערגייענדיקער פרעירי־זון. אט דא וועט ער אנקוקן פנים אל פנים דעם פיאנער, וואס אקערט א קאנטינענט פאר א ציוויליזאציע — און אט באווייזט זיך דער פיאנער: א ריז, אריבערגעבויגן איבערן פארקאן, וואס צוימט די הייזקע ארום, מיט א ביקס אנגעצילעוועט אויף אים: — דו, טרעמפ, זאלסט ניט וואגן צוקומען! —

ווייל בערמאן צוקומען, דערקלערן, שיסט דער ביקס טאקע אויס. די פארמערקע ווארפט אים צו א שטיק ברויט, ווי א הונט. לאזט ער עס ליגן אויף דרערד, מאכט א שריט נעענטער אויסצוטענהן זיך מיטן פיאנער וועגן יושר און זיינע ערלעכע כוונות, — ערשט דער פיאנער שפרינגט אריבער דעם פארקאן, און מיט אן אויסגעשריי פון פרומער אנטריסטונג:—סטייטש! גאטס ברויט לאזסטו זיך וואלגערן אויף דער ערד!—גיט ער אים מיטן גראבן שטיוול א זעץ אין בויך. בערמאן איז אזש צונויפגעקרעמפט געווארן אין דרייען. און דער פארמער טרעט און טרעט אויף אים, און דערנאך—מיטן ביקס אנגעשטעלט אויף אים, צווינגט ער אים אוועקקריכן אויף אלע פיר אין דער פרעירי אריין.

דאס איז שוין דאס צווייטע מאל, וואו בערמאן האט ארייגעכאפט מוראדיקע קלעפ אין אויספאלגונג פון זיין שליחות.

א נאכט אין יסורים, א נאכט פון גרוילן אן אנהאלטנדיקער קאשמאר! — קעלט, הונגער, ווייטיקן אין די צעטראטענע גערערים, האבן געמאטערט זיין קערפער, בעת ער איז געקראכן אויף אלע פיר, אין דער שטאק־פינצטערניש פון דער נאכט. און ארום אים פון אלע זייטן, פון נאענט און פון ווייט, א כאר פון קוויטשענדיקע פרעירי־הינט; און אויף אים—פויזענדיקע, פישטשענדיקע באשעפענישן, וואס פאלן פון דער לופט אראפ, ווי פארהארטעוועטע לעבעדיקע שטיינדלעך. דאס זיינען געווען מחנות פייגעלעך, וואס זיינען פארנארט געווארן קיין צפון דורך די פריצייטיקע סימנים פון פרילינג — און פארכאפטע פון ביי־

נאַכטיקן פרעירי־פּראָסט, פאַרפראָרענע ביז האַלב־טויט, האָבן זיי אויסגעקליבן זיין קערפּער אויף זיך צו דערוואַרעמען... זיינען זיי אים אַנגעקראָכן אונטער די אָרבל, און אונטערן האַלדז, און זיך גע־טוליעט צו זיין ברוסט, און אַרומגעקלעפּט זיין גאַנצן לייב; און נאָך אַלץ זיך געשאָטן און זיך געשאָטן אויף אים, ביז ער האָט מורא גע־קראָגן פאַרשאָטן צו ווערן פון זיי.

האָט ער זיך אָנגעטאָן א כוח, און זיך אויפגעשטעלט און גענומען גיין טריט ביי טריט, ווי א לעבעדיקער פישטשענדיקער באַרג, טרעטנדיק אויף לעבעדיקע פישטשענדיקע קופּעס פון פייגעלעך, וואָס האָבן זיך אָנ־געשאָטן איינע אויף די אַנדערע—איז ער געגאַנגען און פאַראויס אים — זעאונגען, וואָס זיינען געשפּרונגען אים אין די אויגן, און ווי געשפּרונגען פון זיינע אויגן, און האָבן געשרפט זיין מוח אין משוגעת אריין; — זעאונגען פון גערטרוד און זוהר, אויף כיצד מרקדין און אויף די דינים פון סוכה; זעאונגען פון פיינלעכער אַנט־ציקונג און פון פיינלעכער שולדיקייט. און דער שטן אין דער געשטאַלט פון א כלב, מיט גאַבריעלס פּנים, האָט אָבער און ווידער זיך גערייצט מיט אים, ניט אָפּטרעטנדיק — און געבוילן חוזק אים אין די אויגן אריין — און גלייכצייטיק די טרייסטנדיקע גערטרוד, אַן אויפגעליכטיקטע, שיקנדיק כוואַליעס פון מילדער ליבשאַפט אים אין האַרצן אריין — גן־עדן מיט גיהנום אויסגעמישט...

און צו באַגינען איז ער געבליבן שטיין א טיף־עלנטער, א יאָמערנ־דיקער, בעטנדיק רחמים—און דאַ האָט זיך פּלוצעם באַוויזן צו אים „גאָט" — אין דער טראַדיציאָנעלער געשטאַלט פון משה מיט אהרן, ווי ער האָט זיי געזען אַלס חדר־ייִנגל — וואָס ער האָט זיך אויסגע־טייטשט, אַז דאָס איז אַן אָנווייז און א מעשה־נבואה, אַז ער דאַרף גיין צוריק צום קוואַל, זיך אָנצונעמען מיט אַלט־ייִדישקייט, אָנצו־זאַמלען א פיל גרעסערן רעזערוו פון ייִדישן נשמה־ליכט, ווי ער האָט עס ביז אַהער פאַרמאָגט — כדי צו געווינען רעכט און כוח צו באַ־צווינגען דעם ריזן־קאָנטינענט אַמעריקע.

קאַפּיטל 6

# דער הייליקער בערמאַן ראַנגלט זיך מיט טייוואָלים, וואָס זעען אויס ווי מענטשן

בערמאַן האָט זיך געלאָזט גיין צוריק קיין ניו־יאָרק, און אויפן וועג שוין אין די גרענעצן פון ניו־יאָרק סטייט — איז ער פאַרגאַנגען אויף דער פערמע פון שליאַפּניקאָוון, וועגן וועלכן ער האָט שוין געהערט, אַז דאָס איז א גוי א רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט אויף דער עלטער זיך גענומען צום תהלים.

גייען מיר א שטיקל וועג מיט בערמאַנען, כדי צו צוהערן זיך צו זיינע טראַכטונגען און שטימונגען נאָך זיין לייטערונג אין מדבר. — דערציילט איגנאַטאָוו:

„בערמאַן איז זיך געהאַט געגאַנגען אויף זיין וועג קיין ניו־יאָרק איבער די אויפגעוואָרפענע בערג־געגנטן פון דעם שטאַט ניו־יאָרק. ווי ווייסער שניי האָט זיך איבער דער גרינער ערד געווייסט דער באַרג־און פעלדיקער וועג אין דער לבנהדיקער נאַכט; ווי אויפגעשטעלטע, ווייסע שניי־פלאַכן האָבן זיך געווייסט די ווענט פון פערמע־הייזלעך דאָ און דאָרט. שנייאיקע ווייסקייט אין דער לבנהדיקער נאַכט־לופט, פיר־עקיקע פרישע ווייסקייט בלאַנקט אויפגעשטעלט און פרישט דאָס אויג. כאָטש זומער, נאָך אַ פראַסטיקע שאַרפקייט שטייפט־אָן די באַרג־לופט אין די בערג. שטייסטו, שטייט די גאַנצע לופט מיט דיר; ווי נאָר אָבער דו נעמסט זיך באַוועגן, דאַכט זיך דיר אויס, ווי אַ שאַרפער, קילער ווינט בלאָזט דיר איבער דיין פנים. דאָס שניידט אַזוי דאָס פנים פונעם גייער דאָס ווייס פון דער לבנה, די אָנגעצויגענע אָפּגעקילטע באַרג־לופט. די נאַכטיקע באַרג־לופט ברעכט זיך כמעט אַזוי ווי אויסגעטריקנטער, סקריפענדיקער פראָסט אויף דעם פנים פון דעם גייער איז זיך בערמאַן אַזוי געגאַנגען אויף זיין וועג קיין ניו־יאָרק.

— וואָס איז אַ מענטש?

— אַ נעסט אַזאַ. אַ נעסט פאַר פויגל אַזוינע, צי אַזוינע.

— און אויב אַ מענטש איז נאָך ניט אינגאַנצן צוגעפּאַסט פאַר אַ געוויסן מין פויגל, אַ באַשטימטן, קומט אַמאָל דער צופאַל און נעמט דעם מענטשן אַריין אין זיין קלעם, ביז ער פרעסט אים אי־בער. מאַכט פון אים דאָס נייטיקע, צוגעפּאַסטע אָרט פאַר דעם פויגל, וואָס וואַרט אויף זיין נעסט.

אַ מענטש מאַכט אפשר אויך אַליין זיינע אייגענע צופאַלן. עס זיצן שוין אין אים אַזוינע פויגלען, וואָס טרייבן אים אויף אַזוינע וועגן, וואָס ברענגען אים צו די צופאַלן, וואָס זאָלן אים אַריינגעמען אין קלעם און אים צוגרייטן אויף אויפצונעמען די נייע געדאַנקען — די נייע פויגל.

און ווייס ווי שניי איז דער וועג און דער טראָט איז גרינג און קלאָר איז די נאַכט, ווי אַ זעאונג אַ קלאָרע. פון צייט־צו־צייט שרייט־אויף אַ מענטש, זינגט־אויף אַ מענטש.

ווי אַן אויפגעבראָכן שטיקל ערד, שפּרינגט אַ האָז דאָ און דאָרט; שפּרינגט אויף, שפּרינגענדיק פאַרביי דעם וועג, שטעלט זיך אַמאָל אָפּ אין מיטן וועג, אַ צעטומלטער פון דעם וועגס נאַקעטקייט, אַ פאַר־בלענדטער פון דער ווייסקייט, זעצט זיך צו אַ צעשראָקענער — וואַרט אַ רגע — כאַפּט זיך באַלד אויף פון אַ נייעם שרעק און שפּרינגט ווייטער ווי אַ שטיקל שפּרינגענדיקע ערד.

אַ שטערן פאַלט. אַ שטערן פאַלט. — ווער קאָן מעסטן, ווער קאָן ציילן די שטילקייט פון דער נאַכט?

אַ פאַלנדיקער שטערן גיט זיך אָפּט אַ שטעל, ווי אַ גאָלדענער ווייזער איבערן הימל. גיט זיך אָפּט אַ צי, ווי אַ גאָלדענע מעסט־שטריך אין עמעצנס הענט. מיט שטויב פליט אָן אַן אויטאָמאָביל, לאָזט אים איבער, לאָזט איבער בערמאַנען אין ווייסן שטויב אַ פאַרשטויבטן און בערמאַן גייט ווי אַן אויפגעשפּרונגענע שטיק ערד אין מיטן שטויב אויפן וועג.

דער ווייסער שטויב צעגייט זיך און עס ווערט נאָכדעם נאָך ווייסער און ליכטיקער די נאַכט...״

אָט אַזוי גייט ביי איגנאַטאָוון בערמאַן קיין ניו־יאָרק. עס טראָגט אים אַהין אַן אויפגעליויכטענער געדאַנק וועלכן ער וועט דאָרט „אָפּלאָזן ווי אַ ליכטיקן פויגל״ און אויפן וועג וויל ער אויך אַ קוק טאָן אויף „דעם רעוואָלוציאָנער שליאַפּניקאָוו. וואָס האָט זיך גענומען צו תהלים״. „אַ הער טאָן דעם קלאַנג פון זיין קול...״

ווען בערמאַן האָט פאַרבלאָנדזשעט צו שליאַפּניקאָוון אויף דער פערמע, איז דאָרט יענעם אָוונט געהאַט זיך צונויפגעזאַמלט כמעט דער גאַנצער ניו־יאָרקער קרייז, צונויפגעבראַכט פון דער פריצייטיקער ידיעה אַז אין רוסלאַנד איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע.

זיינען זיי דאָס געקומען דערפרייען שליאַפּניקאָוון מיט דער בשורה.

אויפן הויף, פאַרוויגטע און באַלויכטענע פון דער שטילער לבנה־נאַכט, זיינען געשטאַנען פרענקל און זיין טאָכטער זינאַ, וועלכע איז שוין געווען פאַרגאַנגען אין טראָגן מיט אַ צווייטן קינד פון גאַבריעלן — ביידע פאַרטיפטע אין זיס אומעטיקע נשמה־חשבונות; און ביידנס געדאַנקען האָבן טעלעפּאַטיש־גלייכצייטיק פאַרבלאָנדזשעט אויף בער־מאַנען און אויף זיין פּלוצלעכן פאַרשווינדן — און דאָ גראָד איז ער אָנגעקומען.

די ערשטע זאַך, וואָס זינאַ האָט געטאָן, איז צו פאַרגנבענען זיך צום טעלעפאָן און פון קיינעם ניט געהערט, אָפּרופן אויף „לאָנג־דיס־טענס־דראָט גערטרודן אין ניו־יאָרק, און איר אָנזאָגן די בשורה אַז בערמאַן האָט זיך אָפּגעזוכט — ער איז אויף שליאַפּניקאָווס פערמע. און גערטרוד, אַזוי גיך זי האָט באַקומען דעם טעלעפאָן־רוף, האָט זי זיך גלייך צוגעגרייט אין וועג אַריין, איילנדיק זיך צו כאַפּן דעם לעצטן אָפּגייענדיקן צוג. אין טיר האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף גאַבריעלן, וועלכער האָט אויסגעזען אַזוי אויסגעצערט און רחמנותדיק, אַז זי האָט פאַרגעסן אָפּילו אין כעס צו ווערן אויף אים.

(דאָס איז געווען חדשים נאָך זייער לעצטער „באַגעגעניש״ ביי פרענקלען אין הויז, אויף דער געבורטסטאָג־פייערונג פון פרענקלס טאָכטער זינאַ — פון וועלכער בערמאַן איז אַנטלאָפן מיט פּראָטעסט

אויף קיין מאָל מער זיך ניט צו ווייזן. — גאַבריעל האָט גערטרודן אָפּגעלויערט אין אַ ווייטן צימער, און געפּרואווט צוגיין צו איר מעשה העלד, מיט דער חוצפּה, וואָס פּלעגט אַזוי אויסנעמען ביי די ווייבער:
— קום, מיידעלע, מיט מיר... אָבער גערטרוד, אַנשטאָט אָן ענטפער, האָט אים אַריינגעלאָזן אירע שפּיציקע נעגעלעך אין נאַקן. אָט דער פּלוצלעכער ווידערשטאַנד, צו וועלכן ער איז ניט געווען געוואוינט, האָט אים חרוב געמאַכט — האָט פאַרסמט זיין נשמה און זיין בלוט. פון דעם מענטשן איז געוואָרן אַ תל. דער דעמאָן האָט זיך איינגעשרומפּן אין אַ קליין אָרעם טייוועלע. און די וואונד האָט זיך בשום אופן ניט געוואָלט פאַרהיילן).

גאַבריעל האָט נאָר וואָס געהאַט פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, און ניט ווייסנדיק וואו אַהינצוטאָן זיך, האָט ער איינגעשטעלט און אָנגעקלונגען צו די פיינמאַנס.

— מיר פאָרן צו שליאַפּניקאָוון — האָט גערטרוד אויסגעשריען און גאַבריעל איז מיטגעפאָרן.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען האָבן זיי געפונען די גאַנצע געזעלשאַפט פאַרטאָן אין אַ היציקער דיסקוסיע מיט בערמאַנען. פאַר גרויס שמחה האָט גערטרוד ניט געשפּירט, אָדער קיין צייט ניט געהאַט צו טראַכטן וועגן דעם — ביים אַריינקומען אין שליאַפּניקאָווס הייזל האָט גאַבריעל אַרומגעלעגט זיין אָרעם אַרום איר טאַליע, און גאַבריעלס שטייגער צו האַלטן אַ פרוי אַרומגענומען איז געווען ווי אַן אָנזאָג צו אַלעמען, אַז ער האָט די פרוי אין זיינע אָרעמס, ווען נאָר ער וויל...

— אָט ווי ווייט עס האַלט ביי זיי! — האָט בערמאַנען אַ שניט געטאָן ווי מיט אַ מעסער אין האַרצן — זיין אומבאַרירבאַרע, אומבאַרירטע...

פון דאָס איי — „די פּרופונג פון הייליקן אין דעם מדבר". ווידער איז זיין ליבשאַפט אויסגעלאָפן אין גראַנגל פון ליבע־לשם־ליבע־פאַרלייקענונג. (זיין פּליטה פון פרענקלס הויז איז געווען אויך אַ פּליטה פון גערטרודן). דאַרף ער אין דער דערפילונג פון זיין שליחות זיך אָפּזאָגן פון טייערסטן, כדי נאָך מער עס צו פאַרטייערן?

גערטרוד, ווי זי וואָלט איבערגעכאַפּט בערמאַנס ווייטיקדיקן געדאַנק, האָט האַסטיק אָפּגעשליידערט פון זיך גאַבריעלס אָרעם...

די דיסקוסיע איז ניט איבערגעריסן געוואָרן מיט זייער אָנקומען. פאַרקערט. דער מעסער־שניט אין האַרצן, דאָס שפּיזיקע ליצנות־שמייכעלע פון גאַבריעלן — האָבן נאָך מער גערייצט בערמאַנען און געשליפן זיין מוח און געשפּיציקט זיין צונג. ווי אַ פאַרכאַפּטער איז ער געטראָגן געוואָרן פון זיינע רייד, און ווי אַלעמאָל אין צייט פון אויפרעגונג, האָט ער געפילט, אַז עס רייסן זיך פון אים אומגעריכטע ווערטער, וואָס וועלן אים שפּעטער באַוועלטיקן און וועלן ווערן די אמתן פון זיין לעבן. ער מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל — און צום לעצטן מאָל — זיך פאַר־

נאַנדערחשבונען מיט אַט די סאָציאַליסטן, וואָס פאָרן רייטנדיק אויף איינגעפאַרענע פראַזן.

די טעמע איז געווען רעוואָלוציע. זיי האָבן שוין געוואוסט, אַז די ידיעה וועגן אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, מיט וועלכער אַ צייטונגל האָט געמאַכט אַ סענסאַציע, איז פאַלש, פּריציייטיק, אָבער זי וועט דאָך קומען, זי מוז קומען — דאָ האָבן אַלע מסכים געווען. אָבער ווי אַזוי זי וועט מוזן קומען — דאָס איז געווען דער שטרייט.

וועגן זיינע דערפאַרונגען אין דער פריערי האָט בערמאַן זיי ניט דערציילט — די דערפאַרונגען, דורך וועלכע ער איז נאָך מער באַ־פעסטיקט געוואָרן אין זיין איבערצייגונג, אַז ניט דער אויסערלעכער מענטש, דער מענטש־שאָלעכץ, די מאַסקע זיינע, נאָר דער אינערלעכער מענטש, דער מענטש אין מענטשן, די נשמה זיינע גילט; אַז ניט ווער־טער, ניט פראַזן, ניט מליצות, נאָר נשמות ווערן געוואויגן; אַז אַ מענטשנס ווערט איז לויט דער וואָג פון זיין נשמה, און דאָס איז זיין אמתע וואָג און מאָס — זיין הויך, זיין כוח, זיין גורל...

צוויי מענטשן קאָנען זאָגן און טאָן די זעלבע זאַך. דער ווערט אָדער אומווערט פון דעם געזאָגטן ליגט אָבער אינגאַנצן אין דער נשמה־וואָג פון דעם זאָגער.

דאָס האָט בערמאַן געמיינט — דערמיט זיינען באַשעפטיקט גע־ווען זיינע געדאַנקען. אָבער ניט וועגן דעם האָט ער צו זיי גערעדט. זיין „סוד" וועט ער פאַר אַט די מענטשן ניט אַרויסגעבן. זיי זיינען ניט ראוי עס צו הערן...

פאַר זיי האָט ער גערעדט, אַז רעוואָלוציעס זיינען מיסטעריעס, וואָס האָבן אַ וואונדערלעכן כוח זיך אַליין צו פאַרווירקלעכן. — אַ טייל פון אַט די רייד זיינע האָב איך אין אַ פאַריקן קאַפּיטל שוין געבראַכט, וואָס צו זיי וועל איך איצט צוגעבן:

— מיסטעריעס רעגירן איבערן מענטשן. זיי זוכן זיך אויף זייערע מענטשן, ניט דער מענטש זוכט זיי. ניט יעדער מענטש איז זוכה. און אין מענטשן, וואָס האָט זוכה געווען, כאַפּן זיי זיך אריין ווי מיקראָבן. נאָך בעסער: זיי מאַכן אים פאַר זייער נעסט. און דער מענטש־נעסט, אין וועלכן עס זיצן די מיסטעריעס, איז דער אויסדערוויילטער פון זיין דור.

(גאָר אַמאָל, ווען בערמאַנען איז נאָך ניט קלאָר געווען זיין וועג, האָט ער דאָס, וואָס ער רופט איצט מענטש־נעסט, אָנגערופן: אַפּיום־צענטער.

איינמאָל אין ווין, אַנקוקנדיק דורך אַ שויפענצטער אַ כינעזישן טעפּיך, מיט אַן אויסטערלישן געמעל אויף אים, האָט ער זיך געטראַכט, אַז אין יעדן מענטשן איז דאָ אַן אַפּיום־צענטער, וואָס ווען אויפגערייצט, וועקט ער אין אים בילדער און זעאונגען, פאַרן מענטשן צו פאַרשיכורן זיך מיט זיי. — איצט האָט ער געוואוסט, אַז די בילדער און זעאונגען

זיינען ניט סתם אזוי אויף צו פארשיכורן זיך, נאר זיי האבן א כוונה און א ציל: זיי זייען און שפרייטן הייליקע אמתן דורכן מענטשלעכן לעבן).

— און עס טרעפט, אז די מיסטעריעס קלייבן אויס א גאנצן דור פאר זייער נעסט. ניט יעדער דור איז ראוי. און דער אויסדערוויילטער דור, דער טרעגער פון די אומזיכטבארע מיסטעריעזע כוחות, קריגט די גבורה בייצוקומען דעם ווידערשטאנד פון די מאטעריעלע קעגן־כוחות. וואס זיינען אנצוזען מיטן אויג און אנצוטאפן מיט די הענט. און דער־מאלט ברעכן אויס רעוואלוציעס. רעוואלוציעס פאסירן פינקטלעך אין זייער אייגענער צייט.

דערהערט אז רעוואלוציעס זיינען מיסטעריעס, האבן די אפאנענטן זיך גענומען גרייטן צו דער אמתער באטאליע.

אפילו אניוטא — די מאמעלע — און אפילו זינא, כאטש מיט פרעטענזיעס אויף אויסערגעוויינלעכקייט און פערווערזיטעט, דאך אין תוך אויך א מאמעלע — אפילו זיי האבן זיך אויך ארייגעמישט און נאכגעפלאפלט: — האט דען בערמאן ניט געהערט וועגן היסטארישן מאטעריאליזם? און ווייסט דען בערמאן ניט, אז די מאטעריאליסטישע וועלט־אנשויאונג האט שוין לאנג אפגעווישט די אידעאליסטישע פי־לאסאפיע?

און גאבריעל, אט דער דעמאן־גארנישט, וואס זיין אויפגעבלאזענע דעמאנישקייט האט שוין געהאט געפלאצט איבער דעם ווידערשטאנד פון בלויז איין פרוי — גערטרוד — האט פאר א ווייל צוריק באקומען זיין חוצפה פון אמאל, און ער האט זיך ווידער דערפילט מעשה „דע־מאן". ער האט געהאט זיין קורצע שעה פון פרייליכן טריאומף. אויף בערמאנס אלע מיסטעריעס, האט ער איין טענה געהאט:

— „אך, דער אייזל־קאפ! אך, דער אייזל־קאפ!"

און דער גאנצער קרייז, וואס האט זיך דא פארזאמלט אויף דעם פאלשן קלאנג פון רעוואלוציע, אט די אלע פני, וואס גילטן אין ניו־יארק פאר פירער, מיט די באסעס סאציאליסטן אין איינעם, זיי אלע, ווי איין גראב שטיק, האבן פון אים חוזק געמאכט. „אן אייזל־קאפ, אז אייזל־קאפ!" — זיינען זיי אלע אין הארצן מסכים געווען מיט גאבריעלן.

און בערמאנען איז דאס פארגעקומען ווי א נייע פרופונג אין דער מדבר. אט זיינען זיי ווידער דא די טייוואלים אין מענטשן־געשטאלט, מיטן שטן המשחית בראש. און פלוצעם, ווי אויף צו להכעיס, האט זיך אים פארוואלט שליידערן זיי אין די פנימער אריין זיינע אינטימע טראכטונגען, וואס ער האט זיי ביז אהער אפגעהיט ווי הייליקייטן. ער וועט דעם שטן מיט זיין חברותא גובר זיין מיט זיין הייליקסטן שם המפורש. און ווידער האט דאס כישופדיקע „שליסל־ווארט" גענומען ארבעטן אין אים מעשים. ער האט א ווארט, וואס דארף אוועקגעשטעלט

ווערן אָנשטאָט גאָט. גאָט, האָט ער זיי געזאָגט, איז באַגרענעצטקייט. ביי יעדן סאָרט גלויביקן האָט גאָט אַן אַנדער פאָרם. דערפאַר צעטיילט גאָט די מענטשן. ניט גאָט, נאָר דאָס ליכט פון דער וועלט, דאָס אמתע ליכט פון דער וועלט דאַרף מען זאָגן. דאָס ליכט פון דער וועלט איז פאַר אַלע מענטשן גלייך. אָבער ניט אַזוי לייכט קומט מען צו דעם, צו פילן דאָס ליכט פון דער וועלט, אין זיין מוראדיקער איינפאַכקייט. מען דאַרף זיך געניג אָנליידן, מען מוז פריער דורכמאַכן קריעת ים־סוף, דורכגיין וויסטע מדבריות. און דווקא, ווייל זיי זיינען אַזוי ניט פאַר־שטייענדיק, האַלט ער פאַר זיין פליכט עס צו זאָגן זיי. אפשר וועט זיי אַמאָל צוניץ קומען, און זיי וועלן זיך דערמאָנען אָן דעם, ווען זיי וועלן דאַרפן נעמען זייערע לעבנס אין די הענט אריין און גיין אין רעוואָלוציע אריין — ניט גלאַט אָפּקומען פאַר רעוואָלוציע מיט פראַזן... אָן דער געפיל־פאַרשטענדעניש פאַר דעם ליכט פון דער וועלט, איז קיין רעוואָלוציע — אַ רעוואָלוציאָנער איז דער, וואָס זיין האַרץ שפּייזט דאָס ליכט פון דער וועלט...

אַ קראַך פון געלעכטער איז געווען זייער ענטפער אויף זיינע רייד — אַ געלעכטער וואָס גראָבט אַ תהום, וואָס צעשיידט אויף אייביק; און הילכיקער פון אַלעמענס איז געווען גאַבריעלס עזותדיק גדלותדיקער גאַ־ גאַ־גאַ, וואָס האָט ממש געשטויסן בערמאַנען פון הויז ארויס.

צוויי יידישע דורות, באַגעגענענדיק זיך פנים אל פנים, האָבן אַזוי פרעמד זיך אָנגעקוקט, און דער אָפּגרונט צווישן זיי האָט זיך אַלץ מער פאַנאַנדערגערוקט.

בלויז איין שליאַפּניקאָוו, דער פיל געפּרוואווטער, וועלכער האָט אין זיין לעבן צוויי ליידנס־וועגן דורכגעמאַכט — אָט דער גוי אַריסטאָ־קראַט — רעוואָלוציאָנער־תהלים־זאָגער — איז געווען אויף זיין צד. אָט דער פרעמדער איז געווען נעענטער צו אים, ווי דער קרייז בלוט־פאַרוואַנדטע, — די יידן־סאָציאַליסטן.

— יוסף הצדיק, יוסף הצדיק — האָט ער אַלעמאָל אויסגערופן — יעדער דור האָט זיך זיין יוסף הצדיק.

(אָט דער אַריסטאָקראַט־רעוואָלוציאָנער איז פאַרמוזשיקעוועט גע־וואָרן — נאָך פון זיין פריער יוגנט — גייענדיק מיט די פּויערים אויף זיינע עטאַפּן קיין סיביר; און אין זיין יאָרנלאַנגער איינזאַמקייט אויף דער אַמעריקאַנער פערמע האָט דער פּויער אין אים זיך אָפּגערופן; און מעשה פּויער, האָט ער זיך אויסגעאַרבעט אַן אידייע וועגן יוסף הצדיק, וועלכער בלאָנדזשעט ארום צווישן זיינע מענטשן־ברידער ווי די פאַרקערפּערונג פון אייביק גרייטער האָפענונג, פון אייביק דערפרישנ־דיקן מענטשן־חלום. אַזוי גיך ווי ער דערזעט בערמאַנען, דערשפּירט ער אין אים מיט זיין פּויערשער ריינקייט — זיין הייליקן יוסף. און ער איז גרייט צו פאַלן אויף די קני און קושן זיינע הענט).

און גערטרוד איז די גאַנצע צייט געזעסן לעבן בערמאַנען און

געשווינגן. און די גאַנצע צייט האָט בערמאַן ניט אויפגעהערט צו זען גאַבריעלס אָרעם אַרום איר טאַליע: — זי די אומבאַרירבאַרע, די אומבאַרירטע! — און די גאַנצע צייט האָט אַ מעסער־שניט געשניטן אים אין האַרצן, ביז ער איז אויפגעשפרונגען: — וואָס טוט ער דאָ? וואָס האָט ער מיט זיי צו טאָן? — האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר, און גערטרוד נאָך אים. און שליאַפּניקאָוו נאָך זיי — בערמאַן און גערטרוד זיינען אַרויס אויפן שליאַך; שליאַפּניקאָוו איז געבליבן שטיין ביי זיין קו, זי אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן, ווי זיין שטייגער איז געווען, ווען ער פלעגט דאַרפן טראַכטן פּויעריש, תמימות־דיק, התלהבותדיק, און באַגלייטנדיק בערמאַנען אין זיינע געדאַנקען, האָט ער געמורמלט:

אַוועק, ניטאָ אים מער. אָט דער „וויראַדאָק" גאַבריעל האָט אַזוי גוט ווי אַרויסגעטריבן אים; און מיך, שליאַפּניקאָוון, אויך פון מיין אייגן הויז.

„עך, אָט דער בערמאַן, ווי אַ יונגער יוסף איז ער דאָ געווען. און דער גאַבריעל לאַכט פון אים. ווי עס האָבן יוספס ברידער געלאַכט פון יוספן. פון דעם ריינעם יוספן האָבן זיי געלאַכט. האָב איך דען אין מיין צייט ניט געחלומט וועגן דערלייזונג? האָט דען פרענקל ניט געחלומט? און אָט דער בערמאַן נעמט איבער פאַר אונדז אין די אויגן אונדזער חלום און טראָגט אים ווייטער. מיר דאַרפן אים מיטהעלפן, ניט שטעלן זיך קעגן אים מיט דער חוצפה פון אַ גאַבריעל. גאַבריעל איז אפשר די קאַלאַקאַטקע פון דער רעוואָלוציע. בערמאַן אָבער איז ווי אַ יוסף — די נשמה פון דער רעוואָלוציע".

דער גוי שליאַפּניקאָוו איז דאָס איינציקע שטיקל בריק, וואָס איגנאַטאָוו האָט געוואָרפן איבער דעם אָפּגרונט צווישן צוויי יידי־שע דורות.

און בערמאַן און גערטרוד זיינען געגאַנגען און ניט ריידנדיק גערעדט איינס צום אַנדערן; און ניט קוקנדיק געזען איינס דאָס אַנדערע אין אַלע געלייטערטערע זעאונגען — ביז גערטרוד האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז בערמאַן איז ניט לעבן איר, נאָר ווייט פאַראויס. איז זי נאָכגעגאַנגען — איינמאָל און נאָך אַמאָל — ביז זי האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז געווען ניט בערמאַן, נאָר אַ מיראַזש פון בוים און לבנה־שיין. איז זי געבלין שטיין, מיט אַ ברענענדיקן רייף אַרום אירע ריפּן, ווי אַרומגענומען; ווי אַ מעסער־שניט — דאָרט, וואו גאַבריעלס אָרעם האָט באַרירט איר טאַליע.

און פּונקט ווי ביי בערמאַנס פאַרשווינדן פון פרענקלס הויז, איז זייער ליבע ווידער אַמאָל געשטעלט געוואָרן צו דער העכסטער פּראָבע פון גאָר אָדער גאַרנישט — ביז צום פאַרלאָרן ווערן איינס פאַרן אַנדערן אויף תמיד. — בערמאַן און גערטרוד, צוויי ריזיקאַנטן אין לעבנסשפּיל, מיט דעם דעוויז — כדי דאָס לעבן צו געווינען, דאַרף מען גרייט זיין עס צו פאַרלירן.

***

דער קאפיטל פון ראמאן — בערמאנס באזוך אויף שליאפניקאווס פערמע, צוריקוועגס פון דער פרעירי, — איז וויכטיק דערמיט, וואס בערמאנס „נשמה־דורכברוך" פלייצט דא אויס ניט אין סימבאלישע וויזיעס, נאר אין אפענע באוואוסטזיניקע רייד. איגנאטאוו, דורך זיין הויפט־העלד, לייגט דא אויס זיין געשיכטס־פילאזאפיע, און רעכנט זיך פאנאנדער מיטן מארקסיזם. יא, באוואפענענדיק זיין העלד מיט „רעוואלוציע־מיסטעריע" לאזט ער אים אטאקירן אפילו דעם מארקסיזם — און ער טוט עס אן שום מורא. אבער בערמאן אטאקירט דעם מארקסיזם מיט א גוטער כוונה: ניט צו פארמינערן, נאר צו פארשטארקן זיין כוח. איינס־צוויי טראגט בערמאן אריין א נייע אויסטייטשונג אין מארקסיזם, און ער באנוצט זיך דערביי מיט א משל, וואס מאנכע לייענער וועט עס פארקומען פריקרע — עס איז א משל מיט א פערד.

ווען פרענקל, בערמאנס פארלויפער אין פריערדיקן דור, זאגט צו אים:

— „איר זייט א מאדנער מענטש, בערמאן, איר ווילט צונויפבינדן די מאטעריאליסטישע און אידעאליסטישע וועלט־אויפפאסונגען. איר מיינט — ווייזט אויס — אז א מענטש קאן זיך אוועקזעצן רייטנדיק אויף צוויי באזונדערע פערד. איר ווילט, ווייזט אויס, פארן רייטנדיק אויף צוויי פערד מיטאמאל".

— ענטפערט בערמאן, אז רעאליטעט און מיסטעריע זיינען ניט צוויי באזונדערע פערד, נאר צוויי האלבע פון איין גאנצן פערד. עס קומט אויס לויט בערמאנען, אז פרענקל און די סאציאליסטן פון פרענקלס שניט ווילן אלץ פארן רייטנדיק בלויז אויף איין האלבן פערד. ער, בערמאן, אבער — דער מאן פונעם כישופדיקן צווישן־ווארט „ליכט" — איז איבערצייגט, אז עס איז פאראן א חוט־השדרה, וואס האלט פעסט צוזאמעןביידע העלפטן פון לעבעדיקן „פערד פון דער וועלט", און ער רופט דערפאר אויס, זאגנדיק זיין לעצט ווארט אין דער דעבאטע אויף שליאפניקאווס פערמע:

„צעטיילט ניט דאס פערד אויף צוויי האלבע, ווייל בלויז מיט א האלב פערד וועט איר אין ערגעץ ניט אריינפארן; איר וועט זיך אפילו פון ארט ניט קאנען רירן."

און צום שלוס, באנוצנדיק זיך מיט בערמאנס משל וועגן דער חוט השדרה, וואס האלט צונויף ביידע העלפטן פון דעם איין גאנצן פערד, דארף מען אויף בערמאנס משל־שפראך אזוי זאגן:

דער פרענקל דור האט אזוי לאנג געריטן אויף דער הינטערשטער העלפט פון פערד, ביז ער האט זיך אראפגעגליטשט אויפן עק און איז אראפגעפאלן, ווייל נאר רייטנדיק אויף א גאנצן פערד קאן מען ערגעץ וואו דערפארן און אנקומען.

דאָס איז אזוי גוט ווי געזאָגט: — אַז די וואָס שענקען אוועק זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט צו דער געזעלשאַפטלעכער מאַטעריע — צו דער „אָרדענונג” — און פאַרזעען דעם מענטשן מיט זיין אינע־ווייניקסטן ליכט — זיינען פאַראורטיילט צו אַ דורכפאַל.

⁂

שפּעט אין דער נאַכט האָט פרענקל געפונען גערטרודן בלאַנ־דזשענדיק איינע אַליין אויפן פעלד; האָט ער זי צוריקגעבראַכט אין הויז, צוטראַכטנדיק אַ תירוץ פאַר די שטוביקע, אַז בערמאַן האָט גע־מוזט אין איילעניש אָפּפאָרן קיין ניו־יאָרק, און אַז גערטרוד האָט אים באַגלייט.

קאַפּיטל 7

# רעוואָלוציע און נבואה מאכן שלום ערב־טויט

די ידיעה וועגן אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט זיך מער ניט ווי צוגעאייַלט. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער (אָדער ווער ווייסט, ווי צייט רעכנט זיך אין איגנאַטאָווס מעשה־אַרטיקן ראָמאַן — אפשר זיינען דאָס געווען ניט וואָכן, נאָר יאָרן) — מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז די רעוואָלוציע ווירקלעך אויסגעבראָכן.

יאָ, ענדלעך די רעוואָלוציע! צוערשט האָט מען געקאָנט מיינען אַז עס איז גלאַט אַזוי אַ רעוואָלוציע, ווי אין 1905 — ערשט דער צאַר איז אַרונטערגעזעצט, אַ רעפּובליק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן; עס זעט כמעט אויס ווי אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע — די רעוואָלוציע פון 1917!

אָן אמתער קפיצת הדרך דורך די צייטן! נאָר וואָס, דאַכט זיך, איז דער ערשטער גענעראַל־סטרייק אין העט־טרייד געוואונען גע־וואָרן; נאָר וואָס זיינען די דאַקאַטאָס געווען פּרעזידים, וואו בערמאַן איז געגאַנגען לייגן אַ „האָמסטעד” — און אָט איז שוין די רעוואָלוציע פון 1905, און מיט אַ מינוט שפּעטער די רעוואָלוציע פון 1917.

אָבער איך האָב דאָך שוין געוואָרנט, אַז מען דאַרף זיך ניט וואונ־דערן אויף דעם צייט־לויף אין איגנאַטאָווס מעשה־אַרטיקן ראָמאַן; די צייטן, מענטשן און געשעענישן אין איגנאַטאָווס מעשה־ראָמאַן בינדן זיך ווי אין אַ חלום — לויט אַ געהיימען זין; און דער געהיימער זין, וואָס דירידשירט איגנאַטאָווס מעשה־ראָמאַן און רעגולירט אין אים די צייט, איז —

— אַז זייט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך איינגע־שטעלט, זיינען די מענטשן כמעט די זעלביקע און זייערע פּראָבלעמען כמעט די זעלביקע: דער זעלביקער קאָמפּראָמיסלער פרענקל איז געווען

און איז; דער זעלביקער נביא־סאָציאַליסט בערמאַן איז געווען און איז; און אפילו דער זעלביקער האַלב־פּירער — האַלב־גענגסטער ווילק איז געווען און איז, און וועט נאָך אפשר אַ האַרעלע לענגער זיין...

אָפּגעראַמט די צייט־שטרויכלונג פון וועג, גערענקענדיק איגנאָ־טאַווס מעשה־אַרטיקע, חלום־אַרטיקע שרייב־מעטאָדע, קאָנען מיר אָנגיין ווייטער.

די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז שוין דאָ, און בערמאַן איז נאָך אַלץ ניטאָ. — וואו איז ער אהינגעקומען?

מיט גערטרודן האָט דערווייל פּאַסירט, אַז מען האָט געפונען אַ מעסער־שניט אַרום איר לייב — דאָרט וואו גאַבריעל האָט געהאַלטן זיין אָרעם אַרום איר טאַליע — גראָד אין יענעם מאָמענט, ווען זי האָט בערמאַנען ווידער דערזען. און עס איז געווען אומפאַרשטענדלעך, ווי אַזוי אַזאַ קיילעכדיקער מעסער־שניט האָט געקאָנט צו איר קומען. און כאָטש די וואונד איז געווען אַ לייכטע, אָן אויבערפלעכלעכע, איז אָבער געווען אַ חשד, אַז זי האָט געבאָפּט בלוט־פאַרגיפטונג. און די דאָקטוירים האָבן שטאַרק געראַטן, זי זאָל צוגענומען ווערן אין אַ שפּיטאָל — אין בערנשטיינס שפּיטאָל, וואוהין אָבער זי האָט בשום אופן ניט געוואָלט גיין, גערענקענדיק דעם סקאַנדאַל, וואָס בערמאַן האָט געמאַכט איבער בערנשטיינען, דעם סאָציאַליסט־אַרבעטער־בלוט־פאַרגיסער...

זי איז אָבער שפּעטער אַליין אין דעם שפּיטאָל געקומען, ווען בערמאַן איז אַהין געבראַכט געוואָרן. ווי קומט בערמאַן אַהין? — די רעוואָלוציע האָט אים געבראַכט? ניין. די יידישע נבואה האָט אים געבראַכט. ביידע צוזאַמען האָבן אים געבראַכט. ווי אַזוי איז דאָס געשען? — — — — — — — —

ווען אַ רעפּובליק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין רוסלאַנד, איז ששון ושמחה געווען אין יידישן קוואַרטאַל. דער אַלטער שווערליי־ביקער פיינמאַן, גערטרודס פאָטער, האָט געטאַנצט אויף אַ טיש אין אַן איסטסיידער קאַפע, האַלטנדיק אַרומגענומען זיין שטעקן ווי אַ דאַמע — צום אָנדענקען פון אַ פאַרשטאָרבענער חברטע, וועמען ער האָט געהאַט צוגעזאָגט צו טאַנצן מיט איר אויפן יום־טוב פון דער רעוואָלוציע.

און דער גאַנצער קרייז האָט זיך גענומען קלייבן אין וועג אריין — זיי פאָרן צו גאַסט צו דער מאַמע רעוואָלוציע.

שליאַפּניקאָוו האָט זיין פערמע פאַרקויפט; ער פאָרט, כאָטש דער גוט זיינער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, איז שוין איצט אוודאי ניט זיינער מער — עס איז דעם פאָלקס אייגנטום. — ער פאָרט מיט אַניוטען און מיט איר אויסגעוואַקסענעם זון, פון איר רוסישן אָפּי־ציר. דער יונגער אַרכיטעקט פערדינאַנד לאַסאַל — אַזוי, ניט אַנ־דערש, האָט געדאַרפט הייסן דעם רוסישן אָפּיצירס זון, איז גאָר ניט

גערן געווען צו שיידן זיך מיט אמעריקע: ער האָט געהאַט אַ וואונ־דערלעכן ארכיטעקטור־פּלאַן, וואָס ער האָט באַקומען אַ פּרעזענט פון זיין שטיף־פאָטער שליאַפּניקאָוון — אַ וואָלקנקראַצער, אַ טייוול־טורעם, וואָס סימבאָליזירט ניו־יאָרק — וואָס ער וואָלט אים זייער לייכט געקענט פארקויפן. ער האָט שוין געהאַט געפונען אַ בעלן דערויף.

און גאַבריעל האָט צוריק גענומען שפּילן דעם אָפּערע־העלד: די רוסישע רעוואָלוציע איז אַלעמאָל זיין אָפּערע געווען — ער האָט פאַר־געסן די ווייטיקן, די גריזשעניש אין די ביינער און די צעבראָכנ־קייט פון זיין קול — און ווידער זיך אוועקגעשטעלט אין זיין אַלטער טעאַטראַלישער פּאָזע.

„הויפּט־קוואַרטירן" פון דער רעוואָלוציע האָבן זיך געעפנט אין אַלע געגנטן פון ניו־יאָרק, וואָס האָבן גערינט אַלס זאַמל־פּלעצער פאַר די אָפּפאָרנדיקע.

אַלע, אָבער ניט פרענקל: ער וועט איבערלאָזן די היגע ארבעטער באַוועגונג אויף הפקר? ער האָט זיין לעבן אריינגעלייגט אין איר! און עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז פרענקל, דער קאָמפּראָמיסלער, דער שוואַכלינג, גראָד ער — ער איז טאַקע דער „זייל" פון דער באַ־וועגונג.

און אַחוץ פרענקלען, איך בערמאַן ניט, אָבער גאָר צוליב אַנ־דערע כוונות, ווי מיר וועלן עס באַלד זען.

איינע פון די „הויפּט־קוואַרטירן" פון דער רעוואָלוציע, וואו די אָרגאַניזאַטאָרס פון „יציאת אמעריקע" פלעגן זיך פאַרזאַמלען, האָט זיך געפונען אויף דעם ווייט־וויימסטן ברעג פון בראָנזוויל, ביי די ליידיקע „לאָטס" וואָס האָבן געהאַלטן אין באַבויט ווערן מיט נייע קוואַרטאַלן; געפונען האָט זי זיך אין אַ שולכל, וואָס איז פאַרלאָזן געוואָרן פון אַ סאָסייעטי, וועלכע איז געגאַנגען זיך אויפשטעלן אַ גרויסן בית־מדרש אין אַ נייעם קוואַרטאַל. —

וואָרעם אַ מנהג איז געוואָרן, אַז יעדער נייער קוואַרטאַל פלעגט געעפנט ווערן מיט אַ נייעם בית־מדרש:

„יידן, עס וועט זיין וואו צו דאַווענען, וועלן דאָ וואוינען יידן, וועט זיין פרנסה — קויפט פּלעצער פאַר הייזער".

דעם ערשטן ביישפּיל האָט געוויזן אַ רב, וועלכער האָט זיך אוועק־געשטעלט מיט אַ פּויק, און צונויפגעפּויקט אַן עולם, געהאַלטן אַ דרשה און געזאַמלט געלט אויף אַ בית־מדרש. — איז דאָס די ריעל־עסטייט לייט זייער געפעלן, און זיי האָבן שוין אַליין פינאַנסירט אַזעלכע רבנים מיט פּויקן, און פלעגן נאָך שענקען באָדן אומזיסט פאַר די בתי־מדרשים.

איינמאָל, אויף אַ ליידיקן „לאָט" אַנטקעגן דער בראָנזווילער הויפּט־קוואַרטיר פון דער רעוואָלוציע, האָט אַ יונגער רב זיך אוועק־

געשטעלט מיט א פויק, און דער עולם, וואס האט זיך געזאמלט ארום אים, איז אלץ גרעסער און גרעסער געווארן — מען האט נאך אזא עולם ניט געזען, ווייל מען האט נאך אזא דרשה ניט געהערט, ניט נאר אין בראנזוויל נאר אין גאנץ אמעריקע ניט. אפילו די סאציאליסטן־אפיקורסים פון אנטקעגנאיבער זיינען ארויסגעלאפן אויף דעם בייז־וואונדער. דארט זיינען געווען אי פרענקל, אי גאבריעל, אפילו שליאפ־ניקאוו, אפילו ווילק...

און דער יונגער רב איז געווען בערמאן.

בערמאן איז געגאנגען אננעמען זיך מיט נייעם כוח פון דער אלטער יידישקייט, אויסצוזויגן איר נשמה־גבורה ביזן דעק, כדי מיט איר איינצונעמען די נייע ריזיקע מדינה — אמעריקע; ער איז גע־גאנגען אויפלעבן־באלעבן די אלטע יידישע נשמה־מעשה און לאזן זי א לעבעדיקע זיך ארויפדערציילן אויף דעם געוואלטיקן שטיק חומר, פון אטלאנטיק ביז פאסיפיק, מיט די 120 מיליאן פארחומרטע נפשות וואס אויף איר, ער איז געגאנגען אין דער שליחות, וואס איז אים אויפגעגעבן געווארן דורך דער פארטאגיקער זעאונג אין דער פרעירי, ווען גאט האט זיך באוויזן צו אים אין דער טראדיציאנעלער געשטאלט פון א ייד מיט א באָרד...

אין דער פרעירי איז ער געגאנגען, ווייל נאך דעם דורכפאל פון זיין גרויסן סטרייק, וואס האט געזאלט זיין דער אנהויב פון דער רעוואלוציע אין אמעריקע, האט אים א בליץ געטאן: — וואס פאר א פארריסנקייט? — איז ער דאס דער מאן צו פארמעסטן זיך מיט אזא לאנד? — איז ער ווי איינער, וואס איז אין דער בחינה פון א דערלייזער, געגאנגען אין דער מדבר אריין, כדי געפרואווט צו ווערן פון שטן...

און ער איז געפרואווט געווארן! אין יענער נאכט פון גיהנום־יסורים און קאשמארן, ווען א צעטראטענער פון דעם אמעריקאנער פארמער, איז ער געקראכן אויף אלע פיר, אין דער שטאק־פינצ־טערניש פון דער פרעירי, באגלייט פון קוויטשענדיקע פרעירי־הינט, א באשאטענער פון פישטשענדיקע האלב־טויטע פרעירי־פויגלען — אין יענער נאכט, ווען דער מוח האט זיך אים אונטערגעצונדן, האט דער שטן אין געשטאלט פון א כלב מיט גאבריעלס פנים זיך געשטעלט פאר אים און געשפאט: רבי, רבי, וואונדער־רבי — באווייז־זשע א מופת?

דערפאר, ווען צום באגינען האט גאט ווי א ייד מיט א באָרד זיך צו אים באוויזן, האט ער עס אנגענומען ווי א באפעל, צוריק צו גיין צום ברונעם פון אלט־יידישקייט — יעמאלט ערשט וועט ער אמעריקע מנצח זיין! — האט ער געפאלגט און איז געגאנגען.

האט ער עס איצט געהאלטן די דרשה, וואס האט געזאלט האלטן דער אמאליקער עלוי און גאון, וועלכער האט געזאלט הונדערטפאך

אריבערשטייגן זיין פאטער דעם שטאט־מגיד; האט ער זיך געשטיצט אויף פסוקים פון דער תורה און אויף מאמרי חז"ל — געווירצט מיט מדרש און זוהר — ביז ער איז ארויפגעקומען אויף דעם געדאנק פון „דער אמתער מעשה פון דער וועלט, וואס האט זיך נאך אינגאנצן ניט דערציילט"; ער האט רב נחמן בראסלאווערס מעשיות געמאכט דערציילן אט דעם געדאנק וועגן דער אמתער מעשה פון דער וועלט, וואס יידן שפינען מיט דעם ליכט פון זייערע נשמות.

האט דער עולם זיך געקוויקט און געגאפט און גארניט זיך געקאנט אפוואונדערן: פון וואנען האט זיך גענומען אזא טייערער מגיד? און האט נאך אנגעקוואלן פון דעם, וואס די סאציאליסטן די אפיקורסים הערן זיך אויך צו. — אדרבא, אדרבא, זאלן זיי זיך צוהערן. אז ניט דערלעבן זאלן זיי, צי זיי האבן ווען געהאט אזא מגיד!

אבער ווען בערמאן איז געקומען דערויף, אז די מעשה פון דער וועלט דערציילט זיך אין יעדן דור אויף אן אנדער שטייגער — פאר־שיידענע שטייגערס, אבער אלץ די זעלביקע מעשה — און אז אין אונדזער צייט דא ביי אונדז אין אמעריקע דארף די מעשה מער ניט דערציילט ווערן אויף דעם אלטן שטעטלשן שטייגער — דורך טלית און תפילין און בתי־מדרשים, וואס דאס איז ווייט און איבערן לעבן, און דאס לעבן זינקט אין בלאטע; נאר אויף א נייעם שטייגער זאל די מעשה דערציילט ווערן: — דער פרייער הימל זאל אייער בית־מדרש זיין, און די מעשים פון אייערע הענט זאלן אייערע תפילות זיין, און פראווען עבודה זאלט איר אין לעבעדיקן לעבן — די יידישע מעשה פון דער וועלט דערציילט זיך איצט אמבעסטן דורך יוניאנס, דורך סטרייקס, דורך דעם זיך בויענדיקן סאציאליסטישן בנין אין רוסלאנד... און אז קיין הימל איז ניטא מער. די ערד איז דער הימל, און... אז דעם נאמען פון גאט דארף מען איצט בייטן, אז עס איז געצנדינערייי צו זאגן — גאט. מען דארף זאגן: „דאס אמתע ליכט פון דער וועלט".

דערהערט אזעלכע משונהדיקע רייד פון דעם יונגן רב, איז די התפעלות פון די יידן אריבער אין גרימצארן. דער ערשטער האט זיך א כאפ געטאן אן אלטער ייד, וואס איז געשטאנען גאר נאענט צו אים, און נאר וואס מיט התלהבות געקוקט אים אין מויל אריין. —

— יידן, וואס טוט זיך דא! — האט ער פלוצלונג זיך צעשריען — אן אפיקורס, א משומד, א מיסיאנער! —

און ווי א צעקאכטער גזלן האט ער דער ערשטער אראפגעלאזן בערמאנען א פייערדיקן פאטש. נאך אים האבן צענדליקער זיך ארויפ־געווארפן אויף בערמאנען און האבן אים גענומען שלאגן מכות רצח. אלטע יידן האבן מיט הייסערער רציחה, ווי די גענגסטערס וואס ווילק האט אמאל אויף אים ארויסגעשיקט, אים געפאטשט אין די באקן; יונגע יידן, מיט קעלטערער ברוטאליטעט, ווי דער אמעריקאנער פאר־

מער אין דער פרעירי, האָבן אים געבוכצעט אין די זייטן. זיי האָבן אים צעבראָכן די ריפּן; אָפּגעשלאָגן די לונגען, אויסגעקלאַפּט די ציין און שיר ניט אַרויסגעריסן די אויגן.

דריט גרויסע צוזאַמענטרעפענישן האָט בערמאַן געהאַט מיט די פּאַרשטייער פון די פריערדיקע דורות — צוויי צוזאַמענטרעפענישן מיט דעם דור פון די פרענקס און גאַבריעלס —

ביי פרענקלען אין הויז, צו זיין טאַכטערס געבורטסטאָג, ווען ער ברעכט אויס אין אַן עקספּלאָזיע וועגן דער סימבאָלישער באַדייטונג פון סוכות;

ביי שליאַפּניקאָוון אויף דער פערמע, וואו ער ברעכט אויס אין אַן עקספּלאָזיע וועגן די זוהר־מיסטעריעס פון די רעוואָלוציעס;

און איצט, וואָכן (אָדער יאָרן) נאָך זיין פּליטה פון דער דיסקוסיע מיט די פרענקלס און גאַבריעלס און שליאַפּניקאָווס פערמע — דאָס דריטע צונויפטרעפעניש מיט די פּאַרשטייער פון פרומען יידישן דור, אויף די בראָנזווילער לייידיקע לאָטס — וואו ער, בערמאַן, האָט געהאַט זיין שענסטע עליה, איז זיין שכר געווען דער מיאוסטער.

דריי מאָל האָט בערמאַן געכאַפּט קלעפּ אין אויספאָלגונג פון זיין באַרוף — ווען ער איז געגאַנגען איינגעמען די אַרבעטער־וועלט, און נאָכדעם ווען ער איז געגאַנגען זיך אָנהעפטן אָן דער אַמעריקאַנישער וועלט, און איצט — אָן דער אַלט־יידישער וועלט. די ערגסטע קלעפּ האָט ער געכאַפּט פון זיינע ברידער יידן, ווען ער האָט זיי געוואָלט לערנען, ווי זיי זאָלן פון דאָס ניי מאַכן אַ גראַנדיעזן תכלית פון זייער אַלט־יידישקייט.

ווען ניט די סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן מיט מסירות נפש זיך געלאָזט אים ראַטעווען, און ווען ניט ווילק, וועלכער האָט געקאָנט די מלאכה פון דערלאַנגען קלעפּ, און אַפילו אויפבליצן מיט אַ מעסער — וואָלט בערמאַן ניט אַרויס קיין לעבעדיקער פון זייערע פרום־יידישע הענט.

יאָ, ווילק, וועלכער האָט אַמאָל די גענגסטערס אַרויפגעשיקט אויף אים, איז דאָ געווען זיין לעבנס־רעטער, — און אַוועקגעפירט האָט מען אים אין דעם ניי־אויסגעבויטן שפּיטאָל אין בראָנזוויל, פון וועלכן בערנשטיין, וועלכער איז פאַר דער צייט געוואָרן פאַר כבוד וועגן אַ פילאַנטראָפּ, איז געווען פּרעזידענט — יאָ, דער זעלביקער בערנשטיין, וואָס האָט אַמאָל געדונגען אויף אים די גענגסטערס (איגנאַטאָוו האָט דאָ באַזונדער שאַרף און שטעכיק געמאַכט די שפּיצן פון בערמאַנס דערנער־קרוין דורך דעם וואָס אַלס צוגאָב צו אַלע ביטערע מאַרטירער ליידן איז דער דערשלאָגענער בערמאַן צום סוף געבראַכט געוואָרן דווקא אין בערנשטיינס שפּיטאָל).

און גערטרוד, וועלכע האָט ניט געוואָלט גיין אין בערנשטיינס שפּיטאָל צו הייל די וואונד, וואָס זי האָט זיך געמאַכט צו ליב בער־

מאַנען, אויסצוקויפן איר אומשולדיקע זינד קעגן אים — איז איצט געזעסן איבער אים דורך די נעכט, ווען ער איז געלעגן אַ באַוואוסט־לאָזער, שוועבנדיק צווישן לעבן און טויט.

איגנאַטאָוו לאָזט אונדז וויסן, אַז אין זיינע צווישן טויט־און־לעבן־האַלוצינאַציעס, האָט בערמאַן געהאַט עלית נשמה, איבערלעבנדיק דערביי די גליקלעכסטע מאָמענטן פון זיין לעבן.

פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין וואַנדל־וואַנדער האָט זיין נשמה־ליכט עקספּלאָדירט אין וויזיעס, וואָס האָבן אים געפירט פון די ניו־יאָרקער שעפּער אין דער אַמעריקאַנער פּרעירי, און פון דער פּרעירי אין בראַנזוויל, און צולעצט אים פאַרפירט צום ראַנד פון קבר.

אָבער ענדלעך האָט ער אים, דעם לעצטן הייליקן אמת, וואָס וועט אַלץ און אַלעמען גובר זיין! ער האָט אים פאַרנומען פון דעם מויל פון זיין פאָטער, וועלכער האָט זיך געמיט פון גן־עדן און איז געקומען מיט אים איבערצולערנען די אַלטע יידישע תורה און איר אור־אמתן אמת — וואָס זאָל זיין גוט פאַר אַלעמען: פאַר יידן, פאַר סאָציאַליסטן, און אויך פאַר אַמעריקאַנער... ווען מען וועקט אים אויף צום באַוואוסט־זיין, וואָלט ער עס אפשר ניט געקאָנט איבערזאָגן, אָבער אין זיינע גסיסהדיקע וויזיעס האָט ער עס אַזוי גוט פאַרשטאַנען. ער האָט עס, וואָס ער האָט געזוכט זיין גאַנץ לעבן. און אַ גרויסע שמחה איז אים באַפאַלן.

און איינמאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, און האָט געעפנט די אויגן, און ער האָט דערזען גערטרוד, אַ ווייסע, אַ ליכטיקע —

— ווי אַ פויגל, גערטרוד — האָט זי פּלוצים דערהערט.

— ווי אַ ווייסער פויגל, טייערע, ווי אַ ווייסער פויגל איז דער אמת — האָט גערטרוד אונטערגעכאַפּט.

דאָס זיינען געווען די ערשטע ווערטער וואָס זי האָט געהערט פון בערמאַנען, ווען זי איז איינמאָל אונטערגעקומען אויף אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר ארבעטער אויף אַ גאַסן־ווינקל אין ניו־יאָרק.

און דאָס זיינען אויך די לעצטע ווערטער פון ראָמאַן.

קאַפּיטל 8

## ביים גרענעץ פון פאַרשפּראָכענעם לאַנד

שטאַרבט בערמאַן צי ניט. דער ראָמאַן איז דאָ געענדיקט — ביי גערטרודס ווערטער:

— ווי אַ ווייסער פויגל, טייערע, ווי אַ ווייסער פויגל.

דער טראַגישער זין פון ראָמאַן איז שוין פול דאָ: דער גורל פון אַ פּיאָנער פון יידישער גייסטיקייט, פון יידישער וויזיאָנערישקייט אין דער נייער מדינה.

די ביטערסטע טראַגעדיע פאַלט אויס אויפן חלק פון בערמאַנען. ער פעלשט ניט, ער קרימט ניט; ער טראָגט זיין פולע נשמה פאַראויס אויף זיינע אייגענע הענט. אויף אַנצוקוקן מיטן אויג איז ער קיינמאָל ניט דער בעל נצחון. מפּלות קומען אים אַנטקעגן נאָך מפּלות. און דאָך לעבט די זיכערקייט אין אים — די זיכערקייט צאַפּלט זיך אין אים, אַפילו ווען ער פאַרלירט זיין באַוואוסטזיין, ליגנדיק אויף דער ערד אַ צעטראָטענער — די זיכערקייט איז דער לעצטער פונק באַ־וואוסטזיין אויסגעלאָשן צו ווערן — אַז פון זיינע מפּלות וועט אויפ־גיין, וועט וואַקסן און גערייען דאָס לעבן נאָך אים.

איז דאָך דאָס דערהויבענע טראַגעדיע פון דעם גראַד פון דער משה־רבינו־לעגענדע: האַרט ביים גרענעץ פון פאַרשפּראָכענעם לאַנד שטאַרבט ער; נאָר פון אַ שפּיץ באַרג האָט ער געקאָנט אָנקוקן דאָס לאַנד, וואוהין ער האָט דאָס פאָלק געפירט.

דאָס איז, ווען בערמאַן שטאַרבט. אָבער ווען ער שטאַרבט ניט, וואָלט בערמאַנס אונטערנעמונג געקרוינט געוואָרן מיט טריאומף? איך האָב מורא אַז ניט. צו פּריצייטיק. עס לויערן אויף אים אַנטוי־שונגען.

ערשטנס ווען בערמאַן ווערט געזונט, וואָלט ער דאָך, אַ מידער פון טראָגן דאָס יידיש־נביאישע אין קאָמפּראָמיסלעכן סאָציאַליזם אַריין, און אַן אָנגעלערנטער פון בית־מדרש־יידן — וואָלט ער דאָך ווי די מאָדע איז איצט, מסתמא געקומען צום קאָמוניזם. וואָלט ער דאָך, ווי זיין טבע איז, געפּאַרט קאָמוניזם מיט נבואה, וויזיעס און ניסים. אַ קאָמוניסט — אַ בעל מופת, אַ בעל נס, אַ בעל שם! וואָלט ער זיך אָנגעשטויסן אויף קאָמוניסטן, וואָס אין זיינע אויגן וואָלטן זיי אויסגע־קוקט מאַטעריאַליסטיש, מעכאַניסטיש, גייסטלאָז. וואָלטן זיי דאָך אים פאַרשטויסן פון זיך, אַלס פאַרפירער, פאַררעטער און אַפּיום־מישער.

אָדער ניין? איגנאַטאָוו וואָלט פון זיין זייט באַוויזן אַ מופת — און געלאָזט בערמאַנען טריאומפירן דווקא ביי די קאָמוניסטן?

וואָלט ער שוין פאַר איינוועגס באַוויזן אַ צווייטן מופת אויך? עס לויערט דאָך נאָך אַ סכנה אויף אים — אַ פּערזענלעכע — אָט טאַקע פון גערטרודן. אַלס כלה־מיידל, מיט איר אָפּגעהיטער, ציטערדי־קער אַריסטאָקראַטישקייט, איז זי פאַר בערמאַנען דער אינספּערירנ־דיקער סימבאָל פון זיין לעבן. אָבער ווען געווייבט און באַלייבט, וואָלט אָט די אַריסטאָקראַטקע, אַ געכאַוועטע טעכטערל פון האַלב־בור־זשויען, וואָלט זי אַליין אַקאַרשט ניט געוואָרן אַ גאַנצע בורזשויקע און גוט אַכטונג געגעבן אויף בערמאַנס פּרנסה, שטערנדיק אים אויף טריט און שריט? און אַך און ווי, אויס סימבאָל, נאָר דער בלייי־באָל פון זיין לעבן?

אָדער ניין, איגנאַטאָוו וואָלט אייך דאָ אויסגעפירט אַ טריאומף

פאַר בערמאַנען — און גערטרוד וואָלט געבליבן פאַר אים אַן אייביקע כלה-סימבאָל?

איך גלויב קוים, צי איגנאַטאָוו וואָלט געקאָנט באַווייזן אַזעלכע צוויי מופתים פאַר בערמאַנען — ביי די קאָמוניסטן און ביי זיין ווייב — מופתים וואָס קלעפּן זיך אַזוי ניט צו דערווירקלעכקייט פון דער וואָכעדיקער דערפאַרונג. גיכער פון אַלץ, וואָלט בערמאַנען קיין צרות ניט געפעלט.

אַזוי, צי אַזוי, צי וואָלט ער געלאָזט בערמאַנען סוף כל סוף טריאומפירן, אָדער ער וואָלט נאָך פאַרטיפט זיין טראַגעדיע, און באַוויזן, אַז עס איז ניטאָ קיין מנוחה און קיין ישועה פאַרן צדיק אויף דער וועלט — איז עס געווען מאַטעריאַל פאַר אַ צווייטן ראָמאַן. אָבער דער איצטיקער ראָמאַן איז געענדיקט, וואו ער ענדיקט זיך.

וואָס שייך דעם ראָמאַן גופא, זיין קוואַליטעט, לאָזט זיך וועגן דעם זאָגן, וואָס איך האָב נאָר וואָס געזאָגט וועגן בערמאַנען — דער ראָמאַן איז ביים סאַמע גרענעץ פון פאַרשפּראָכענעם לאַנד. עס פעלט נאָר אַ האָר, עס זאָל ווערן אַ קאַפּיטאַל ווערק; עס איז שוין איצט אַ קאַפּיטאַל-ווערק פאַר דעם וואָס קאָן זיך אַריינלייענען.

אין מיין איבערבליק האָב איך דאָך גאָרנישט געטאָן דעם ראָמאַן; איך האָב גאָרנישט צוגעגעבן. איך האָב זיך באַנוגנט מיט באַשרייבן דעם אינהאַלט, מיט אויפלויכטן זיינע הויפּט-מאָמענטן — און עס איז אַרויסגעקומען אַ ווערק, וואָס אַזעלכע האָבן מיר ניט אין אונדזער ליטעראַטור דאָ — אַ ווערק, וואָס רייסט פאַנאַנדער די אויבערפלאַך און דעקט אויף טיפע פאַרבאָרגענע אמתן, וואָס ריזלען אונטער דער אויבערפלאַך פון אונדזערע היגן יחידישן און עפנטלעכן לעבן — אמתן, וואָס ווייען אָן אויף אונדזער געמיט שמעקעדיקע באַטעמטע צוזאָגן פאַר דער צוקונפט. — וואָס דאַרף מען מער? — אָט דאָס איז אַ קאַפּיטאַל ווערק.

פעלערן? זיכער זיינען זיי דאָ. אָבער איך האָב דאָך שוין אין אָנהויב געזאָגט, אַפילו צוגעבנדיק די אַלע פעלערן, וואָס די קריטיקער אויף אַלעם פאַרטיקן, און קריטיקער ציניקער, וואָס קאָנען ניט פאַרטראָגן קיין גלויביקן העלד, ווייזן אָן — און איך גיב זיי ווייט ניט צו — די מערסטע פון זיי אָנגעוויזענע פעלערן זיינען פעלערן פון זייער ניט פאַרשטיין, וואָס שטאַמען פון זייער איינגעפאַרענעם אומגלויבן — אָבער אַפילו צוגעבנדיק די אַלע פעלערן, פאַרמינערן זיי ניט דעם ווערט פון ווערק, זיי נעמען פון זיין און מיין גאָרנישט אַוועק. נישט מער, זיי מאַכן אַ ביסל שווערער דעם צוטריט צום ראָמאַן פאַר דעם לייענער, וואָס וויל זיך גאָרנישט מטריח זיין — דערלאַנג אים אַלץ פאַרטיק צעקייט אויף אַ טעלערל — עס איז אים געשמאַק דאָס פאַרטיק-צעקייטע!...

פעלערן? אַ קונץ אָנצואווייזן פעלערן אַפילו אין בעסטן ווערק?

עס איז די לײַכסטע זאַך! מיט פֿאַרמאַכטע אויגן וועל איך זיי מיט די פֿינגער אויפֿזוכן.

איך האַלט ניט פֿון דעם קריטיקער־גדלן, וואָס מאַכט זיך גרויס און וויכטיק אַנטײַטלענדיק אויף פֿעלערן, בעת צום עיקר איז ער בלינד — ער האַנדלט אײַן גדולה פֿאַר אַ צו ביליקן פּרײַז.

דאָך, כּדי יוצא צו זײַן, מען זאָל ניט זאָגן, אַז איך לויב נאָר, און האָב מורא צו טאַדלען — וועל איך דערלאַנגען פֿעלערן. —

בערמאַן איז פֿון איגנאַטאָוון באַשאַנקען מיט אַ מעלה, וואָס ווי איר זאָלט זיך ניט קלינגלען, קאָנט איר עס אַנדערש ניט אָנרופֿן ווי גאונות. אויב ניט אַ גאון מעשׂה־שרײַבער — זײַן, בערמאַנס, באַאַרבע־טונג פֿון בראַצלאַווערס מעשׂיות האָב איך ניט געזען; אויב ניט קיין גאון־פּאָעט — זינאַ ראַט אים ערשט צו נעמען זיך שרײַבן לידער — אָבער אַ גאון אַ מגיד איז ער; און אַ גאון אַ זעער פֿון זעאונגען איז ער — ווײַניקסטנס, ווײַל איגנאַטאָוו ער זאָל עס זײַן; וואָרעם איגנאַטאָוו לייגט גרויס געוויכט אויף בערמאַנס מגידישער און זעערי־שער פֿונקציע; דורך דעם מאַכט ער בערמאַנען ווירקן אויף זײַנע צוהערער...

בין איך מיר משער, אַז איגנאַטאָוו טיילט צו בערמאַנען גרויס־מוטיק פֿון זײַן אייגענער גאונות, אין וועלכער ער איז מסתּמא אײַנ־געגלויבט ביודעים ולא יודעים — צי איר דערלויבט עס אים, אָדער דערלויבט עס אים ניט. האָב איך אויף אים דערפֿאַר קיין פֿאַראיבל ניט. איך פֿאַרגין עס אים פֿון גאַנצן האַרצן. אָבער וויבאַלד איגנאַטאָוו־בערמאַן זײַנען בשותּפֿות איין גאון — איז יעדער וואָרט וואָס זיי זאָגן ארויס תּורה. איז טאַקע אמת, אַז בערמאַן האָט אַ צאָל וואונדער־שיינע מעשׂהלעך אויף פּסוקים פֿון דער תּורה — שבכתב און שבעל פּה — אָבער בערמאַן איבערטרײַבט.

אָבער דאָס איז אַ קלייניקייט לגבי אַ צווייטן חסרון, קעגן וועלכן איך פּראָטעסטיר ווידער אַמאָל אין מײַן אייגענעם נאָמען, ניט די קרי־טיקער־ציניקער צוליב.

גאונות איז קיין פּאַרטיקע זאַך ניט. עס איז גיכער אַ פֿונקציע, אַ פּראָצעס פֿון ווערן, געבערן, פֿון שטענדיקן קוועלן. דאַרף עס יעדער מאָל וואו מען מיינט גאונות אויב ניט דערוויזן ווערן, איז ווײַניקסטנס אָנגעטייט, אָנגעוואונקען ווערן. איז אַמאָל טוט ער עס איגנאַטאָוו — ער גיט אונדז צו שפּירן אין אָנצוהערעניש בערמאַנס גאונישקייט. אין דער סצענע, צום בײַשפּיל, וואו בערמאַן גייט פֿון אַ סטרייק מיטינג אהיים, און זעאונגען באַגלייטן אים דעם גאַנצן וועג ביז אין זײַן חדרל אריין. אָבער מערסטנס, אין דער זעלבסט־זיכערקייט פֿון זײַן גאונות, האַלט עס איגנאַטאָוו פֿאַר איבעריק. מען דאַרף גלויבן איגנאַטאָוון אויפֿן וואָרט; אַז ער זאָגט, איז געזאָגט. עס איז אַן אָפּגעמאַכטע, באַ־שלאָסענע און פֿאַרטיקע זאַך אָט די גאונות. און וויבאַלד בערמאַן איז

א פארטיקער גאון, קאָן זיך צו אים באווייזן, אין דער נאכט פון קאַ־שמאַרן, א פארטיקער גאָט, אין דער געשטאלט פון א ייד מיט א באָרד און ער באווייזט זיך פּלוצעם, ניט צוגעגרייטערהייט, און ער מאכט דערום דעם איינדרוק פון א צוגעקלעפּטער שם׳ע (שיימע), פון א צוגעקלעפּטן בלעטל פון סידור, פון א צוגעקלעפּטן יידן, מיט א צוגע־קלעפּטער באָרד.

אָט די פּארטיקייט — בערמאַנס זעלבסטפארשטענדלעכע גאונישֿ־קייט — טוט שאַדן דער גרויסער דיסקוסיע ביי שליאַפּניקאָוון אויף דער פּערמע. וויבאלד בערמאַן איז א פּארטיקער גאון, קלעפּט איגנאַ־טאָוו אים צו צו דער צונג פּארטיקע צעטעלעך מיט פּארטיקע ווערטער: מיסטעריעס, די מעשה פון דער וועלט, דאָס ליכט פון דער וועלט. בערמאַן גיט זיי ווי פּארטיקע טערמינען, אַנשטאָט זיי זאָלן געגעבן ווערן אין באוועגונג, אין אַנצוהערעניש, אין שם המפורש, וואָס דאַרפן אַנכישופן מעשה־ליכט.

דערפאר קריגט בערמאַן זיין פאַרדינטע שטראָף, טאַקע אין דער זעלביקער דיסקוסיע, ווען צוויי נארישע ווייבלעך נעמען זיך אים ענטפערן. האָט בערמאַן געהאט פּארטיקע ווערטער, האָבן זיי אויך פּארטיקע ווערטער אים אַנטקעגן. אויף זיינע מיסטעריעס ענטפערן זיי אים מיט נאַאיוו־באַנאַלע רייד וועגן דער מאַטעריאַליסטישער און אידעאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג.

דאָס איז דער פּועל־יוצא פון פּארטיקע גאונותשאַפט.

עס שטערט דעם קונסט־עפעקט. ער באָרגט זיך אויס דעם מעטאָד ביי זיינע שונאים די ציניקער. יענע טוען אויך אזוי. די גאַנצע חכמה פון די ציניקער איז, וואָס זיי גלויבן ניט אין מענטשן. דאָס וואָס זייערע אויגן זעען אויפן מענטשן, דאָס האָט ער, דאָס פאַרמאָגט ער, און נישט מער. זיי שענקען אים קיין שום קרעדיט ניט. זיי נעמען דעם מענטשן ווי א פּארטיקע, פאַרענדיקטע זאַך. זיינע מעלות, זיינע חסרונות, איז לייכט איבערצוציילן. אפילו איין שטריך איז גענוג: דער איז קאַרג, יענער איז נאַר, דער דריטער איז א גרויסהאַלטער.

מאַכנדיק בקיצור, „אויף ווייטע וועגן" איז א ראָמאַן, וואָס זאָגט אָן אָן עפּאָכע, וואָס האַלט ערשט ביים אַנהויב, ווען יידישער אַלט־גלויבן און ניי־גלויבן וועלן זיך באַגעגענען — אויף שלום צו מאַכן פאַר א בשותפותדיקער אַנשטרענגונג צו באַוועגן די בערג פון זייערע יסודות —

כדי די פּאַרצייטיקע יידישע נשמה מעשה זאָל פון דאַסניי זיך נעמען דערציילן, איבערגעזעצט אין היינטוועלטיקע וועלט־פעלקער־און־קלאַסן־געשעעניש.

**דוד איגנאַטאָוו — קריטיק זאַמלונג, 1936.**

ג.

# די יפתח־לעגענדע

(דוד איגנאַטאָוס „פאַר אַ נייער וועלט״)

פאַראַן ניט נאָר שריפטשטעלער, נאָר אויך ווערק אין יידיש, וואָס זייער צייטיקייט ווערט אַלץ צייטיקער אין פאַרלויף פון צייט. זיי זיינען געקומען צו פּרי. אַזאַ ווערק איז דוד איגנאַטאָווס „פאַר אַ נייער וועלט״ — „די טראַגעדיע פון דעם גיבור יפתח און וועגן זיין קאַמף מיט מענטשן, מיט געטער און מיט גאָט״. דערשינען אין ווינטער פון 1940, איז דאָס ווערק ניט פאַרזען געוואָרן, נאָר ניט גענוג אָפּגעשאַצט געוואָרן. דעם עיקר האָט מען פאַרזען.

איגנאַטאָוו מאַכט דאָ אַ שעפערישע אַנטדעקונג. ער דעקט אויף אַן אמת, פון וועלכן מיר היינטיקע האָבן זיך שוין לאַנג אָפּגעוואוינט — דעם אינעווייניקסטן אמת פון רעליגיע־שאַפונג. דערפאַר וועל איך זיך דאָ אָפּגעבן מיט אַרויסשיילן אָט דעם עיקר — די גרונט־אידייע, אויף וועלכער דער גאַנצער בנין איז אויפגעשטעלט. דאָס וועט אונדז געבן אַ פירנדיקע ליניע מיר זאָלן ניט בלאָנדזשען.

אין דער גרונט־אידייע וויל איך דעם לייענער פאַראינטערעסירן. זי איז אַזוי פשוט. אַזוי אויבן־אויף. נדר! און ווייל זי איז אַזוי פשוט, אויבן־אויף, פאַרזעט מען עס. אָבער אין דער אויבן־אויפיקייט האָט איגנאַטאָוו דערזען אַ טיפן סעקרעט, וואָס איז אייביק — פון פאַרצייטן ביז היינט. נאָך היינט אַרבעט די אַנטדעקונג: נדר שאַפט דעם מענטשן, שאַפט גאָט, צאַמט די נאַטירלעכע ווילדקייט פון דער נשמה. נדר באַצווינגט דעם יצר הרע. — „איזהו גיבור? הכובש את יצרו״ — זאָגט דער פּרק. און יפתח איז איבערגעלאָדן געווען מיט נאַטירלעכער ווילדקייט, און ער האָט זי באַצוואונגען מיט אַ יהוה־נדר. דערפאַר איז יפתח אַ גיבור.

יאָ, עס איז דאָ אַנטפּלעקונג אין איגנאַטאָווס „פאַר אַ נייער וועלט״, אויב מיר זאָלן אונטער אַנטפּלעקונג פאַרשטיין שעפערישע אַנטדעקונג. די אַנטדעקונג איז, אַז דער גאַנצער יידישער גאָט־באַגריף שטאַמט פון נדר אַרויס. לויט די אַנטראָפּאָלאָגן שטאַמט רעליגיע בכלל פון עפּעס ענלעכעס צו נדר — פון „טאַבו״ — חרם, וואָס שליסט איין אַ הייליק, אַ טמא; עס מאַכט אומבאַרירבאַר ערטער, ביימער, שטיינער, זאַכן און באַשעפענישן. דאָס גאַנצע געצנטום איז

אזא נדר־געמיש פון הייליקייט און טומאה. יהוה איז דערמיט אנדערש, וואס גלייך ווי ער אנטפלעקט זיך צו אברהמען, הייסט ער אים — לויטן מדרש — צעברעכן זיין טאטן תרחס געצן. דער פארבאט, „לא תעשה לך פסל" — מאך זיך ניט קיין געצנבילדער — איז נאך פאר מתן־תורה אין געיעג געווען נאכן אומזיכטבארן גאט. יהוה איז די איבערשטייגונג מיט אומזיכטבארן איבער זיכטבארן, מיט גייסט איבער פיזישן כוח, איבער יד חזקה. און אנטפלעקן אנטפלעקט זיך דער אומזיכטבארער צו אברהמען מיט א נדר — איך וועל פארמערן דיינע קינדס קינדער, ווי די זאמד ביים ברעג ים, און איך וועל זיי אפגעבן דאס לאנד כנען — בתנאי: דו זאלסט נעמען אויף זיך א נדר, א נשמה־דיסציפלין, א שבועה פון געטריישאפט צו מיר דעם אומזיכטבארן. און ער פרואווט אים מיטן גרעסטן פרואוו פון געצנטום — מיט דער עקדה. וועסטו מקריב זיין דיין קינד פאר דעם אומזיכטבארן, ווי די געצנדינער טוען עס פאר זייערע זיכטבארע אפגעטער? אויסגעהאלטן דעם פרואוו, איז עקדה אפגעשאפט. פאר יהוה וועלן קינדער־קרבנות ניט געבראכט ווערן. — נדר איז אן אומזיכטבארער אינערלעכער קרבן. מען איז מקריב דעם ווילדפלייש פון דער נשמה פאר אן אומזיכטבארן גאט. מיט דער צייט וועלן אלע זיכטבארע קרבנות אפגעשאפט ווערן. און דער מערקווירדיקער שכר פאר דעם אומזיכטבארן נדר־ קרבן צו דעם אומזיכטבארן גאט — איז: זעאונגען. גאט־זעאונגען. געשטאלט־זעאונגען.

אברהם־זעאונגען לויפן דורך די גאנצע יפתח־דראמע. אברהם באוועיזט זיך צו יפתחן און זיין טאכטער מהיטבאל (מהייטעוואייל), וועלכע סימבאליזירט זיין נשמה, אין אלע קריטישע מאמענטן. ניט ווייניקער פון עלף אברהם־זעאונגען האב איך אנגעציילט אין דער דראמע. פון יפתחן אליין, פון זיין טאכטער, און איין מאל פון גאנצן פארזאמלטן פאלק. דאס איז א טייערער אינטואיטיווער איינפאל: די אברהם־געשטאלט איז געווען די טרעגערין און פריידיקערין, די אינספיראטארין צו יהוה פאר אלע יידישע שבטים, אפילו ווען זיי זיינען צוריקגעפאלן צו געצנדינסט.

נדר איז דער שליסל צו עפענען דעם יידישן פארצייטן. די יפתח־טראגעדיע איז די טראגעדיע פון נדר — פון זעלבסט־ארויפגעלייגטן צוואנג, פון א שבועה, וואס מען נעמט אויף זיך און מען היט זי אפ, מעג עס אפילו דאס לעבן קאסטן, און מעג עס אפילו קאסטן דאס, וואס איז נאך טייערער פון לעבן — מען דארף מקריב זיין אן אייגן קינד — א בת־יחידה, וועלכע איז דאס אויג אין קאפ, דער אנהאלט פון דער נשמה. יפתחס ברענגען די אייגענע טאכטער פאר א קרבן אין אפהיטונג פון נדר — איז אברהם אבינוס עקדה, וואו א מלאך קומט ניט אויסלייזן פון נדר. פארוואס איז דער מלאך־אויסלייזער ניט געקומען? — דערויף ענטפערט דאס ווערק.

נדר — דאָס איז ניט בלויז די טעמע, וואָס די יפתח־לעגענדע האָט איגנאָטאָוון אויפגעגעבן. נאָר דאָס איז דאָס שפינדל, אַרום וועלכן עס וויקלט זיך דער קנויל פון דער טראַגעדיע, די פּרוזשינע, וואָס מאַכט די טראַגעדיע זיך באַוועגן, וואָס פאַרקירצט, קאָנצענטרירט דאָס ווערק, צונויפפירנדיק די 5 אַקטן, 56 סצענעס, מיטן עפּילאָג, פּראָלאָג און אַריינפיר, צו איין מיטלפּונקט, מאַכנדיק דאָס ווערק פאַר איין גאַנץ שטיק. מען דאַרף דאָ נדר ניט אַריינטייטשן אָדער אַרויסטייטשן. עס איז אָפן פאַרן אויג. עס ווערט גענדרט בפרהסיה. דערמיט עפנט זיך און שליסט זיך די טראַגעדיע. עס עפנט זיך דערמיט, וואָס יפתח קומט צו זיין ברודער אביבעל, דעם כהן־גדול פון בעל, צו דער באַ־פרוכפּערונג־עבודה צו בעל און עשתרות — אַ זנות־צערעמאָניאַל! — קומט, וויסנדיק, אַז אויף זיין לעבן ווערט געלויערט, אין געהאָרכזאַמ־קייט צו זיין פאָטער גלעד, וועלכער פילנדיק די נאָענטקייט פון טויט, באַפעלט זיינע זין זיך איבערבעטן. און געהאָרכזאַמקייט צום פאָטערס באַפעל איז פאַר ביידע ברידער אַ נדר.

און ניט איין מאָל, נאָר צענדליקער מאָל דורכן טעקסט ווערט נדר געריממט און געלויבט: — „דאָס איז הייליק, ווי אַ נדר הייליק" — זאָגט דער חוזה יאיר צו אביבעלן אויף דעם פאָטער גלעדס באַפעל, ער זאָל היינט אָנרופן יפתחן: „ברודער", „טייערער ברודער!" (ז. 81). — די קריגער, וואָס באַגלייטן יפתחן צו אביבעלן, האָבן גענומען אויף זיך אַ נדר ניט צו טרינקען, ביז זיי וועלן ניט ברענגען יפתחן אַ לע־בעדיקן פון אביבעלס הענט. און די זקנים פון גלעד־לאַנד, וואָס קו־מען אים איבערבעטן, ער זאָל זיי ראַטעווען פון בני עמון, זיינען אונ־טער אַ נדר גאָרנישט צו נעמען אין מויל אַריין, ביז זיי וועלן ניט ברענגען יפתחן צוריק אין גלעד־לאַנד. און פון יפתחס אייגענעם מויל הערן מיר:

אַ נדר איז אַ נדר.
האָבן די ליפּן איינמאָל אַרויסגעבראַכט אַ נדר פון דעם מויל,
מוז דער מענטש דעם נדר ערלעך האַלטן.
צווישן גאָט און מענטש איז אַ נדר אַזאַ... — (ז. 170).

און נדר שליסט איגנאַטאָוווס „יפתח־טראַגעדיע": — עס שליסט זיך דערמיט, וואָס נאָכדעם ווי דער כהן־גדול פון יהוה, פּנחס בן אליעזר, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון מתיר נדר זיין אים און יפתח פירט דורך דעם פאַרשאָלטענעם נדר איבער זיין טאָכטער — פאַלט ער צוריק אין ווילדקייט אַריין, טראַציקט גאָט, הרגעט אויס אין איין טאָג 42 טויזנט פון די ווידערשפּעניקע בני־אפרים, וועלכע זיינען געקומען זיך אויסלאַכן איבער זיין אומגליק. וואָגלט ער אַרום ווי קין מיט אַ פאַרלוירענעם זינען — ביז ער שטויסט זיך אָן אויף זיין געטרייסטן דינער, דעם פּאַסטעך אליפז, וועלכער פאָלגט אים נאָך. ראַנגלט ער

זיך מיט אים, זיך בעטנדיק ביי אים ער זאָל אים טויטן. טוט גאָט מיט אים א חסד — ראַנגלענדיק זיך, צעברעכט ער זיך דעם שאַרבן אָן א בוים. דער טויט איז אים מתיר נדר. ניין, איגנאַטאָווס „יפתח" איז ווירקלעך ניט קיין דראַמאַטישע פּאָעמע אויף א ביבלישער טעמע, ווי עס איז מערסטנס דער פאַל מיט די ביבלישע דראַמעס, וואָס בדרך־כלל זיינען זיי ניט מער ווי ליטעראַרישע איבערזאָגונגען פון די ביבלישע לעגענדעס. איגנאַטאָוו דרינגט אריין מיט א היינטיקן אויג אין דעם סעקרעט פון יפתחס טראַגעדיע. ער פאַרהיינטיקט און פאַר־לעבעדיקט יפתחן אין אונדז. ער פירט אונדז אריין אין געהיימען פּראָצעס פון דער יידישער גאָט־שאַפונג, וואָס גייט נאָך היינט אָן אין אונדז און קאָן צוריק אויפגעבאַפּט ווערן. דורך יפתחן ווייזט ער אונדז, ווי יהוה, דער אומזיכטבאַרער גאָט פון יידן — דער גאָט פון אברהם און פון באַרג סיני — האָט גובר געווען דעם טייוולשן כישוף פון בעל, וועלכער איז פאַרגעשטאַלטיקט געווען אין געצן און צו וועמען מען האָט געדינט דורך תאַווהדיקע אָרגיעס. עס איז געווען יפתחס פערזענלעכער נצחון און גלייכצייטיק א פאָלקס נצחון. דורך יפתחן האָט דער יידישער גאָט־גלויבן זיך אויפגעהויבן אויף א מדרגה העכער. איגנאַטאָוו האָט געמאַכט דעם גאָט פון אברהם און פון באַרג סיני אַרבעטן אין יפתחן אויף א גרויסן שטייגער. יפתחס טראַגעדיע איז אין דעם, וואָס ער אַליין איז נאָך פון בעלן ניט אַרויסגעוואַקסן. ער ברענגט א בעל־קרבן צו יהוה. זוכנדיק גובר צו זיין בעלן אין זיך, פאַלט ער. ערשט פאַלנדיק, רעדט ער אַרויס די ווערטער, וואָס גיבן אָנצוהערעניש אויף יהוהס נצחון:

איך פיל דו לייזט איצט, ווי א גאָט א גרויסער,
מיין צווייעדיקייט אויף.
דו ציסט מיין נשמה פון איר פלאָנטער,
ווי א שווערד פון איר שייד אַרויס.
א מענטש איז א מענטש אין א מענטש.
ווי גאָט א גרויסער נעמסטו איצט יפתחן פון יפתחן אַרויס.

(דאָס איז דער סטיל, אין וועלכן די גאַנצע דראַמע איז געשריבן געוואָרן. — מאָדערניזירטער ביבלישער פסוקים־סטיל — די פסוקים גאַנץ אָפט צונויפלויפנדיק אין א ביבלישן איגנאַטאָוו־געזאַנג).

ביז איצט האָב איך זיך פאַרלאָזט אויף דער באַקאַנטשאַפט פון לייענער מיט דער יפתח־מעשה פון שופטים. — אָבער איגנאַטאָוו באַ־גנוגנט זיך ניט מיט דער לעגענדע. נאָך מער ווי די לעגענדע גיט אים, האָט ער צוגעטראָגן פון זיין פאַנטאַזיע. ער האָט דעם נדר ניט פאַר־אידייאיזירט, נאָר אינסצענירט. ער האָט באַשאַפן א לעבעדיקע סביבה און זי באַזעצט מיט א פּאָר צענדליק לעבעדיקע כאַראַקטערן — צו אילוסטרירן זיין גרונט־אידייע, אז נדר איז עס געווען דער הויפּט־

אינסטרומענט פֿון יידישער גאָט־שאַפֿונג. אויב ער האָט עס געטאָן באוואוסטזיניק, איז מה טוב. אויב אינטוטיאיוו, איז נאָך בעסער. שוין דער אַריינפֿיר טוט עס. — אין דעם אַריינפֿיר צו דער דראַמע האָבן מיר צוריק אויפֿגעשטעלט די עלעמענטאַרע שטופֿע פֿון יהוה־אַנטפֿלעקונג. — אין מעשה־פֿאָרם ווערט דערציילט די געשיכטע פֿון גדעון, דעם יהוה־העלד, דעם געצנברעכער. פּונקט ווי אברהם צעברעכט גדעון זיין טאַטנס, דעם בעל־פּריסט יואשס, געצן. גדעון איז נאָך גענוג געצנדינער. צוויי מאָל פּרואווט ער דעם אומזיכטבאַרן מיט אַ געצנדינערישן מופֿת — מיט דעם טוי אויף וואָל. און ער קלייבט זיך אויס אַ מחנה פֿון 300 לויט אַ טשיקאַווען צייכן: די וואָס לעקן דאָס וואַסער ווי הינט — אויף אַלע פֿיר. אָבער מיט יהוה־נדר, מיט צוטרויען צום אומזיכטבאַרן פֿאַרשטייפֿט ער זיין מחנה ביז צו אַזאַ גבורה, אַז זי צעשלאָגט די 100 מאָל גרעסערע מחנה פֿון מדין.

דער אומזיכטבאַרער איז דאָ פּשוטע חכמה, אַ סטראַטעגישער קונץ, אַן איבערשרעק, אַן איבערפֿאַל אינמיטן נאַכט מיט ברענענדיקע פֿאַקעלן. איז עס גענוג פֿאַר אַן אָנהייב, אָבער ווייט ניט גענוג פֿאַר דויערנדיקע געטרייהייט צום אומזיכטבאַרן. און כך הוה. גדעון נעמט זיך אַ קעבסווייב פֿון שכם, און אונטער איר איינפֿלוס ווערט ער טאָלעראַנט צו געצנדינעריי. און זי געבערט אים צו זיינע 71 זין אַ זון אבימלך. און דער קעבסווייבס זון ווערט צוריק אַ בעל־דינער. און ווי דער געצנדינער פֿון אונדזער צייט, היטלער, גלויבט ער בלויז אין יד חזקה. פֿאַרטראַכטנדיק צו ווערן אַ מלך, הרגעט ער אויס אַלע זיינע ברידער — בלויז איינער בלייבט — יותם, וועלכער איז ווידער אַ שטרייטער פֿאַר דעם אומזיכטבאַרן, אַ טרעגער פֿון יהוה־נדר. יותמס באַגריף פֿון גאָטס אומזיכטבאַרקייט איז זייער אַ פּשוטער. געדאַנק איז שטאַרקער פֿון שטיין און אייזן. און ער זאָגט עס מיט אַ שיינעם שפּרוך. — „געדאַנק קען נאָך זיין האַרטער און שאַרפֿער פֿון שטאָל״ — אָבער ווי פּשוט, איז אין דעם שוין דאָ דער וואָרצל פֿון נדר.

דער קאָנפֿליקט צווישן יותמען און אבימלכן איז איינפֿאַך ביז גאָר: — געדאַנק איז שטאַרקער פֿון שטיין און אייזן, דאָס אומזיכטבאַרע איז שטאַרקער פֿון זיכטבאַרן — זאָגט יותם צו אבימלכן. — לאַכט פֿון אים אבימלך. — שטיין און אייזן זיינען דאָך דאָ, מיט זיי קאָן מען שלאָגן — הרגענען, אָבער דיין יהוה איז דאָך ניטאָ, אים זעט מען דאָך ניט! — ענטפֿערט אים יותם: — אָבער יהוה איז גראָד דער, וואָס קלייבט אויס דעם שטיין און דאָס אייזן, און קלייבט אויס די האַנט, וואָס שלאָגט, הרגעט מיט זיי. — אָט דעם איינפֿאַכן געדאַנק, אַז דער מענטש ווערט געפֿירט און געהאַלפֿן פֿון דעם „אומזיכטבאַרן״ — אָט דעם געדאַנק איז אומגעהייער שווער געווען צו באַנעמען דעם געצנדינערישן יד־חזקהניק. אָבער יותמס רייד באַשטעטיקן זיך. דער אומזיכטבאַרער האַלט אָפּ אַ נצחון: אבימלך ווערט דערהרגעט פֿון

שטיין און אייזן: זיין שארבן ווערט דערשלאָגן פון א מילשטיין, גע־וואָרפן דורך דער האַנט פון אַ פרוי, און ער ווערט פאַרענדיקט מיט אַ שפּיז...

אויף דעם פּראָלאָג וועל איך זיך לאַנג ניט פאַרהאַלטן. עס האָט מיט נדר ניט צו טאָן. דער פּראָלאָג איז געבויט אויף איגנאַטאָוס אַ צוויי־טער רעליגיע־שאַפנדיקער אייגנשאַפט: ער איז אַ צערעמאָניאַליסט, אַ צערעמאָניאַל־מייסטער. דער פּראָלאָג איז אַ צערעמאָניאַל־שפּיל. צוויי כיתות געהיימענישפולע וועזנס — זיבן פאַסטעכער און זיבן קריגער — זיצן ביי די ברעגן פון דער וועלט און ביי די ברעגן פון דער יידישער געשיכטע און שעפּן אָן פולע הויפנס פון דער „גרויסער מעשה פון דער וועלט", און איבערגעבנדיק די אָפּגעשעפּטע הויפנס איינס צום אַנדערן, דערפירן זיי די יידישע געשיכטע פון ששת ימי בראשית ביז צו דער יפתח־דראַמע. גיי איך דאָ גלייך איבער צו דער אייגנטלעכער דראַמע: פונקט ווי גדעון, איז יפתחס פאָטער, גלעד, לכתחילה געווען אַ יהוה־שטרייטער, וועלכער האָט זיך גענומען אַ געצנדינערישע קעבס־ווייב, וועלכע האָט אים געבאָרן יפתחן. איז יפתח פונקט ווי אבימלך אַ קעפּסווייבס זון, אַ „בן־זונה". אָבער אַנדערש פון אבימלכן, דער היפוך פון אבימלכן — אַ יהוה־שטרייטער. אָבער ניט ווי יותם. ער איז אבימלך מיט יותמען אינאיינעם; אַ גיבור, וואָס איז געהאָדעוועט געוואָרן אויף נדר...

— פאַרוואָס פלעגן די יידישע שבטים אָבער און ווידער צופאַלן צום בעל־דינסט? ווייל דער בעל־דינסט איז געווען די קולטור פון די פעלקער, וואָס האָבן באַוואוינט כנען און וועלכע האָבן געלעבט אויף דער פרוכטבאַרקייט פון באָדן. און רעליגיע פאַרהייליקט אַלעמאָל דעם הויפּטמיטל פון פאָלקס קיום.

ווי זשע קומט יפתח צו ווערן אַ יהוה־שטרייטער? געווען איז ער בעל־דינער, אַ קריגער און אַ ווילדער יעגער, וועלכער האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון „אבר מן החי" — פון רייסן לעבעדיקע שטיקער פון לעבעדיקע אָקסן. ביי דעם אַקט כאַפּט אים אַ וואַנדערער, אביעזר, אַ טרעגער פון דער יהוה־טראַדיציע — און ער ווערט יפתחס לערער אין דינען דעם אומזיכטבאַרן. נעמט יפתח אויף זיך אַ נדר — ניט צו עסן „אבר מן החי" — און נאָך אַ נדר — ניט צו בוקן זיך צו געצן. און מיט די צוויי נדרים ווערט ער נאָך אַ גרעסערער גבור, דער הויפּט־פאַרטיידיקער פון גלעד־לאַנד קעגן די בני־עמון, וואָס פרעסן, באַפאַלן און ראַבעווען און ווילן דאָס גאַנצע גלעד־לאַנד פאַר זיך.

איז יפתח דער פאָלקס־רעטער. און זיין ברודער, דער כהן פון בעל, אביבעל, קריגט פאַר אים מורא: — וועט אָקאָרשט אָט דער בן־זונה, פונקט ווי דער בן־זונה אבימלך, ניט פאַרטראַכטן צו ווערן מלך און אויסהרגענען אַלע זיינע ברידער? און ווען יפתח קומט צום בעל יום־טוב — מיט ווידערווילן, אָבער אין געהאָרכזאַמקייט צום

פּאַטערס באַפעל — איז שוין גרייט אַ פאַרשווערונג. — עכן, דער געצנמאַכער, דער קינסטלער, וועלכער אַן אַ להבדיל פון אונדזערע היינטיקע קינסטלער זאָגט אויף זיך, אַז געצן מאַכט ער על פּי רוח הקודש — די געטער אַליין זאָגן אים אונטער וואָס פאַר אַ געשטאַלט זיי האָבן — אַט דער עכן איז אַ מיטפאַרשווערער. ווען יפתח פרעגט אים: — פון וואַנען ווייסטו, עכן, אַז די געטער זעען אויס דווקא אַזוי און ניט אַנדערש? — ענטפערט ער:

ווייסטו געוויס ניט,
אַז ווי נאָר עכן נעמט זיך צו דער אַרבעט,
אַזוי קומט דער גאָט אַליין און נאָך אַנדערע געטער,
און זיי פירן מיט זיין האַנט,
דו פילסט ממש ווי זיי פירן מיט דיין האַנט.

און די פרומע געצנדינער אונטערשטיצן אים: — אמת, אמת, ווייל ווען ניט, טאָ ווי אַזוי וואָלט דען אַ מענטש געקאָנט מאַכן אַ גאָט? — אוודאי, אוודאי! —

איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז עכן זעט אין יפתחן זיין בלוטיקסטן שונא. יפתח דינט דעם אומזיכטבאַרן, פון וועלכן מען קאָן קיין געץ ניט מאַכן. עכן האַלט גרייט אַ פאַרגיפטיקטע פייל פאַר אים. און די בני־אפרים, אַט די מיוחסים אין פּסים־העמדלעך — זיי ווערן אָנגע־רייצט: — שוין־זשע וועט איר דערלאָזן, אַז אַזאַ איינער, פון אַזאַ געמיינעם יחוס, אַ בן זונה, זאָל ווערן דער יידישער מלך? — זיי זיינען גרייט אַרויפצוואַרפן זיך אויף יפתחס חייל־באַגלייטונג. — און אַט איז געקומען דער מאָמענט, ווען יפתח ווערט אויפגעקאָכט פון דער זנות־עבודה, וואָס ווערט געפּראַוועט פאַרן בעל. יעמאָלט גנבעט זיך דער „קינסטלער" אונטער, שטעלט אָן זיין פייל און בויגן אויף אים — און ווערט אַליין דערשטאָכן פון אַ מעסער. ווער האָט עס געטאָן: דער פאַסטעך אליפז, אַליין אַ האַלבער געצנדינער, וואָס פרעסט אבר מן החי, אָבער צו יפתחן, דעם באַשיצער פון די סטאַדעס קעגן די בני עמון, איז ער איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן. ער איז אַ כיטרער, אַ זעעוודיקער, האָט אויסגעשפּירט, וואָס עכן קלייבט זיך טאָן: גנבעט ער זיך צו צו אים און לייגט אים אוועק.

יפתח מיט זיינע באַגלייטער ראַטעווען זיך. אָבער די בני אפרים האָבן באַוויזן צו שענדן אַלע זיינע ווייבער און אויסצוהרגענען אַלע זיינע קינדער, אויסער איין טאָכטער מהיטבאל, וועלכע איז אויסגעהיט געוואָרן פון זיין וואַפנטרעגער רמליהו.

דאָ הייבט זיך אָן דאָס שטייגן פון יפתחן. ער נעמט אַריין אין זיין באַגריף פון אומזיכטבאַרן גאָט פּראָטעסט קעגן יחוס, קעגן פאַלש־קייט, קעגן רישעות. ער נעמט אויף זיך נייע נדרים. די נייע נדרים, וואָס ער נעמט אויף זיך, האָט ער אַרויסגעצויגן פון זיין ביטערער

דערפאַרונג, פון זיין אומגליק און בזיון. פאַרוואָס איז עס געשען? ווייל ער איז אַ ממזר, וואָס אַ קעבסווייב האָט אים געבוירן צו זיין פאָטער גלעד. אַ בן זונה, פון געמיינעם יחוס. — יחוס איז אין אַלץ שולדיק. זיין עלטערער ברודער אביבעל און אַלע זיינע ברידער פון גלעדס כשרע ווייבער האַלטן זיך פאַר מיוחסים. און ווי אַלע בעל־כהנים, פאַרגעטערן זיי זייער יחוס. זיי שטאַמען, זאָגן זיי, פון זון־גאָט, מנשה. אָפּגעטעריי איז דער וואָרצל פון כהנים־יחוס. הייבט יפתח אָן דערפון, וואָס ער שאַפט אָפּ יחוס. אוים יחוס! גוטע טואונגען זיינען יחוס. אוים כוהנים־מיוחסים! — פאַר אַ כוהן פון יהוה באַשטימט ער זיין רבין, אביעזרן, כאָטש אביעזר שטאַמט פון פּשוטן פאָלק און ניט פון כהנים יחוס. און כדי נאָך מער צו דערנעענטערן דעם אומזיכט־באַרן צום פּשוטן מענטשן, שאַפט ער אָפּ קרבן עולה, וואו דער גאַנצער קרבן ווערט פאַרברענט פאַר אַ וואוילגערוך צום אויבערשטן. ביי יפתחן ווערט בלויז אַ שטיקל קרבן פאַרברענט צו יהוה, דאָס איבעריקע עסט דאָס פאָלק — פאַר אַ סימן, אַז יהוה שטייט דווקא אָן צו באַטייליקן זיך אין אַ מענטשלעכער סעודה. און צונויפנעמענדיק אַלע זיינע נדרים אין איין נדר, נעמט ער אויף זיך צו שאַפן אַזאַ יהוה־לאַנד — אַ נייע וועלט, מיט אַ נייעם וועלט־סדר, וואו עס זאָל ניט זיין קיין יחוס, מיט קיין גזילה, רציחה און מלחמה־לוסט; וואו עס זאָל הערשן גוטס־קייט, יושר, פרידן — אַ יהוה־פרידן — באַוואָפנטער פרידן. און פאַר־נדרנדיק זיך אויף אַ פאַרמענטשלעכטן יהוה, געווינט יפתח פרישע גבורה. און עס געלינגט אים אויסצוראַנגלען פאַר זיך מיט דער שווערד פון מיטן אַ וועלט פון גזילה און רציחה אַן אינדזל פון גוט־לאַנד — פון כולו טוב — ארץ טוב. און ווער עס טרעט אַריבער די גרענעץ פון גוטלאַנד, מעג ער זיין דער גרעסטער שונא, איז פרידן צו אים. פאַר אַ שטענדיקער דערמאָנונג האָט ער אויפן העכסטן פעלדז אויפגעשטעלט אַ טורעם פון שווערדן און שפּיזן, און אויפן סאַמע שפּיץ אַ ווייסע טויב מיט אַ גרינעם בלאַט — פאַר אַ צייכן פון פרידן. די ווייסע טויב — דער סימבאָל פון זיין פרידנס־נדר — איז אויפגעהויבן איבער דער גאַנצער דראַמע.

די ווייסע טויב, וואָס אויפן שפּיץ טורעם, וואָס אויפן שפּיץ באַרג, האָט מען ניט געקאָנט ניט באַמערקן. אָבער מען האָט זי ניט גוט פאַרשטאַנען. ווען מען נעמט עס בוכשטעבלעך, אַז יפתחן איז געלונ־גען צו גרינדן אַ נייע וועלט, מיט אַ נייעם וועלט־סדר, איז עס מליצה. די איינציקע סימנים פון נייעם וועלט־סדר, וואָס איגנאַטאָוו גיט אָן: — ווען פרעמדע, יהוה־זוכער, קומען באַזוכן גוטלאַנד, ווערן זיי אויפ־גענומען גאַסטפריינדלעך; און ווען אַן עמוני יאָגט זיך נאָך אַ הירש אויפן ראַנד פון גוטלאַנד, כאַפּן זיך די קריגער פאַר די שווערדן און כאַפּן זיך גלייך צוריק, ווען זיי קוקן זיך אום אויף דער ווייסער טויב — איז עס ניט גענוג אילוסטראַציע אויף אַ נייעם וועלט־

סדר. אָבער ווען די ווייסע טויב אויפן טורעם פון שווערדן און שפּיזן ווערט אָנגענומען ווי אַ סימבאָל פון דעם, וואָס גייט אָן אין יפתחן גופא — אַז דאָס איז דער נדר, וואָס האַלט איינגעשפּאַנט דעם איש מלחמה אין אים — איז עס אַ פּערפעקטער סימבאָל. וואָרעם יפתח איז ניט קיין פּאַרטיקער יעהאָוויסט. נאָר אין פּראָצעס פון ווערן. אין קלעם צווישן זיין ליבע און שנאה צו גלעד, דאָס היימלאַנד, וואָס האָט אים פאַרשטויסן, וועט ער געשטויסן דורך דעם „ויתרוצצו" צווישן ווילד־הפקר און יהוה־געצאַמטקייט. דאָס איז דער אומיושר פון גלעד צו אים, וואָס שטרעקט אים צו יהוה. טראָגט ער זיך איבער די בערג, וואָס די יהוה־נדרים האָבן אויסגעבאַרגיקט אין זיין נשמה, און איבער די בערג וואָס אַרום גוטלאַנד — מיט איין שוואונג. איגנאַטאָוו איז אי אינעווייניק, אי אויסנווייניק פון אים. איגנאַטאָוו איז פון אַלעמאָל פאַרליבט אי אין נשמה־בערג, אי אין באַרגיקע לאַנדשאַפטן. און ער איז אַ באַזונדער בריה צו לייטערן פּיזישע גבורה ביז צו לייכטקייט פון אַ נשמה־שוועב. יעמאָלט לאָזט ער יפתחן ריידן די שטאַרקסטע, פּאָעטישסטע רייד, ריידנדיק צו רמליהו, זיין וואָפנטרעגער, און צו אביעזר, זיין יהוה־לערער: —

— פון דאָרט זע איך
די שפּיצן פון גלעד;
די בערג, אויף וועלכע איך בין געוואַקסן...
און איך דערזע זיך דאָרט אַ קינד, אַ יינגל,
אַ יונג און אַ דערוואַקסענער.
אָט לויף איך דאָרט אויף מיין רויטן פערד,
וואָס דער פאָטער האָט מיר געשענקט.
און איך שפּרינג מיט אים פון איין באַרג אויפן צווייטן;
און מיר דוכט זיך איין באַרג בויגט זיך צום צווייטן...
און איך שפּרינג מיט מיין רויט פערד
פון איין שפּיץ באַרג אויפן צווייטן.
און נאָכדעם — די מלחמות — — —
ווי פאַר יעדער מלחמה פלעגט מיך דער פאָטער בענטשן:
„געדענק מיין קינד, דו גייסט מלחמה האַלטן —
אין נאָמען פון דעם גערכטן גאָט,
פאַר דיין פאָלק און פאַר דיין לאַנד".
און נאָך די מלחמות פאַרן פאָלק און פאַרן לאַנד
האָט מען מיך באַוואָרפן מיט שטיינער,
מיט געשרייען: „בן זונה! בן זונה!"....
אָ, ווי מיר וואָלט זיך וועלן אַרויסציען מיין שווערד
און זיך מיט אים אַרויפיאָגן אויף זייערע קעפּ,
אויף די קעפּ פון די שוואַכזיניקע יחוס־גלויבער און יחוס־האַלטער...
מיר וואָלט זיך וועלן אַרויסציען זיך אַליין פון זיך אַרויס

אוּן זיך וואַרפן אויף זייערע קעפּ.
נאָר די נאַכט נעמט זיך בלויען...
עס צינדן זיך אָן די שטערן,
די גרויסע ווייסע ליכטער פוּן יהוה.
אוּן איך דריי זיך אוּיס מיטן פּנים צוּ ארץ טוב
אוּן איך דערזע אין דער נאַכט,
אויף דעם העכסטן שפּיץ פוּן אונדזערע בערג,
דעם שפּיציקן טוּרעם,
אוּן איבער דעם טוּרעם — מיין נדר, מיין ווייסע טויב,
די ווייסע טויב מיין נדר...
פאַרסמט האָט מען דאָס בלוּט, ווי מיר, פוּן אבימלך
נאָר מיר האָט יהוה צוּגעשיקט דעם ריכטיקן רעיון —
מיין ווייסע טויב, מיין נדר.
הייליק ווי אַלע מיינע נדרים וועל איך אָט דעם נדר האַלטן,
כאָטש מיין שווערד —
זי רייסט זיך פוּן שייד אַרויס...
נאָר מיין שייד — מיין ווייסע טויב, מיין נדר —
האַלט פעסט איינגעשלונגען אָט די שווערד
אוּן לאָזט זי ניט באַפרייען,
ווי עס האַלט יפתח איינגעשלונגען יפתחן אין זיך,
ווי עס קאָן פוּן יפתחן זיך יפתח ניט באַפרייען... (זז. 156—157).

אוּן אוּמעטוּם, וואוּ עס איז דאָ ראַנגלעניש אין אים, רעדט ער אָט די רייד וועגן זיין צווייאיקייט, טאָפּלטקייט, ווי יפתח האַלט יפתחן געשמידט — רייד, וואָס מאַכן אָט דעם פּאַרצייטיקן גיבור־בעל־נדר אוּנדז נאָענט אוּן פאַרשטענדלעך, אוּן לעבעדיק, ווי ער וואָלט היינט פאַר אוּנדזערע אויגן געווען:

אַ מענטש איז ניט אַליין. אַ מענטש איז אַ מענטש אין אַ מענטש.
אַ מענטש דאָס איז אַ שווערד אין אַ שייד.
אַ שווערד וואָס רייסט זיך אוּן וויל פוּן שייד אַרויס,
אַ שייד וואָס שלינגט זי שווערד, קלאַמערט זיך אוּן לאָזט די שווערד
זיך ניט באַפרייען...

אוּן כדי יפתחן נאָך מער צוּ דערנענטערן אוּן פאַרשטענדלעך צוּ מאַכן פאַר אוּנדז אוּן כדי נאָך שאַרפער אַרויסצוּברענגען דעם נדר, ווי אַ געצייג פוּן גאָטשאַפוּנג, האָט איגנאַטאָוו אַריינגעפירט די צווייטע נאָך יפתחן גרויסע געשטאַלט פוּן דער דראַמע — דעם חוזה יאיר — אַ געשטאַלט, אויף וועלכער עס איז קיין שום אָנצוהערעניש אין דער יפתח־מעשה פוּן שופטים ניטאָ. קיינער האָט יאירן ניט באַמערקט, אָבער ווער ס'וועט אים שפּילן, וועט עס זיין זיין קרוין־ראָל. ווער איז יאיר? דער פאַרקערפּערטער נדר. ער איז דער נדר־פּראָפעסיאָנאַל. אַלץ

איינס פאַר וועמען — פאַר בעל אַדער יהוה — גענדרט מוז זיין!
ער איז דער, וואָס קריכט אויף אַלע פיר און בילט ווי אַ הונט צום
זנות־צערעמאָניאַל. און אין עקסטאַז־מאָמענט שניידט ער ביז בלוט
זיין אייגן לייב. און ער נעמט זיך אויך אָן די קריוודע פון יהוה,
הלמאי יפתח זשאַלעוועט אים אַ גאַנצן קרבן. טענהט ער צו אים:

יפתח, גרויסער גיבור! וואָס אַרט דיך אין וועלכן גאָט זיי גלויבן,
אַבי זיי גלויבן אין אים שטאַרק! (ז. 94).

די שטאַרקייט פון גלויבן ווערט באַשטעטיקט דורך קרבן. קרבן
איז דאָך אויך אין דערפילונג פון אַ נדר. קרבן איז אַ סימבאָלישער
פאַרבייט. אַנשטאָט זיך אַליין מקריב צו זיין איז מען מקריב אַ באַ־
שעפעניש. און כדי דעם סימבאָל צו באַקרעפטיקן, ברענגט מען פון
צייט צו צייט דעם אמתן קרבן: מען איז מקריב דאָס טייערסטע —
די אייגענע קינדער. אַי, זייגען קינדער־קרבנות די געטער געשמאַק!
דורך אָט דער פאַרשטאַרקטער באַשטעטיקונג פון גלויבן ווערן די
געטער שטאַרק. — און איגנאַטאָוו איז פסיכאָלאָגיש גערעכט, ווען
ער מאַכט יאירן, דעם בעל־דינער, פאַר אַן אמתן זעער און פאַראויס־
זעער. יעדע דערנעענטערונג צו גאָט, אפילו צו אַן אָפּגאָט, אויב עס
ווערט גענדרט צו אים און קרבנות געבראַכט, מאַכט גאָט אָדער דעם
אָפּגאָט לעבעדיק דורך דעם באַשטעטיקטן גלויבן אין אים. און יאיר,
וועלכער איז פאַרהיפּנאָטיזירט אויף בעלן — ביז צו שניידן זיך אין
אייגן פלייש — זעט זעאונגען און באַווייזט וואונדער. ער איז אַ מכשף.
ווי די אינדישע פאַקירן היינט, פאַרוואַנדלט ער אַ שטעקן אין אַ בוים
און פאַרשווינדט הינטער אַ זייל פון רויך, ווען די יפתח־לייט פאַרמעסטן
זיך אויף אים. ער איז דער מייסטער פון פאַרבלענדענישן. דערפאַר
איז אים אַ גרויסער צער אויף יהוהן, פאַרוואָס יפתח גיט אים ניט גענוג
נדר־ און קרבן־שפּייז. ווערט יהוה אָפּגעשלאָפט און אָפּגעצערט. ווען
איגנאַטאָוו וואָלט יאירן באַוויזן, אַז יהוה לאָזט זיך געבן דעם גרעסטן
נדר מיטן גרעסטן קרבן, וואָלט יאיר געוואָרן זיין נביא. יעמאָלט וואָלט
יהוה מנצח געווען אַלע געטער. און בלעם וואָלט געוואָרן ישעיה.
און מסתמא גיט עס איגנאַטאָוו יאירן צו פילן, וואָרעם זייט זיין באַ־
געגעניש מיט יפתחן, נעמט יאיר אויף זיך אַרויסצוצווינגען אויף
אים דעם גרעסטן נדר מיטן גרעסטן קרבן.

יאיר פון איצט אָן איז דער געהיימער באַוועגער פון דער דראַמע.
ווען יפתח, אַן איבערגעבעטענער פון די זקנים פון גלעד, זאַמלט די
יידישע שבטים פאַר מלחמה קעגן די בני עמון, און די בני אפרים
פאַראַטן ווידער: — זיי, די מיוחסים אין די פסים־העמדלעך, וועלן
זיך שטעלן אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ בן־זונה! — און דער גאַנצער
פליגל פון שלאַכטפעלד, וואָס זיי האָבן געדאַרפט דעקן, בלייבט אָפּ־
געדעקט — דאָ, אין פנים פון גרויס געפאַר, האָט יאיר זיין געלעגנ־

הייט ארויפצוצווינגען אויף יפתחן א נדר אויף א קרבן עולה — א גאנצער קרבן זאָל ברענען און אויפגיין ווי א רויך צו יהוה! דער „טרעפער" ווייס שוין ווער דער קרבן עולה וועט זיין. ער וועט עס אליין צוגרייטן. יפתחס טאָכטער וועט געפירט ווערן צו דער עקדה, און דער בעל עקדה, אברהם, ווייזט זיך צו יפתחן, און יפתח ווייס שוין וואָס צו טאָן: פונעם פליגל, פון וואַנען די בני אפרים האָבן גע־דאַרפט באַפאַלן, וועט ער אָנרייצן אויף די בני עמון די הייליקע אָקסן, וואָס פון זיי פלעגט ער יערלעך אויסקלייבן א קרבן פסח. אָן אָנגע־גורטער מיט א פאַרשטאַרקטן נדר, ווערט יפתח א גרויל־געשטאַלט, וואָס וואַרפט א פחד אויף די בני־עמון, און די הייליקע אָקסן יאָגן זיי־אריין אין א מהומה...

יאיר האָט „געטראָפן". בעת יפתח האָט דעם נדר געגעבן, האָט ער זיכער געטראַכט, אַז דער טאָכטערס הירש מיטן זילבערנעם האָרן וועט אים אַנטקעגנלויפן. אָבער דער הירש איז שוין געווען אַנטלאָפן, ווען יפתח איז אין מלחמה געצויגן. מען האָט עס פון אים באַהאַלטן.

און איגנאַטאָוו פאַרטיפט נאָך יפתחס טראַגעדיע: פנחס בן אליעזר, דער כוהן גדול פון יהוה, איז דער איינציקער, וואָס קאָן יפתחן מתיר נדן זיין. איגנאַטאָוו פאַרבעסערט דאָ דעם מדרש: לויטן מדרש איז זייביידן ניט אָנגעשטאַנען, ווער צו ווער צו וועמען זאָל דער ערשטער צוקומען. לויט איגנאַטאָוון האָט יפתח ניט געקאָנט קומען בעטן פנחס זאָל אים מתיר נדר זיין. דערמיט וואָלט ער דאָך דעם נדר געפּסלט. א נדר איז דאָך ניט קיין נדר, ווען מען זוכט תרופות קעגן אים. גיט עס אליעזר, יפתחס כוהן, פנחסן צו פאַרשטיין. אָבער פנחס בלייבט דער עקשן. ניט אַנדערש יפתח זאָל קומען אָפּגעבן כבוד זיין כוהן־גדול־יחוס. איגנאַטאָוו גיט דאָ די שאַרפסטע כאַראַקטערים־טיק פון הייליק אָנגעבלאָזענער גדלות — אין א סצענע, וואָס איז אָנ־געפּראָפּט מיט דראַמאַטישן דינאַמיט. ביי יפתחס אָן אויסגעשריי, הינטער דער סצענע: — זיי געבענטשט פון אייביק ביז אייביק! — דאָס שטאַרקט ער זיך מיט זיינע לעצטע כוחות אין זיין נדר געטריי־הייט צו יהוה — אין דער זעלביקער רגע ווערט פנחס בלינד. ער איז געפּסלט אַלס כוהן גדול. ניטאָ שוין ווער זאָל יפתחן מתיר נדר זיין. מהיטבאל ווערט געפירט צו דער עקדה, און קיין מלאך אויסלייזער קומט ניט, ווי ביי דער יצחק־עקדה.

יפתח האָט דאָ אָנגעוואָרן מער ווי א טאָכטער, א געהייליקטע צו יהוה. א צוגעבונדענער צום יהוה־נדר, האָט ער אָנגעוואָרן יהוה. אויפ־געהויבן האָט ער זיך אין צוזאַמענשטויס מיט יחוס; געפאַלן איז ער אין צוזאַמענשטויס מיט דער פאַרהאַרטעוועטער יחוס־הייליקייט פון יהוהס כוהן גדול. האַלט דאָך יהוה אויך פון יחוס? איז ער דאָך אויך א מיוחס? פאַרלירט ער, יפתח, זיין יהוה־זינען. טראַציקט ער אים מיט זיין ניט גלויבן אין יחוס. טראָגט ער זיך, א נשמה־צעריסענער, ווי א קין

אונטער א באהארנטן אקסן־קאפ, ביז דער טויט קומט צו אים ווי אן אויסלייזער.

יפתחס לעצטע ווערטער: „ווי א גאט א גרויסער נעמסטו איצט יפתחן פון יפתחן ארויס״ — איז א קנאפע אויסלייזונג! אן אויסלייזונג, וואס מאכט א סוף צו זיין יהוה־געראנגל און יהוה־עליה...

יפתח דער גיבור פון נדר, איז מיט נדר געפרואווט געווארן; מיט נדר האט ער זיך געשטארקט, דורך נדר איז ער געבראכן געווארן. ער פאלט, ווייל אין אים אליין שטעקט נאך דער עבודה־זרהניק. אפילו א נדר צו יהוה טאר קיין עבודה זרה ניט ווערן. אבער איבער זיין פאלן גייט אויף די דערלייזנדיקע בשורה, וואס האט ביי יפתחן אליין זיך ארויסגעכאפט, ווי אן אויפבליץ דורך זיין פארפינצטערונג:

יעדער מענטש איז הייליק, ווייל גאט איז אין אים.
ווען א מענטש מיט א מענטשן באגעגנען זיך —
באגעגנט זיך גאט מיט גאט.

יהוה איז גאט־מענטש! — איבערן גאנצן לעצטן אקט האט געשוועבט און געבעטן זיך א תיקון אט די גנעדיקע אויסלייזונג. האט דאך יפתח אנגעהויבן מיט דערנענטערן יהוה צום מענטשן, האט ער געדארפט דערגיין ביז צו נאך א טיפערער פארמענטשלעכונג פון יהוה. עס קאן גאר קיין נדר צו אים ניט זיין, וואס זאל מקריב זיין א מענטשן. ווען מיר פארנדרן זיך צו יהוה, פארנדרן מיר זיך צום מענטשן. אברהם אבינו האט עס שוין געשפירט. אברהם קומט טאקע, אבער מיט פארשפעטיקונג — אין דער סאמע לעצטער רגע פאר יפתחס טויט. טוט ער אים דעם לעצטן חסד: — „מיט א גרינגער באַרירונג פון זיין האנט נעמט ער אראפ דאס הערנער־היטל פון יפתחס קאפ און פירט אים אוועק מיט זיך דורך ליכטיקייט אין ליכטיקער בלויקייט אריין״ — ניין, די אברהם־זעאונג האט עס בפירוש אים געדארפט זאגן: דער מענטש איז העכער אפילו פון א יהוה־נדר! — די אויפפירונג וועט עס דארפן ארויסברענגען, אט דעם מוסר השכל, צוזאמענדיק די אברהם־זעאונג. אויב אברהם איז ניט געקומען, ווי דער מלאך צו יצחקס עקדה, צו ראטעווען יפתחס טאכטער, האט ער לכל הפחות געדארפט קומען אריינצוברענגען ליכטיקן זין אין יפתחס פינצטערן טויט.

***

דער גיבור יפתח האט געפאנגען איינגאטאאווס פאנטאזיע נאך מיט איבער א פערטל יארהונדערט צוריק — ווען ער האט אין 1912 אין ערשטן זאמלבוך „שריפטן״, וואס האט אנגעהויבן דעם פעריאד פון די „יונגע״ אין דער יידישער ליטעראטור אין אמעריקע, אפגעדרוקט זיין פאעמע „דער גיבור״, וואס איר יעדע שורה הייבט זיך אן מיטן ביבלישן „און״. ער האט דעמאלט דעם סעקרעט פון נדר נאך ניט געוואוסט. איז עס געווען ניט קיין דראמע, נאר א צעזונגענע מעשה.

און פאר 25 יאר איז גלויבן אין אים געקוואָלן און ער האָט קיין איינ־פאַס פאר דעם ניט געהאַט. זיינע מיט גלויבן באַטרונקענע העלדן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעסלגרובן, געקלעטערט אויף בערג, זיך צעלאָפן אויף ווייטע וועגן — און געקוויקט די נשמה מיט אויסגע־טראַכטע מעשיות און זעאונגען, און געפּראַוועט צערעמאָניאַלע שטיק מיט שנייען און פייערן און מיט אַבי וואָס — אַבי צו געפינען אַ לעגענדע, וואָס זאָל איינפאַסן אים, איגנאַטאָוון, דעם גלויבן־שיכורן יידן, וואָס זיצט אין ניו־יאָרק פון אַמעריקע. אדרבה, גיי געפין אַ גלויבנס־לעגענדע, וואָס זאָל אין הוהא פון ניו־יאָרק ניט צערונען ווערן אָדער פאַרגליווערט־פאַרפרוירן ווערן...

האָט ער זי ענדלעך געפונען אין דעם יפתח־נדר. נדר איז דער איינפאַס פאַר גלויבן. נדר שמידט פון דער נשמה אַ כלי אָנצושעפּן גלויבן. נדר שטעלט אויף אויף דער נשמה־פלאַך בערג אויף צו קלע־טערן, קייקלט די פלאַך איבער אין אַ באַרגיקער לאַנדשאַפט פאַר דער פאַנטאַזיע צו טראָגן זיך איבער איר. נדר איז אויסטראַכטעניש, זעאונג, צערעמאָניאַל.

און געקומען איז איגנאַטאָוו צו דער יפתח־נדר־לעגענדע, ווייל אליין בטבע אַ בעל נדר. ווער עס קען אים ווייס, אַז ער איז אַ ייד אַן עקשן. זיי ניט קיין עקשן, ווען מען דאַרף באַהאַלטן די אייגענע גלויבן־שיכרות פון קאַלטע סקעפּטישע ניו־יאָרקער אויגן. דאַרף מען זיך אָפּ־צאַמען מיט פאַרעקשנטע נדרים. דאַרף מען בויען אַ הויז אין אַ הויז, האָדעווען אַ מענטשן אין מענטשן. דאַרף מען פּראַווען צערעמאָניאַלע מופתים — מיט פייערן און שנייען — וואָס דאָס טוט ער אין „קעסל־גרוב", אין „אויף ווייטע וועגן" — וואָס אין קאַלטע אויגן האָט עס אויסגעקוקט ווי נאַרישקייט. אָבער דאָס איז די נאַרישקייט, וואָס גרע־נעצט זיך מיט נבואה, וואָס דערויף גייט דאָס שפּריכוואָרט. אַ נאַר איז אַ נביא. איצט איז אויס מיט דער „נאַרישקייט". עס ווערט מקוים די נבואה. ביז אַהער האָט ער אין זיין אָפּגעשלאָסענער איינזאַמקייט זיך געדאַרפט סומך זיין אויף דער פאַראויסזאָגונג פון עפּעס אַ „מיס־טעריעזן פּריסט", אַז עס וואַרט אויף אים אַ גרויסער שכר אין דער צוקונפט. איצט באַדאַרף ער עס מער ניט האָבן. ער האָט פערזענלעך זיך געפונען אין עקשן, נאַר און נביא יפתחן. ער איז איגנאַטאָוו־יפתח. זיין געמיינטן חסרון האָט ער אויסגעאיידלט און אויסגעלייטערט צו אַ העראָאישער מעלה. דאָס איז דער וועג פון שעפערישן מענטשן. האָט ער איצט זיין פולן שכר.

פון איגנאַטאָווס יפתח־נדר לאָזט זיך מאַכן אַ שפּרונג אין היינט. דער ייד לעבט נאָך היינט אויף זיין פּאַרצייטיקן נדר, אַניט וואָלט זיין נשמה ניט געהאַט אויף וואָס זיך צו האַלטן. מיר קאָנען זיך פאַר־נדרן אויף אַ נייעם פאַרמעסט מיט אונדזער אומזיכטבאַרן גייסט־כוח קעגן דער יד חזקה פון אונדזער צייט.

„יידישע שריפטן", 1941.

# III

# אָפּשאַצונגען

1. אבא גאָרדין.
2. ש. צ. זעצער.
3. מאַקס לערנער.
4. וואַלדאָ פראַנק.
5. פראַנץ ווערפעל.



## אבא גאָרדין

•1

# אן ערנסטער פּרואוו אויף א ניי־אויסטייטשונג פון יידישקייט

אבא גאָרדין אין זיין בוך — אפשר דאַרף מען עס אָנרופן ספר — האָט אן אייגענע רעליגיעז־פילאָזאָפישע שיטה אָנצובאָטן. און עס איז די כאַראַקטעריסטיק פון דעם בוך־ספר, וואָס זיין אייגענע שיטה טייטשט ער אריין אין טעקסט פון דער אַלטער יידישקייט. און דאָס איז טאַקע זיין כוונה: ער האָט זיך פאַרגענומען צו רעאינ־טערפּרעטירן — איבערטייטשן — די אַלטע רעליגיעזע יידישקייט פאַר אונדזער היינטיקן טאָגס געברויך. עס איז א גאַנץ געזעצלעכע אונטערנעמונג. אַזעלכע רעאינטערפּרעטאַציעס זיינען כסדר אָנגע־גאַנגען אין דער יידישער רעליגיע. זי איז געוואַקסן, האָט זיך אַנט־וויקלט דורך אריינגעבן נייע ברייטערע מיינען אין די אַלטע פאַר־שריפטן. איך האָב פאַר זיך ליגן א צווייט נאָר־וואָס דערשינען בוך אין יידיש, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דעם זעלביקן ענין פון דער רעאינטערפּרעטאַציע פון דער אַלטער יידישקייט — פּראָפעסאָר מרדכי ס. קאַפּלאַנס „די צוקונפט פון דער יידישער רעליגיע". וועל איך מיר פאַרשפּאָרן צו ריידן, אין מיין אייגענעם נאָמען, בעת איך קאָן מיך בארופן אויף אַן אויטאָריטעט:

די נביאים האָבן די פאָלקס־רעליגיע, וואָס האָט געהאַט משה רבינו פאַר איר געזעצגעבער, איבערגעטייטשט אַזוי, אַז דער גאָט פון ישראל זאָל מיינען דער גאָט פון אַלע פעלקער; און דעם דער־וואַרטעטן „טאָג פון יהוה", וואָס האָט לכתחילה באַטייט טריאומף פאַר דער יידישער מלוכה, האָבן זיי איבערגעלעגט אויף „אחרית הימים" — מיט דעם באַטייט, אַז ניט טריאומף, נאָר א קאַטאַסטראָפע וועט קומען; אָבער א קאַטאַסטראָפע, נאָך וועלכער ס'וועט נאָכקומען די גאולה פון דער גאַנצער מענטשהייט.

די בעלי־התלמוד, כדי צו פּרעזערווירן דאָס יידישע פאָלק אונ־טער די אומגליקלעכסטע אומשטענדן, האָבן די פאָלקס־רעליגיע, וואָס איז איבערגעטייטשט געוואָרן פון די נביאים, נאָך אַמאָל איבער־געטייטשט אַזוי, אַז די תורה זאָל קענען פאַרבייטן דעם פאָלק, די מלוכה; און נביאישן אחרית הימים, וואָס פאַרזאָמט זיך צו קומען, האָבן זיי איבערגעלעגט אויף עולם־הבא.

דער רמב"ם האָט די תלמודישע יידישקייט איבערגעלעגט אויף

דער אַריסטאָטלשער פילאָזאָפיע, וועלכע איז געווען די השכלה פון זיין צייט; און מאָזעס מענדעלסאָן האָט דעם רמב"מס יידישקייט איי־בערגעלייגט אויף דער השכלה פון 18טן יאָרהונדערט.

די „רעפאָרמער" פון 19טן יאָרהונדערט האָבן איבערגעטייטשט די יידישע רעליגיע אַזוי, אַז דער רייכערער יידישער קלאַס זאָל זיך פילן גוט און באַקוועם מיט איר אין דער סביבה פון דער ליבעראַלער קריסטלעכער בורזשואַזיע, וואו די עמאַנציפּאַציע האָט געמאַכט פּלאַץ פאַר אים. פּראָפעסאָר קאַפּלאַן אַליין טייטשט איבער די יידישע רע־ליגיע פאַר דער פּראָגרעסיווער און נאַציאָנאַל־געשטימטער פאָלקס־שיכט, וואָס לעבט זיך אויס אויף דער לאַנד־שפּראַך, און ער לעגט איי־בער די יידישע רעליגיעזע טראַדיציעס אויף אַ רעליגיע־קולטוריסטישן יידישן לעבנסשטייגער, וואָס ער באַצייכנט אַלס די יידישע ציי־וויליזאַציע.

און פאַר וועמען טייטשט איבער אבא גאָרדין די יידישע רעלי־גיע? — פאַר אונדזער קלאַס מענטשן, וואָס חלומען יום־ולילה וועגן אַ ראַדיקאַלער סאָציאַלער איבערקערעניש, מיט אַ גרויסער יידישער ראָל אין דער געשעעניש. האָט ער געעפנט אין דער אַלטער יידישקייט אַ קוואַל, פון וואַנען דער יידישער יחיד־ראַדיקאַל, וואָס חלומט פאַרן כלל, זאָל קענען שעפּן די פולסטע מאָס אינספּיראַציע.

אין פלוג קאָן עס פאַרקומען ווי אַ סתירה; פאַרזאָרגן מיט רעליגיע דעם יחיד, האָבנדיק אין אויג די טובה פון כלל, אָבער האָט ער דאָך גלייך געקאָנט צוטרעטן צו דער פאָרמולירונג פון אַ סאָציאַלער רע־ליגיע, ווי דאָס טוען די יעניקע, וואָס טוען אָן אויפן סאָציאַליזם אַ רעליגיעזע פאָרם? איז די אייגנאַרטיקייט פון גאָרדינס שיטה טאַקע אין דעם, וואָס זי ווישט אָפּ יעדע סתירה צווישן יחיד און כלל. דער יחיד ביי אים איז כולל דעם כלל. און ער קאָן זיך אפילו פאַרשפּאָרן צו שטעלן סאָציאַלע צילן. זיין איך־ציל וועט זיי שוין במילא דעקן.

אויסזען זעט עס טאַקע אויס, אַז זיין גאַנצע לערע איז אָנגע־שפּיצט און אָנגעגליט אויף איך, איך און איך. און אַן אויבנאויפיקער לייענער וועט געניינט זיין אָפּצופּטרן זיין גאַנצע אונטערנעמונג, ווי אַ פאַרזוך אַריינצוטייטשן אין דער פאַרצייטיקער יידישקייט דעם היינט־צייטיקן אַנאַרכיזם פון מאַקס שטירנערס שניט. אָבער דאָס וועט זיין אַ טעות. „איך" געדייעט ביי גאָרדינען דווקא דורך דער אָפּ־לייקענונג פון ענגן עגאָאיזם — אַן אָפּלייקענונג אפילו ביז מסירת־נפש. פון דער אַנדער זייט קאָן ביי אים טובת הכלל ניט געמאָלט זיין, סיידן דורך לאָזן געדייען דעם איך. פריער פון אַלץ דאַרף דער איך, דער אינדיווויד, באַפעסטיקט ווערן. פון איך דאַרף מען אָנהייבן. אָן דעם איך קיין שום טריט פאָרווערטס.

און יידישקייט אין גאָרדינס איבערטייטשונג איז דער מעטאָד ווי צו מאַכן דעם איך וואַקסן ביז איינצופאַסן דעם כלל — ביז אַרומ־

צונעמען דאָס פֿאָלק, די גאַנצע מענטשהייט. די יידישע רעליגיע, דורך איר געשיכטע, האָט לויט גאָרדינען אַלץ מער פֿאַרפֿיינערט איר מעטאַד פון האַדעוואַניע פון כּלליִשן איך; און ער, גאָרדין, שרייבט דעם מעטאָד אָפּ, אַנאַליזירט אים, אַרבעט אים פֿאַנאַנדער, באַקרעפֿטיקט אים מיט ראיות פון דער אַנטראָפּאָלאָגיע, קולטור־געשיכטע, סאָציאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע און פֿילאָזאָפֿיע, כּדי אַזוי אַרום אים גילטיק צו מאַכן אַלס אַ לעבנס־מעטאָד, אָדער לעבנס־וועג, וואָס די יידן זיינען געווען די ערשטע אים אויסצוטרעטן, פֿאַר אַנדערע פֿעלקער נאָכצופֿאָלגן.

גאָרדין רופֿט אָן זיין בוך „יידישע עטיק", דער נאָענטסטער נאָמען צו לעבנסוועג. ערגעץ וואו כאַפּט זיך ביי אים אַרויס דער טערמין „אידעאָלאָגיע", וואָס דאָס מיינט די ייד־וויסנשאַפֿט, וואָס דאָס וואָלט געווען נאָך אַ פּאַסיקערער נאָמען. און איך בין זיך משער, אַז גאָרדינען וואָלט שטאַרק פֿאַרדראָסן, ווען מען זאָל באַצייכענען זיין שיטה אַלס „יידישע טעאָלאָגיע". אַפֿילו די באַצייכענונג „יידישע רעליגיעזע פֿילאָזאָפֿיע" וואָלט אים ניט געווען צום האַרצן. ביידע טערמינען זיינען פֿרעמדע, ניט יידישע, איבערגענומענע ביי פֿעלקער, וואָס מאַכן אַ מחיצה צווישן לעבן און רעליגיע, לייגן אָפּ די רעליגיע אויף אַ פּאַסטאָרס אָדער פּראָפֿעסאָרס פּאָליצע און לופֿטערן זי פון צייט צו צייט. ניט אַזוי איז געווען דער יידישער גאַנג: עס איז געווען תּורה אויף צו לעבן מיט איר. און אַזוי דאַרף אויך איצט זיין. און פּונקט ווי די תּורה פֿאַרנעמט זיך גאָרדין ערגעץ ניט מיט אַ טעאָלאָגישן, אָדער פֿילאָזאָפֿישן, אָדער וועלכן עס איז אַנדער באַווייז, אַז גאָט איז דאָ, וואָס דאָס וואָלט ער אומבאַדינגט געדאַרפֿט טאָן, ווען ער וואָלט אויסן געווען צו גילטן אַלס טעאָלאָג אָדער רעליגיעזער פֿילאָזאָף. זעלטן ווען ער דערמאָנט אַפֿילו גאָט, סיידן ער איז געצוואונגען דערצו דורך אַ ציטאַטע. ער דערמאָנט יאָ זייער אָפֿט דעם נאָמען יהוה, אָבער יהוה איז פֿאַר אים בלויז אַן אַנדערער, אַ געהויבענערער נאָמען פֿאַר איך־כּלל, איך־פֿאָלק. אָט די נאָמען געבונג, אָט דער יהוה פֿאַרטייטש: „איך" איז יהוה — אין דער סאַמע קערן פון זיין שיטה. זיין בוך באַהאַנדלט דעם יהוה־פּראָצעס, וואָס דאָס מיינט די אויסשיילונג און די אַרויפֿשטייגונג פון דעם איך. און ערגעץ וואו אין בוך איז דאָ אַן אָנצוהערעניש, אַז גאָט איז נאָך ניטאָ; ער האָט ערשט אין ווערן. דער יהוה־פּראָצעס באַשאַפֿט אים.

אַוודאי, די פֿרומע, די אַלט־גלויביקע וועלן ניט דערקענען זייער יידישקייט אין גאָרדינס איבערטייטש. און דאָך, טראָץ זיין ראַדיקאַלער אָפּוואייכונג פון אַלט־יידישקייט, קלאַמערט ער זיך מיט עקשנות אָן דעם טראַדיציאָנעלן נוסח פון די פֿרומע אויסטייטשער און איבערטייטשער: ער ציט זיינע נייע מיינונגען אַרויס פון די אַלטע פּסוקים. עס איז כּסדר ביי אים: „שנאמר" און „ככתוב" — עס איז געזאָגט געוואָרן

און ווי געשריבן שטייט. זיין תאוה צום „שנאמר" גייט אזוי ווייט, אז ער טראָגט דעם מעטאָד אריבער פון די יידישע ספרים אויף די גוייִשע ביכער. ער באַהאַנדלט די ווערק פון קאַנט, פיכטע, העגעל, הערבערט ספּענסער, דזשאָן סטוּאַרט מיל, בערטראַן ראָסעל, גאַמאַ־ליעל ברעדפאָרד און פון צענדליקע אַנדערע, ווי ער באַהאַנדלט די גמרא און די מדרשים און דעם זוהר און די „לקוטי אמרים" פון לאַדיער און די חבורים פון זיין אייגענעם פאָטער, ר' יהודה לייב גאַרדין. ער האָט כסדר אין ציטירן פון די פילאָזאָפן און סאָציאָלאָגן און לאָזט זיי ריידן פאַר אים און מאַכט זיי זאָגן וואָס ער וויל. אויף די 286 זייטן טעקסט האָט ער אַזוי אַרום ביי 750 ציטאַטן — פון איבער 550 יידישע ווערק און פון אַרום 200 גוייִשע ווערק. עס איז דאָ אַ ציטאַטע ביי אים פון דייוויד יום אויף גאַנצע צוויי זייטן. דריי פערטל פון זיין אידייען־גאַנג האָט ער דורכגעפירט דורך ציטאַטן— מען דאַרף גלייך צוגעבן די מערסטע אין אויסגעצייכנטע איבערזע־צונגען: די יידישע מיט דעם ריח פון שמעקעדיקער פרומקייט, די גוייִשע מיט דער געקלינגלטער וואָרט־בריהשקייט, אַזוי אַז דער לייע־נער דערלייגט ניט.

אויף וויפל זיין ציטאַטן־מעטאָד דינט אים צו טובה אין דער עקספּאָזיציע פון זיין שיטה, וועלן מיר שפּעטער זען. דערוויילע פון וואַנען האָט זיך צו אים גענומען די תאווה צום „שנאמר"? די אַלטע פאַרשטייען מיר: זיי זיינען געווען אונטער דעם דרוק פון דעם לאו ניט עובר צו זיין אויף אַ קוצו של יוד. זיינען זיי געצוואונגען געווען אַריינצופּרעסן אַלע זייערע כוונות אין די אַלטע פּסוקים. אָבער אַבא גאָרדין? איז עס ערשטנס ביי אים אַ ירושה־זאַך. זיין פאָטער יהודה לייב גאָרדין איז געווען אַן אָנגעזעענער רב און ערשט־קלאַסי־שער בעל־דרשן — צוערשט אין סמאָרגאָן, דערנאָך אין שיקאַגאָ — און אַבא גאָרדין האָט זיך געשניטן עס צו ווערן, און אין אַ געוויסן זין איז ער עס אויך געוואָרן. דער עיקר אָבער איז עס זיין וואונטש ניט איבערצורייסן דעם המשך, איינצוהיטן פון צעבראָכן ווערן די אַלטע יידישע געפעסן און טרויבן — לכל הפּחות ביז דאָס פּליסיקע יידישע נשמה־גאָלד, וואָס איז אָנגעזאַמלט אין די אַלטע באַהעלטענישן, וועט ניט געמאַכט ווערן אַריינצורינען אין אונדזער היינטיקן טאָג אַריין, פאַר דער קרעפטיקונג און באַרייכערונג פון יעדן יידישן יחיד.

און נאַטירלעך פּונקט ווי די אַמאָליקע איבערטייטשער, גלויבט ער באמונה שלמה, אַז דאָס וואָס ער מיינט אַריין אין די פּסוקים, איז לכתחילה אין זיי בנמצא. האָב איך פאַר אַן עקספּערימענט געגעבן זיין בוך־ספר צו לייענען אַ למדן פון אַלטן שניט, איז ער אויפגעקאָכט געוואָרן. ער האָט חלילה דעם מחבר ניט געכאַפּט ביי דער האַנט אין פעלשן די „שנאמרס", נאָר דעם מחברס אַריינטייטשונגען, האָט ער זיך געכעסט, הויבן ניט אָן צו שטימען מיט זייערע אמתע טייטשן. מסתמא

האָט ער אין זיין כעס שטאַרק איבערטריבן. דעם אמת געזאָגט, דאַרף אונדז ניט אַרן, צי זיינע אַריינטייטשונגען שטימען אָדער שטימען ניט. זיי דאַרפן גאָר ניט שטימען. די אַריינטייטשונגען פון די אַמאָליקע איבערטייטשער פון דער יידישער רעליגיע האָבן אויך קיינמאָל ניט געשטימט. און זיי האָבן אַלע מאָל לכתחילה אַרויסגערופן צאָרן און נעגנערשאַפט. וואָס עס דאַרף אונדז אינטערעסירן איז, צי האָט ער וואָס נייעס צוגעגעבן, צי האָט ער מיט וואָס מחדש צו זיין די אַלטע „שנאמרס״? דער ענטפער איז יאָ. אבא גאָרדין געהערט צו די יודעי חן — ער ווייסט אַ צאָל טייערע סעקרעטן פון דעם וואַקסנדיקן איך, פון דער געדייענדיקער פערזענלעכקייט, פון וועלכע מאַקס שטירנער האָט ניט אָנגעהויבן וויסן. ניט פון הערן־זאָגן, נאָר פון אייגענער איבערלעבונג וויים ער, אַז „ווען דו גיסט, נעמסטו״, און „ווען דו פאַרשווענדסט זיך אויף אַנדערע, קומט דיר צו רייכטום״. דאָס ווייזט זיך אַרויס, ווען ער קומט צו די רעאינטערפּרעטאַציעס פון די מאָראַלע און סאָציאַלע פאַרשריטן פון ויקרא און דברים. יעמאָלט נעמט שלאָגן פון אים, ווי פון אַן אייגענעם קוואַל. יעמאָלט צינדט זיך אָן זיין עקסטאַז, ווי ער וואָלט געקראָגן אַ קלאַפּ פון שלהבת יה.

ער האָט זיך איינגעהערט מיטן האַרצן אין דעם „אויבערמענטשן״, וואָס שטרעקט זיך פון יעדן פון אונדז. און אויב עס וועט נאָך אַמאָל אויסברעכן אַ רעליגיעזער יידישער גאון, אַ באַן־ברעכער, האָט אבא גאָרדין אַ פאַראַנונג וועגן אים.

אויב אַזוי איז ער באַרעכטיקט צו טאָן דאָס וואָס ער טוט — אַריינטייטשן אַפילו וואו די פּסוקים בעטן זיך: טו עס ניט! רעאינטערפּרעטאַציע איז אַ גאַנץ לעגיטימע פּראָצעדור — ניט נאָר אין ענינים פון רעליגיע.

פון מיין שטאַנדפּונקט איז די רעאינטערפּרעטאַציע, וואָס גאָרדין האָט אונטערנומען — צי זי וועט זיך אָננעמען אָדער ניט — אַ נויטיקע און אַ צייטלעכע. עס איז גוט וואָס ער טוט עס אין נאָמען פון יחידים העכערן זעלבסט־אינטערעס. דאָס איז דאָך ניט צו לייקענען, אַז זינט מיר האָבן זיך אַרויסבאַפרייט פון אונטער דער פרומער אויטאָריטעט, איז אונדזער איך טורעם הויך געשטיגן. אַפילו ווען מיר זיינען סאָציאַליסטן און בכלל־אינטערעסן זיינען אין פאָדערגרונט פון אַלע אונדזערע רייד, איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט, אַז איביקע פניות — מוראס און חשדן, אייפערזוכטן און אַמביציעס — שפּילן גאַנץ היפּשלעך אַריין אין אונדזערע האַנדלונגען. נאָך מער, זיי באַשטימען אונדזערע האַנדלונגען.

און דער עיקר: אַנדערש קאָנען מיר אין זיך ניט אויפוועקן די דרעמלענדיקע כוחות, סיידן אונדזער זעלבסט־אינטערעס איז פאַרגיטיקט. שעפערישקייט קאָן ניט אַרויסשלאָגן אין יחיד — און יחידים זיינען מיר אַלע — סיידן ער ווינטשט זיך פריער פון אַלץ אַל דאָס גוטס. און שעפערישקייט אַרויסרופן איז דאָך די הויפּט־זאַך.

וואָס זשע איז די פּעולה צו שפּילן אין באַהעלטעניש? — דאַרף מען אָפּן אַנטקעגנקומען דעם זעלבסט־אינטערעס פון יחיד און דעם זעלבסט־אינטערעס לייטערן. דאַרף אַ בריק געוואָרפן ווערן פון יחידס זעלבסט־אינטערעס צום כּלל־אינטערעס. דאַרף מען דעם יחיד איבער־ציינגן, אַז ערשט דורך כּלל־דינסט קאָן זיין איך שטייגן — דער כּלל איז אַ טרעפּ צו זיין עליה. דאַרף מען ביים יחיד אויפדעקן אַזאַ העכערן אינטערעס, וואָס זאָל זיך לאָזן באַדינען פון כּלל אויף אַזאַ גרויסאַרטיקן אופן.

דאָס רופט אבא גאָרדין געבן דעם יחיד רעליגיע. און ער עפנט די טראַדיציאָנעלע רעליגיע, נעמט אַרויס איר אָנגעשפּאַנטע אַקומולירטע ענערגיע און טוט זי אַריין אין רעליגיע פון יחיד. דאָס איז עס, וואָס ער באַצוועקט מיט זיין רעאינטערפּרעטאַציע.

און ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז דער יחיד אונדזערער איז אַ ראַדיקאַל, וואָס האָט כּמעט אָנגעוואָרן אָדער אין גאַנצן שוין אָנגעוואָרן זיין גלויביקייט — זיין פעאיקייט צו גאָט־גלויבן, און אַז געוויס־הייט נעמט ער בלויז אָן פון שכל, וועט מען יעמאָלט ערשט אָפּשאַצן אבא גאָרדינס בריהשקייט, ווען ער גנבעט זיך גאַנץ אינטים אַרונטער אונטער דעם יחידס אומגלויביקייט און שכלדיקייט, און טוט זייביידן אָפּ אַ גאַנץ איידעלן שפּיצל.

אין די ערשטע צוויי אַריינפיר־קאַפּיטלען — „דער ריינער גלויבן“ און „דער עגאָ און דער זעלבסט־באַגלויבט־זיין“ — פאַרהעלטניסמעסיק קורצע קאַפּיטלען: 14 און 26 זייטן — לייגט ער דעם פונדאַמענט. ער מאַכט אַן אונטערגראַבונג אונטער דעם „איך“. ער מינעוועט אונטער אונדזער ראַדיקאַלס זעלבסט־באַזעסנקייט, זיין שכל־געוויסהייט און זיין אומגלויביקייט, כּדי באַלד אויפן אָרט זיי אויפצורייסן.

די צוויי קאַפּיטלען זיינען פון ריין פילאָזאָפישן כאַראַקטער. „וואָס איז רעליגיע?“ הויבט ער אָן און ער ברענגט אפשר אַ פּאָר צענדליק דעפיניציעס, און פאַרבראַקירט און פאַרוואַרפט זיי אַלע. זיי פאַרמעסטן זיך צו הויך און טרעפן ניט אין פּינטעלע. אפילו מורא, אפילו גלויבן אין גייסטער, די פאַרלעבעדיקונג פון דער נאַטור זיינען צו הויך. מען דאַרף גיין צום שורש. רעליגיע איז אי עלעמענטאַרער אי טיפער, פונדאַמענטאַלער. אין דער רגע, ווען מען רעדט אַרויס „איך“, פּירט מען שוין דורך אַ גלויבנס־אַקט. דאָס איז די באַמבע, וואָס ער לייגט אונטער.

קיין איין „שנאמר“, נאָר אַלץ ציטאַטן פון דער גוייִשער פילאָזאָפיע. זיינע הויפּט־אַרויסהעלפער זיינען דייוויד יום, הערמאַן לאָטצע, בערטראַן ראַסעל, וועלכע ער פּירט אין מלחמה קעגן דעקאַרטן און דעם גאָר אַלטן סאָקראַטעסן. מיט זייער סקעפּטיציזם אָדער מאַטעמאַטיש־קייט צעשמעטערן די אַרויסהעלפער דעם זיכערן יסוד, וואָס דערקאַרט האָט זיך אויפגעשטעלט מיט זיין שפּרוך: „איך דענק, לכן בין איך דאָ“. דעקאַרט האָט פאַרהערט, אַז עס איז פאַראַן עפּעס נאָך פריערס

פון דענקען; איידער מען נעמט זיך דענקען, דאַרף דאָך זיין אַ דענ־
קער — דער איך וואָס דענקט. „איך בין דאָ", „איך בין איך" קומט
פריער. קודם לאָזט גאָרדין אַנדערע עפּעס ענלעכעס זאָגן, דערנאָך
זאָגט ער אַליין: „איך דענק — אפשר דענקט זיך עפּעס אין מיר. און
איך דענק גאָרניט, דאָס האָט מיט מיין איך גאָר גאָרנישט צו טאָן".
אפשר לעבן מיר גאָרניט, נאָר „מיר ווערן געלעבט". און דער אויספיר
איז, אַז עס איז ניטאָ קיין שום באַווייז, אַז איך בין טאַקע איך. דער
איך איז אַ זאַך פון אמונה. מיר נעמען אָן דעם איך אין גלויבן. אָבער
טוען מיר עס ניט, עקזיסטירן מיר ניט. עס איז אַזאַ ווירוואַר פון צע־
וואָרפענע, צעשויבערטע שפּירונגען אין אונדז, אַז עס פאָדערט זיך אַן
אַקט זיי צונויפצונעמען און צוזאַמענהאַלטן. און דאָס טוט דער גלויבנס־
אַקט, דער איך־אַקט. אָן דעם איך־אַקט וואָלטן מיר צעפאַלן און צעשאָטן
געוואָרן. „איך גלויב, אַז איך בין איך" — איז דערום אַ פעסטערע באַזע
פאַר אונדזער עקזיסטענץ, ווי דעקאַרטס „איך דענק, לכן בין איך דאָ".
עס דערלאָזט קיין שום ספק ניט. עס לאָזט זיך ניט פאַרלייקענען. אַ האַ־
רעלע ספק, און מיר זיינען ניטאָ.

האָבנדיק זיך אַזוי באַפעסטיקט קעגן דעקאַרטן, קומט שוין גאָר־
דינען אָן גרינג אַ טרייסל צו טאָן סאָקראַטעסעס שפּרוך: „קען זיך
אַליין". פריער דאַרף דאָך זיין דער קענער פון זיך אַליין. זעלבסט־
דערקענטעניש איז אַ שפּעטערדיקער ענין נאָכן „אין זיך גלויבן". זעלבסט
באַוואוסטזיין איז געשטיצט אויף זעלבסט־באַגלויבט־זיין.

וואָס האָט גאָרדין ביז אַהער דאָ אויפגעטאָן? ער האָט פאַרפונדע־
וועט רעליגיע. ער האָט אַריינגעזעצט גלויבן אין דעם סאַמע אינעווייַ־
ניק פון אונדזער וועזן. ער האָט דערהויבן גלויבן צו דער מדרגה פון
אונדזער באַשעפער. דער גלויבן באַשאַפט אונדזער „איך" און דער
איך באַשאַפט אונדז. ניט נאָר פון אָנהויב אַזוי, נאָר אויך איצטער אַזוי.
כסדר אַזוי. מיר, וואָס מיר זיינען, זיינען אַ זעלבסט־באַשאַף מיט דער
הילף פון גלויבן באַשעפער.

היינט זאָלן די ראַדיקאַלן, די אומגלויביקע, וועלן פטור ווערן פון
גלויבן — אַז דער גלויבן איז עס, וואָס גיט זיי חיות.

עס איז כדאי צו לאָזן גאָרדינען אַליין ריידן אַ ביסל, כדי צו ווייזן,
ווי די באַהאַנדלטע ענינים לייגן זיך אויס אין זיין לשון. וועגן „גלויבן
אין זיך": — „דאָס איז דער הויפּט־פּאָסטולאַט, דער עיקר פון אַלע
עיקרים פון אמונה. דאָס איז דער ווינקלשטיין, אויף וועלכן דער גאַנצער
פּאַלאַץ פון אמונה האַלט זיך. מיר נעמען דעם עגאָ אַלס דעם אַקטיוון
פּאָזיטיוו. מיר קענען עס ניט באַווייזן דורך קיינע חקירות, דרישות,
פאַרטיפונגען, אַריינטראַכטונגען, חריפות. דאָס איז אַ רעליגיעזע אַק־
סיאָמע".

וועגן דעם, אַז דער „איך", דער „עגאָ" איז דער צוזאַמענהאַלטער,
דער צונויפבינדער פון אונדזער יש:

„די ערשטע אָפּענבאַרונג איז די אַנטפּלעקונג פון עגאָ, די דע־מאָנסטראַציע פון פאַראַנענזיין פון אַן אייגענעם זעלבסט. די עקזיס־טענץ פון המשך, פון אידענטיטעט. די אַנדערקענונג פון ווידערהאָלונג און שטענדיקער פאָרטזעצונג — אָן איבעררייסונגען, אָן אָפּשטעלונגען, אָן וועלכע ניט איז הפסקים".

און אַ דריטע ציטאַטע — שפּראַכלעך די בעסטע, די ריינסטע — אַ פּאַראַגראַף, וואָס קומט גלייך נאָך דעם נאָר־וואָס ציטירטן:

„אָט די גרויסע ראשיתדיקע התגלות איז די דערפינדונג, אַז עס איז דאָ אַ בונד, אַ ברית בין הבתרים, אַ צוזאַמענהאַנג צווישן די שטיקלעך און ברעקלעך, וועלכע שטעלן צונויף דעם מענטשנס קערפּער און זעל, און מאַכן פון אָט די פראַגמענטן עפּעס גאַנצעס, אָרגאַנישעס — הן אין ביאָלאָגישן און הן אין פּסיכאָלאָגישן זינען".

ער איז אַ בעל לשון! דער בעל לשון איז געוויינלעך חבר צום בעל־דרשן. אַבסטראַקטע ענינים האָבן אַ טבע צו פאַרטריקענען די שפּראַך. מען דאַרף זיך פריידן, ווען מען טרעפט אָן אויף איין געלונ־גענעם אויסדרוק. בפרט אין יידיש — אַ שפּראַך, וואָס האָט נאָך ניט געלערנט פילאָזאָפיע. ביי גאָרדינען שפּרודלען די אַבסטראַקציעס מיט אויסדרוקס־קראַפט. ער האָט צען אויסדרוקן פאַר איינעם. יידיש דאַרף עס שעצן. די ערשטע צוויי אויסצוגן מאַכן אפילו דעם איינדרוק פון ניט שפּאָרעוודיק זיין. אַנשטאָט צען נוסחאות צו פאַרקליידן אַ באַגריף האָט ער געקאָנט נוצן דריי, און עס וואָלט געווען דיינו. אָבער ערשטנס, זיינען די אויסצוגן אַרויסגעריסן פון טעקסט, און אַזעלכע אויסדרוקן צום ביישפּיל, ווי עגאָ אַלס „אַקטיווער פּאָזיטיוו", „אידענטיטעט", אַלס צוגאָב צום המשך, זיינען ניט קיין איבערחזרונגען, נאָר האָבן אַ שייכות צום פריער געזאָגטן און זיינען פולשטענדיק באַרעכטיקט. צווייטנס, איז דאָס בוך אַרויסגעוואַקסן פון גערעדטע לעקציעס — פאַר דער „יידיש־עטישער קולטור־געזעלשאַפט", וואָס ער האָט ספּעציעל געגרינ־דעט פאַר דעם צוועק — ווען ענינים, וואָס געהערן ניט צו דער אַל־טעגלעכער שמועסערײַ, האָט ער געזוכט מסביר צו זיין. דריטנס, איז ער טאַקע בטבע אַ שפּראַך־דערפינדער, אַ וואָרט־פּראָדוצירער. ער האָט די „גאַבע פון צונגען". ער ציט זיין רוי־שטאָף פון עטלעכע לשונות — הויפּטזעכלעך פון לשון־קודש, אָבער אויך פון אַלט־יידישע וואָרצלען. ער האָט אַ שלל פון נייע וואָרט־בילדונגען און אָפּגעפרישטע אַלטע ווענ־דונגען. און עס וואָלט געווען אַ יושר, ער אַליין אָדער איינער פון זיינע תלמידים זאָל זיי צונויפקלייבן — פון דעם בוך טאַקע — וואָלטן זיי אויסגעמאַכט אַ גאַנץ היפּשן ווערטער־ביכל — פאַר דער יידישער שפּראַך צו פאַרנוצן געזונטערהייט.

דער דריטער אויסצוג ווייזט, אַז ער קען באַוועלטיקן זיין שפּראַך־איבערפלוס. ער מישט ניט די וואָרצלען — ער האַלט זיך נאָענט צום לשון־קודשדיקן אונטערטעקסט. די פאַרשיידענע נוסחאות, וואָס פאַר־

קליידן דעם געדאַנק, זיינען ניט קיין איבערחזרונגען, נאָר ניואַנסן, שאַטירונגען, אָפּשטופּונגען פון געדאַנק, וואָס מאַכן אים אַלץ פולער, קלאָרער, בולטער. דאָס טרעפט געוויינלעך, ווען ער דאַרף ניט מסביר זיין אַן אַנדערן, נאָר שאַפט אַליין. ער גייט ניט נאָך אַ ציטאַטע, נאָר גייט אַן אייגענעם גאַנג. יעמאָלט איז אָפּקליוב, אָפּגעהיטקייט און טאַקט. וואָס ווייטער אין בוך, אַלץ אָפטער טרעפט עס, אַז ער פאַרגעסט צו ציטירן — גיט ער מוסטערן פון זיין גאַרדין־סטיל.

די ערשטע צוויי קאַפּיטלען זיינען פאַר דעם ניט־געניטן לייענער אַ האַרבער לייענען. לאַגיש דאַרפן זיי טאַקע פאַראויסגיין, אָבער מיין עצה צום לייענער איז, אַז אָנהויבן זאָל ער פון דריטן קאַפּיטל, וואו גאַרדין עפנט די יידישע ספרים, און עס וועט דעם לייענער ווערן ליכ־טיק אין די אויגן. און ערשט נאָכדעם ווי ער וועט זיך האָבן באַקענט מיט דער וויכטיקער אַרבעט פון „איך" אין דער יידישער געשיכטע, זאָל דער לייענער זיך מטריח זיין צו די ערשטע קאַפּיטלען. ער האָט שוין געהאַט זיין לוין.

דער דריטער קאַפּיטל הייסט „דער פאַרעלטערן־קולט און דער קינדער־קולט צוזאַמענגעשמאָלצן". קירצער: „דער אבות־קולט און דער קינדער־קולט". נאָך קירצער: „עגאָ־קולטור".

דער תמצית פון דעם קאַפּיטל איז, אַז דאָס איז דער „איך", וואָס אָרגאַניזירט דאָס פאָלק אין אַ גאַנצקייט. דער ווייטער־וואוקס פון דעם „איך", זיין דראַנג אַלץ מעכטיקער צו ווערן, וואָס מער אַרומצונעמען איז די טרייב־קראַפט פון פאָלקס געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. פונקט ווי דער „איך" האָט גובר געווען דעם תוהו ובוהו אין אים דורך אַן אַקט פון גלויבן, איז ער אויך גובר דעם תוהו ובוהו אויסער אים דורך אַ גלויבנס־פּראָצעס. ער און זיינע שטאַם־גענאָסן, דער גאַנצער פאָלקס־שטאַם לעבט, שיצט זיך און איז מנצח דורך די דערפאַרונגען, וואָס די אבות האָבן אָנגעזאַמלט. איז דער „איך" דער גלויביקער, דער וואָס פאַרטייערט די דערפאַרונגען — דורך פאַרהייליקן די אבות, אפילו דורך פאַרגעטערן זיי — אַזוי אַרום ווערן די דערפאַרונגען פון אַמאָלווירקזאַם אין דעם היינט, די זכרונות ווערן היינטיקע איבערלעבונגען. — דער געצייג, מיט וועלכן דער איך באַדינט זיך אַריינצוציען די פאַר־גאַנגענהייט אין דער געגנוואַרט, אַזוי אַרום אויסשפּרייטנדיק דעם שטח פון דער געלעבטער ווירקלעכקייט, איז דער זכרון. אָבער דער זכרון וואָלט אים ניט געדינט, ווען ער ווערט ניט אונטערגעטראָגן דורך גלויבן. אויף אָט דעם גלויבן־זכרון פון דעם „איך" האַלט זיך דאָס פאָלק. אמת, מיר ווייסן, אַז אין דער פאַרצייטיקער געזעלשאַפט איז דער יחיד איינס מיטן פאָלקסשטאַם, ניט אויסגעשיידט פון אים — אָבער דער טרעגער פון פאָלקס־באַוואוסטזיין איז יעדער יחיד באַזונ־דער, און אין יעדן יחיד באַזונדער איז דאָס דער גלויבנס־פּראָצעס, וואָס שטרעקט דעם קליין־איך צו גרויס־איך, דאָס וואָס שטויסט, באַ־

וועגט דעם פֿאָלקס־באַוואוסטזיין. אַזוי ווי ער האָט באַשאַפֿן זיין אייגענעם „איך“ דורך גלויבן, באַשאַפֿט ער אויך דעם פֿאָלקס „איך“.

די פֿאַרערונג פֿון די אור־עלטערן איז אַ היסטאָרישער פֿאַקט, וועגן וועלכן מען דאַרף אַ יידן ניט דערציילן; דער חומש איז פֿול מיט דעם, און דער תּלמוד, און די מדרשים און סידור זיינען כּידוע איבעראָנגעלאָדן מיט חומש. אברהם, יצחק און יעקב זיינען אונדזערע אייביקע עדות אויפֿן „אָבות־קולט“. און די אַנטראָפּאָלאָגיע און סאָציאָלאָגיע האָבן אָן אַ שיעור צו דערציילן וועגן דעם קולט; און גאָרדין ציטירט זיי אָן אַ שיעור — הערבערט ספּענסער איז זיין הויפּט־עדות. און נאָך יעדער ציטאַטע איילט ער זיך אונטערצושטעלן: דעם איכס גלויבן־זכרון טוט עס!

עס איז גאָרניט אַזוי גרינג צו באַאַרבעטן ספּענסערן און די אַנדערע סאָציאָלאָגן, ווי מען באַאַרבעט אַ מדרש. ווי עס וואָלט ניט געווען גרינג אָנצוואווענדן דעם מעטאָד פֿון אַלגעברע אויף אַנאַליז פֿון אַ ליד, הגם איך האָב שוין געזען ווי מען טוט עס. יענע האָבן גאָר ניט אין זינען געהאַט, אַז מען וועט נוצן זייערע טעקסטן פֿאַר דרוש. זייער סטיל איז ניט לאַנגזאַם און ניט בויגזאַם. עס איז שווער אַרויסצוכאַפּן ביי זיי אַ פּסוק און אַרויסצוקריגן פֿון אים וואָס מען דאַרף. דאַרף גאָרדין זיי נאָכגיין ביזן סוף פֿון דער ציטאַטע, ער קען זיי ניט איבעררייסן. פֿאַרטראָגן זיי אים ווייט אָן אַ זייט, און פֿאַרשלעפּן אים פֿון ענין צו ענין. און כּדי צו דערמאָנען זיך וואו ער האָט, דאַרף גאָרדין צוריקגיין און אָנהויבן פֿון דאָס ניי. אַנדערש איז אָבער מיט יידישע טעקסטן. מיט זיי פֿילט ער זיך ווי אַ פֿיש אין וואַסער. אַ טונק און אַ שפּרונג, אַ פּסוק אַהין, אַ פּסוק אַהער, און טוט מיט זיי וואָס אים געפֿעלט. ער קען די מלאכה פֿון דרשנען אַ פּסוק ניט ערגער אפשר פֿון זיין טאַטן ע"ה. און געפֿינט ער אַ פּסוק מיט אַ „שנאמר“, איז ער זיך גאָר מחיה.

דער מחבר, דער ברענגער פֿון „שנאמר“, האָט געוויינלעך אַרויסגעדרונגען פֿון „שנאמר“ איבער יעדער מאָס, שטייגט גאָרדין נאָך אים אַריבער. יענער מעג, מעג ער דאָך אוודאי.

אָט ווי ער „שנאמרט“ אַריבער אַ „שנאמר“ פֿון שניאור זלמן דעם לאַדיער:

„דער אלקים פֿון אברהמען, דער אלקים פֿון יצחקן... ער הייסט אַזוי, ווייל די אבות זיינען געווען אין דער בחינה פֿון דער מרכּבה (רייטוואָגן) צו אים געבענטשט איז ער און זיי ווערן בטל און אַריינגענומען אין זיין ליכט“.

גאָרדין נעמט דערפֿון אַרויס, אַז לכתּחילה זיינען אברהם, יצחק, יעקב געווען געטער; די פֿאַרגעטערטע אורעלטערן. עס האָט געהייסן אלהים אברהם... ערשט נאָכדעם ווי יהוה האָט זיך אַנטפּלעקט צו אים, איז עס געוואָרן דער גאָט פֿון אברהם — אלהי אברהם. יהוה האָט פֿאַר־

דרענגט דעם אלהים, אלהים — דאָס זיינען די כוחות פון דער נאַטור, די נאַטור־פאַרהעלטעניש, דער „ניט־איך", וואָס איז פון אים נאָך ניט איינגענומען געוואָרן, אָבער עס איז שוין דאָ אַ גאָט, וואָס האַלט זיי אין זיין רשות. אלהים איז די ערשטע פאַרלייקענונג פון תוהו ובוהו; דער פאַרגעפיל פון דעם איך, אַז דער תוהו ובוהו קאָן איינגענומען ווערן איז פאַרקערפערט אין אלהים. טראָגט דער אור־מענטש אויף אלהים אריבער זיין פחד פאַר די תוהו ובוהו־כוחות פון דער נאַטור. אלהים איז דער אימה־גאָט פון די קדמונים. און ווער איז יהוה, וואָס האָט אים באזיגט?

דאָ בייסן מיר איין מיט גאָרדינען די יאָדרע פון זיין יידישער געשיכטס־פילאָזאָפיע. מיט די יידן איז געווען אַנדערש ווי מיט די אַנ־דערע פעלקער. דער יידישער „איך" האָט זיך ניט באַנוגנט מיט באַ־הערשן די פאַרגאַנגענהייט — דאָס הייסט האַלטן איינגעקלעפּט אין זכרון און איינגעבאַקן אין האַרצן אַלץ וואָס האָט פּאַסירט מיטן שטאַם ביז אַהער. אין דער געגנוואַרט פּאַסירן זאַכן וואָס האָבן נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט מיט די אור־עלטערן. עס איז נאָך דאָ גענוג פאַרוואָס צו שרעקן זיך. אומגעריכטע אומגליקן קאָנען זיך אָנרוקן היינט — ווי נעמט מען זיך אָן מיט מוט, ווי באַוואָרנט מען זיך מיט שטייפקייט קעגן זיי?

אויף דער שטופע וואו אלהים איז גאָט, איז ער דער באַלעבאָס איי־בערן תוהו־ובוהו, אָבער ווער איז באַלעבאָס איבער אים? קיינער ניט. איז עס גורל — „פאַטום" — און מען ווערט אַפּהענטיק.

אַלע פעלקער האָבן ביי דעם זיך אָפּגעשטעלט — ניט די יידן. דער יידישער „איך" האָט זיך אַ שטרעק געטאָן העכער, ווייטער — ער האָט אריבערגעשפּרייזט דעם גרענעץ פון היינט; פון דער פאַרגאַנגענהייט דורך דער געגנוואַרט האָט ער געוואָרפן זיינע בליקן צו דער צוקונפט. ער האָט געמאַכט אַ נוץ פון דעם געפיל פון צייט, וואָס ער האָט גע־וואונען, האַלטנדיק זיינע בליקן אָנגעשטרענגט אויף די אבות.

זיי האָבן זיך געשטעלט אין דער פּאָזיציע פון די אבות און מיט זייערע אויגן אַרויסגעקוקט צו זיך אַליין — ווי וואָלטן די אבות זיי געפילט — זיי, זייערע קינדער — דעם היינטיקן דור? — ווי אַ צוּ־קונפט־דור. האָבן זיי דעם געפיל אריבערגעטראָגן אויף זיך. זיי זיינען די אבות און קוקן אַרויף צו זייערע קינדער. זייער צוקונפט דור. זיי זיי־נען אבות, אבות, אבות!

אָט די איבערטראָגונג איז פון געוואַלטיקן באַדייט. עס האָט גע־ענדערט דעם כאַראַקטער פון יידישן „איך" — ער איז געוואָרן צוּ־קונפטמעסיק אין זיין אויסבליק, עתידיק אין זיין געפיל, פוטוריסטיש אין זיין גאַנצן איינשטעל.

עס איז נאָך מער אין דעם וויפל עס זעט זיך אויבנאויף: צוקונפט איז אין דער אמתן דאָך ניטאָ, זי איז ניטאָ אין דער צוקונפט, זי איז

אין דער געגנוואַרט. זי איז די אמתע געגנוואַרט. געגנוואַרט איז אַן אילוזיע — אַ רגע און פאַרשוואונדן. צוקונפט איז די געגנוואַרט וואָס האָלט אין ווערן — וואָס ווערט.

צוקונפט איז מער ווי פאַראויסזעאונג; זי איז דערוואַרטונג, זי איז דאָס מקיים זיין די דערוואַרטונג; דער באַשלוס צו קערעווען די געשעענישן לויטן ווילן; דער קוראַזש אַנטקעגנצוקומען אַלע אומגע־ריכטע אומגליקן מיט עקשנות, מיט בטחון, מיט גרייטקייט צו געבן זיי ווידערשטאַנד און גובר זיין, פאַרוואַנדלענדיק מפּלות אין נצחונות.

דאָס מיינט פולער קאָנטראָל איבער געגנוואַרט; דאָס מיינט איינ־נעמען ניט נאָר די צייט — פון אַמאָל ביז איצט — נאָר אויך איינגעמען דעם רוים — די באַהערשונג פון גאַנצן שטח פון געלעבטער ווירקלעכ־קייט — וואו אַ סיבה זאָל ניט טרעפן, פון וואַנען אַ סכנה זאָל זיך ניט אַנרוקן. דאָס מיינט ניט דאָס פּאַסיווע איינהיטן זיך אַלס פּאָלק, נאָר אויך אַקטיוו זיין אין פאַרמערן דעם פאָלקס גבורה — פאַראויס און באַרג אַרויף גיין. דאָס מיינט אויך באַלעבאָס ווערן איבערן אלהים, דעם באַלעבאָס איבערן תוהו ובוהו.

אַז דאָס איז געווען דער אויפטו פון דעם שטייגנדיקן איך, איז צו זען דערפון, וואָס זיין גלויבנספונקציע האָט באַלד פון אָנהויב גענומען די צוקונפט אין דער אַרבעט און זי אויפגעהויבן ביז צום גראַד הייליקייט און געטלעכקייט. און דאָס איז די אַנטפּלעקונג פון יהוה: יהוה איז דער גאָט, וואָס האָט פאַרדרענגט אלהים און צוגענו־מען זיין אָרט. צוגענומען זיין נאָמען. יהוה אלהים האָט ער זיך אָנ־גערופן.

יהוה איז דער צוקונפט־גאָט, און ער האָט זיך אונטערגענומען צו פירן דעם גורל פון ישראל דורך דער געשיכטע.

ביי דעם ערשטן וואָרט פון חומש וועגן די אבות — איז אין דעם אבות־קולט גלייך אַריינגעשמאָלצן דער קינדער־קולט. לויט דעם חומש האָבן די יידן גאָר קיינמאָל קיין ריינעם אבות־קולט ניט געהאַט. אַלץ מיט אַנאַנדער איז פון די אבות און פון די קינדערס־וועגן. און גאָר־דין קאָן ברענגען גענוג ראיות דערויף פון די מדרשים. און דאָ דאַרף ער מיט שנאמרם זיך ניט איינרייסן, זיי שלעכטס טאָן. זיי באַשטעטיקן פול און גאַנץ, אַז אַלץ איז פון די קינדערסוועגן.

ווי האָט דער מדרש ניט געזאָלט עס באַשטעטיקן, אַז אָט דער איינשטעל אויף דער צוקונפט איז געוואָרן דער גרונט־שטריך פון יידישן כאַראַקטער? די יידישע רעליגיעזע שעפערישקייט האָט גע־שלאָגן פון אָט דעם קוואַל. יידן האָבן אַרויסגעבראַכט די נביאים. די נביאים זיינען ניט נאָר זעער און פאַראויסזעער; זיי זיינען פאַר־אויסכאַפּער. זיי זיינען פאַראויסזעער אַקטיוויסטן. זיי האָבן דאָס מערסטע געטאָן זייערע פאַראויסזעאונגען זאָלן זיך אַריינאַרבעטן אין דער ווירקלעכקייט. די נבואה האָט פון זיך אַרויסגעגעבן משיחות

— און משיחים האבן זיך באוויזן און האבן געווירקט אויף דעם גורל פון יידישן פאלק און אויף דעם גורל פון דער גאנצער מענטשהייט. די נבואה האט פאנאנדערגעוויקלט די זעאונג פון אחרית הימים. דער אחרית הימים איז א פענצטער, דורך וועלכן די צוקונפט קוקט אריין אין זייער געגנווארט און שפיגלט זיך אפּ אין זייער פארגאנגענהייט. דער אחרית הימים האט אנגעאטעמט מיט אפטימיזם די גאנצע יידישע געשיכטע.

יידן זיינען פוטוריסטן, אחרית הימימניקעס, משיחיסטן אין זייער סאמע מהות.

דאס רעפלעקטירט זיך אויך אין זייער שפראך, וועלכע איז דאך די אינטימסטע עדות־זאגערין אויף דער פסיכיק פון א פאלק. די ביבל איז אן עתיד־בוך, און העברעאיש איז אן עתיד־שפראך. דער עתיד פארבייט כסדר הוה, אזוי אז עס איז שוין כמעט געווארן א כלל, אז עתיד איז הוה. און דורך דער צושטעלונג פון איין אות — דעם „ואו" — ווערט עתיד אויך עבר.

און דער אינספיראטאר פון אט דער איינגעשטעלטקייט אויף דער צוקונפט, דער בויער, פורעמער און געשטאלטער פון דער יידישער פסיכיק, פון דעם יידנס היסטארישן „איך" איז געווען יהוה, דער צוקונפט־גאט. און אזוי שטעלט ער זיך פאר פאר משהן, ווען ער האט זיך באוויזן צו אים, כדי אים אויפצוריכטן פאר זיין פירערראל — ער שטעלט זיך פאר אים פאר בלשון עתיד, אלס צוקונפט־גאט.

„אט קום איך צו די קינדער פון ישראל און איך וועל זאגן צו זיי: דער אלהים פון אייערע עלטערן האט מיך געשיקט צו אייך — און אז זיי וועלן פרעגן: וואס איז זיין נאמען? — וואס זאל איך ענטפערן?
— און אלהים האט געזאגט צו משהן: אהיה אשר אהיה..."

גארדין באשטייט דערויף, אז אהיה אשר אהיה זאל איבערזעצט ווערן אין בוכשטעבלעכן עתיד־זין: „איך וועל זיין דער, ווער איך וועל זיין" — ניט ווי דער שפעטערדיקער שפראך־געברויך, וואס האט פארוואנדלט עתיד אין הווה, מאכט עס איבערזעצן: „איך בין דער ווער איך בין".

אלהים זאגט ווייטער צו משהן: — אזוי זאלסטו זאגן צו די קינדער פון ישראל: „יהוה, דער אלהים פון אייערע עלטערן"...

אין דער זעאונג, וואס אברהם האט געהאט, האט יהוה קיין דערקלערונג ניט געמאכט וועגן זיין כאראקטער. ער האט פשוט דערלאנגט דעם פאקט פון זיין צוקונפטיקייט. ער האט פאקטיש געשלאסן מיט אים א צוקונפט־בונד. ביי אברהמען איז די יהוה־אנטפלעקונג געווען אן אינטואיטיווער פראצעס. יהוה האט פון זיין אונטערבאוואוסטזיין גענומען ארויפוואקסן אויף אלהים. אין דער אנטפלעקונג צו יעקבן ראנגלט זיך א געטלעכע געשטאלט — א מלאך

— מיט אים און יעקב איז אים גובר. דאָס ראַנגלט זיך יהוה אַרויס פון אונטערבאַוואוסטזיין צום באַוואוסטזיין. אין דער אַנטפּלעקונג צו משהן ווערט משה שוין פולבאַוואוסטזיניק וועגן דעם צוקונפט־כאַראַקטער פון יהוה. יהוה האָט צוגעדעקט דעם אלהים. דער עתיד קולט האָט צוגעדעקט דעם עבר קולט.

מיט דער „אהיה אשר אהיה"־אַנטפּלעקונג צו משהן שליסט גאָרדין דעם דריטן קאַפּיטל, וואָס פאַרנעמט 62 זייטן. און ערשט גאָר צום שלוס שטעלט זיך אַרויס, אַז די „אהיה אשר אהיה"־אַנטפּלעקונג צו משהן איז ניט געווען קיין פולע יהוה־אַנטפּלעקונג. אַז יהוה איז דער צוקונפט־גאָט, איז בלויז די ערשטע העלפט פון דער אַנטפּלעקונג. די צווייטע, אפשר נאָך וויכטיקערע העלפט פון דער אַנטפּלעקונג, איז פאָרגעקומען פאַר די אויגן און אויערן פון גאַנצן פאָלק — אויפן באַרג סיני, וואָס דאָס איז די טעמע פון פערטן קאַפּיטל, וועלכער הייסט: — „אני יהוה, איך בין יהוה".

דער קאָפּ איבערן קאַפּיטל האָט אַן אונטער־קעפּל: „די עגאָסאָפישע פאָרמולע" — וואָס דאָס מיינט די ייד־פילאָזאָפיע קאָנדענסירט אין אַ קורצן זאַץ. דאָס איז טאַקע דער זאַץ: „אני יהוה, איך בין יהוה" — וואָס פאַרשטאַנען דאַרף עס ווערן: די איכיקייט איז יהוה, אָדער נאָך פשוטער: „איך" איז יהוה.

מיר זיינען דאָס חושד געווען, אָבער פאַר זיכער האָבן מיר עס ניט געוואוסט. עס איז ביז אַהער נאָר גערעדט געווען, אַז די יידישע עגאָ־קולטור — דער אבות־קולט מיטן קינדער־קולט — איז אַ פּראָדוקט פון איך. איצט האָט דער סוד געפּלאַצט: דער איך אַליין, בכבודו ובעצמו, איז יהוה.

גאָרדין לאָזט זיך אַריין אין אַ ברייטער פילאָלאָגישער דיסקוסיע וועגן דעם באַטייט און אָפּשטאַמונג פון שם הויה — „אָט דעם הייליקסטן און פריוואַטסטן נאָמען פון הקדוש ברוך הוא" — וואָס לכתחילה ביי מתן תורה איז ער אַראָפּגעדונערט געוואָרן פון באַרג סיני בפני כל עם ועדה, יעדער איינער פון פאָלק זאָל קאָנען נאָכזאָגן; דערנאָך, אָבער — „ווען עס האָבן זיך פאַרמערט די אויסגעלאַסענע ביי יידן" — איז אַ פשוטן בשר ודם פאַרבאָטן געוואָרן אים אַרויסצורייד ן.

לויט גאָרדינען איז קיין חידוש ניט, וואָרום אַזאַ פּחד און ציטעריש פאַר דעם נאָמען יהוה. עס איז געווען געפערלעך אים אַרויסצוריידן, וואָרעם דער בוכשטעבלעכער באַטייט פון יהוה איז אויך שוידערלעך איינפאַך: יהוה איז דער טייטש: „איך" — בפועל ממש „איך". וויפל חלול השם, וויפל שווינדל עס וואָלט געטריבן געוואָרן, ווען יעדער איינער וואָלט געוואָר געוואָרן אַז זיין איך איז יהוה!...

גאָרדין קריגט קעגן פילאָן פון אַלעקסאַנדריע, וועלכער כדי צו דערנעענטערן די תורה צום גריכישן פאַרשטאַנד, איז געווען דער

ערשטער צו איבערזעצן יהוה מיט דעם גריכישן „קוריאָס", וואָס מיינט האַר; און די גריכישע ביבל־איבערזעצונג פון די „סעפּטואַגינטאַ" האָט פּילאָן נאָכגעפאָלגט. און עס איז אַוועק אַ גאַנג אין אַלע שפּראַכן: האַר און האַר. אפילו יידן האָבן עס איבערגענומען, און לייענען יהוה — אדוני. וואָס גאַרדינען איז עס שטאַרק דערווידער, אַ פאַרברעך קעגן דער תורה — אַריינצוטראָגן דעם באַגריף פון הערשאַפט אין דעם נאָמען, וואָס זיין כוונה איז געווען אויסצוגלייכן דעם מענטשן מיט גאָט — וואָס אין דעם טאַקע איז באַשטאַנען די אַנטפּלעקונג פון באַרג סיני.

און עס שיינט, אַז גאַרדין קאָן זיך דאָ סומך זיין אויף גרויסע אויטאָריטעטן. דאַנקאַן בלעק מעקדאָנאַלד, אין זיין בוך „די העברעאישע פילאָזאָפישע גאונות", שרייבט:

„דעם שם הוית האָבן זיי איבערזעצט „דער האַר" — „קוריאָס". דעם העברעאישן באַטייט האָט מען אינגאַנצן פאַרהוילן. — פאַר־הוילן". ער דערערדט זיך ניט צו דעם, אַז יהוה מיינט איך. אָבער דער יידיש־דייטשישער פילאָזאָף הערמאַן קאָהען זאָגט עס יאָ: „גאָט איז דער איך" — נאָר ביי קאָהענען איז דאָס דער פילאָזאָפישער איך, בעת ביי גאַרדינען איז עס דער פּאַקטישער מענטשלעכער איך. וואָס אַז מען וויל קאָן מען אים אויך פאַרפילאָזאָפירן — און גאַרדין טוט עס...

אָבער זיין הויפּט־אונטערשטיצונג ציט גאַרדין פון יידישע ספרים. די „שנאמרס" אין דעם קאַפּיטל נעמען אַריבעריאָגן די ציטאַטן — 108 „שנאמרס" אַנטקעגן 23 ציטאַטן. דאָ שטעלט ער זיך אַרויס פאַר אַ גרויסמייסטער פון „שנאמרס"; ער שליידערט זיי מיט געוואַלדיקער קונציקייט און קענטיק מיט גרויס הנאה. ער לאָזט זיך וואוילגיין.

דער קאַפּיטל איז אַן אמתער חיבור, אָנגעפּיקעוועט מיט דרוש — זיין טאַטע דער־רב וואָלט אים געמעגט שרייבן, ווען אַחוץ לומדות און פּקחות און שפּראַכן־קענטשאַפט וואָלט ער געענדיקט אַן אוניווער־זיטעט מיטן טיטל ד"ר פילאָזאָפיע.

ער גריבלט זיך אין דקדוק, אין אבן עזרא, אין רמב"ם און כאַפּט זיך אָן אָן פּסוקים און מימראס, וואָס דרשנען לשון אויפן וואונק — כדי אַרויסצוברענגען זיינס, אַז יהוה מיינט פילאָלאָגיש „איך", וואָס האָט איינגעפּאַסט דעם „ער". יהוה איז ניט פון שרש „היה" — זיין — נאָר איז אַ צוזאַמענזעצונג פון צוויי ווערטער „יה" און „וה". „יה" איז ניט קיין פאַרקירצונג פון יהוה — ווער וואָלט זיך עס דער־וועגט מקצר זיין דעם שם הויה? — נאָר איז אַ זעלבסטשטענדיק וואָרט, וואָס מיינט אי „איך" אי גאָט. הללויה לאָזט זיך איבער־זעצן ביידערליי: לויבט גאָט און לויבט דעם איך. עס זיינען דאָ פּסוקים דערויף. דער „יוד" פון „יה" לאָזט זיך אויך דרשנען: „יוד איז דער צענטער אות, אָבער ער איז דער ערשטער אין וואָס שייך

איינפאכקייט פון געמעל. דער „יוד" איז ניט מער ווי א פינטל, וועלכער פארמאגט געאמעטריש קיין שום פיגור ניט, קיינע דימענסיעס, און דער יוד באצייכנט א צענדליק, די ערשטע איינקייט" — איז ער דערום פונקט צוגעפאסט צו באצייכענען די ערשטע פערזאן, דער איך, וואס איז אויך א פינטל, אן דימענסיעס, אן געמעל און איז די ערשטע איינקייט. „י" איז אין העברעאיש דער סימן פון איך און מיין. אין ענגליש: „אי", אין פראנצויזיש זשי, אין רוסיש „יא". אין דייטש און יידיש „איך", וואו דער יוד איז אויך דאס מיטל־שטיק, די פארשפיצונג, דאס פינטעלע.

וואלט דער „יוד" אליין שוין בכוח געווען צו טראגן דעם געטלעכן נאמען, בפרט ווען צו אים קומט צו „ה" — „דער צייכן פון ווייבלעכקייט, פון אייביקער פרוכטבארקייט, שעפערישקייט. איז דער באדייט פון „יה", דעם ערשטן טייל פון יהוה — אי איך אי גאט. דער צווייטער טייל איז „וה", אדער „הו", און באדייט „ער" — צוזאמען מיינט יהוה — איך — ער. די באהעפטונג פון דער ערש־טער און דריטער פערזאן. „דאס „איך" ווערט זעלבסטבאשטימט און ווערט אפגעזונדערט פון ניט איך, פון „אים", און אויף צו להכעים דער אפגעזונדערטקייט ווערט ער צוריק באהעפט מיט דעם ניט איך, מיט דעם „אים". און ווערט דורך דעם אומענדלעך פארשטארקט. „איך" איז אויך דער „ער", דער אביעקט פון דער וועלט. איך איז דער אלץ פון דער וועלט. איך שלינג איין דעם „ער", ווי יהוה האט איינגעשלונגען דעם אלהים, דעם באוועלטיקער פון תוהו ובוהו, דעם באשעפער פון קאסמאס.

(אויב אזוי, איז דאס ריכטיקע לייענען פון יהוה: „יאהו" — איך־ער).

אויף דעם „איך־ער"־אויסטייטשונג פון יהוה האט גארדין, זעט אויס, א גרויסן אונטערשטיצער. רבי יהודה זאגט: „איך־ער (אני־והוא), העלף־זשע". דאס פלעגן די כהנים זאגן יעדן טאג, ארומרינג־לענדיק דעם מזבח, אנשטאט צו זאגן: „יהוה הושיע נא". הגם רבי יהודה זאגט ניט דירעקט, אז יהוה איז אין באטייט „איך־ער" — גיכער פון אלץ איז עס ביי אים געווען א פיינער איינפאל, א דרוש, ניט קיין גרונט־דעקלאראציע וועגן יהוה; אבער א וויכטיקע אנצו־הערעניש איז עס.

א פילאזאפישע אנצוהערעניש, אז יהוה איז אין באדייט פון „ער", דער אביעקט פון דער וועלט, האט גארדין אויך געפונען ביים רמב"ם: „און פילייכט צייגט ער אן (יהוה), לויט דער שפראך, וועל־כע מיר קאנען היינט זייער ווייניק, און לויט דעם ארויסרייד, וועגן דעם פרינציפ פון רעאליטעט".

ראיות אויף ראיות, אז יהוה איז דער אויפגעהויבענער ביז געט־לעכקייט „איך".

דאָס איז דער קאַפּיטל, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם גרעסטן גרימצאָרן ביי מיין עקספּערט אויף אַלט־יידישע קומדות. ער ציטירט אַריין אין די ציטאַטן וואָס איז אים געפעלן! סטייטש אַריינטייטשן אין יהוה אַזאַ אפּיקורסות! אַזאַ חילול־השם!

איך טייל ניט דעם גרימצאָרן. מיט ציטאַטן לאָזט זיך אַלץ באַווייזן. און בנוגע דעם יהוה־מיין קאָן מען, קענטיק, פּונקט אַזוי פיל ציטירן פאַר, וויפיל מע קאָן ציטירן קעגן גאָרדינס אויסטייטשונג. די ציטאַטן, וואָס גאָרדין ברענגט, אונטערשטיצן אים, לכל הפּחות, האַלב וועגס. די מימרא פון רבי יהודה ווייזט עס. און אָט איז נאָך איינס:

און ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן אנוש (מענטש). דעמאָלט האָט מען אָנגעהויבן צו רופן דעם נאָמען יהוה" (בראשית י"ד, ל"ג). — גיט גאָרדין צו: „דעמאָלט האָט מען אָנגעהויבן צו באַגרייפן דאָס וואָרט איך".

פאָלגלעך, הייסט עס, איז יהוה געקומען צוזאַמען מיט „מענטש", מיט „איך". אַ העלפט וועג טראָגט אים דער פּסוק און אַ העלפט טראָגט ער צו. ער טראָגט אונטער זיין איך־אויסטייטשונג צו אַלע פּסוקים אויף יהוה.

ציטירנדיק דעם זהרס אַריינטייטשן אין „שמע ישראל יהוה אלהינו יהוה אחד" דעם מיין, אַז יהוה און ישראל זיינען אחד — איינס — קאָמענטירט ער:

„דער רעיון מכח דער אידענטיטעט פון יהוה און ישראל אַלס אַ פאַרקערפּערונג פון איכהייט, ווען זיי זיינען פאַראייניקט, ווערט דאָס אויסדריקלעך אויסגעשפּראָכן און אונטערגעשטיצט מיט פּסוקים אין זייער אָנגעשטרענגטער אינטערפּרעטאַציע. די יידישע פילאָזאָפן איז דער געדאַנק געווען זייער טייער און זיי האָבן זיך באַמיט צו באַגרינדן דעם געדאַנק אויף די פּסוקים, וואָס האָבן זיך געלאָזט בויגן".

און תוך כדי דיבור טוט ער זיי אָפּ דאָס אייגענע: ער שטרענגט און שטרענגט איבער זייער אינטערפּרעטאַציע. צו זייער איינהייט פון יהוה און ישראל האָט ער צוגעטייטשט, אַז ביידע צוזאַמען זיינען די פאַרקערפּערונג פון איכהייט.

דער ייד קאָן די מלאכה, דערפאַר מעג ער עס. אין אַן ערשט־קלאַסישער דרשה, וואָס קומט שפּעטער, אין פינפטן קאַפּיטל, — אַ דרשה אויף יעקבס ראַנגלען זיך מיטן מלאך און יעקבס חלום מיטן לייטער, — גיט ער, מיט דער פולסטער אונטערשטיצונג פון צענד־ליקער מדרשים, אַ בעל־דרשנס באַווייז, אַז יהוה און ישראל צוזאַמען מיינען איך. דרך־אגב, איז אין דער דרשה אַריינגעוואָרפן אַ דער־פרישנדיקע קינסטלערישע כאַראַקטעריסטיק פון די דריי אבות.

דער מלאך, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט אים און איז פון אים

באַזיגט געוואָרן, האָט אים משנה השם געווען: „דו וועסט ניט הייסן מער יעקב, נאָר ישראל, ווארעם דו האָסט געקעמפט מיט געטער און מיט מענטשן און דו האָסט זיי בייגעקומען". דאָס נאָמען בייטן הייסט א צווייטן מאָל געבאָרן ווערן; עס מיינט, אז אַן ענדערונג אין עצם מהות מענטש איז פאָרגעקומען. וואָס איז די ענדערונג געווען?

„און יעקב איז געבליבן אליין" — ווי נאָר יעקב איז געבליבן אליין, געוואָרן א זעלבסט, האָט ער זיך גלייך גענומען ראַנגלען מיט דעם אויסערלעכן גאָט, דעם גאָט־געץ, דעם „אל זר", אָדער „אלהים אחרים", מיט דעם ניט־איך.

„און יעקב האָט גערופן דעם אָרט „פניאל", וואָרעם איך האָב געזען דעם אלהים געזיכט צו געזיכט און מיין זעל האָט זיך גערע־טעט" — ער האָט זיך אידענטעפיצירט מיט יהוה. דאָס איז דער פשט פון „געזיכט צו געזיכט". ער האָט זיך רעפלעקטירט אין יהוה און האָט באַזיגט דעם גאָט־געטשהייט. ער האָט בייגעקומען דעם „אויבערשטן" און אים פאַרוואַנדלט אין אַן אינערלעכן, אין א זיך־אליין, אין אַן איך. און נאָך אָט דעם איך־נצחון באַקומט ער דעם נייעם נאָמען: ישראל". וואָס דער נאָמען האָט באַטייט דאָס סאַמע וועזנטלעכע, דאָס סאַמע עיקרדיקע וואָס אין מענטשן. פאָלגלעך באַ־טייט ישראל די זעלביקייט פון „איך" און יהוה.

יעקבס חלום באַשטעטיקט עס נאָך אַמאָל. „און אָט שטייט יהוה אויף אים". איז א פלוגתא צווישן רבי חייא און רבי ינאי: וואָס מיינט „אויף אים" — אויפן לייטער, צי אויף יעקבן? און גאָרדין איז מסכים מיטן צווייטן, אַז „אויף אים" מיינט אויף יעקבן. און ער באַרופט זיך אויף רבי יוחנן, וועלכער טייטשנדיק דעם פסוק: „און פרעה חלומט: אָט שטייט ער אויפן טייך" (דער טייך נילוס איז געווען אַן עגיפּטי־שער גאָט), דערקלערט ער: „די רשעים האַלט זיך אויף זייערע גע־טער, אָבער די צדיקים, זייערע געטער האַלטן זיך אויף זיי, ווי עס איז גזאָגט געוואָרן: „און אָט שטייט יהוה אויף אים און האָט גע־זאָגט: איך יהוה" — און גאָרדין שליסט די דרשה מיט א דאַנק צום מדרש פאַר דער גרויסער הילף: „והנה יהוה נצב עליו — דער מדרש האָט דעם אויסגעשפּראָכענעם דרייסט און מוט צו זאָגן און טייטשן דעם פסוק, אַז יהוה האָט א באַשטאַנד נאָר דורך אים, אַז יהוה האָט א קיום נאָר דורך יעקבן, אין יעקבן — וואָס אין אָט דער ראָל אַלס יהוה־טרעגער איז זיין נאָמען ישראל און וואָס עס גילט פאַר יעקב־ישראל, גילט פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל. און דאָס איז א באַווייז, אַז יהוה און ישראל און „איך" זיינען איינס".

אויף דעם סמך פון דער איין דרשה פאַרדינט גאָרדין די סמיכה פון א בעל־דרשן אין אייגענעם רעכט. ער פאַרמאָגט די הויפּט־מעלה פון א בעל־דרשן: מיט איין זאָג, מיט איין טייטש און אויסטייטש צו דערלאַנגען קורץ און שאַרף א טיפן געדאַנק. און ער פאַרווענדט די מעלה אויף צו אילוסטרירן זיינע פילאָזאָפישע אידייען.

אויף „געזיכט צו געזיכט" האט גארדין וואונדערלעכע איינפאלן און ער באדינט זיך מיט זיי אויסגעצייכנט. דער חומש האט מע־רערע אזעלכע פסוקים מיט „פנים אל פנים", וועלכע האבן שאקירט און פארשאפט א סך קאפ־ברעכעניש, למשל, דעם רמב"ם — ווי קאן מען זיך פארשטעלן גאט מיט א פנים? ער האט זיך גענוג אנ־געמאטערט, ביז עס איז אים געלונגען אוועקצודערקלערן זיי.

ביי גארדינען איז עס פשוט: דעם אייגענעם פנים קען מען ניט זען. עס איז דאס לייבלעכסטע, דאס קאנקרעטסטע, מען קען עס טאפן, פילן, שפירן, דער חשובסטער טייל פון מענטשנס קערפער און צו דער אייגענער צייט דאס אומזיכטבארסטע. דאס זעלביקע איז מיט אנכי יהוה — אן אבסטראקטער באגריף, וואס לאזט זיך ניט אויסמאלן, אביעקטיוויזירן און גלייכצייטיק די קאנקרעטסטע, די ממשותדיקסטע השגה, ווארעם אנכי יהוה איז דעם מענטשנס אייגענער איך...

„קיינער קען ניט באגרייפן זיין אייגענעם סוביעקט, ווייל בשעת ער באגרייפט אים, פאסט אים אויף, באקוקט אים, הערט ער דאך גלייך אויף צו זיין א סוביעקט. ער מוז ווערן אן אביעקט, אן אנדערער".

דערפון דער פארבאט צו מאכן בילדער פון יהוה. אין פלוג איז דאך א קשיה: וויבאלד געזען אים פנים אל פנים, פארוואס ניט אויס־מאלן אים? זען — יא, און מאלן — ניט? נאר גיי מאל דעם אייגענעם איך, עס וועט גלייך ווערן א ליגן.

דערפאר האט די ביבל קיינמאל זיך ניט פארנומען מיט דעם באַ־ווייז, אז גאט איז דא. עס איז ווי מיט דעם איך. באווייז דעם איך, כאפ אים, ער אנטלויפט אין א רגע, ער איז „נישטא", און דאך אזוי ממשותדיק, אויסער יעדן ספק דא.

קאן מען זיך פארשטעלן א שארפערע קאנקרעטיזירונג פון אן אבסטראקציע? איז ווען עמנס דאגה איז עס, וואס גארדין ציטירט ניט ווי עס באדארף צו זיין — וואס לויט דער מיינונג פון יענע עקספערטן, וואס קלאמערן זיך אן בוכשטאב, דרשנט ער צופיל אריין אין די ציטאטן? אבער ער דרשנט דאך נאך מער ארויס און דאס איז זיין בארעכטיקונג. עס איז אן אלטער יידישער מעטאד — צו ריידן אייגנס דורך אנדערע. ער לאזט ריידן אנדערע פאר זיך און מאכט זיי זאגן זיינס.

אין אט דעם קאפיטל, וואס רופט ארויס אזא גרימצארן ביי די פרומע, מאכט ער אויך די גרעסטע קאנצעסיע צום ראדיקאל, דעם ניט־גלויביקן, צו וועמען גארדין אדרעסירט זיין רעאינטערפרעטאציע פון דער יידישער רעליגיע. ער זאגט אים ניט „גאט", ער פארפליכטעט אים ניט צו קיין זאך אין גאטס נאמען; אבער אן גאט, גיט אים גאר־דין אלץ וואס גאט קאן געבן, מאכנדיק פון „איך" — גאט, און פון „איך" לאזט זיך ארויסנעמען דאס גאנצע „גאטס־געגעבענע".

אין פלוג איז קיין נפקא מינה ניט. דער איך איז פונקט אזוי אומאויספארשלעך ווי גאָט; הגם אַ פאַקט, וואָס קיין ראַדיקאַל, ווי אומגלויביק ער זאָל ניט זיין, וועט זיך ניט דערוועגן אים צו פאַר־לייקענען, סאַידן ער וועט וועלן באַגיין זעלבסטמאָרד, בעת „גאָט" דאַרף מען ערשט נעמען באַווייזן און — פאַלג מיך אַ גאַנג!

און די איבערטראַגונג פון גאָט אויף איך איז וויסנשאַפטלעך דערלויבט — סיי־ווי איז גאָט על־פי אַנטראָפּאָלאָגיע, סאָציאָלאָגיע, פילאָזאָפיע און פסיכאָלאָגיע די סימבאָלישע אָביעקטיווירונג פון איך, פון כלל־איך, פון פאָלקס־איך.

איז גאָרדינס וויטערדיקע עובדא אַרויסצופירן די גאָט־געגעבענע געזעצן פון דעם „איך", וואָס די מלאכה קען ער פונקט אַזוי גוט ווי אינטערפּרעטירן טעקסטן, און אפשר נאָך בעסער. ער איז ווירקלעך אַ מבין אויף דער עשירות פון דעם איך און אויף די שעפערישע פּראָצעסן, וואָס גייען אָן אין דעם איך, און פּראָדוצירן פערזענלעכע און סאָציאַלע מאָראַל.

די אויסשעפונג פון דער שעפערישער עשירות פון דעם איך פירט ער דורך אין פינפטן און לעצטן קאַפּיטל, וועלכער איז כמעט אזוי גרויס ווי די ערשטע פיר צוזאַמען און איז אַ זעלבסטשטענדיק ווערק פון 133 זייטן און איז באַטיטלט: „יידישע עטיק באַזירט אויף דער אנכי־יהוה־לערע", מיט אַן אונטער־קעפּל: „מאָנאָענאָאיזם".

די ענאָסאָפישע פאָרמולע „אנכי־יהוה" ווערט איבערגעלייגט אויף די פאָרשריפטן פון דער ביבל. די פאָרמולע וואַקסט זיך פאַנאַנ־דער אין אַ סיסטעם. די אַרבעט הויבט ער שוין אָן אין פערטן קאַפּיטל, און ער הויבט אָן מיט די עשרת הדברות. און באַווייזט בלויז דורכ־צוזעצן דעם אַריינפיר, דעם פּירוש אויף דעם ערשטן געבאָט „אנכי יהוה", וואָס דאָס איז אייגנטלעך דער אינהאַלט פון פערטן קאַ־פּיטל, וואָס איז שוין פון מיר אָרומגערעדט געוואָרן. נאָר נאָך איין באַמערקונג און איך בין מיט דעם אַריינפיר פאַרטיק. „לא יהיה" — עס זאָלן ניט זיין ביי דיר קיין אַנדערע געטער. גאָרדין באַשטייט דערויף, אַז לייענען דאַרף מען עס אין עתיד־לשון, ווי געשריבן: „לא יהיה"; ניט עס זאָלן ניט זיין, נאָר עס וועלן ניט זיין ביי דיר קיין אַנדערע געטער. דער איך וועט עס ניט פאַרטראָגן, ער וועט עס ניט דערלאָזן. איך איז דער גאָט־בויער. אַלע אַנדערע געטער, וואָס רייסן זיך אַוועק פון איך, זיינען פאַלשע, זיי עקזיסטירן גאָרניט, זיי קאָנען ניט זיין.

האָבנדיק באַגרינדעט און פאָרמולירט זיין טעאָריע, האָט ער איצט אַ גרינגע אַרבעט אין דער אָנווענדונג פון דער טעאָריע אויף די קאָנקרעטע געזעצן. און גרינג פאַר מיר אויך, און גרינג פאַרן לייענער אויך. ער טראָגט זיך אויף די פליגלען פון די „שנאמרס". וואָס זייער פּראָפּאָרציע צו די ציטאַטן פון די גויישע ביכער איז

380 צו 55, און איך קאן מיר אין גאנצן פארשפארן אונטערצוזעלן דעם לייענער.

גארדין מאכט א חילוק צווישן די ריטועלע געזעצן, וואס האבן א שייכות צו דער צערעמאניעלער אפהיטונג פון רעליגיע, פון איין זייט, און די הומאניטארע, מאראליש־סאציאלע געזעצן, וואס זיינען ניגע דעם מיט־ברודער און דעם יחיד־איך. די ערשטע ווערן אריינגעפירט פשוט מיט „וידבר יהוה אל משה" — און גאט האט גערעדט צו משהן; די צווייטע ווערן אונטערגעשריבן, געחתמעט מיט „אני יהוה". אדער „אנכי יהוה". די אנכי־חתימה איז ניט קיין פארשטעלעניש, ניט קיין עטיקעט, ניט קיין פארמאליטעט, נאר אן אנווייז, א דער־מאנונג און אן איינקריצונג אין זכרון, אז אנכי יהוה איז פאראנט־ווארטלעך פאר די געזעצן. דעם מענטשנס אייגענער איך פאדערט זיי ארויס.

גארדין גיט צוויי אזעלכע לאנגע צעטלען פון געחתמעטע און ניט געחתמעטע געזעצן. איך קאוויר ניט פאר דער פינקטלעכקייט פון דער איינטיילונג. צום ביישפיל: מעשר שרייבט גארדין צו צו די ריטועלע, ניט צו די סאציאלע געזעצן; עס זעט אבער פארט אויס, אז די מיט אנכי יהוה געחתמעטע געזעצן שלאגן עפעס אין א באַ־שטימטן פונקט, האבן א כאראקטעריסטישע אייגענע כוונהדיקייט.

גאנץ ספר דברים, מיט גרויסע טיילן פון ספר ויקרא, זיינען גע־שריבן מיט דער אנכי־חתימה אדער אנכי־שליסל.

אומגעפער ביי דער צווייטער העלפט פון פינפטן קאפיטל פאסירט א וויכטיקע ענדערונג אין גארדינס מעטאד. ער הערט אויף צו סארטירן און קלאסיפיצירן געזעצן. ער פארגעסט כמעט צו ציטירן, ער נעמט ריידן אין זיין אייגענעם נאמען. ער שרייבט אפ א ביבלישן געזעץ אין אימפראוויזירט דערויף אן אייגענע לעקציע־דרשה. דאס איז דער בעסט געשריבענער טייל פון בוך. דארט איז שוואונג, דארט איז געלייטערטער סטיל און א שפרודלדיקייט וואס שלאגט פון אן אייגענעם קוואל. ווי איך זאל זיי די אימפראוויזירטע לעקציע־דרשות ניט פרואוון איבערגעבן, וועל איך זיי קאליע מאכן. דער לייענער דארף זיי אליין לייענען פאר זיין אייגענעם פארגעניגן. איינע אזא אימפראוויזאציע האב איך שוין דערמאנט: די אויסטייטשונג פון יעקבס ראנגלען זיך מיטן מלאך און פון זיין חלום מיטן לייטער. די אימפראוויזאציע איז צוגעשפיליעט ווי אן אילוסטראציע צום אנכי־יהוה־שליסל.

א צווייטע אימפראוויזאציע איז צוגעשפיליעט צום פארזאג ניט צו ברענגען קיין מומים פאר קרבנות. און וועגן וואס, מיינט איר, האנדלט די אימפראוויזאציע? — וועגן דעם חילוק צווישן יידישן און גריכישן קונסט־מעטאד. ביידע פעלקער האט געאיבלט פון אבֿ־נארמאלן, מאנסטעריעזן; אבער דער גריך, דער קאנסערוואטאר, האט

געזוכט דאָס מאָנסטעריעזע צוריקברענגען צו נאָרמע. נאָרמאַלע פאָרם איז זיין באַגריף פון שיינקייט. דער איך, דער פוטוריסט, האָט ניט געוואָלט צוריק צו נאָרמע. ער האָט דאָס מאָנסטעריעזע געזוכט איבערצוקערן אין גראַנדיעזע. אויב שוין יאָ אַ שטרויכלונג, אַן אָפּווייכונג פון דער נאָרמע, זאָל עס דינען פאַר אַ טרעפּ צו אַ העכערער עליה. דער יידישער באַגריף פון שיינקייט איז העראָאיזם.

דער געבאָט: „איין געזעץ זאָל (וועט) זיין ביי אייך, דער פרעמדלינג זאָל (וועט) זיין אונדז ווי דער היימישער, וואָרעם איך יהוה בין אייער אלהים". אָט דער געבאָט גיט גאָרדינען אַן אויסרייד פאַר אַ לעקציע וועגן שכר ועונש. ביידע ווערן אויסגעאַרבעט אין אייגענעם איך. דער אנכי־יהוה, דער ריכטער, דער באַלוינער און דער באַשטראָפער, זיצט אין אייך גופא. די יהוה־באַצאָלונג איז דער געזעץ פון דער פסיכיק. ווי דער מענטש האַנדלט, סיי בנוגע זיך, סיי בנוגע אַנדערע, ענטפערט זיך אים גלייך אָפּ. און אבא גאָרדין האָט דאָ אַ געלעגנהייט צו ציטירן זיין אייגענעם פאָטער, ר' יהודה לייב גאָרדין, פון זיין חיבור „דגלי יהודה": „עס שטייט געשריבן: „יהוה איז דיין שאָטן ביי דער רעכטער האַנט". האָבן די פּאַרצייטיקע מפרשים עס אַזוי אויסגעטייטשט: ווי דעם מענטשנס שאָטן מאַכט נאָך אַלע העויות און באַוועגונגען, וועלכע דער מענטש מאַכט, פּונקט אַזוי דער שם, געבענטשט איז ער, מאַכט, כביכול, נאָך אַלע טואונגען פון מענטשן". ווי דער מענטש צו אים, אַזוי איז ער צום מענטשן. וואָרעם ער, דער איך־ער, יהוה, איז דער איך, דער אנכי פון יעדן מענטשן, און דער אנכי־יהוה, דער איך־ער־געפיל איז אויך דער רעגולירער פון מענטשנס געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן. „מיט דער מאָס, מיט וועלכער אַ מענטש מעסט אָפּ אַנדערע מענטשן, זיינע מיט־מענטשן, מיט דער זעלבער מאָס מעסט מען אים. דער זעלבער געזעץ פון שכר ועונש גילט סיי דרויסן, סיי אינעווייניק".

און באַלד דערויף קומט די גרעסטע, בעסטע און טיפסטע לעקציע־דרשה, אימפּראָוויזירט אַרום דעם צענטראַלן געבאָט, „ואהבת לרעך כמוך", אָבער צוגעשפּיליעט איז זי צו אַ פּסוק פון ישעיה: „און פון דיין לייב זאָלסטו (וועסטו) זיך ניט פאַרהוילן", האָט רבי קפרא געזאָגט: „זאָלסט זען זיין לייב, ווי דיין לייב".

דאָ האַנדלט זיך וועגן דער פאַרהעלטעניש צווישן איך און מיט־מענטשן — נאָך אינטימער ווי אין דער פאָריקער לעקציע. און דאָ איז עס, וואו גאָרדינס התלהבות ווערט אָנגעצונדן פון שלהבת יה. דאָ רעדט ער פון דער שיכרות פון זיין עקסטאַז אַרוים בפועל ממש. ער איז אינעווייניק געווען, ער האָט פאַרזוכט דעם טעם פון דער איך־באַשאַפונג; ער רעדט פון דער ערשטער האַנט, פון דער האַנט פון באַשאַפער לייענט ער עס אַראָפּ.

דער תמצית פון דער לעקציע איז, אַז איך איז צבור, דער יחיד

איז אַ רבים, דער איינער איז קיינמאָל ניט איינער, ער באַשטייט פון אַ סך קלענערע איינערס; דער איך איז אַ סכיקייט, אַ פּילפּאַכיקייט; דער איך איז תמיד אויף משקולת, ער קאָן זיך לאַנג ניט האַלטן אין גלייכגעוויכט, ער צעפאַלט, ער צעשפּליטערט זיך, ער איז אַ נעסט פון דבוקים, פון געשפּאַלטענע פּערזענלעכקייטן.

איז דאָך דאָס אַ קללה, אָבער גלייכצייטיק — אַ ברכה. דער איך, דער אנכי איז פּראָצעס. אָן איינהייט, וואָס האַלט אין ווערן — זי איז דאָ און נישטאָ; זי ווערט כסדר צעשטערט, כדי אויפגעשטעלט צו ווערן ווי אַ גרעסערע, ברייטערע, העכערע איינהייט. די ווידער־אויפריכטונג פון דער איינהייט אויף אַ העכערן פּלאַן איז די רעטונג פון אייביקער סכנה, וואָס לויערט אויפן איך, די סכנה פון צעפאַלן און צעשפּליטערט ווערן.

און דער רעטונגס־מיטל איז דער מיט־מענטש. ער איז דיין אָנהאַלט. קלאָמער זיך אָן אים. וואָרעם דער צווייטער — דאָס ביסטו. איז ער דער אינסטרומענט פון דיין דערהויבונג. וויש אָפּ די מחיצה צווישן איך" און „דו", אידענטיפיציר זיך מיט אים. די מחיצה איז פאַרבלענדעניש. אָבער דער איך זאָל בטל ווערן — דאָס ניט. אנכי בלייבט די הויפּט־מצווה, ווייל זי נעמט שוין אַריין דעם „דו". ואהבת לרעך כמוך — האָב ליב דעם צווייטן ווי זיך אַליין — אָבער דער „זיך אַליין" מוז בלייבן. אָן דעם וואָלט קיין „ואהבת" ניט געווען. „ואהבת" פּאַלט דאָ צונויף מיט „אנכי". אָן דעם „איך" וואָלט די שטוים־קראַפט ניט געווען אַריבערצושפּרייזן דעם גרענעץ פון איך צו דו — צו אַלץ ברייטערן דו — אַרומכאַפּנדיק אַלץ אַ גרעסערן צבור, פון דו"־משפּחה צו „דו"־שבט, פון „דו"־שבט צו „דו"־פאָלק, פון „דו"־פאָלק צו „דו"־מענטשהייט. דאָס איז דער איך, וועלכער יעדעס מאָל אין אַ נייעם גלויבנס־אַקט שטעלט אויף זיין צעשטערטע איינהייט אויף העכערע מדרגות, דער אָנשטויסער צו מאָראַלישן פּראָגרעס.

שמע ישראל... יהוה אחד — דאָס זאָגט זיך דער איך דריי מאָל טעגלעך. דער איך, דער יהוה אין אונדז, טענהט דאָס צו זיך אָן אויפהער: אחד, אחד, אחד — צו איינהייט, צו איינהייט! אַזוי זייענען מיר פון חיה געוואָרן מענטש און פון מענטש ווערן מיר אַלץ העכערער מענטש — אָדם עליון.

דערמיט איז דער בוך־ספר אייגנטלעך געשלאָסן, אָבער ניט געענדיקט. גאָרדין האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי די ראשי־פּרקים, ביי די ערשטע פּרינציפּן, וואָס ער האָט זיי אַרויסגעצויגן פון תורת־משה. שוין־זשע וויל ער זיך באַנוגענען דערמיט? זאָלן מיר אים חושד זיין, אַז ער איז אין תוך אַ ספר־מענטש, — אַ זון, אַן אייניקל, אַן אור־אייניקל פון ספר־מענטשן, — און ווי יעדער ספר־מענטש, גלויבט ער, אַז עס איז ניט זיין דאגה: דער ספר וועט זיך אַליין דורכזעצן

אין לעבן? ווייסן מיר דאָך, אַז ניט. גאָרדין האָט ניט נאָר געשריבן און גערעדט, נאָר האָט אַגיטירט, אָרגאַניזירט, געשאַפן באַוועגונגען, און שאַפט איצט אויך: אַט האָט ער דאָך געגרינדעט אַ יידיש־עטישע קולטור־געזעלשאַפט... ער האָט זיך דאָך אונטערגענומען אונטערצו־טראָגן תורת משה דעם אומגלויביקן ראַדיקאַל פון אונדזער היינטיקן טאָג, דאַרף ער אַזוי גוט זיין, פון זיינעטוועגן, איבערצוזעצן תורת משה אין דער היינטיקער סאָציאָלאָגיע, אָנווייזן דעם וועג, ווי אַזוי אנכי־יהוה לאָזט זיך פאַרטאָן אין אַ סאָציאַלער באַוועגונג פאַר אונד־זערע טעג. מסתמא וועט ער זיך פאַרנעמען דערמיט אין צווייטן בוך.

איך שרייב צו די שולד פאַר דער ניט־פאַרענדיקטקייט פון בוך צו דעם מעטאָד, וואָס ער האָט איבערגענומען פון בעל־דרשן. דער בעל־דרשן איז אַפילו אַ העכערע מדרגה פון מגיד. אַ מגיד איז אַן אָפּבייסער פון די שפּיצן פון געדאַנק, אַ שפּרינגער איבער די קעפּלעך פון געדאַנק, און גרונטעוועט זיך קיינמאָל ניט צו זיינע וואָרצלען. אָבער לאָמיר נעמען דעם בעסטן בעל־דרשן, אַ בעל־דרשן אין גאַנס קלויז: ער כאַפּט ניט די שפּיצן, נאָר די טיפסטע תמציתן פון געדאַנק, די ניצוצות, און באַוועגט זיך שנעל מיט זיי אויף חידושים. אַפילו דער גאון אַליין מעג אים מיט אינטערעס אויסהערן; אָבער פאַרבייטן דעם גאון קען ער ניט. ער איז ניט מחויב דורכצוטראַכטן תוכיק, קאָנסעקווענט אַ געדאַנק פון אָנהויב ביזן סוף.

און גיט נאָך צו צו דעם וואָס גאָרדין איז אַ בעל־לשון, וועלכער איז אַ חבר צום בעל־דרשן, — און האָט ליב צו פאַנאַנדערלשונען אַן ענין, — איז קיין וואונדער ניט, וואָס צוליב דעם אַלעמען איז ער געבליבן שטיין ביי די ראשי־פּרקים.

פונדעסטוועגן גוזר זיין אויף גאָרדינען ער זאָל ניט דרשענען, דאָס וואָלט איך ניט. דער בעל־דרשן איז געווען דער נאָוועליסט, דער פּאָעט פון דער אידייע. און מעגלעך, אַז זיינע יורשים איז באַשערט צו שפּילן אַן ענלעכע ראָל אין דער יידישער ליטעראַטור, ענלעך — מיט אַ להבדיל — צו דער ראָל פון די יורשים פון פאָלקסטימלעכן בדחן. זיי האָבן אויסגעפורעמט דאָס זאַנגערישע יידישע ליד, און וואָס איז קיין סעקרעט ניט, אַז זיי פורעמען דאָס יידישע ליד נאָך היינט — אין נייערע פאַרוואַנדלונגען. די יידישע ליטעראַטור נייט־טיקט זיך זייער אין דעם בעל־דרשנס טאַלאַנט צו פאַרקינסטלערן אידייען. עס איז אַ פאַרפאַלענע זאַך: אידייען שפּאַרן זיך דורך דער אויבערפלאַך פון דער יידישער ליטעראַטור און לאָזן בשום אופן ניט אָנטאָן אויף זיך פּאָעטיזירטע און בעלעטריסטישע הייבלעך. און עס איז קיין אַנדער ברירה ניטאָ ווי צו געפינען פאַר זיי אַ ספּעציעלן קינסטלערישן לבוש. קאָן גאָרדין זיך נאָך אַרויסשטעלן פאַר אַ פּיאָ־נער, אַ וועגווייזער אין דער יידישער אידייען־קונסט. ער באַווייזט

גרויס בריהשקייט און דערפינדערישקייט אין אויפהויבן, באַלויכטן און אילוסטרירן אַן אידייע מיט די טראַדיציאָנעלע מיטלען פון בעל־דרשן, דורך שניידנדיקן פאָלקס־שפּרוך, געווירצטן אַנעקדאָט, קוויקנדיקער לעגענדע, פינקלענדיק; פּשטל און שאַרפזיניקן דרוש, אַזוי אַז דאָס גאַנצע דערלאַנגט זיך מיט דער רירעוודיקייט פון אַן אימפּראָוויזאַציע. דאָס בוך גיט מערערע מוסטערן פון אַזעלכע אימפּראָוויזאַציעס. מעג גאָרדין זיך האַלטן ביי זיין מעטאָד און געלעגנהייט דאַרף אים געגעבן ווערן דעם מעטאָד צו פאַרפולקאָמען. אַזוי אַז פון דער פאָרם פון בוך שטייט אונדז אפשר פאַר ניט קיין קלענערער געווינס, ווי פון די אידייען פון בוך.

„צוקונפט“, יאַנואַר, 1938.

•2

# דריי פרקים פון דער מסכתא ש. צ. זעצער

להיפוך צו דעם מין, וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן זיך ביי אונדז באַוויזן אונטער דעם טיטל „גאָטזוכער", איז פאַראַן ביי אונדז ש. צ. זעצער, וועלכער האָט זיך פאַרשפּאָרט גאָר צו זוכן — גאָט האָט אים אין זיין יוגנט אויפגעזוכט און געזאָגט צו אים: אויף דיר וועל איך מיינע ניסים באַווייזן...

ערשטער נס: נאָך אין דער אַלטער היים, אויף וואָלין, האָט ער על פּי נס זיך געראַטעוועט בוכשטעבלעך פון אונטער דער האַק פון פּאָגראָמשטשיק.

צווייטער נס: שוין דאָ זייענדיק, איז ער איבער אַ יאָר אָפּגעלעגן אַן אומבאַוועגלעכער אין אַ קראַנקהייט, פון וועלכער בלויז איינער פון טויזנט קומט אַרויס אַ לעבעדיקער. און ש. צ. זעצער איז געווען דער איינער פון טויזנט. מיט סכנת נפשות, דורך פלאַמיקער אמונה און אייזערנעם ווילן, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און זיך אויסגעלערנט שטיין און גיין.

דער דריטער נס הערט ניט אויף: מיט סכנת נפשות, דורך פלאַמיקער אמונה און אייזערנעם ווילן, האָט ער איינער אַליין, דורכן „פאַרלאַג ש. צ. זעצער", זייט דעמאָלט אַרויסגעגעבן זיבן ספרים, און זייט 1934 טיילט ער זיך מיטן ביסן מיט „דאָס וואָרט ביבליאָטעק" — העפטן, וואָס גייען אַרויס יעדן חודש, אָדער יעדע צוויי חדשים, וואָס יעדע צוויי אָדער דריי יאָר שטעלן זיי אים צונויף אַ ספר. „דאָס וואָרט ביבליאָטעק" האָלט איצט ביי איר 67טן העפט. דער ספר, וואָס דריי טייקן פון אים זיינען איצט אַרויס, איז אַ פּראָדוקט פון דער ביבליאָטעק.

ווען מען רירט זיך צו צו ש. צ. זעצערס אַ ספר, שלאָגט אייך אַנטקעגן אַ פאַרפלאַמטע, אָנגעגליטע לופט — גאָר באַזונדערס פון זיין נייעם ספר, וואָס באַהאַנדלט אַ יידיש־געשיכטלעכע שרפה — די תקופה פון גלות בבל ביז צו די חשמונאים. זיין פּערזענלעכע לעבנס־פאָרמולע — מיט סכנת־נפשות, דורך פלאַמיקער אמונה און אייזער־נעם ווילן — טראָגט ער אַריבער אויפן יידישן פאָלק. דער גאַנצער יידישער געשיכטע איז פאַראויסגעזאָגט אַ הייליקער פלאַם — אַ סנה, וואָס ברענט און ווערט ניט פאַרברענט — דער גאָט־פייער, וואָס האָט דעם פאָלק זיך אַנגעצונדן אין מדבר פון זיין יוגנט. וואָס

עס האט פאסירט צו בן ישראל ש. צ. זעצער, האט אויך פאסירט צו כל ישראל. זיין פערזענלעכע דערפארונג האט ער דערהויבן צו א געשיכטלעכער שיטה.

די שיטה האט ביי אים א נאמען, סוביעקטיווער אביעקטיוויזם. און איידער מען טרעט צו צו זיין סיפור המעשה, דארף מען זיך מיט זיין שיטה באקענען. מיטן ווערטעלע „איידער" לאזט זיך טאקע זיין שיטה כאראקטעריזירן. איידער ער קומט צו צו דער עקספאזיציע פון געשיכטלעכע פאקטן פון דער תקופה קומט ביי אים די אינטויטיווע אויפפאסונג פון דער תקופה. אבער די אינטואיציע איז ניט קיין צופעליקער קאפריז, ניט סתם אן איינפאל. ער האט זי באקומען דורך יארן־לאנגן אריינדרינגען אין די פאקטן און געשעענישן, דורך מעסטן און וועגן זיי מיטן גערדאנק און געפיל, דורך ארומנעמען זיי אין זייער סך־הכל — **וואס אין רעזולטאט פון דעם גיט זיך אים דער תמצית** פון דער תקופה. דאס איז די סוביעקטיווע זייט פון זיין שיטה. אביעקטיוו ווערט זי דורך דעם, וואס אט דער אינטואיטיוו־פאראויסגעשפירטער תמצית ווערט שפעטער באשטעטיקט דורך א גענויעם אנאליז פון די פאקטן און געענישן. זיין סוביעקטיוויזם איז אונטער קאנטראל פון דער געשיכטלעכער אביעקטיוויטעט.

די אינטואיציע, וואס ער שיקט פאראויס דעם סיפור המעשה וועגן דער תקופה פון גלות בבל ביז צו די חשמונאים — ער רעדט זי ברייטלעך ארום אין דער הקדמה צום ספר — זיין אינטואיציע איז, אז ערשט אין פארלויף פון אט דער תקופה האט זיך ענדגילטיק אויסגעפורעמט די געשטאלט פון יידישן פאלק פאר אלע צייטן. זיינען זיי דערום די וויכטיקסטע 400 יאר אין דער יידישער געשיכטע — באזונדערס וויכטיק זיינען די ערשטע 150 יאר — פון חורבן בית ראשון ביז צו דער גרינדונג פון דער כנסת הגדולה, ביז צו וועלכער די אפגעדרוקטע דריי טיילן פון ספר דערפירן. דאס, וואס די געשיכטע פון פאלק איז פון ארץ ישראל אריינגעווארפן געווארן אין בבל, און פון בבל צוריקגעווארפן אין ארץ ישראל, די קעגנזייטיקע השפעה פון ארץ ישראל אויף גלות, און פון גלות אויף ארץ ישראל — האט געבראכט דערצו, אז נאך אין ארץ ישראל זיצנדיק, איז דאס פאלק שוין געזעסן אויף דער ארץ ישראל של מעלה, — אויף גייסטיקער טעריטאריע — אויף תורה.

אבער דאס מיינט ניט, לאזט זעצער אונדז גלייך וויסן, אז ביז גלות בבל איז קיין פאלק און קיין תורה ניט געווען, ווי דאס ווילן האבן די גאנץ אפט יידן־פיינטלעכע ביבל־קריטיקער. זעצער צארנט אויף זיי א גרויסן צארן. עס איז געווען אי פאלק, אי תורה אין ארץ ישראל פאר גלות בבל — גאר באזונדערס תורה שבעל פה, וועלכע, האלט זעצער אין איין אונטערשטרייכן, איז ניט געווען בלויז א שפעטערדיקער צוגאב צו תורה שבכתב, נאר גאנץ באשטימט איר פאר־

אויסגייערין. די תורה אליין ליפערט דעם באוויז דערויף. דינים אין דער תורה ווערן אפט איבערגעגעבן אין דעם נוסח, אז אזוי פירט זיך ביי יידן מקדמונים.

די תורה שבעל פה, איינגעפאסט אין מנהגים, ברכות, הבטחות און אבות־לעגענדעס, האט געטראגן און דערטראגן, דורך דער גאנצער ארץ ישראל תקופה, דעם גאט־פייער, וואס האט דעם קינפטיקן יידישן פאלק זיך אנגעצונדן אין מדבר. און עס זיינען געווען אפגעהיטע משפחות, ווי די בני רוכב, וואס האט די מינהגים, מיט דער גאנצער לעגענדן־ארומוועבונג ארום זיי, שטרענג אפגעהיט. און עס זיינען געווען נזירים, וואס האבן אין ארץ ישראל זיך געפירט ווי פארצייטיקע מדבר־מענטשן. די און יענע האבן דעם גאט־פייער זיך ניט געלאזט אויסלעשן ביים פאלק. דאס פאלק האט קיינמאל ניט אין גאנצן זיך געהאט אפגעקערט פון זיין מדבר־גאט. און עס האט קיינמאל זיך ניט איבערגעגעבן צו עבודה־זרה אינגאנצן. דאס פאלק איז געגאנגען מקריב זיין קרבנות צו יהוה אין טעמפל פון בית־אל, און גלייכצייטיק געטריבן בעל דינסט — אויף גוט־שכנהשאפט, אזוי צו זאגן. ווייל דער בעל־קולט האט געהערט צו דער לאנד־קולטור, וואס האט זיך געשפייזט פון דער פרוכטבארקייט פון געבענטשטן בארן. אבער אט די יידישע בעל־דינער זיינען בשום אופן קיין אמתע עבודה־זרהניקעס ניט געווען...

אבער סטייטש, האבן דען די נביאים ניט געמוסרט און גע־שטראפט דאס פאלק פאר זיין אפקערן זיך פון גאט יהוה? האבן זיי דען אים ניט געווארנט און געסטראשעט מיט די ערגסטע שטראפן פאר זיין טרייבן זנות מיט בעל און עשתורת?

דא קומט דער אינטערעסאנטער בויג אין זעצערס סוביעקטיוו־אביעקטיווער שיטה, וואס צו דעם גיט ער אפ דעם ערשטן קאפיטל פון זיין ספר „די נביאים אלס פאליטיקער". ער געפינט, אז די נביאים זיינען געווען ווייטזיכטיקע ביז צו העלזעעניש רעאל־פאליטיקער. די נבואה איז געווען גרויסע, דערהויבענע יידישע רעאל־פאליטיק. דא פארלאזט זיך זעצער ניט אויף זיין אינטואיציע און גיט גלייך אן אביעקטיווע, רעאליסטישע, ניין — ממש א מאטעריאליסטישע דער־קלערונג דערויף: „דער ריכט־שנור פון דעם פאליטישן פראגראם, מיט וועלכן די נביאי האמת זיינען אין אלע צייטן ארויסגעטראטן פאר דעם יידישן פאלק, איז געווען דער פאקט פון דער אויסערארדנט־לעכער געאגראפישער לאגע פון ארץ ישראל. לויט איר געאגראפישער לאגע איז שוין גאר פון אנהויב דער פאליטישער שיקזאל פון ארץ ישראל באשטימט געווארן. זי איז אויסגעזעצט געווען שטענדיק דער אלגעמיינער ציל־ברעט צו זיין פון די אלע ארומיקע קעמפנדע מלוכות".

ווייל ארץ ישראל איז געווען א לאנד פון סכנת נפשות, האבן די נביאים געהאלטן אין איין פאנאנדערפאכן דעם גאט־פייער — די

פייער־זייל וואָס איז דעם פאָלק נאָכגעגאַנגען פון מדבר, כדי דאָס פאָלק אַנצולאָדן מיט פלאַמיקער אמונה און מיט אייזערנעם ווילן, וואָס דאָס נאָר אַליין האָט אים געקענט באַוואָרענען קעגן אונטערגאַנג. דערפאַר איז די מינדסטע אָפּווייכונג פון ריינעם גאָט־גלויבן ביי די נביאים פאַררעכנט געוואָרן פאַר דעם גרויליקסטן פאַרברעכן; דער־פאַר האָבן זיי איבער דער ענגשאַפט פון ארץ ישראל של מטה געהויבן די רחבות פון ארץ ישראל של מעלה, כדי דאָס פאָלק אויפצוהויבן איבער אַלע געפאַרן. און דערפאַר זיינען זיי אין פראַקטישער פּאָלי־טיק געווען קאָמפּראָמיסלער, דערפאַר איז ירמיהו געווען פאַר קאָמ־פּראָמיס מיט בבל.

גאַנץ אַנדערש די נביאי השקר, די פאַלשע נביאים, ניט ווייל בטבע פעלשער און ליגנער — מעגלעך זיי זיינען גאַנץ ערלעכע פּאַ־טריאָטן געווען — נאָר ניט קיין קינסטלער־פּאָליטיקער — קורצזיכ־טיקע פאַנטאַזיאָרן, וואָס האָבן די יידישע גרונט־סיטואַציע ניט געזען. זייער אַמביציע פאַרן יידישן פאָלק איז געווען: „נהיה ככל הגוים!" — דערפאַר זיינען זיי גענייגט געווען צו פאַרקוקן, ווען דאָס פאָלק האָט נאָכגעטאָן די שכנים אין עבודה זרה. און „נהיה ככל הגוים" איז פּאָליטישע גדלות־מאַניע. דערפאַר זיינען זיי גענייגט געווען אריינצוואַרפן זיך אין יעדער פּאָליטישער אוואַנטורע — אויך אין דער אוואַנטורע מיט מצרים קעגן נבוכדנצרן. און דאָס פאָלק און די שררות פון פאָלק זיינען זיי נאָכגעגאַנגען, בעת ירמיהו איז גע־רודפט געוואָרן. ערשט ווען די קאַטאַסטראָפע — דער חורבן — האָט באַוויזן, ווי ירמיהו און זיינע פאַרגעגנגער זיינען גערעכט געווען אין זייערע פאָראויסזאָגונגען, האָט דאָס פאָלק — וויפל עס איז גע־בליבן פון פאָלק פון די פאַרטריבענע אין בבל — זיך א קער גע־טאָן צו די אמתע נביאים.

איבערגעבנדיק זעצערס „סוביעקטיוו־אָביעקטיווע" שיטה און זיין קוק אויף דער ראָל פון די נביאים, האָב איך פאָראויסגעכאַפּט א סך פון דעם אונטערשלאַג פון זיין סיפור המעשה. און עס ווערט אויך פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס ער שרייבט צו אַזאַ וויכטיקייט דער תקופה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט גלות בבל: — בבל איז געווען די לאַבאָראַטאָריע, וואו דאָס לויזע, צעלאָזטע פאָלק האָט דורכגעמאַכט דעם פּראָצעס פון איבערגעשמאָלצן ווערן אין אַן איינהייטלעכן תורה־געטרייען פאָלק. דריי פאַזן האָט געהאַט דער פּראָצעס, וואָס אַנט־קעגן זיי זיינען די דריי טיילן פון ספר געשריבן אין דער פאָרם פון זעלבסטשטענדיקע עסייען, וואָס קאָנצענטרירן זיך אַרום פירנדיקע פּערזענלעכקייטן, אָבער כאָטש זעלבסטשטענדיקע, לייענען זיי זיך דאָך אין איין צוזאַמענהאַנג. — די ערשטע פאַזע פונעם פּראָצעס האָט יחזקאלן פאַר איר הויפּט־פיגור. א צייט־גענאָסע פון ירמיהו, א פאַר־טריבענער קיין בבל פאַרן חורבן, האָט ער, ווי ירמיהו געוואָרנט די־

יידישע הארן פון בבל און ירושלים ניט צו דערוועגן זיך צו רעוואָל־טירן קעגן נבוכדנצר, אָבער מיט אַ נפקא מינה. — דאָ גיט זעצער אַ גלענצנדיקע כאַראַקטעריסטיק פוןביידע נביאים — לויט דעם אונטערשייד אין זייער טאָן און סטיל. ירמיהו, פּאַראויסזעענדיק דעם אומפאַרמיידלעכן סוף, איז ליריש, טרויעריק, מעלאַנכאָליש. יחזקאל, שוין אין גלות, לאָזט זיך ניט איבערוועלטיקן פון יאוש. קיין סימן אין אים פון געבראָכענעם מוט. עס צייטיקט זיך שוין אין אים דער בטחון. ער איז מענלעך־האַרט, קורצגעפאַסט, דראַמאַטיש, וויזיאָ־נעריש. נאָכן חורבן שטייגט ביי אים דער בטחון ביז צו זיכערקייט אין נצחון. ער איז דער טרייסטער. ער שטעלט שוין אויף באַצייטנס די אויסגעלייזטע ארץ ישראל אין זעאונגען. די בעלי תשובה, וועלכע האָבן איצט ערשט איינגעזען, ווי אמתדיק עס זיינען געווען די רייד פון די נביאים, פאַלן צו צו אים, דעם איינציק פאַרבליבענעם. און אין זיין ראָל פון אַ טרייסטער, פּירט יחזקאל דורך, אפשר אומגעריכט פאַר זיך אַליין, אַ רעוואָלוציע אין דעם יידנס איינשטעל צום אויבערשטן. אזוי ווי דער יידישער קאָלעקטיוו איז צעפאַלן, זאַמלט ער יחידי סגולה, און כדי זיי זאָלן ניט צעדריקט ווערן אונטער דער לאַסט פון די זינד פון די אָבות, שטעלט ער דעם יחיד אונטער זיין אייגענער אחריות. שכר ועונש איז צווישן יחיד און גאָט.

און ניט באַנוגענענדיק זיך מיט אויפשטעלן ארץ ישראל אין זעאונגען, האָט יחזקאל גענומען בויען די גייסטיקע ארץ ישראל דורך פאַרשרייבן דינים, וואָס דאַרפן אָפּגעהיט ווערן אין בבל, אזוי גוט ווי אין ארץ ישראל. פריער האָבן די נביאים זעלטן ווען אָנגערירט אַ דין — יחזקאל האָט זיי אַ גאַנצן צעטל: דינים וועגן טריפות, וועגן כהנים — און זיי קומען ביי אים אַרויס ניט פּינקטלעך אזוי, ווי זיי זיינען געגעבן אין דער תורה, וואָס דאָס גיט זעצערן אַ גע־לעגנהייט און ער נוצט די געלעגנהייט אויס מיט אַ ברייטער האַנט, צו באַקרעפטיקן זיין הנחה, אַז תורה שבעל פה איז פאַרויסגעגאַנגען תורה שבכתב.

די צווייטע פאַזע האָט פאַר איר הויפט־פיגור זרובבל. פאַר די 50 יאָר איז די ווידעראויפשטעלונג פון ארץ־ישראל אַרויפגעשטיגן פון בענקשאַפט און האָפענונג ביז צו דער זיכערער דערוואַרטונג פון באַלדיקער דערפילונג, וואָס די נצחונות פון כורש מלך פרס האָבן אויפגעוועקט אין יידישע הערצער. יחזקאלס זעאונגען וועגן דער אויסגעלייזטער ארץ ישראל זיינען זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן אין די וועלט־אַרומנעמענדיקע משיחישע זעאונגען פון ישעיה דעם צווייטן. צוליב די משיחישע זעאונגען און פּרעכטיקן לעגענדן־שטאָף, נעמט זעצער אויך דעם ספר דניאל אַריין אין דער צווייטער בבל־פאַזע, כאָטש וועגן ספר גופא האָט ער גרויסע ספקות.

זרובבלס עליה איז געווען דער ערשטער פּרואוו אַריבערצופלאַנצן

די גייסטיק ווידער־אויפגעשטעלטע ארץ ישראל, מיט דער משיחישער קרוינונג, פון בבל קיין ארץ ישראל. און כאטש ער האט דערצו נאך מיטגעבראכט זיין קיניגלעכן יחוס, זייענדיק אן אפשטאמלינג פון דער דוד־דינאסטיע, מיט דער גאנצער שמעקעדיקער געווירציקייט פון אלט־ארץ־ישראל, איז דער ערשטער פרואוו ארויס ניט אזוי געראטן. דער אימפעט נאך עטלעכע צענדליק יאר האט זיך אויסגענומען. עפעס האט נאך געפעלט. און וואס עס האט געפעלט, האט ווידער אמאל צוגעשטעלט בבל.

פאר די קנאפע 80 יאר, וואס זיינען פארלאפן זינט זרובבלס עליה, איז אין בבל פארענדיקט געווארן דער גייסטיקער בנין פון ארץ ישראל. אין בבל זיצנדיק האט מען געלעבט אין ארץ ישראל. די הויפט־ראל האבן דערביי געשפילט די סופרים, א נייער קלאס, וואס האט אלץ מער איבערגענומען פון די נביאים די פונקציע פון גייסטיקע מנהיגים. מעגלעך, אז דעם שטוים צו דעם האט געגעבן ברוך בן נריה, ירמיהוס סעקרעטאר — ברוך הסופר. די סופרים זיינען געווען די איבערשרייבער און פארשפרייטער פון כתבי הקודש. זיי האבן איינ־געשטעלט די שול — במקום בית המקדש. זיי האבן איינגעשטעלט דעם נוסח פון דאווענען, וואס איז געווען א סימבאלישע איבערחזורונג פון בית המקדש צערעמאניאל. זיי האבן אויך איינגעפירט קריאת התורה, און די יידן פון בבל האבן זיך געפירט לויט די פארשריפטן פון דער תורה מיט דער שטרענגסטער אפהיטונג פון שבת.

עזרא האט דורכגעזעצט די דריטע פאזע פון איבערשמעלצונגס־פראצעס, וואס האט יידן ענדגילטיק געמאכט פאר דעם עם הספר. גערן זאגט זעצער נאך דעם תנא, אז עזרא איז געווען אין דער בחינה פון משה רבינו. און א סברה, אז פונקט ווי משה רבינו איז ער, אחוץ געזעצגעבער, אויך געווען נביא, וועלכער האט געשריבן זיינע נבואות אונטער דעם פסעוודאנים פון מלאכי. געבענטשט מיט אן אנשטעקנדיקער התלהבות, האט ער אויסגעפירט, אז א נייער ברית זאל געשלאסן ווערן צווישן יידישן פאלק און דער תורה. מער ווי א העלפט פון דעם ביבלישן בנין פון דער גייסטיקער ארץ ישראל האט ער זיכער אריינגעבויט אין דער פאקטישער ארץ ישראל, און וואס ער האט ניט דערטאן, האט פארענדיקט נחמיה — די קינסטלעריש בולטסטע פון אלע געשטאלטן, וואס זעצער שילדערט. אן דעם פירשטלעכן יחוס פון זרובבל, נאר א געניטער אדמיניסטראטאר, א גאטספארכטיקער סאטראפ, וועלכער איז זיך מודה אין זיין עניוות, אז ער האט אפט געדארפט מיט קלעפ אויספירן, מען זאל אים פאלגן — און „זכרה לי אלהים לטובה" — דערמאן עס מיר גאט צום גוטן! — האט ער מיט דער פולמאכט פון דעם פערסישן קיניג, געמאכט ירושלים פאר א באפעסטיקטער שטאט, דורכגעפירט עקאנאמישע רע־פארמעס, וואס האבן אויסגעלייזט דעם ארעמאן פון גבירישער עקס־

פלאַטאַציע, און האָט דורכגעזעצט, וואָס עזרא האָט עס געוואָלט פועלן מיט גוטן, דעם געוואָלד ריס צווישן די יידן און שומרונים.

נאָך נחמיהן האָט זיך איינגעשטעלט אַ טאָפּלט געפּאַנצערטע — אינערלעך און אויסערלעך — יידישע ארץ ישראל אָרדענונג, וואָס איז רעגולירט געוואָרן פון דער הלכה, די ווייטערע אַנטוויקלונג פון תורה שבעל פה און פון תורה שבכתב. די הלכה האָט פאַרביטן די נבואה. די נבואה האָט זיך אָפּגעטאָן. אַנדערש פון די בעלעטריסטישע משכילים, וואָס האָבן בלויז גרינגשעצונג פאַר דער הלכה, איז זעצער דווקא אַ בעל הלכה. ער האַלט זי גלייכווערטיק מיט דער נבואה — נבואה איז געווען דער עקסטאַז, וואָס האָט געהיילט דעם פּערמאַנענטן יידישן נשמה־קריזיס, אָבער ווייבאַלד אַ פּערמאַנענטע יידישע אָרדענונג האָט זיך איינגעשטעלט, וואָס האָט אונטער פרעמ־דער הערשאַפט זיך געדאַרפט האַלטן דורך גייסטיקער אויטאָריטעט, איז הלכה, מיט אירע דינים, גדרים און סיגים לתורה, געוואָרן דער געשטעל, וואָס האָט צוזאַמענגעהאַלטן דעם יידישן נשמה־בנין. אַ טאָפּלטער בנין איז עס געווען, דורך וועלכן ארץ ישראל פאַרן יידן האָט געגומען פונקציאָנירן צווייאיק, ווי ארץ ישראל של מטה און ארץ ישראל של מעלה. אפילו ווען ארץ ישראל של מטה זאָל אוועקפאַלן, וועט ארץ ישראל של מעלה בלייבן, פעסט זיך האַלטנדיק אין דער לופטן, אָנגעהאַנגען אָן דער הלכה.

די גרונטלייגער פון דער הלכה זיינען געווען די אנשי כנסת הגדולה, וואָס די ווייטערע העפטן פון „דאָס וואָרט"־ביבליאָטעק פאַר־נעמען זיך מיט זיי.

מערערע אויספירן זיינע טיילט זעצער בשותפות מיט אַנדערע פאָרשער, אָבער די „סוביעקטיוו־אָביעקטיווע" שיטה, וואָס צייכנט אויסגעצייכנט די אַנטוויקלונג־שטופן פון דער תקופה, איז זיין אייגנ־טום, און נאַטירלעך זיין אייגנטום איז אויך זיין מעטאָד פון עקס־פּאָזיציע.

דריי קלאַסן לייענער האָט זעצער אין זין. ערשטנס, לייענער, וואָס זוכן פשוט די מעשה. פאַר זיי נעמט זעצער צונויף די מעשה, וואָס איז צעוואָרפן צווישן פאַרשיידענע ספרים פון תנ"ך, מיט די נבואות אריינגעשטעלט אין סדר פון די געשעענישן, מיט אַ צוגאָב פון ידיעות און אגדתות פון מדרש און תלמוד, און פון ידיעות גע־זאַמלטע פון פאַרשיידענע וועלטלעכע קוועלן. אָט די לייענער, וואָס זוכן דעם סיפור המעשה, וועלן זיי אים געפינען אין באַזונדערע עסייען, וועלכע, ווי שוין געזאָגט, כאָטש זעלבסטשטענדיקע עסייען, קאָנען זיי געלייענט ווערן אין איין צוזאַמענהאַנג. זיי זיינען געשריבן אין פרייען דערציילערישן סטיל. אויב פאַר די איבערזעצונגען פון ביבלישע טעקסטן גיט זעצער קרעדיט יהואשן, זיינען זיינע אייגענע אגדה־איבערזעצונגען געשריבן אין פאָלקסטימלעך באַטעמטן סטיל.

צווייטנס, לייענער, וואָס זוכן קולטור־היסטאָרישע באַלייכטונג. די באַלייכטונג — זיין „סוביעקטיוו־אָביעקטיווע" שיטה — איז שוין אריינגעאַרבעט אין דעם סיפּור המעשה. זי קומט אָבער אויך זעלבסט־שטענדיק אין די באַזונדערע קאַפּיטלען — וועגן די נביאים, וועגן די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן, וועגן די צושטאַנדן אין בבל און אין ארץ ישראל.

וועגן דעם סטיל פון די דאָזיקע קאַפּיטלען דאַרף מען זאָגן, אַז סטיל — דאָס איז דער מענטש. סיי דער מענטש זעצער און סיי זיין שיטה האָב איך כאַראַקטעריזירט מיט די ווערטער: „מיט סכנת נפשות, דורך פלאַמיקער אמונה און אייזערנעם ווילן". דער סטיל אין די קאַפּיטלען, וואָס גיבן אויסדרוק צו זיין שיטה, איז א „סכנת־נפשות־דיקער — א פּאַרפלאַמטער". מען שפּירט פייער, פייערלעכקייט. צוליב פייערלעכקייט שטעלט ער אָפּט דעם פּרעדיקאַט צום סוף פּסוק און דעם פּראָנאָם נאָכן סובסטאַנטיוו — וואָס דאָס גיט צו דעם סטיל דעם טאָן פון העברעאישער געהויבנקייט. מען שפּירט, ער גייט איבער אָן אָנגעהיצטער, אָנגעגליטער לופט — ניט ער גייט, נאָר ער מאַכט לאַנגע שפּרייזן. ער קאָן לאָזן לויפן א זאַץ, וואָס האָט א פינף אונטער־זאַצן אונטער זיך, און שליסן מיט א זעקסטן אונטערזאַץ, וואָס פאַר־בינדט דעם סוף מיטן אָנהייב. אויב איינער האָט א קורצן אָטעם, דאַרף ער פּעסטן זיך אָנהאַלטן אָן זעצערן, כדי צו קענען נאָכהאַלטן זיין פייערדיקן לאַנגן אָטעם, אויפגעבלאָזענעם פלאַם. אויב איינער וויל פאַררעכענען פאַר א חסרון די אויסגעצויגנקייט פון זאַץ, דאַרף ער צוליב זעצערס מעלה פון פלאַמיקייט אויך אָננעמען דעם חסרון פאַר ליב.

דער דריטער לייענער, וועמען זעצער האָט מכוון געווען, איז דער לייענער־למדן. עס זיינען פאַראַן 5—6 קאַפּיטלען אין ערשטן טייל, אַלע אין פאַרבינדונג מיט דעם נביא יחזקאל — וועגן שכר ועונש, וועגן די דינים פון טריפות און די דינים פון כהנים און וועגן דעם ענין פון תורה שבעל פה בבבל, און נאָך דערצו א חקירה און דרישה וועגן יחזקאלס געבורטס־יאָר אין צוויי לאַנגע באַמערקונגען, אין פּעטיט, וואָס וואָלטן געקענט געווען צו מאַכן א קאַפּיטל — און זעצער ווייזט דאָ ארויס די בקיאות, די פלינקע ארגומענטאַטאָרישע סטראַ־טעגיע פון א למדן מופלג. — אָבער אפילו פאַר דעם ניט למדן זיינען זיי ווערט די אָנשטרענגונג פון לייענען — צוליב דעם סיגנון, וועל־כער איז פּונקט דער היפוך פון דעם לאַנג־אָטעמדיקן סטיל פון זיינע קולטור־געשיכטלעכע עסייען. דאָס איז דער סיגנון, וואָס מען טרעפט אין לומדישע ספרים. אָפּגעהאַקטע זאַצן. ווייניק גערעדט, אָבער גע־מיינט גאָר א סך.

אין אָט דעם סיגנון קומט גיכער צום אויסדרוק זעצערס אייזער־נער ווילן, ווי זיין פלאַמיקע אמונה, דאָ איז פאַרגליווערטער ביז אייזן

פּלאַם. אין וואָס ער גלויבט — אַ סברה, אַ השערה, זיין אייגענע, אַ פּרעמדע, קריגט אייזנפעסטע ממשות. רמז, דרוש ווערט פאַקט. דין דינע געשליפנקייט פון גערדאַנק. עס קומט אויס, אַז אַ האָר קאָן מען שפּאַלטן אויף צען חלקים — דאָרט וואו די איינפאַכע לאָגיק קאָן די האָר אפילו אויף צוויי העלפטן ניט שפּאַלטן. זעצער גייט איבער גע־דאַנקען־פעדים, איבער געדאַנקען הערעלעך, ווי איבער אַן אייזערנעם בריק. און ווער עס האָט תוספות און מהרש״א ניט געלערנט, און ער וועט אים וועלן נאָכגיין, טאָר ער אויף אַ רגע ניט אָפּלאָזן זיין אויפ־מערקזאַמקייט פון זעצערס אייזערנעם גאַנג, אַניט וועט ער פון איי־זערנעם בריק אין פוסטן תהום אַריינפאַלן. דערפאַר אָבער, ווער עס וועט האָבן דורכגעגאַנגען מיט זעצערן איין קאַפּיטל, וועט ער האָבן די באַפרידיקונג: האָבן מיר שוין אויך מהרש״א אין יידיש! און אַז ער וועט דורכגיין די אַלע פינף־זעקס קאַפּיטלען, וועט ער באַקומען די ערשטע סמיכה אויף למדן אין יידיש!

זעצער ווייזט נאָך אַנדערע פּסיכאָלאָגישע כאַראַקטעריסטיקעס פון למדן — צום ביישפּיל, די למדנישע אומגעדולד. ער איז פּוסק ראשון און פּוסק אחרון. ווער עס איז מיט אים מחולק, זאָל ער זיך בעסער היטן. אין קאַפּיטל וועגן יד כהנים נעמט ער זיך פאַר זיין הויפּט בעל פּלוגתא, רבי יצחק הירש ווייס, דער מחבר פון „דור דור ודורשיו״ — מאַכט ער פון איב אַ תל.

קום איך גאָר צום שלום, אַז געוואָלט האָט ער זיין אַ גרויסער רב בישראל און שרייבן גרויסע חיבורים און פּירושים און שאלות ותשובות, וואָס זאָלן באַרימט ווערן בכל תפוצות ישראל. נאָר דער העברעאיש־יידישער רענעסאַנס האָט אים אַריבערגעבראַכט אין אונדזער לאַגער. טוט ער אויף אַ וועלטלעכן שטייגער וואָס אַ רב דאַרף טאָן אויף זיין פרומען שטייגער. און דאָס האָט ער ניט קיין געשיכטע אָנגעשריבן, נאָר אַ מסיכתא, וואָס שליסט איין אַלץ: געשיכטע, אגדתא, משנה, גמרא, תוספות, מהרש״א — אַלץ פון זיין אייגענער פאַרפאַסונג. דריי פּרקים פון דער מסכתא האָט ער עס איצט פאַרעפנטלעכט. ווינטשן מיר אים, אַז די ווייטערע פּרקים זאָלן זיך אים שרייבן אין זעלביקן גייסט—מיט פלאַמיקער אמונה און אייזערנעם ווילן, אָבער אָן סכנת נפשות. ביז ער וועט פאַרענדיקן, ביז תם ונשלם זיין פיל־בענדיקן ספר וועגן דער תקופה פון גלות בבל ביז די חשמונאים, און דערנאָך זיך נעמען צו די אַנדערע תקופות.

„אידישער קעמפּער״, 24-טן יולי, 1942.

# קלוג, אָבער ניט גענוג קלוג

מיר, פון דער „יידישער קולטור־ספערע", האָבן ניט גענוג אויפ־מערקזאַם נאָכגעפאָלגט די יידישע אינטעליגענץ אין איר גאַנג אין אַמעריקע אַריין. מיר זיינען ניט גענוג נייגעריק געווען צו וויסן, וואָס טוט זי דאָרט, די יידישע אינטעליגענץ, אויף דער אַמעריקאַנער קולטור־אַרענע. איז דאָס געווען אַ פּאַרזען, פאַר וועלכן מיר צאָלן: אונדזער יוגנט ווערט פאַרלאָרן פאַר אונדז אין אַמעריקע. וואָרים אַהין, וואוהין די אינטעליגענץ גייט, גייט אויך די יוגנט, די קינפטיקע אינטעליגענץ. און זי האָט דאָך געמוזט גיין — פון דעם ערשטן טאָג אָן, ווי זי איז אַוועק אין „פּאַבליק סקול". און מיר האָבן דאָך געוואָלט, אַז זי זאָל גיין! די האַנט אויפן האַרצן, האָבן מיר דען געוואָלט, אַז אונדזערע קינדער זאָלן בלייבן שטעקן אויסשליסלעך אין דער „יידישער קולטור־ספערע", דרויסן פון דער אַמעריקאַנער קולטור־אַרענע?

נאָר ווייל מיר האָבן פאַרפעלט איינצושטעלן קאָנטאַקט צווישן דער „יידישער קולטור־ספערע" און דער אַמעריקאַנער קולטור־אַרענע, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ שייד־וואַנט צווישן אונדז און דער אינ־טעליגענץ, צווישן אונדז און דער יוגנט. קאָנען מיר איר ניט מיט־געבן קיין „צדה לדרך" — אַ חלק פון אונדזער קולטור־פאַרמעגן — אויף מיטצונעמען אין אַמעריקע. וואָס מיר גיבן איר מיט, ווערט זי אָן אויפן וועג. ווען מיר האָבן איר געדאַרפט דעם וועג פאַרלויפן אין אַמעריקע אַריין מיט אונדזער קולטור־פאַרמעגן! — זיינען מיר אין באַזיץ פון אַ גרויסן כוח — פון אַן אייגענער קולטור־ספערע, וואָס איז אָנגעזעטיקט מיט געשיכטלעכער עשירות, מיט היינטיקער לעבע־דיקער עשירות, מיט וועלט־און־צייטן אַרומנעמענדיקן יידישן באַ־וואוסטזיין — און מיר קאָנען דעם כוח ניט מאַכן אַרבעטן אין דעם לאַנד פון ריזיקע מעגלעכקייטן. דער מאַנגל אין קאָנטאַקט איז צו אונדזער שאָדן.

אָבער אויך צום שאָדן פון דער אַוועקגעגאַנגענער יידישער אינ־טעליגענץ.

פאַר אַ ביישפּיל זאָל אונדז דינען איינער פון די גלענצנדיקסטע פאָרשטייער פון דער יידישער־אַמעריקאַנישער אינטעליגענץ, מאַקס לערנער, פּראָפעסאָר פון די פּאָליטישע וויסנשאַפטן אין וויליאַמס קאַ־

לעדזש, אין וויליאמסטאון, מאסס. — א קאלעדזש, וואס איז באַוואוסט מיט זיינע יערלעכע קאָנפערענץ־סימפּאָזיומס איבער רעגירונגס־פּראָבלעמען. א זון פון עלטערן־אימיגראַנטן, אין די פריע פערציקער, איז ער צוערשט געווען מיט־רעדאקטאָר פון דער „ענציקלאָפּעדיע פאר סאָציאַלע וויסנשאַפטן", מיט־רעדאקטאָר פון „ניישאָן". איבערגייענדיק צו אַן אקאדעמישער קאריערע, האָט ער גענומען פארעפנטלעכן ביכער, אין וועלכע ער האָט איבערגעטראָגן זיין זשורנאַליסטישע פלינקייט און אַפּרופּיקייט, זיין שארפן, שפּיציק־בילדלעכן סטיל. זיינע ביכער — פאר דריי יאָרן: „ס'איז שפּעטער ווי איר מיינט"; פאר צוויי יאָרן: „אידייען זיינען וואָפן", און נאָר־וואָס: „אידייען פאר דער אייז־עפּאָכע" — זיינע ביכער מאַכן אויפזען, רופן ארויס גרויסע דיסקוסיעס.

לכתחילה איז ער געווען א סאָציאַליסט, א מארקסיסט, וואָס האָט פאַרגעצויגן צו רופן זיך ליבעראַל — לויט דעם מנהג פון אמעריקע, לויט דעם מנהג פון „ניישאָן". איז געקומען היטלער און האָט צעטרייסלט דעם מארקסיסטישן בנין. איז מאקס לערנער געוואָרן איינער פון די פירנדיקע רעוויזאָרן פון מארקסיזם.

געווען איז אַן אייזנפעסטע טעאָריע, אַז דער עקאָנאָמישער, טעכנאָלאָגישער פּראָצעס פירט במילא צו סאָציאַלער רעוואָלוציע. דאַרף מען נאָר דעם פּראָלעטאריאט שכלדיק אויפקלערן וועגן דער אוממאָרמיידלעכקייט פון פּראָצעס און צו וואָס ער פירט — וועט דער שכלדיק־אויפגעקלערטער פּראָלעטאריאט מאַכן די אוממאָרמיידלעכע רעוואָלוציע. אָט איז געווען דייטשלאַנד — וואו נאָך אַזאַ לאַנד, וואָס איז עקאָנאָמיש־טעכנאָלאָגיש, נאָכן צוזאַמענברוך, אַזוי ראַוי געווען פאר רעוואָלוציע? וואו נאָך אַזוי פיל שכל'דיקע פּראָפּאַגאַנדע, אַזאַ אויפגעקלערטער פּראָלעטאריאַט, וואָס איז אין צענדליקער מיליאָנען געגאַנגען צום שטים־קאַסטן? איז געקומען היטלער און האָט צוגענומען ביי די סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן די כמעט־פארטיקע רעוואָלוציע. משמעות, עקאָנאָמיק איז ניט אַלץ — אידייען, פּערזענלעכקייטן, די שטאַטס־מאַשין קאָנען גובר זיין די עקאָנאָמיק. און די קלאַסן־קאַמף טעאָריע, וואָס באַגרענעצט זיך אויפן פּראָלעטאריאט, האָט אויך אין זיך א בראַק — לומפּען־פּראָלעטאריער, קליין־בירגער און דער נידעריקער מיטל־קלאַס קאָנען מאַכן א רעוואָלוציע — אויף צוריק.

מאקס לערנערס פאָרשלאָג אין זיין ערשטן בוך „ס'איז שפּעטער ווי איר מיינט", איז געווען: שטופנווייזער סאָציאַליזם, דעמאָקראַטישער קאָלעקטיוויזם — אָן דיקטאַטור — און פאָלקס־פראָנט, וואָס זאָל זיך ניט באַנוגענען מיטן פּראָלעטאריאַט. אין אַמעריקע זאָל דער פאָלקס־פראָנט זיך זאַמלען ארום פּרעזידענט רוזוועלטס „ניו־דיל".

אין צווייטן בוך „אידייען זיינען וואָפן" איז מאקס לערנערס

טיפסטער אויפטו. ער פרעגט: ווי אַזוי איז היטלערן פאַרט געלונגען אַפּצואווישן די איבער 75 יאָר שׂכל׳דיקע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַ־גאַנדע? — און ער ענטפערט: ווייל די פּראָפּאַגאַנדע איז געווען שׂכל׳דיג, צו שׂכל׳דיג. מען דאַרף אונטערשיידן צווישן די שׂכל׳דיקע אידייען, וואָס האַלטן זיך אויף דער אויבערפלאַך פון באַוואוסטזיין, וואָס זיינען קראַפטלאָז, און די אידייען, וואָס שפּייזן זיך פון די עמאָ־ציעס, וואָס לויערן אין די פינצטערע באַהעלטענישן פון אומשׂכל׳דיקן אונטערבאַוואוסטזיין. זיי זיינען אידייען־קרעפטן, אידייען־וואָפן, אי־דייען־אינסטרומענטן. דאָס, וואָס די פּסיכאָלאָגיע האָט אַנטדעקט וועגן איינצלנעם מענטשן, אַז אויף דריי־פערטל ווערט ער רעגירט פון זיין אונטערבאַוואוסטזיין, האָט היטלער אַנגעווענדט אויף די מאַסן. מען דאַרף ניט אונטערשאַצן היטלערס ראָליע. מאָלע וואָס ער פּלאָנ־טערט מיטן מוח און מיט דער צונג, אָבער אַלס סטראַטעג פון אי־דייען, ווײַסט ער פאַרנעמען אַן אָרט צוגלייך מיט די גרעסטע. אַן אידייע איז קיינמאָל ניט פאַרפאַל, ביז וואַנען זי ווערט ניט אויפגענומען פון די מאַסן. היטלער איז אַ מייסטער צו מאַניפּולירן מיט אידייען, זיי זאָלן אויפגענומען ווערן פון די מאַסן. געווען איז, וואָס לענין האָט גערופן, אַ „רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע". די מאַסן זיינען אַנגעלאָדן געווען מיט פאַראיבלס קעגן די סאָציאַלע אומגערעכטיקייטן; זיי האָבן געברענט מיט נקמה־געפילן. האָט היטלער דורכגעפירט זיין רע־וואָלוציע, ווייל קיין בעסערע רעוואָלוציע איז ניט געקומען.

זאָגט מאַקס לערנער: „היטלערס גרונט־הנחה איז, אַז אין אַ וועלט פון אָפּגעלאָזנקייט וועט אַלץ זיך אונטערגעבן צו אַן אַרבעטנדיקן ווילן; אַז צווישן קוועקלעניש וועט זיכערקייט טריאומפירן; אַז צווישן פּלאָנטערניש וועלן מענטשן צופאַלן צו דעם איינפאַכסטן; אַז צווישן אומגלויבן זיינען זיי הונגעריק נאָך גלויבן, אפילו נאָך אַ גלויבן, וואָס פון דרויסן ווערט אויף זיי אַרויפגעצוואונגען; אַז אין אַ וועלט פון פּאַסיוויטעט, גלוסטן זיי נאָך דער דערפאַרונג פון מיט־באַטייליקט זיין אין אַקציע; אַז אין אַ וועלט פון צעקראַכענער „מענטשלעכקייט" וועט ברוטאַלע אַנווענדונג פון געוואַלט סוף כל סוף ניט באַגעגענען קיין ווידערשטאַנד. און די לעצטע היטלערישע אַנט־דעקונג איז, אַז מיר לעבן דורך סימבאָלן, אַז די פּערזאָניפיצירונג פון פירער איז דער יסוד פון פּאָליטיק, אַזוי גוט ווי פון רעליגיע."

און מאַקס לערנער׳ס אויספיר איז: מיר דאַרפן אָפּלערנען פון היטלערן זיין סטראַטעגיקע — איינשפּאַנען דעם מאַסן־פאַנאַטיזם, וואָס שטראָמט פון די אונטערבאַוואוסטזיניקע קוואַלן, אין אונדזער דעמאָקראַטישן סאָציאַלן אידעאַל.

לערנער׳ס לעצט בוך, וואָס ווערט איצט דיסקוטירט — „אידייען פאַר דער אייז־עפּאָכע" דאַרף פירן ווייטער די אידייען פון צווייטן בוך, אָבער דערפירט ניט. עס איז דאָך אַ גוט בוך. מיר געפינען אין

אים די אַלע אידייען, אויף וועלכע די מערסטע פון אונדז זיינען מסכים — אַז מיר דאַרפן אַרבעטן „פאַר סאָציאַליזם און פּאָליטיק, פאַר פּלאַנירונג אין אַדמיניסטראַציע און פאַר מענטשלעכקייט אין קולטור"; אַז די איצטיקע וועלט־מלחמה איז אין דער בחינה פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע; אַז עס קאָן ניט זיין קיין טריאומף איבער היטלערן, סיידן די דעמאָקראַטישע לענדער וועלן אים איבערשטייגן אין סאָציאַלער דעמאָקראַטיע — אינעווייניק ביי זיך — און אויפן אינטערנאַציאָנאַלן פעלד וועלן זיי בילדן פאַראייניקטע שטאַטן, אונטער אַן אינטערנאַציאָנאַלער עקאָנאָמישער פאַרוואַלטונג.

אָבער וועגן דעם עיקר — ווי אַזוי אָנצוצינדן ביי די מאַסן אַ פאַנאַטישן גלויבן אין דעמאָקראַטישן סאָציאַלן אידעאַל — וועגן דעם שווייגט ער. מען דאַרף, מען דאַרף — אָבער, ווי אַזוי טוט מען דאָס? ער שטויסט זיך אויף איין אָרט. ניט גענוג הוילע עקאָנאָמיק; די עקאָנאָמיק דאַרף געקרוינט ווערן מיט אַ הייליקער מענטש־אידייע. און דאָ איז ביי אים דער מאַרקסיזם פאַרט גערעכט: „אַרבעטנדיק פאַר דער טראַנספאָרמירונג פון די סאָציאַלע קאָנדיציעס, טראַנספאָרמירן מיר זיך אַליין אין דעם פּראָצעס" — אַזוי, אַז די עקאָנאָמיק וועט שוין אַלץ באַזאָרגן, זי וועט זיך אַליין קרוינען. און לערנער פאַלט דאָ צוריק צום פאַר־היטלערישן מאַרקסיזם, וואָס היטלער האָט אים מנצח געווען. ווי אַזוי־זשע וועלן מיר מנצח זיין היטלערן?

בלייבט די קשיה — וואו נעמט מען יענע אמונה אין דעמאָקראַטיע, וואָס זאָל איבערוועלטיקן דעם נאַצישן פאַנאַטיזם?

האָט מאַקס לערנער ניט דערפילט, וואָס מיר האָבן דערוואַרט פון אים. איז ער קלוג, אָבער ניט גענוג קלוג. האָט ער געלערנט, אָבער ניט דערלערנט. עס איז אויבן־אויף, אַז שולדיק אין דעם איז, וואָס ווען מאַקס לערנער טראַכט וועגן היטלערן, טראַכט ער ניט בשעת מעשה וועגן יידן. ער אידענטיפיצירט זיך ניט מיט יידן. וואָרים ווי האָט ער עס ניט באַמערקט, אַז היטלער האָט זיין סטראַטעגיע, וואָס ער, מאַקס לערנער, באַוואונדערט — די סטראַטעגיע, וואָס ציט אַרויס דעם ברוט פון דער פינצטערניש, פון אונטערבאַוואוסטזיין — אַז היטלער האָט זיין סטראַטעגיע אויסגעאַרבעט אויפן יידנס קאָפּ, ברוטאַל אָפּקאָפּירנדיק דעם יידנס ליכטיקע אמונה, וואָס שפּאַנט איין דעם אונטערבאַוואוסטזיין אין דינסט פון באַוואוסטזיין—טאַקע מיט דער הילף פון סימבאָלן און פּערזאָניפיצירונגען?

ווען מאַקס לערנערס מוח וואָלט ניט געהאַט קיין בלינדן אָרט פאַר יידן, וואָלט ער זיין אַנטדעקונג וועגן היטלערן דערפירט ביז צו אַן אַנטפּלעקונג וועגן יידנס ראָליע אין איצטיקן מאָמענט — צום גרויסן נוצן פון אַמעריקע, וואָס איר גראַנדיעזע דעמאָקראַטישע טראַדיציע נייטיקט זיך גראָד אין דער אונטערשטיצונג פון יידנס גאונות פאַר אמונה.

## וואַלדאָ פראַנק

# בונד פון קולטורן אָדער שמעלץ־טאָפּ?

ניט אומזיסט איז איצט ביי אונדז באַנייט געוואָרן די דיסקוסיע, ווי אַזוי זאָלן מיר זיך אַריינגליטשן אין אַמעריקע אַריין: מיט אונזער אייגענעם נאַציאָנאַלן פּנים, אָדער בלויז מיט געוויסע שטריכעלעך אויפן פּנים, לויט וועלכע עס וועט זיין צו דערקענען, אַז מיר זיינען אַמאָל געווען יידן. איצט דאַרף עס באַשלאָסן ווערן. אַמעריקע גייט דורך אַ טבילה פון פייער. זי וועט דורכמאַכן אַ צווייטע געבורט. איז עס דער ריכטיקער מאָמענט מיטאיינגעבוירן צו ווערן.

איז ווי אַזוי זאָלן מיר אַריינגעבוירן ווערן אין איר צווייטער געבורט? אייננהאַלטנדיק גאַנץ אונדזער אייגענע קולטור, מיט איר פולער אייגנאַרטיקייט, ווי מיר, פון יידישן קולטור־לאַגער, האָבן אָפּגעמאַכט ביי זיך, מיט דער הסכמה פון דער פיינערער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ. אַ צוזאַמענשפּיל פון קולטורן זאָל עס זיין!

אַמעריקע, די נייע וועלט, פּירט דורך אַן עקספּערימענט אויף אַ סינטעז פון אַלע דאָ אָנגעזאַמלטע אַלט־וועלטן־קולטורן — פאַר פיל־פאַכער קעגנזייטיקער באַרייכערונג. אָדער מיר זאָלן אַריינגעשמאָלצן ווערן אין דעם שמעלצטאָפּ ביז צום פאַרשווינדן, ווי דאָס פאָדערן און פּראַקטיצירן די פּראָסטע מעכאַניקער פון אַמעריקאַניזאַציע.

גוט, איז די געלעגנהייט אויסצופּרובירן ווי גערעכט מיר זיינען. וואָס איז פריער געווען טעאָריע, דאַרף ווערן פאַקט. איז וואָס טראָגן מיר צו פון אונדזער נאַציאָנאַלן וועזן צו אַמעריקע'ס איבערגעבורט אונטער דעם מלחמה־פייער — אַ ביישטייער וואָס זאָל גלייכצייטיק איר דינען צו גבורה אויף צו געווינען די מלחמה!

די דיסקוסיע דאַרף ניט געפירט ווערן אין אַבסטראַקטן, אין דער לופטן. מיר האָבן גענוג קאָנקרעטע פאַקטן, אויף וועלכע זיך סומך צו זיין. אונדזער אינטעליגענץ האָט שוין לאַנג זיך באַזעצט אין אַמעריקע און אין היפּשע צאָלן פאַרנעמט זי אַן אָרט אויבנאָן אויף דער אַמעריקאַנער קולטור־אַרענע. וואָס גענויער מיר וועלן זיך צו־קוקן וואָס זי טוט דאָרט, אַלץ גיכער וועלן מיר אָפּלערנען די לעקציע, ווי אַזוי אַריינצוטראָגן אונדזער חלק קולטור אין דער אַל־אַמעריקאַנער קולטור־שותפות.

פאַריקן מאָל האָט מיר געדינט פאַר אַ ביישפּיל פּראָפעסאָר

מאקס לערנער. דאס מאָל וועל איך נעמען אויף אַ פאַרהער אַ צווייטן פאַרשטייער פון דער העכערער יידיש־אַמעריקאַנישער אינטעליגענץ — וואַלדאָ פרענק׳ן — און די לעקציע פאַר אונדז וועט זיין נאָך באַלערנדיקער.

מאַקס לערנער, אונטערן פינצטערן שאָטן פון היטלער׳ס אויפשוואונג, האָט געגומען רעווידירן זיין מאַסקסיזם און האָט זיך דערטראַכט ביז צו באַוואָפענען דעם מאַרקסיזם מיט אַן אמונה אין דעמאָקראַטיזאַציע, וואָס זאָל ברעכן דעם נאַציזם פאַנאַטיזם. און דאָ איז ער שטיין געבליבן. אים פעלט עפּעס אויס אין פּסיכאָלאָגיע. זיין דעמאָקראַטישע אמונה איז געבליבן נישט מער ווי אַ גוטער וואונטש. האָב איך דערפון אויסגעפירט, אַז לערנער׳ס אָפּגעריסנקייט פון דער יידישער קולטור־סביבה האָט איר אַליין שאָדן געטאָן — ער האָט ניט פאַרענדיקט זיין אַנטדעקונג — און יידן שאָדן געטאָן און אַמעריקע שאָדן געטאָן. אויב דעמאָקראַטיע דאַרף דערהויבן ווערן צו דער מדרגה פון אַמעריקע׳ס אמונה, האָבן יידן בייצוטראָגן זייער גאַנצע געשיכטלעכע דערפאַרונג.

אָט דער אויספיר וועגן דעם דרייפאַכן שאָדן: צו זיך, צו יידן, צו אַמעריקע — וועט דרייפאַך זיך באַשטעטיקן ביי וואַלדאָ פרענק׳ן ווייל ער איז אי רעליגיעזער, אי יידישער, אי אַמעריקאַנישער. ער דאַרף ערשט ניט גיין זוכן אַ דעמאָקראַטישע אמונה, ער האָט זי שוין לאַנג געפונען. אין אַ ריי פילאָזאָפיש־געשיכטלעכע טראַקטאַטן: „די ניי־אַנטדעקונג פון אַמעריקע", „אונדזער אַמעריקע", „אַ מאַפּע פאַר שטורמדיקע וואַסערן" — איז ער בסדר פאַרנומען מיט איבעראַרבעטן די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע אין אמונה.

וואָס איז וואַלדאָ פרענקס דעמאָקראַטישע אמונה? נישט מער און נישט ווייניקער ווי די אַלטע יידישע אמונה. הגם וואַלדאָ פרענק ווייס עס ניט. דורך אים רעדט אַן ספק די יידישע רעליגיעזע שעפערישקייט, וועלכע קאָן אריינזען גאָט אין אַ ליידיקן מדבר. אָבער מיט אים האָט גאָר ערגערעס פּאַסירט ווי מיט מאַקס לערנער׳ן. אין זיין אָפּגעפרעמדקייט פון יידן האָט ער פאַרביטן די יידן מיט די קאַטאָליקן. ער איז אַ שפּאַנישער ייד, פון אַ משפּחה, וואָס זיצט פון דור דורות אין אַמעריקע. אָבער שפּאַניע קאָכט נאָך אַלץ אין זיין בלוט. זיינע רייזע־ביכער זיינען געווידמעט שפּאַניע און דער שפּאַנישער אַמעריקע. ער איז אַ סאָציאַל־רעליגיעזער מאַקסימאַליסט. אַ פייערדיקער אונטערשטיצער געווען פון די שפּאַנישע לאָיאַליסטן קעגן פראַנקאָ׳ן. אָבער אַז עס קומט צו רעליגיעזער פילאָסאָפיע, באַשרייבט ער אַזוי געגוי די עסענץ פון יידישער עקזיסטענץ און שענקט עס אַוועק דעם שפּאַנישן קאַטאָליציזם.

צו געבן פראַנקאָ׳ס פילאָסאָפיע אין אַ נוס־שאָלאַכץ, וועל איך אָנהייבן פון זיין עיקר. דער מענטש איז אַ שותף צום באַשעפער. ער

באקומט ציל, ריכטונג, ווירדע און ווערדע, ווייל גאט איז אין אים. דאס איז דער מיסטישער פארשכל'דיקער גרונט פון מענטשנס אלע שכל'דיגע דערפארונגען.

דער מענטש איז דערנידעריקט געווארן. די וועלט איז אים פאר־ביטן געווארן מיט יענער וועלט. איז געקומען די רעפארמאציע — לוטער און קאלווין — און האבן ארויסגעווארפן דעם שאלעכץ צוזא־מען מיט דער יארדע.

דא מאכט וואלדא פרענק א נסיעה דורך די יארהונדערטער ביז צום 19־טן יארהונדערט מיט זיינע וויסנשאפטלעכע אנטדעקונגען, וואס האבן געבראכט מיט זיך די פילאסאפיע פון „עמפירישן ראציא־נאליזם", וואס פאר'שכל'ט נאר דאס, וואס דערלאנגט זיך צו די חושים: זאכן, פאקטן, עקספערימענטן — וואס זייער געמיינשאפט־לעכער פראדוקט איז די מאשין, וועלכע איז געווארן אויבערהאר איבערן מענטשן. אין אמעריקע איז די מאשין געווארן דער אפגאט, און זי האט געבראכט א מאשינאווע פילאסאפיע — דעם פראגמאטיזם — וואס אנערקענט פאר אמת נאר דאס, וואס לאזט זיך בארעכטיקן אין דער אוממיטעלבארער פראקטיק. די גרויסע דעמאקראטישע טראדי־ציע, וואס האט געגרינדעט אונדזער רעפובליק און וועלכע איז יא באַ־זירט געווען אויף דעם שעפערישן געפיל פון מענטשנס גאנצקייט מיט דעם באשאפער, איז אויסגערונען געווארן.

און איצט קומט די צאלונג. די מאשינאווע פילאסאפיע, וואס גלייבט בלויז אין זאכן און אין אנהויפן זאכן — די עבודה זרה צום מאשין־אפגאט — האט אפגעריסן דעם מענטשן פון דער אינעוווי־ניקסטער לעבענס־מיסטעריע. ס'איז א במקום רעליגיע, וואס לאזט אויס דאס לעבן, פארשטעלט דעם אינערלעכן פלוס פון לעבן. אבער לעבן לאזט זיך ניט אויסלאזן. געפינט עס ניט אן אפענעם אויספלוס, זוכט עס זיך אויס אן אונטערערדישן קאנאל אויף אויסצולויפן. די פארשטיקטע לעבנס־עמאציעס ווערן ווילדע, משוגע, רייסן זיך דורך מיט צארן און שטורעם און באשאפן אן אוממענטש, א טייוולישן אנטי־מענטש, א לעבעדיקן מאשין־אפגאט, ווי היטלער, מיט מיליאנען מא־שין־מענטשעלעך, מענטשן־זאכן, וואס בוקן זיך צו אים אין געצנ־דינערישן פחד.

דאס איז דער פאשיזם. די נקמה פון דער מאשין. די זאך, א טייל פון דעם מענטשן, וויל ווערן דער גאנצער מענטש, די גאנצע גאנצ־קייט, די טאטאליטעט—דאס איז דער טאטאליטאריאניזם.—דער פא־שיזם־טאטאליטאריאניזם איז דער אינסטרומענט פון דער ביטערער, פארביטערטער גערעכטיקייט. — צו א וועלט־רעוואלוציע האט עס געמוזט קומען. עס האט זיך אנגעזאמלט א וועלט מיט אומרעכט קעגן מענטשן. אבער דער וועג צו גערעכטער, מענטשלעכער רעוואלוציע בארג־ארויף איז פארשפארט געווארן דורך דער מאשין־אפגעטריי.

האָט זי זיך דורכגעבראָכן ווי אַן אומגערעכטע, אוממענטשלעכע רע־וואָלוציע באַרג־אַראָפּ. און כל־זמן אַ נייער כוח וועט זיך ניט מעלדן צו היילן די משוגע־געוואָרענע וועלט־רעוואָלוציע, וועט זי בלייבן אַ רע־וואָלוציע באַרג־אַראָפּ.

דאָס פּראָבלעם איז ווי צו רעוואָלוציאָניזירן די רעוואָלוציע. קעמפן קעגן טאָטאַליטאַריאַניזם קאָן מען נאָר דורך קאַמף פאַרן טאָטאַלן, גאַנצן מענטשן, וואָס דערקענט אין זיך זיין גאַנצקייט מיט דעם באַ־שאַפער — דאָס מיינט מיט אַ רעליגיעזער רעוואָלוציע. אָבער די, וואָס קעמפן איצט קעגן היטלערן, זיינען אַליין אָנגעשטעקט מיט מאַ־שין־אָפּגעטעריי. זיי זיינען אַליין מיטשולדיקע. ווי קאָנען זיי ווערן דער כוח, וואָס זאָל מנצח זיין היטלערן?

וואָס־זשע איז דער אויסוועג? וואַלדאָ פראַנק איז אַ גלויביקער און גלויבט אין אַ נס: די גרויסע טראַדיציע פון מענטשנס גאַנצקייט מיט דעם באַשעפער וועט ווידער נעמען קוועלן פאַר אַמעריקע, און ס'וועט זיך אויספּלייצן אויף איר די שעפערישע גנאָד.

פּראַקטיש זוכט ער אונטערצואייַלן דעם נס דורך פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַן ענגערער פאַרבינדונג צווישן דער אַנגלאָזאַקסישער און דער שפּאַנישער אַמעריקע, וועלכע איז מעגלעך הינטערשטעליק אין אויי־סערלעכער דעמאָקראַטיע, אָבער אין אינערלעכער דעמאָקראַטיע, אין נאָענטקייט צו דער גרויסער טראַדיציע, דעם הויפּט־קוואַל פון אַלע גוטסקייטן, איז זי ווייט פאָרויס — משמעות אַדאַנק דעם שפּאַנישן קאַטאָליציזם, וואָס האָט זיך דאָרט דערהאַלטן.

איז די שפּאַניער יאָ, אָבער מיר, יידן, זיינען ביי אים ניטאָ. אין זיין גלוסטעניש נאָך דעם עיקר פון אַלע עיקרים — נאָך דעם מענטשנס מיטשותפות מיט דעם באַשאַפער—האָט ער אויסגעוואַנדערט אַ וועלט און דורכגעוואַנדערט די געשיכטע, ביז ער האָט מיט מזל זיך אָנגע־שטויסן אויף דעם ריינעם, אידעאַלן קאַטאָליציזם פון מיטלאַלטער. און אָט זיינען מיר אַ פאָלק, וואָס מיר שטייען פאַר הויפּט־עדות פאַר דעם עיקר פון אַלע עיקרים, וואָס ביי אונדז האָבן זיי עס געבאָרגט; וואָס אויף דעם עיקר פון עיקר האָבן מיר איינגעשטעלט אונדזער גע־שיכטע און אונדזער גורל — מיר, די באַרופענע צו שאַפן און איבער־שאַפן די וועלט מיט דעם באַשאַפער אינאיינעם!—און וואַלדאָ פראַנק, אַ זון פון אונדזער פאָלק, מערקט אונדז אַפילו ניט. די שפּאַניער פון דרום־אַמעריקע זאָלן אים יאָ העלפן ראַטעווען צפון־אַמעריקע, און וועגן אונדז, וואָס מיר זיינען דאָ פאַרזאַמלט אין פינף מיליאָן — וועגן אונדז טראַכט ער אַפילו ניט.

און ער באַקומט זיין שטראָף. ער ווערט נאָך ערגער געשעדיקט ווי מאַקס לערנער, וועלכער האָט זיין אַנטדעקונג וועגן היטלערן ניט פאַרענדיקט. וואַלדאָ פראַנק האָט, אָן ספק, ניט נאָר אַנטדעקער־פעאיקייטן, נאָר אַן אַנטדעקער־טאַלאַנט. ווען אין קאָנטאַקט מיט דער

יידישער קולטור־סביבה, וואָלט זיין טאַלאַנט זיך גע׳כפל׳ט ביז צו געניאַליטעט — ער וואָלט אַנטדעקט דעם אַגענט, וואָס זאָל אים צו־שטעלן דעם נס, וואָס ער האָט דערוואַרט. אָבער אָן קאָנטאַקט, האָט ער מיט זיין נס זיך אָנגעשטויסן אָן אַ טויבער וואַנט.

נאָך אַן אויספיר בעט זיך פונם עקזאַמען, צו וועלכן איך האָב געשטעלט וואַלדאָ פרענק׳ן: אין די דיסקוסיעס, וואָס ווערן ביי אונדז איצט געפירט, צי עס וועט זיין אַן אַל־אַמעריקאַנישע שותפות פון קולטורן, ווי מיר, פון יידישן קולטור־לאַגער, ווילן עס, אָדער אַ שמעלצטאָפּ, ווי די אַסימילאַטאָרן ווילן עס — פאַרשטייט מען די יידישע קולטור זייער שמאָל: מען רעדט וועגן אַ יידישער אייגנ־אַרטיקייט, לעבנס־ריטם, קולטור־סטיל, קולטור־ניואַנסן, קולטור־אַק־צענט — אַט די אַלע גלאַטע פראַזעלעך, וואָס קייקלען זיך פון זיך אַליין פון צונג אַראָפּ — סימנימלעך, שטריכעלעך, וואָס זיי, הייסט עס, דאַרפן מיר אַריינטראָגן אין דער אַל־אַמעריקאַנישער שותפות. ניין, ניט בלויז אייגנאַרטיקייטן, ניואַנסן, אַקצענטן, נאָר דאָס גאַנצע פאָלק בכבודו ובעצמו מיט זיין גורל, מיט זיין באַרוף, און במילא שוין מיט זיין גאַנצער קולטור — דאַרף אַריינגיין ווי אַ גלייכבאַרעכטיק־טער מיטגליד אין דער שותפות.

צי עס וועט זיין אַן אַל־אַמעריקע, אָדער אַ שמעלצ־טאָפּ — דאָס וועט די איצטיקע מלחמה באַשליסן. און עס ווענדט זיך נאָר אַ סך אין אונדז אַליין. מיר דאַרפן זיין דער אַגענט פון דעם נס פון אַמע־ריקע׳ס איבערגעבורט, אין וועלכער מיר דאַרפן אַריינגעבוירן ווערן.

„טאָג“, פעב. 15, 1942.

# בייט אויס דעם אוצר פון יידישן גלויבן אויף קאַטוילישע נסים

מיר האָבן איצט ניט קיין שטרייט מיט דער קאַטוילישער קירך. און כאָטש מיר האָבן געמענט שטאַרק פּאַראיבל האָבן אויף די קאַטוילישע קירך־שררות דאָ אין לאַנד, וואָס האָבן רואיק צוגעקוקט ווי קאַגלין פאַרקריסטלט די היטלערישע יידן־שנאה און זיי האָבן אים דאָס מויל ניט פאַרמאַכט, כאָטש זיי האָבן געהאַט די מאַכט. אָבער אין גרויסן גאַנצן האָט די קאַטוילישע קירך מיט איר האַלטונג צו יידן אריינגעשניטן אַ ליכטיקן פּאַס אין דער איצטיקער וועלט־פאַרפינצטערונג. דער פּויפּסט, פון זיין העכסטן פּאָסטן אין וואַטיקאַן, האָט מערערע מאָל פאַרשאָלטן די נאַצישע ראַסן־משוגעת, און די קאַטוילישע בישאָפן אין די נאַצישע לענדער האָבן די פאַרשילטונג געפּרעדיקט פון זייערע קירכן־בימהס און זיינען דערפאַר גערודפט געוואָרן. דערמיט האָט די קאַטוילישע קירך אָנגעהויבן אויסקויפן אירע שווערע היסטאָרישע שולד, ווען זי, די טאָכטער פון דער יידישער רעליגיע, האָט זיך געפירט קעגן איר ווי אַ בייזע שטיף־טאָכטער.

דאָס מיינט בשום אופן ניט אַז דער היסטאָרישער חשבון איז שוין אויסגעגליכן. אי זי ווייס, אי מיר ווייסן, אַז ביי דער וועלטס יום־הדין וועט זי זיך דאַרפן פאַרענטפערן פאַר די אַלע אינקוויזיציעס, שייטער־הויפנס, גזירות און רדיפות. און ווען די וועלט מאַכט איצט דורך דעם יום־הדין, וועט דאָס פאַנאַנדערחשבונען זיך באַלד מוזן געשען. דערפאַר זיינען צום טאַדלען יענע יידן, וואָס ווישן אָפּ באַצייטנס דעם חשבון, און ווי קיינמאָל גאָרנישט טראָגן זיי דעם אָפּגעווישטן חשבון אויף דעם גויישן מאַרק צו פאַרשאַבערן אים ווי אַן אָנגעלייגטע סחורה מיט גרויסן פּראָפיט.

פראַנץ ווערפעל טוט עס ניט ווייסנדיק. גאַנץ אומשולדיק טראָגט ער דעם יידישן נשמה־אוצר, פון וואַנען עס קוועלט אים זיין גרויסער טאַלאַנט, אין דער פרעמדער אוועק. אין זיין באַרימטסטן ווערק — „די פערציק טעג אויף דאַגאַ מוס" — האָט ער גענומען די וויטאַגדיקסטע יידישע נשמה־סתירה, דעם שלום־אומשלום צווישן ייד און וועלט, און עס אַוועקגעשאָנקען ווי אַ מתנה די אַרמענער. די אַרמענער פאַרגינען מיר. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען כמעט אַ העלפט פון זייער גאַנצער צאָל — 900,000 נפשות — אויסגעשאָכטן געוואָרן אין טערקיי.

האט מען זיי געדארפט אריינגעבן ווי א רפואה יידישע טרייסט און נבואה. אבער אין די צוויי ראמאנען, וואס האבן זיך אים אפגעשלאגן פון דער איצטיקער וועלט־מלחמה — „אויסגעשווינדלטער הימל", אין 1940 און „דאס ליד פון בערנאדעט", וואס איז נאר־וואס דערשינען — טראגט ער יידישע מתנות צו דער קאטוילישער קירך, וועלכע נויטיקט זיך גארניט אין אונדזערע מתנות. מיר וואלטן זיי געקענט פארנוצן צו אונדזער אייגענער שטארקונג און רעטונג. מיט אויסערגעוויינלעכן טאלאנט שילדערט ער די וואונדער פון גלויבן, פונקט ווי גלויבן וואלט געווען א קאטוליש אייגנטום.

וואס פאר א תשוקה איז זיי באפאלן, די ערשט־קלאסיקע יידישע אינטעלעקטואלן אין מערב־אייראפע, ווען זיי זיינען מיד געווארן פון דער פלאכער וויסנשאפטלעכער שכלדיקייט, פון דער טרוקענער מעכאניסטישער פארשיכורונג און זיי זיינען דארשטיק געווארן נאך נשמהדיקער זאפטיקייט? וואס האט זיי געטריבן צו לויפן שטילן זייער דארשט דווקא צו די קאטוילישע גלויבנס־קוואלן? וואס דארף מען מער — אנרי בערגסאן! ער האט זיי דעם וועג געוויזן. ער, דער מחבר פון שעפערישער עוואלוציע, וואס איז אויפגענומען געווארן ווי א „געטלעכע זעאונג דורך פילאזאפיע", — האט ער פון זיין אייגענעם „שטראם פון אינטואיציע" זיך ניט געקאנט אנטרינקען? איז אים זיין אייגענער „לעבנס־דראנג" ניט גענוג געווען? האט ער ניט אנדערש גע־דארפט אן אונטערשטיצונג פאר זיין פילאזאפיע דורך דער קאטוי־לישער טעאלאגיע? אויב ער האט געדארפט א באשטעטיקונג דורך א היסטארישן עדות, איז דאך דאס עדות זאגן פון יידישן פאלק, וואס האט זיין גאנצע געשיכטלעכע עקזיסטענץ איינגעשטעלט אויף אינטואיציע, לעבנס־דראנג און גלויבנס־קראפט, א פיל שטארקערע באשטעטיקונג.

די דערקלערונג פאר דעם איז זיין לעבנסלענגלעכע אפגעפרעמדקייט פון יידן, זיין ניט צוזאמענלעבן מיט יידן.

דאס איז אויך די סיבה פארוואס פראנץ ווערפעל פארקאטוילישט זיינע לעצטע ראמאנען. ער האט געדארפט געבן אויסדרוק צו זיין אנטוישונג מיט קאפ־קלוגשאפט און מאטעריאליזם, וואס זיינען פאר אים די הויפט־שולדיקע אין דער איצטיקער וועלט־מהומה. נעמט ער אין „אויסגעשווינדלטן הימל" א שריפטשטעלער טעא — אן אנטוישטער, א פארביטערטער, א סקעפטיקער, וואס רייסט זיך צו גלויבן, אזוי ווי ער, ווערפעל אליין, און לאזט אים באוואונדערן אן אלטע טשעכישע דינסט טעטא לינעק, וועלכע איז גארניט קיין הייליקע — א פרימי־טיווע פויערטע, א הארטע, קאלטע, קארגע און אפילו א ביסעלע א גנבטע. וואס־זשע איז איר גרויסע מעלה? איר פעסטער אומדערשי־טערטער גלויבן אין יענער וועלט. טויט איז פאר איר פונקט אזא ווירק־לעכקייט ווי דאס לעבן. כדי איינצושאפן זיך א חלק עולם הבא טוט זי

אריין די האַרעוואַניע פון איר גאַנץ לעבן, מיט אַלע אירע קליינע גנבה־לעך, אין אירן אַ פּלימעניק, וועמען זי האָט קיינמאָל ניט געזען. נאָר ער שרייבט איר פרומע, לאַקריץ־זיסע בריוועלעך און צאַפּט פון איר געלט, אונטער דעם אויסרייד, אַז ער שטודירט אויף גלח. וועט זי דאָך האָבן אַ „קדיש", אַ תפילה־זאָגער פאַר איר נשמה. איז זי געזיכערט מיט אַ בילעט צום גן־עדן. און ווען דער פּלימעניק שטעלט זיך אַרויס פאַר דעם שווינדלער, וואָס ער איז, האַלט זי זיך פאַר אַ מיטשולדיקע אין זיינע עבירות, איז זי דאָך מסתמא ביי גאָט ניט ווערט געווען, איז זי עולה רגל קיין רוים און שטאַרבט גאַר אַ גליקלעכע, וואָס איצט וועט שוין דער פּויפּסט אַליין זיין איר „קדיש" און תפילה־זאָגער פאַר איר נשמה.

וואָס־זשע באַוואונדערט דאָ טעאַ־ווערפעל? די שטאַנדהאַפטיקייט פון גלויבן פון אַ זקנה קעגן דער צעוואָרפנקייט און צעשרויפטקייט פון דער אומגלויביקער אינטעליגענץ. אויסגעצייכנט, פאַראינטריגירנדיק געשריבן — פּונקט ווער וויים וואָס פאַר אַן אויסערגעוויינלעכע מעשה ער האָט דאָ דערציילט! — אָבער דער אויפטו איז קנאַפּ. מיט אַט דעם אַבסטראַקטן שטיקל מיסטיציזם, אויף וועלכן בערגסאָן וואַלט בלויז אַ שמייכל געטאָן; מיט אַט דעם ביליקן בילעט צום גן־עדן קאָן מען זיך פאַרמעסטן מיט אַ וועלט־מדינה. ווערפעלס באַבעס און עלטער־באַבעס האָבן אַ סך מוסר־נפשדיקער צוזאַמענגעהעפט די וועלט מיט יענער וועלט.

דער איצטיקער ראָמאַן „דאָס ליד פון בערנאַדעט" איז שוין אויף אַ סך אַ העכערער מדרגה. ניט קיין פריוואַטע קאַטוילישע מעשה, נאָר די קאַטוילישע קירך, ווי זי פונקציאָנירט אויף אַ ברייטן געזעלשאַפט־לעכן מאַסשטאַב — אין איר אַקטיוווסטער פונקציע, אַלס היילערין פון מאַסן־נשמות און מאַסן־לייבער. ווערפעל איז געניג פאַרזיכטיק צו רעקאָמענדירן זיך אין פאָרוואָרט אַלס ייד, ניט אַלס קאַטויל. ער גלויבט ניט אין דער הייליקער מאַריע, נאָר אַלס קינסטלער איז ער פאַראינטערעסירט אין דער געטלעכער מיסטעריע, ווי זי אַרבעט זיך דורך דורכן מענטשן און וואָס „אַן איר וואַלט קיין זין און קיין האָפ־נונג ניט געווען פאַר דעם מענטשנס עקסזיסטענץ אַנטקעגן אַ וועלט מיט רשעות". אַן אויסבאַהאַלטן זיך פון דער רשעות אין מיסטעריע. ווידער אַמאָל אַ קינסטלערישע פּליטה פון דער וועלט־מהומה, ניט קיין פאַרמעסטט מיט איר. אָבער ווער קאָן פאַרווערן אַ קינסטלער אויס־צוקלייבן זיך וועלכע טעמע ער וויל און אָנווייזן אים וועלכע שטעלונ־גען צו נעמען? דאָס איז דאָס איינרעדעניש פון קינסטלער! פּראַקטיש איז ער אַ גאַנץ שאַרפער קעמפער קעגן נאַציזם, אָבער די מיסטעריע איז ניט קיין קאַמף־מיטל. זי איז באַלזאַם פאַר זיין נשמה. און קונסט אין די באַלזאַמירערין.

ווען אין יוני, 1940, האָבן די נאַצים פאַרנומען פראַנקרייך און

ווערפעל איז געלאָפן זיך ראַטעווען פון די נאַצישע הענט, איז ער פאַר עטלעכע וואָכן געבליבן שטעקן אין די פּירענייען־בערג. אין דעם באַרימטן הייליקן קאַטוילישן קור־אָרט לורד, וואו צענדליקער, הונדערטער טויזנטער חולאים פון אַלע גלויבנס זיינען זינט 1858 עולה רגל יערלעך און טאָג־טעגלעך, זוכנדיק רפואה, האָט ווערפעל זיך אָנגעזען, אָדער עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער זעט, ווי צעריסענע צעפוילטע לייבער ווערן גאַנץ און געזונט, און ער האָט זיך אָנגעהערט די געשיכטע פון דער 14־יאָריקער מיידל בערנאַדעט סובורע, וועלכע האָט אין יענעם יאָר געהאַט אַ זעאונג פון אַ וואונדערשיינער יונגפרוי, און פון דער זעאונג איז אַרויסגעוואַקסן אַ נייער, פאַרשטאַרקטער זכות אויף לעבן פאַר דער קאַטוילישער קירך. האָט ווערפעל זיך אַ נדר געטאָן, אַז ווען גאָט וועט אים העלפן און ער וועט אויסגעלייזט ווערן פון די נאַצישע הענט, וועט ער זינגען אַ לויב־געזאַנג דער מיידל בערנאַדעט. דער ראָמאַן איז די דערפילונג פון אָט דעם נדר. דער ראָמאַן הייבט זיך אָן פון דאָנערשטיק, דעם 11טן פעברואַר, 1938, און דורכגייענדיק אַלע פראַנצויזישע שיכטן, דורך אָרעמע היימען און רייכע פּאַלאַצן, דורך פּאָליציי־קאַמערן, געריכט־קאַנצעלאַריעס און קלויסטערס, דורך קירכלעכע אַמביציעס און פּאָליטישע אינטריגעס, דורך פראַנצויזישע מיניסטער־קאַבינעטן, דורך דעם שלאָפצימער פון נאַפּאָלעאָן דעם קליינעם — דערגייט דער ראָמאַן ביז צום 8טן דעצעמבער, 1933, ווען די מיידל בערנאַדעט איז אין סאַנקט־פּעטער־קירך אין רוים קאַנאָניזירט געוואָרן פאַר אַ הייליקער דורך פּויפּסט פּאַיוס דעם 11טן.

צוויי גרויסע טאַלאַנטן באַווייזט ווערפעל: איין טאַלאַנט זיינער קאָמבינירט פּסיכאָלאָגיש־אינטימע פאַרטיפונג מיט דער נאַטירלעכסטער מעשה־דערציילונג. דעם טאַלאַנט זיינעם גיט ער אַוועק בערנאַרדעט, ער צווינגט קיין זאַך ניט אַרויף. ער מאַכט דאָס אומגלויבלעכסטע גלויבלעך. אַ פאַרהונגערטע, אַסטמאַ־קראַנקע מיידל, ביי אַ טאַטן אַ שלימזל, אַן אַרבעטסלאָזן, האַלב־שיכורן מילער. זאַלבעזעקסט אין אַ שטיינערנעם פייכטן קאַמער פון אַ געוועזענער געפענגעניש. דאָס מיידל זאָגט אַליין אויף זיך, זי איז אַ „נאַרעלע" — די לעצטע אין קלאַס; זי קען אַפילו ניט „דעם אלף־בית פון קאַטעכיזים", אָבער אַ קינסטלערישע נאַטור: זי קען צייכענען און מאָלן, און נאָך בעסער קען זי חלומען, און נאָך בעסער קען זי זען אירע חלומות. איינמאָל, ווען זי איז געגאַנגען קלייבן שפּענער און דערנער ביי דער הייל און פעלדז, וואו דאָס שטעטל פלעגט וואַרפן דעם אָפּפאַל, האָט זי דערזען אַ יונגפרוי, איר חלום וועגן ליבע און שיינקייט. איז זי אַזוי באַגליקט געוואָרן, אַז זי און די זעאונג האָבן שוין איינע די אַנדערע ניט אָפּגעלאָזט. וויפל מען מאַטערט זי ניט — זי זעט, זי זעט! די זעאונג רעדט צו איר. איינמאָל, אָנווייזנדיק בערנאַרדעט אויף אַ ווינקל פון הייל, האָט זי איר געהייסן זיך אָפּטובלען אין קוואַל. עס איז קיין קוואַל ניט געווען, נאָר פייכטע בלאָטע, און בערנאַרדעט האָט זיך

אויסגעשמירט דאָס פּנים צו אַלעמענס געלעכטער. אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט פון דעם אָרט אַרויסגעשלאָגן אַ קוואַל. דאָס איז גאָר קיין וואונדער ניט. אין די בערג טרעפט עס. און בערנאַרדעט, אין איר עקסטאַז־טראַנס, האָט עס פאַראויסגעשפּירט. דער ערשטער וואונ־דער איז געשען, ווען אַ שכנה האָט איר פּאַראַליזירטן צוויי־יאָריקן יינגעלע, וואָס האָט געהאַלטן ביים אויסגיין אין אַ קאַנוואולסיווער אַטאַקע, אַריינגעוואָרפן אין אַן אייז־קאַלטן קוואַל־וואַסער. דאָס יינגע־לע האָט זיך גלייך געשטעלט אויף די פיס. דערפון האָט זיך עס אָנ־געהויבן. מיט 75 יאָר שפּעטער איז אָט דער ערשטער געהיילטער דורך אַ וואונדער געווען דער ערן־גאַסט ביי דער קאַנאָניזירונג פון בערנאַרדעט אין רוים.

ווערפעלס צווייטער טאַלאַנט איז אַן „אָביעקטיווער" — זיין בריהשאַפט צו דערציילן, שילדערן און טרייבן געשעענישן — אַפילו וואו עס רירט אים נישט שטאַרק אָן. דער טייל פון ראָמאַן האָט שוין פאַר זיין העלדין ניט בערנאַרדעט, נאָר די הייליקע מאַריע. בער־נאַרדעט, אין איר ערלעכער פּשטות, האָט קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז איר יונגפרוי איז מאַריע. דאָס האָט שוין דאָס פרומע, נאָך היי־לונג־לעכצנדיקע פאָלק צוגעגעבן פון זיך. יאָ, מיט ווערפעלס הילף. דער צווייטער טאַלאַנט ווערפעלס איז אַ ביסל אַ פּסולער. דערמיט אַליין גיט ער זיך אַרויס, וואָס ער לייגט אַריין אין בערנאַרדעטס מויל דעם לאַטייניש אויסדרוק פאַר „אומבאַפלעקטער פאַרשווענגע־רונג", וואָס בערנאַרדעט הייבט ניט אָן צו וויסן וואָס דאָס מיינט, נאָר די יונגפרוי זאָל עס איר האָבן געזאָגט. שטריך נאָך שטריך, אונטער־זאָגנדיק דעם פרומען פאָלק, קאָפּירט ער די פּאַרטיקע מאַריע־לעגענדע, (פּונקט ווי דאָס טוען יידן ראָמאַניסטן אין זייערע יעזוס־ראָמאַנען). קונציק פאַרשטעלט ער זיין באַוואוסטזיניקע, אָדער אומבאַוואוסטזי־ניקע, קאָפּירונג מיט פאַרכאַפּנדיקער, געשפּאַנטער אוואַנטורע. די פּאָ־ליטיקער זיינען חושד, אַז דאָס איז אַ קירכלעכע פאַרשווערונג, כּדי אונטערצוגראָבן מיט וואונדער נאַפּאָלעאָנס „ליבעראַלן" רעזשים. נאַ־פּאָלעאָן וואַקלט זיך: דאָ פאָלגט ער די פּאָליטיקער און באַפעלט צו פאַרצאַמען די הייל, און דאָ אין שרעק פאַר דעם גערעדאַנג פון עולם און פאָלגנדיק זיין ווייב, באַפעלט ער די הייל צוריק עפענען. און די קירכן־פּאַטערס? זיי וואָלטן גערן געהאַט וואונדער, אָבער זיי האָבן מורא, אַז די וואונדער זאָלן ניט פּלאַצן. פאַררעכענען זיי פאַר וואונדער נאָר יענע פּלעצלעכע היילונגען, פאַר וועלכע די מעדיקער האָבן קיין דערקלערונג ניט. געשען אַזעלכע וואונדער אין לורד? זאָלאַ אין זיין ראָ־מאַן „לורד", פּיינט האָבנדיק מיסטעריעס און מער זיך אָפּגעבנדיק מיטן „גיהנום פון פלייש", פאַרציייכנט יאָ עטלעכע אַזעלכע פאַלן. ד"ר אַלעקס קאַרעל, פריער פון ראָקעפעלער אינסטיטוט, איצט פּעטענס קינדער־עקספּערט, באַשטעטיקט אין זיין בוך „דער מענטש דער

אומבאַקאַנטער״, אַז ער האָט אַליין געזען, אַז אַ קענסער־אויסשלאַג אויפן לייב איז מיטאַמאָל געהיילט געוואָרן.

און ווערפעלס אייגענע שטעלונג וואָס איז? ער איז דאָ אין ראָמאַן אין דער געשטאַלט פון פּאָעט לאַפּיט. פאַר לאַפּיטן איז בערנאַרדעט אַ שיינע פּאָעמע, אַ קינסטלערישע לעגענדע. לעגענדעס זיינען קינסט־לערישע איינפאַלן פאַר גלויבנס־עמאָציעס, וואָס האָבן ניט אויף וואָס זיך צו האַלטן. מאַכט אים ניט אויס וועלכע לעגענדעס. אָבער ווען מיט 20 יאָר שפּעטער קומט ער צוריק צו דער הייל מיט אַ קענסער אין האַלדז און ער פאַלט אַריין צווישן תפילהדיקן, קניענדיקן עולם, פאַרפלייצט אים אַליין אַ שטראָם פון גלויבנס־עמאָציע, ער קניט און עס דוכט זיך אים, ער איז געהיילט. יעמאָלט זאָגט ער: גלויבן איז ניט נאָר אַ פונקציע פון דער נשמה, נאָר די נשמה אַליין.

דערמיט בין איך מסכים. רופט עס זעלבסט־היפּנאָז, אָבער זעלבסט־היפּנאָז וואָס ציט אַריין דעם מענטשנס גאַנצן נפש פאַר זיין לעבנסדויער, איז גלויבן. אינם מענטשן איז עס אמת, אַז גייסט, אַנגעשפּאַנט ביז צום גלויבנסגראַד און באַקרעפטיקט מיט גלויבנס־מעשים, באַהערשט דעם חומר. געדאַנקען אַנגעקוואָלענע מיט גלויבן, ווערן זאַכן. בפרט ביי אַזאַ פאָלק ווי אונדזערס, וואָס האָט דורך זיין געשיכטלעכן לעבנס־דויער ניט נאָר זיינע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, נאָר זיין גאַנצן קיום איינגעשטעלט אויף גלויבן — האָבן מיר אָנגעזאַמלט אַ ריזיקן נשמה־אוצר, וואָס איז איבערגעלאָדן מיט מאַגישער קראַפט. פאַרדריסט עס ביזן ביין, וואָס אַזעלכע גרויסע טאַלאַנטן ווי בערגסאָן און ווערפעל, וואָס ציען זייער אינטואיטיווע פאַרשטענדעניש פאַר גלויבן פון זייער יידישער פּסיכי־שער ירושה, טראָגן עס אַוועק ווי אַ מתנה צו דער קאַטוילישער קירך. טוען זיי זיך שאָדן און טוען נאָך מער אונדז שאָדן. גראָד איצט נויטיקן מיר זיך אין אַ קינסטלעריש־פילאָזאָפישער אויפקלערונג פון אונדזער גאַנצן גלויבנס־פאַרמעגן — ניט אַזוי פאַר היילונגס־צוועקן, נאָר פאַר דירעקטער איינווירקונג אויף די וועלט־געשעענישן. וואָרעם עס קאָן דאָך יאָ געמאָלט זיין, מיר זאָלן זיך באַלד דאַרפן פאַנאַנדערחשבונען מיט אַלע איינגעשטעלטע גלויבנס — די טעכטער און שטיף־טעכטער. דאַרפן מיר זיין גרייט.

„טאָג“, 12־טער יולי, 1942.

# IV

# ליטעראַטור און דערציאונג

1. דער משוואָק אין אין־סוף.
2. סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער מעטאָד.
3. אמתער אמת.
4. געדאַרפט אַ גאון.



קאַפּיטל 1

# דער טשוואַק אין אין־סוף

איידער איך גיי אָן ווייטער מיט מיין רעוויזיע פון דער „רעוויזיע פון יידישיזם", וואָס די שול־טוער האָבן אונטערגענומען, אונטער דער השגחה און מיט דער מיטהילף פון דער אָפיציעלער יידישיסטי־שער פאַרוואַלטונג — לאָמיר נאָכאַמאָל אַריינקוקן אין דעם פּראָבלעם, אויף וועלכן די „רעוויזאָרן" האָבן זיך אָנגעשטויסן: — ווי ברעכט מען דורך די מחיצה צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט? — וואָס אַט די מחיצה איז עס, דוכט זיך זיי, וואָס לאָזט זיי ניט אַריינדרינגען מיט דער וועלטלעכער פאָלקס־שול אין פאָלק אַריין. און אַזוי ווי זיי קאָנען די מחיצה ניט דורכבהדעכן, איז די פּראַקטישע אויסרעכענונג ביי זיי גובר: פאַרמאַכן זיי זיך די אויגן, פאַרמאַכן זיך דעם מוח, און זיינען גרייט זיך אַ וואַרף צו טאָן מיטן קאָפּ אַראָפּ אין שול אַריין...

איז מיין באַהויפּטונג דערויף, אַז קיין מחיצה איז ניטאָ. אַלץ וואָס מיר פינען אַריין אין רעליגיע, קאָן פון דער ליטעראַטור איבער־גענומען און פאַרוועלטלעכט ווערן. די נפקא־מינה צווישן רעליגיע און ליטעראַטור איז ניט אין זייערע אינהאַלטן, נאָר אין זייערע געפעסן: ביי דער רעליגיע פאַרגליווערן זיי זיך ביז צום שכל אויף צולהכעיס; ביי דער ליטעראַטור קאָנען זיי זיך ענדערן פון טאָג צו טאָג, פון שעה צו שעה — אין גוטפריינדשאַפט מיטן שכל. די „אומוועלטלעכקייט" פון דער רעליגיע איז בלויז אין דער „אומשכלדיקייט" פון איר געפעסן. אָפּגעזען דערפון, קאָן די ליטעראַטור איבערנעמען צו פאַרוועלטלעכן דעם גאַנצן פסיכישן אינהאַלט פון דער רעליגיע. אפילו דעם גלויבן — וואָס אין דער פאָרם האָט ביז אהער דעם יידנס כמעט גאַנצע גייסטי־קע ענערגיע זיך געהאַט אויסגעשמאַלצן — אפילו דעם גלויבן קאָנען אירע באַוועגלעכע געפעסן איינפאַסן אין זיך.

אָבער גלויבן, גלויבן — דאָס געהערט דאָך צו אַן אַנדער פּסיכי־שער קאַטעגאָריע, צום רעליגיעזן דעפּאַרטמענט פון מענטשנס נשמה, און דער שכל פון דער ציוויליזאַציע פרעסט אים? — איז דאָס אויך אַ טעות. דער גלויבן, וואָס די ליטעראַטור קאָן אים ניט איבערנעמען, ווייל דער שכל פרעסט אים, איז דער גלויבן, וואָס איז תלוי בדבר. נאָך ער־גער: — תלוי בדברל — וואָס איז אָנגעהאַנגען אָן אַ זאַכעלע: אָן אַ

ציצהלע, א הושענהלע, וואו די זאך הערט אויף צו זיין א סימבאָל, נאָר ווערט דער עיקר, און דער גלויבן די ביי־זאך. אזא גלויבן הענגט תמיד אויף משקולת. אזוי גיך ווי דער שכל רירט זיך צו אים צו, ווערט ער נעלם. אזא פארזאכלעכטן, פעטישיזירטן גלויבן קאָן די ליטעראטור ניט אויפנעמען. אָבער אין זייער עצם זיינען דער גלויבנסאַקט און דער שאַפונגסאַקט אידענטיש.ביידע באדייטן דאָס שטרעקן זיך פון מענטשנס נשמה אין דער הויך, איבער זיין היינטיקער מאָס, איבער דעם היינט געגעבענעם, איבערן רעאַלן פארמעגן פון מאָמענט, כדי ארויסצוקריגן פון הוילן גאָרנישט ניי־פארמעגן, מער־מענטש, ניי־מענטש. אָט די ריזיקע פון גייסט, דאָס אָננעמען דאָס נאָך ניט פאַראַ־נענע פאר פאראַן, פאר א יש; און דאָס האנדלען אין דער זיכערקייט, אז דאָס ניט־פאַראַנענע איז שוין פאַראַן — אָט די האַנדלונג אויף קרעדיט, וואָס פארווירקלעכט דעם קרעדיט — דאָס איז עס, וואָס גיט די שפּירונג: גלויבן. אָבער גלייכצייטיק איז עס אויך שאַפונג — לעבן־באשאַפונג, מענטש־באשאַפונג. אין דער ליטעראטור וועט איר געפינען א סך באשטעטיקונגען, אז די פרייד פון שאַפן איז רעליגיעזע פרייד. ביידע שלאָגן פון איין קוואַל, ביידע ריידן די זעלביקע שפּראַך. עס איז איין שעפערישער עקסטאַז, וואָס גיט איין רעזולטאַט בייביידן: די פארלעבעדיקונג, די פארגעשטאַלטיקונג פון מענטשן. די נפקה־מינה איז נאָר, וואָס דער עקסטאַז פון גלויבן איז אָנגעקלאַמערט אָן דעם באשעפער, וואָס איז הויך איבערן מענטשן — ער געשטאַלטיקט דעם מענטשן בצלם אלהים. און דער עקסטאַז פון קינסטלערישן שאַפן איז אָנגעקלאַמערט אָן דעם באשעפער, וואָס זיצט אין מענטשנס אינטימ־סטער טיף — ער געשטאַלטיקט דעם מענטשן בצלם מענטש. און עס איז די העכערע מעלה פון דער טיפערער ליטעראטור, וואָס זי ווייס פון דערפארונג, אז ביידע באשעפערס זיינען איין באשעפער — מענטש איז אויך אלהים.

ווער עס רעדט וועגן רעליגיעזן גלויבן און קינסטלערישן שאַפן, ווי וועגן צוויי באזונדערע קאַטעגאָריעס, איז ניט געווען אינעווייניק ניט אין גלויבנס־אַקט און ניט אין שאַפונגס־אַקט. ער ווייס ניט דעם סעקרעט. מעג ער אפילו פון שכל ארויס, פון זיין ראַציאָנאַליסטישן קאָפּ ארויס, חזרן: גלויבן, גלויבן, גלויבן — רעדט ער ווערטער, ווערטער, ווערטער. זיינע רייד גיבן עס ארויס: זיי פאָלגן ניט נאָך דער אינעווייניקסטער לאָגיק פון גלויבן שאַפן. ער רעדט אויסוויינ[י]ק, אָן פערזענלעכער דערפארונג. ער רעדט נאָך א טעם, וואָס ער האָט ניט פארזוכט, פון פרעמדע מיילער.

אזוי, אז דעם שעפערישן עיקר פון גלויבן, די גלויבנס־פונקציע, קאָן די ליטעראטור גרייליך איבערנעמען, און פירן אים אזוי ווייט ווי די רעליגיע פירט אים — אפילו פאר ה׳ אחד שטעלט זי זיך ניט אָפּ. גאָט האָט קיין ברעקל מורא ניט פאר דער ציוויליזאַציע.

דער עיקר פון ה׳ אחד — דער „אין סוף“ — פאַרטראַגט זיך גאַנץ גוט מיט דער ציוויליזאַציע. די וויסנשאַפט, די פילאָזאָפיע, די פּאָעזיע באַוועגן דעם „אין סוף“ אַלץ טיפער אין וועלט־געהיימעניש אַריין. זאַמלענדיק אַלץ מער וויסן, חכמה און עמאָציע, אַרויסקריגנדיק אַלץ מער סעקרעטן פון דעם אַלץ מער זיך פאַרטיפנדיקן וועלט־געהיימעניש. נאָר איין פּראָצענט פון אחד קאָן זיך מיט דער ציוויליזאַציע ניט פאַרטראָגן — דאָס איז דער פאַרזשאַווערטער טשוואָק, וואָס די נאַאיווע פרומקייט קלאַפּט אַריין אין „אין סוף“ און מאַכט אַ סוף צו זיין אין־סופיקייט, באַגרענעצט זיין אומבאַגרענעצטקייט, פאַרקירצנדיק דערמיט דעם מענטשנס וויסן, חכמה און עמאָציע; דאָס איז דער טשוואָק, וואָס זעצט אַריין ה׳ אחד אין דער אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזער תפיסה, מאַכט אים פאַר אַ פעטיש, פאַר דעם „גאָט, גאָט, וואָס גיט רעגן“ און פאַר דעם פרנסה־געבער אויפן מאַרק.

מיט איין וואָרט, די ליטעראַטור אין קאַפּאַבל איבערצונעמען דעם גאַנצן פּסיכישן אינהאַלט פון רעליגיע, אויסשליסנדיק בלויז די באַגרענעצטקייטן, וואָס קאָנען ניט געבראַכט ווערן אין האַרמאָניע מיט דעם פאַרגרעסערטן שכל פון דער ציוויליזאַציע — זי קאָן איבערנעמען דעם גלויבן, אויסער דעם תלוי בדברדיקן פעטישיזם; דעם „אין סוף“, אויסער דעם פאַרזשאַווערטן טשוואָק, וואָס שטעקט אין אים. מיט אַט די אויסנאַמען, קאָן די ליטעראַטור אַלץ וואָס איז פאַראַן אין רעליגיע מאַכן פאַר איר אייגנטום, איבערזעצנדיק דעם גלויבנס־פּראָצעס אין קינסטלערישן פּראָצעס פון פאַרלעבעדיקונג, מענטש־באַשאַפונג און מענטש־געשטאַלטונג. און טוענדיק דאָס, דערפילט די ליטעראַטור איר פונקציע פון פאַרנאַטירלעכן און פאַרוועלטלעכן דעם אינהאַלט פון רעליגיע.

אָט די פאַרוועלטלעכונג־פונקציע וואָלט די יידישע ליטעראַטור, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויך דערפילט בנוגע דער יידישער רעליגיע; אָבער ביי יידן האָט זי עס געדאַרפט טאָן אונטער אַ גרונט־תנאי — דער גרונט־תנאי פון פאַרוועלטלעכונג פון דער יידישער רעליגיע דורך ליטעראַטור: — זי זאָל גערענקען, אַז ביי יידן האָט זיך ניט געהאַנדלט וועגן סתם גלויבן און סתם אין־סוף, נאָר וועגן גלויבן און אין־סוף, וואָס זיינען איינגעשפּאַנט געוואָרן צו זיין די טרעגער פון פאָלקס־גורל — דאָס איינציקע פאָלק, וואָס האָט אָנפאַרטרויט דעם הייליקן גייסט די רעגירונג איבער זיין געשיכטע. אַזוי איז דאָס פאָלק געווען און אַזוי וועט עס אויך ווייטער זיין, ביז עס וועט ניט ווערן „ככל הגוים“, מיט אַ מאַטעריעלן אָנשפּאַר אויף אַ טעריטאָריע. און אפשר אויך דעמאָלט וועט עס ניט אַנדערש ווערן.

אין אָט דעם גרויסן פּרט איז די יידישע רעליגיע געווען אַ תלוי בדבר־גלויבן אויף אַ גראַנדיעזן מאַסשטאַב: דער „דבר“, אָן וועלכן זי איז געווען אָנגעהאַנגען, איז געווען דאָס יידישע פאָלק אַליין. און

אַט דעם גרונט־סימן דאַרף די יידישע ליטעראַטור אומבאַדינגט איר־בערנעמען פון דער יידישער רעליגיע.

דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די יידישע ליטעראַטור דאַרף איבער־נעמען ניט נאָר די ירושה פון דער יידישער רעליגיע — איר פאַר־מעגן אין אָנגעשפּאַנטער גלויבנס־ענערגיע — נאָר איבערנעמען אויך איר ראָל — צוצוגרייטן אַ נייע גלויבנס־מאַניפעסטאַציע פאַר מענטש־און וועלט־איבערשאַף. און נאָכפאָלגנדיק די יידישע רעליגיע, דאַרף די ליטעראַטור, מיט אירע פיינערע — פרייערע, באַוועגלעכערע, שפּילעוודיקערע — קינסטלערישערע מיטלען, אויסאַרבעטן אַ וועלט־לעכן אַפּאַראַט אויף איבערצושפּילן דעם ספּעקטאַקל, וואָס איז גע־שפּילט געוואָרן פון פרומען יידישן פאָלק פאַר דער געשיכטע — דעם אָנגעצילעוועטן צום משיחיסטישן אחרית הימים, מיט אַלע זיינע אייגנאַרטיקע קינסטלערישע עפעקטן, וואָס העלפן, היילן, שטאַרקן און ראַטעווען דעם יידישן קיום אין היינט דורך אַ פאַראויס־געשפּילטן נצחון.

איבערגעזעצט אין היינטיקן וועלטלעכן לשון, מיינט עס, אַז די יידישע ליטעראַטור דאַרף נעמען אויף זיך צוצושטעלן דעם ערשט־גראַדיקן גייסטיקן ווערט, אין וועלכן די וועלט נייטיקט זיך היינט צו טאָג פאַר איר איבערגאַנג צו אַ נייער סאָציאַלער טאָג־אָרדענונג, און דערמיט אָנהויבן די דערוואַרטע נייע עפּאָכע, און אַזוי אַרום פאַרדינען דעם יידישן פאָלק אַ זכות הקיום אויף נאָך 1000 יאָר — וואָס אַט די אָנגעקלאָמערטקייט פון קיום אָן אַ קינפטיקן נצחון איז פון מיר אָנגערופן געוואָרן „טעריטאָריע של מעלה".

כל זמן אַט דער גרונט־תנאי איז ניט דערפילט — כל זמן די יידישע ליטעראַטור טוט ניט די פולע עובדא פון דער יידישער רעליגיע, נעמט ניט איבער איר געשיכטלעך־גורלדיקע פונקציע — קאָן וועגן „פאַרוועלטלעכונג" קיין רייד ניט זיין; דאָס פאָלק וועט ניט אָננעמען, טאָר ניט אָננעמען דעם פאַרבייט, וואָרעם דאָס וואָלט געמיינט פאַר אים אָנוואַר פון זיין געשיכטלעכער לעבנס־ענערגיע, די איבערהאַקונג פון זיין גורל.

און צום שבח פון דער יידישער ליטעראַטור דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זי האָט טאַקע אָנגעהויבן דערפון: — אַזוי גיך זי האָט זיך באַוויזן, האָט זי זיך גענומען איינשטעלן, אַלס דעם יידנס וועלט־לעכע טעריטאָריע של מעלה, במקום דער רעליגיעזער, וועלכע האָט זיך גענומען וואַקלען, ווען די געטאָ האָט זיך גענומען רוקן אין דער ציוויליזאַציע אַריין — און דאָס איז פאַרשריבן געוואָרן אַלס דער גרונט־געזעץ פון איר קאָנסטיטוציע, וואָס גילט נאָך עד־היום. עס איז די גרונד־קאָנדיציע פאַר טאַלאַנט אין דער יידישער לי־טעראַטור — צו פאַרמערן די טעריטאָריע של מעלה, און דער משיח־געשטאַלט געשטאַלטיקט זי, עפנט איר פּנים צו דער וועלט.

און די יידישע ליטעראַטור, נאָכטועגדיק דער יידישער רעליגיע, האָט געוויזן אַ טענדענץ צו פורעמען שפּילעוודיקע צערעמאַניאַלן אַרום סימבאָלישע געשטאַלטן און האַנדלונגען — פאַר דער גלויבנס־ענערגיע אַריינצולויפן אין זיי. — און נאָך מער וואונדערלעכע אייגנאַרטיקייטן צייכענען אויס די יידישע ליטעראַטור, וואָס נעמען זיך דערפון, וואָס זי איז געקומען צו פאַרנעמען דעם אָרט, וואָס די רעליגיע האָט דורך טויזנטער יאָרן אויסגעאַרבעט אין דעם יידנס פּסיכיק, אָבער דערווייל געננג פאַר אַן אָנצוהערעניש, אַז זי איז געשטאַנען גרייט און איז געווען ביכולת צו נעמען אויף זיך דעם „קונץ" — צו פאַרנאַטירלעכן דעם איבערגאַנג פון רעליגיעזיטעט צו קינסטלערישקייט, — די פאַרקינסטלערונג פון רעליגיע מיינט שוין במילא איר פאַרנאַטירלעכונג און פאַרוועלטלעכונג — מיטנעמענדיק און ניט אָנווערנדיק קיין איין טייערע מעלה פון דער רעליגיעזיטעט.

וואָס פאַר אַ מניעה האָט זיך געשטעלט אין וועג דער יידישער ליטעראַטור און האָט איר ניט דערלאָזט דערפירן דעם פּראָצעס פון פאַרוועלטלעכונג ביזן סוף? פון וואַנען די מחיצה צווישן רעליגיעזיטעט און וועלטלעכקייט, וואָס די נייעסטע „רעוויזאָרן" פון יידישיזם האָבן אָנגעטאַפּט מיט זייערע שטערנס און קאָנען זי נישט דורכברעכן?

די מניעה און די מחיצה שטאַמען ניט פון דער ליטעראַטור, וועלכע איז דווקא אי גרייט אי געננג טיף אַריינצולאָזן אין זיך און אויפצוכאַפּן דעם גלויבן ביז אין סוף שטראָם פון דער יידישער רעליגיע; און זי איז נאָך דערצו אויסגעשטאַט מיט אַ רייכן טעכנישן אַפּאַראַט דעם אויפגעכאַפּטן שטראָם גלויבנס־ענערגיע פאַנאַנדערצושפּילן ביז צום אויסשפּילן אין ריינער קינסטלערישער וועלטלעכקייט דעם אחרית הימימדיקן נצחון־ספּעקטאַקל.

אין פּרט פון טעכנישער אויסשטאַטונג שטייגט די מאָדערנע ליטעראַטור ווייט אַריבער די אַלטע רעליגיע. מיט אירע קינסטלערישע כלים איז זי אַן אַ שיר צוגעפּאַסטער פון דער רעליגיע אַנטקעגנצושפּילן ספּעקטאַקלען אין פּנים אַריין דער היינטיקער ציוויליזאַציע. די פאַרגליווערטע כלים פון דער רעליגיע האָבן לעצטנס נאָר געטויגט אויף איבערצוחזרן טאָג־טעגלעך אַלץ דעם זעלביקן שפּיל, ווי פון פּלאַטן פון אַ שפּיל־קאַסטן, בעת די כלים־אינסטרומענטן פון דער ליטעראַטור קאָנען דערלאַנגען דעם יידישן נצחון־בטחון אין אַלץ נייערע שפּיל־וואַריאַציעס, אָננעמענדיק זיך מיט אימפּולסן פון די טעגלעך אויפקומענדיקע נייע לעבנס־סכנות און אָפּענטפערנדיק אויף זיי, שטאַרקנדיק דעם גייסטיקן יידישן אַפּוועד.

און עס וואָלט קיין אָפּהאַלט ניט געווען פאַר דעם איבערגאַנג פון רעליגיע צו ליטעראַטור, ווען דער לעבנס־אינסטינקט פון פאָלק

וואלט דערשפירט, אז די ליטעראטור היינטיקע צייטן באווארנט בעסער דעם קיום ווי די רעליגיע. די ליטעראטור איז דאך טאקע אויפגעקומען, ווען די קראפט פון דער רעליגיעזער טראדיציע האט זיך גענומען אויסוועפן, און א פארגעפיל האט אונטערגעזאגט דער פאלקס־אינטעליגענץ, אז די רעליגיעזע כלים וועלן זיך באלד אויסדינען ווי קאנסערווירונגס־מיטלען. זיי האבן וויפל ניט איז געדינט צו קאנסערווירן דאס פאלק, כל־זמן די סכנה איז געווען לאקאליזירט; האבן זיי געשטארקט דעם געמיט פון די לעבן־געבליבענע — נאך די רציחות און הריגות, נאך די גירושים און פליטות — די פליטים זאלן האבן כוח צו ראטעווען זיך אין נייע, זיכערע ערטער...

און אט איז געקומען דער מאמענט, ווען די לעבנס־סכנה האט זיי אויסגעשפרייט ביז צו א וועלט־סכנה — א האלבע וועלט האט זיך פארמאסטן דעם יידן אומצוברענגען גייסטיק און פיזיש. און די רעליגיע כאפט קיין ברעקל אימפולס ניט אויף פון דער וועלט־סכנה. זי שטומט און ענטפערט ניט מיט פארמעסט אויף פארמעסט. וואס זאגן איצט די צענטערס פון דער אלטער רעליגיע — די ישיבות פון סלאבאדקע, ראדין און לובלין? — „לאמיר אויסהארן! מיר וועלן איבערקומען!" — איבערקומען נאכדעם ווי א האלבע וועלט יידן וועט אומקומען? א טרייסט ווארט פאר די וואס וועלן זיך ראטעווען אין זיכערע ערטער? וואו ראטעווען זיך? וואו איז זיכער? — איצט איז דאך דער „אחרית הימים", ווען די רעליגיע האט געדארפט צאלן איר וועקסל — איבערזעצן דעם קיום אין נצחון, אן וועלכן דער קיום איז געווען אנגעקלאמערט...

אבער די ליטעראטור מיט איר פרישן שעפערישן עצם, מיט איר שטענדיק זיך באנייענדיקער שפיל־טעכניק, מיט איר רייכן ארסענאל פון קינסטלערישע מיטלען וואלט יא קאפאבל געווען ארויסצוקריגן א מעכטיקן אימפולס פון דער זיך אנרוקנדיקער וועלט־סכנה און מכין זיין דעם יידנס גייסט אפצוענטפערן מיט פארמעסט אויף פארמעסט — אבער ווי געזאגט, נאר אונטער איין גרונט־תנאי האט עס געקענט געשען — דער גרונט־תנאי פאר דער „פארוועלטלעכונג" פון דער יידישער רעליגיע דורך דער יידישער ליטעראטור: — זי זאל באוואוסטזיניק נעמען אויף זיך, אלס איר הויפט־בארוף, צו זיין די הויפט־טרעגערין פון דעם יידנס געשיכטלעכן גורל, ווי אמאל די רעליגיע.

און די יידישע ליטעראטור איז לכתחילה אנגעשטעלט געווארן צו אט דעם בארוף. האט זיך אונטערגערוקט די מניעה־מחיצה, וואס האט פארהאלטן דעם „פארוועלטלעכונג"־פראצעס אין רעכטן מיטן. ניט פון דער ליטעראטור גופא שטאמט די מניעה־מחיצה, נאר פון דעם צוגאנג צו דער ליטעראטור. דאס האט דער יידישיזם, ניט

אומענלעך צו דער אָרטאָדאָקסיע, וואָס האָט אַריינגעקלאַפּט דעם טשוואָק אין „אין סוף", אַריינגעקלאַפּט דעם טשוואָק, וואָס האָט אומ־פּעאיק געמאַכט די יידישע ליטעראַטור צו דערפילן איר יידיש־געשיכטלעכן באַרוף.

דער טשוואָק איז די אימיטאַציע — דאָס איז וואָס דער יידישיזם האָט אָפּגעקאָפּירט די סכעמע פון ככל הגויימדיקן ליטעראַטור־מוסטער, און די סכעמע געמאַכט פאַר אַ פעטיש. דאָס איז דער טשוואָק, וואָס האָט אָפּגעשטעלט די באַוועגונג פון דער יידישער ליטעראַטור.

קאָן איך איצט ווידער אויפנעמען מיין רעוויזיע פון דער „רע־וויזיע פון יידישיזם".

קאַפּיטל 2

# דער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער מעטאָד

ס'איז ניט נייטיק צו באַנייען די פּאַראַיאָריקע דיסקוסיע וועגן חומש און חומשל. ווען וויל זיך דאָס אויפהויבן די גאָט־אַנטי־גאָט בורענינע? און צו וואָס וועט עס פירן?

עס בלייבט אָבער די ריין־פּעדאַגאָגישע פראַגע וועגן אונטערריכט פון יידישער געשיכטע. באַשלאָסן איז — אַ חוק ולא יעבור! — אַז די אַרבעטער־רינג־שול איז באַרופן צו געבן אירע תלמידים אַ שטרענג־וועלטלעכע דערציאונג. ווי זשע טראָגט מען זיי אונטער די יידישע געשיכטע, וואָס איר גרונטטעקסט, דער תנ"ך, איז געשריבן פון טעאָלאָגן, וואָס פאַר זיי אַלץ וואָס איז געשען מיט יידן, האָט עס גאָט געמאַכט געשען? אַזוי גיך ווי דער ציל פון אַן אונטער־ריכט־פּראָגראַם איז אויפגעגעבן, האָט די פּעדאַגאָגיק די אויפגאַבע: — צוצושטעלן דעם בעסטן און ווירקזאַמסטן מעטאָד פון אונטער־ריכט. — ווי זשע פאַרוועלטלעכט מען פאַר קינדער די פאַרטעאָלאָגי־זירטע יידישע געשיכטע?

דער איינפאַכסטער מעטאָד, וואָס איז אויסגעפּרוּווט געוואָרן — איז אַרויסוואַרפן גאָט. פאַרקירצן דעם תנ"ך. אויסמעקן די אַלע שטעלן, וואו עס ווערט דערמאָנט גאָטס נאָמען. — מען האָט זיך געמאַטערט און געגוג זיך אָנגעמאַטערט אַרויסצופּרעסן גאָט פון אַלע חומש־מעשיות. אפילו זיך אָנגעשטרענגט אַרויסצובייסן גאָט פון דער מעשה מיט בלעמס אייזלטע, וואָס דאָס איז גאָר איבעריק געווען. קיין קינד וואָלט ניט פאַרפירט געוואָרן פון אַ מעשה, אַז אַן

אייזלטע האָט זיך צערעדט. עס וואָלט זיך גלייך געכאַפּט, אַז דאָס איז אַ מעשה פאַר קינדער. — אָבער מען האָט אויך אַרויסגעפּטרט גאָט פון ברית אברהם, פון מתן־תורה. וואָס איז געבליבן פון ברית אברהם? אַ גלחס אַ זון, וואָס האָט ביינאַכט געזען אַ געשפּענסט. וואָס איז געבליבן פון מתן־תורה? אַ באַרג האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און גענומען שפּייען מיט פייער און רויך. אַפילו ווען זיי וואָלטן געווען בלויז צופעליקע לעגענדעס, האָבן זיי אויך ניט פאַרדינט אַזאַ באַהאַנדלונג. פּרוואווט זאָגן אַ פינישן סאָציאַליסט אין אַמעריקע, אַז זיינע קינדער זאָלן ניט לערנען „קאַלעוואַלאַ", וואָלט איר געכאַפּט פון אים דעם ריכטיקן אָפּשניט.

אָבער ברית־אברהם און מתן־תורה זיינען ניט קיין צופעליקע לעגענדעס. זיי זיינען אַ סך מער ווי „קאַלעוואַלאַ". זיי זיינען געשיכטלעכע פּסיכישע פאַקטאָרן, וואָס האָבן באַוועגט די געשעענישן. דער נדר וואָס איז געגעבן געוואָרן צו אברהם, יצחק און יעקב, אַז זייערע קינדער און קינדס־קינדער וועלן אַרבן כנען, איז געווען אַ כוח וואָס האָט אַריינגעשפּילט אין דער אויספורעמונג פון דער יידישער געשיכטע ביז נאָך דוד המלך און נאָך ווייטער. און נאָך מער אַזוי מיט מתן־תורה, וואָס האָט אַריינגעשפּילט אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע — דורכן ארץ־ישראל־פּעריאָד, דורך דעם דיאַספּאָרע־פּעריאָד — ביז אין היינטיקן טאָג אַריין. אַ פייער־שפּייענדיקער באַרג אַליין וואָלט עס ניט געקאָנט באַווייזן. אַ „פאַרבאָטן וואָרט" — גאָט — טוט אַזוי פיל פּעולות. זאָל זיין, אַז גאָט איז אין דער אונטעררריכטס־פּראָגראַם ניטאָ, אָבער זיין ווירקונג איז דאָך דאָ. מוז געפונען ווערן אַ וועג, ווי דאָס „פאַרבאָטן וואָרט" אַרויסצורעדן פאַר קינדער!...

נאָך מער: ווען מען לערנט יידישע געשיכטע מיט קינדער אָן דעם „פאַרבאָטענעם וואָרט", וואַרפט מען אַרויס איר בעסערע, שענערע העלפט. לאָ די, וואָס די יידישע געשיכטע צעפאַלט אויף צוויי העלפטן — דער ארץ־ישראל־פּעריאָד און נאָך־ארץ־ישראל־פּעריאָד — וואָס האָבן קיין שום צוזאַמענהאַנג ניט; נאָר יעדער פּעריאָד באַזונדער צעפאַלט אויף שטיק־שטיקער. וואָס בלייבט? אין ארץ־ישראל־פּעריאָד: — מלחמות און מלחמות, איבערפאַלן און איבערפאַלן, דורכפאַלן און דורכפאַלן. די כראָניק פון מלכים, אַ כראָנאָלאָגישע דברי הימים. ביי אַ וויסנשאַפטלעכן לערער בלייבט נאָך אַ שטיקל קולטור־געשיכטע — די עוואָלוציע פון דער יידישער ווירטשאַפט אויפן שפּיצמעסער — אָן שום מעשה!

נאָך ערגער איז מיט דער געשיכטע פון פריען, מיטעלן און שפּעטן מיטלאַלטער, וואָס ווערט פאַרגעזעצט ביז אין היינטיקן טאָג אַריין. אין ערשטן פּעריאָד איז כאָטש געווען אַ לאַנד — ארץ־ישראל — וואָס האָט געגעבן געשיכטלעכע איינהייט דעם לויף פון גע־

שעעניש‎ן. אין צווייטן פעריאָד איז געווען ניט קיין לאַנד, נאָר לענ־דער, וואָס האָבן איבערגעחזרט פאַר יידן איינע און די זעלביקע אומעטיקע געשיכטע: גזירות, גירושים, שחיטות און פאָגראָמען. נעמט אַוועק די רעליגיעזע ירושה, וואָס יידן האָבן מיטגעטראָגן פון לאַנד צו לאַנד און וואָס זיי האָבן וויפל ניט איז אַנטוויקלט אין צו־פאַסונג צו אָרט און צייט — וואָס בלייבט? רדיפות און רדיפות. איבערחזורונג און איבערחזורונג. גרוי־גרוי. גרויער נאָך פון אַי־לאָוואַיסקיס טעקסטבוך פון רוסישער געשיכטע, וואָס רוסישע קינ־דער פלעגן עס גלייך אויסשפּייען. יידן זיינען גאָר קיין סוביעקט ניט פון דער געשיכטע, נאָר אַן אָביעקט, וואָס ווערט באַווירקט פון דרויסן; נאָר געשטויסן און געטריבן. וואָס פאַר אַ כבוד איז עס צו באַלאַנגען צו אַזאַ פאָלק? עס איז אַ גרויסע פּעדאַגאָגישע זינד אַזאַ לערנען געשיכטע. די קינדער קומען אַרויס אויסגעליידיקטע און באַליידיקטע; פאַרשעמטע — אַז בעסער איז אַזאַ געשיכטע צו פאַרגעסן, און זיי פאַרגעסן טאַקע.

פאַרפאַלן, אַזאַ געשיכטע האָבן מיר: דריי־פערטל פון אירע געשעעניש‎ן זיינען דיריזשירט פון גאָטלויבן. מען דאַרף זיך אַן עצה געבן מיט גאָט. די וועלטלעכסטע פּעדאַגאָגן דאַרפן עס טאָן. זיי פריער פון אַלץ. עס איז זייער פּראָבלעם.

און די בעסטע עצה איז — זאָגן: גאָט איז טאַקע אין פּראָגראַם ניטאָ, אָבער זיין ווירקונג איז שוין גאָר דאָ אויף די, וואָס גלויבן אין אים. נעמען גאָט ניט טעאָלאָגיש, נאָר פּסיכאָלאָגיש. נעמען דעם פּסיכאָלאָגישן, נאָך ריכטיקער: דעם סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן אונטער־שלאָג פון גאָטלויבן.

די טעאָלאָגיע, די ספּעקולאַציע אויף גאָט אין־סוף, ווערט דאָ אין גאַנצן אויסגעלאָזט. פון דעם אין־סוף נעמט מען בלויז דעם פאַקט, וואָס איז ניט צו לייקענען, אַז מענטשן און פעלקער שעפּן אַן אויפהער פון דעם אורקוואַל פון לעבן, וואָס שלאָגט אין זיי — לעבנס־גבורה אַנצולאָדן זייערע נשמות. — איז וויל מען ניט נעמען גאָט, מוז מען אָבער נעמען די פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונג, וואָס גייט מיט גלויבן אין גאָט.

איז ניט רעדן וועגן גאָט אין הימל, נאָר רעדן וועגן דעם מענטשנס נשמה. זאָגט ניט: „גאָט“. זאָגט: „נשמה“. וואָס יידן האָבן גערעדט צו גאָט, האָבן זיי גערעדט צו זייער אייגענער נשמה — באַלד 4000 יאָר האָבן זיי אָפּגערעדט. וואָס איז די פּעולה געווען פון אַזאַ פאַררעדן זיך? אַ געוואַלדיקער געווינס אין נשמה־גבורה; אַ גראַנדיע־זער זעלבסט־היפּנאָז. ווען מען רעדט צו דער אייגענער נשמה און מען באַשטעטיקט די רייד מיט מעשים, מיט נשמה־איבונגען, מיט נדרים, מיט קרבנות — אַרבעט זיך די נשמה איבער אין מאַטעריע. גייסט שמידט זיך איבער אין אייזן. ווען איר זייט מאַטעריאַליסטן,

איז נאָך בעסער. דעמאָלט קאָנט איר פּשוט זאָגן: די נשמה־איבונ־גען, די מצוות, וואָס יידן האָבן מקיים געווען, די נדרים, וואָס זיי האָבן כסדר געהאַלטן פאַר די אויגן און זיך מקריב געווען פאַר זיי — האָבן אַריינגעאַרבעט אייזן־שטאַרקע מוסקלען אין פאָלקס־נשמה. אדרבא, זייט נאָך מער מאַטעריאַליסטן ווי איר זייט! פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע איז ניט בלויז אידעאָלאָגיע, „איבערבוי", אַ שאָטן־אָפּשלאָג פון דער געזעלשאַפטלעכער מאַטעריע, אָן שום ממשות, נאָר טאַקע בפועל ממש מאַטעריע, הוילע ממשות. גייסט איז ממשות. טרייבט אָן געשעעניש ממש ווי אַ מאַטעריעלער כוח. אויפן יידישן ביישפּיל איז עס באַזונדערס בולט צו זען: דרייפערטל פון יעדער געשעעניש ביי יידן איז די איבערלעבונג, וואָס איז אָנגעקלאַמערט אין גאָט. דער בולטסטער ביישפּיל איז דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים. און דאָס האָט אויך אַ מאַטעריאַליסטישע דערקלערונג: זייער לאַנד — ארץ ישראל — איז גאָר קיין לאַנד ניט געווען, נאָר אַ פאַסטקע! האָבן יידן אָן אַ שיעור זיך געניייטיקט אין גייסטיקער מאָביליזאַציע.

סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיש גענומען, איז דער יידישער גאָט דער סימבאָל מאָביליזאַטאָר פון יידישן פאָלקס־כוח — וואָס דאָס שטימט מיט דער טעאָריע פון פראַנצייזיש־יידישן סאָציאָלאָג עמיל דורקהיים — אַז גאָט איז דער קאָנצענטרירטער לעבנס־ווילן פון אַ פאָלקס־געמיינשאַפט — פּערזאָניפיצירט!

און אַזוי גייט די יידישע געשיכטע: — איינגעקלעמט אויפן ענגן פּאַס, אויפן קרייצוועג פון די גרויסע פעלקער־אַרמייען, זיינען יידן געווען אין פּערמאַנענטער סכנה; האָבן זיי כסדר געדאַרפט פירן דעם אָנגעשטרענגטסטן קאַמף פאַר נאַציאָנאַלן קיום; זיינען זיי כסדר געווען אין מאָביליזירטן ערב־מלחמה, מלחמה־ און נאָך מלחמה־צושטאַנד. דער סאָציאַלער קאַמף פון די יידישע פּויערים מיט די פּריצים, וואָס האָבן גערויבט זייער ברויט און פּראַצע — פלעגט כסדר איבערגעריסן ווערן פון נאַציאָנאַלן קאַמף. האָבן די נביאים — די אָרגאַניזאַטאָרס פון דער יידישער מאָביליזאַציע — גענומען דעם שטאַמגאָט, וואָס יידן האָבן מיטגעבראַכט פון מדבר — יהוה — און אים געמאַכט פאַר דעם מאָביליזאַטאָר פון יידישן גייסט; פאַר דעם גאַראַנטאָר, באַשיצער פון אָרעמאַן און פון פאָלק. האָבן זיי פוןביידע קאַמפן — דעם סאָציאַלן קאַמף פאַרן אָרעמאַנס ברויט און דעם נאַציאָנאַלן קאַמף פאַר קיום — געמאַכט איין קאַמף. און זיי זיינען געגאַנגען נאָך אַ שריט ווייטער. דעם שטאַמגאָט — יהוה — האָבן זיי דערהויבן צו ה' אחד, דעם איין־גאָט פון דער גאַנצער מענטשהייט. און די ביידע קאַמפן האָבן די נביאים אומגע־וואַנדלט אין גאָטס יושר־ברכה אויף דער גאַנצער וועלט־אָרדענונג, אין משיחיסטישן אחרית הימים פאַר אַלע פעלקער.

ווען מען לערנט די יידישע געשיכטע אין אָט דער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער באַלייכטונג — אַז גאָט איז אַן אינסטרומענט פון פאָלקס גייסטיקער מאָביליזאַציע — אַן אינסטרומענט, אייזן־געשמידט פון שטאַנדהאַפטיקייט, אמונה־געטרייישאַפט און מסירת־נפש — ווערט די יידישע געשיכטע אַ גוואַלדיקער היסטאָרישער עקספּערימענט אויף אָננעמען זיך מיט גבורה פון גייסט. זי צעפאַלט דעמאָלט ניט אויף שטיקער, אויף דער ארץ־ישראל־העלפט און גלות־העלפט, נאָר זי ווערט ווי פון איין שטיק, אַ פאַרגעזעצטע עלית־נשמה. דער ארץ־ישראל־פּעריאָד — אָנשטאָט געשטוקעוועט צו ווערן פון דורכפאַלן און דורכפאַלן — אַ שטייגנדיקע טראַגעדיע. דער נאָך־ארץ־ישראל־פּעריאָד — אָנשטאָט צו זיין אַן אומעטיקע געשיכטע פון רדיפות און רדיפות, וואָס פאַרשעמט יידישע קינדער — ווערט אַ העראָישע געשיכטע פון גובר זיין די מעכטיקע; אַ טרייסט פאַר באַליידיקטע און דערנידעריקטע: קלאַסן, מאַסן און פעלקער־מינדערהייטן. אַ פאַרכאַפּנדיקע העראָאישע עפּאָפּייע וואָס וועט יידישע קינדער שטאָלץ מאַכן.

מיר האָבן דעם דראַנג צו סאָציאַלער גערעכטיקייט און פעלקער־ברודערשאַפט געמאַכט פאַר אַ היסטאָרישן כוח. מיר האָבן אַפילו אין פעלקער־חיות אַריינגעגעבן נשמה־פונקען, און אַזוי אַרום זיי גובר געווען. מיר האָבן איבערגעלעבט מצרים, בבל, אשור, גריכנלאַנד און רוים, מיר האָבן איבערגעלעבט דעם צאַר — מיר וועלן אויך איבערלעבן היטלערן!

עס איז אַ גרויסע פּעדאַגאָגישע זינד צו פּטרן פאַר יידישע קינדער דעם יידישן היסטאָרישן עקספּערימענט דורך אַ פלאַכן, ציטעריקן אונטערריכטס־מעטאָד, וואָס היט זיך צו דערמאָנען גאָטס נאָמען. גאָט, אויסגעטייטשט סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיש, ווי אַ מיטל פון אַ פאָלקס זעלבסט־שפּייזונג מיט נשמה־גבורה — אַזאַ גאָט דאַרף קיינעם ניט איבערשרעקן. לערערס זיינען גענוג קלוג צו געבן צו פאַרשטיין די קינדער, וואָס גאָט מיינט: — גאָט איז דער נאָמען פאַר דער נשמה, וואָס איז אָנגעקוואָלן מיט אמונה. און אַ קונץ איז פאַר אַ לערער צו דערקלערן די קינדער, אַז פּרימיטיווע מענטשן האָבן געמיינט, אַז האָלץ און שטיין איז גאָט. דערנאָך איז ער אַלץ אומזיכטבאַרער געוואָרן, אַלץ טיפער אַריינגעדרונגען אינעווייניק אין מענטשן, ביז ער איז צונויפגעפאַלן מיט דער נשמה. און דאָ קאָנען די לערערס גאַנץ פיין זיך באַהילפיק זיין מיט דער יידישער ליטעראַטור: אברהם וואַלט־ליעסינס סעריע פון „איבער די תהומות“, וואָס באַציען זיך אויף דעם ביבלישן פּעריאָד, און אַלע זיינע היסטאָרישע פּאָעמעס ריידן בלויז וועגן נשמה־גבורה, אָן שום טעאָלאָגיע. — דוד איגנאַטאָווס „יפתח־טראַגעדיע“ איז אַן אויסגעצייכנטע אילוסטראַציע דערויף, ווי גאָט פון ישראל — יהוה

— שטייגט אין קאַמף מיט דעם געץ בעל: — וואָס שטאַרקער יפּתחס נדר איז, וואָס מסירת־נפשדיקער זיין נשמה־איבונג — אַלץ אומענ־לעכער צום בעל, אַלץ אומזיכטבאַרער איז יהוה און אַלץ גיבורדי־קער דער גיבור. פון גאָטס אומזיכטבאַרקייט שפּראָצט די יידישע נשמה־גבורה. גאָט און נשמה־גבורה זיינען איינס.

גאָט, אַלס די פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונג פון גלויביקן, אזא פאַרוועלטלעכער גאָט, איז מותר צום געברויך אין דעם וועלטלעכסטן אונטערריכט...

## קאַפּיטל 3

# וואָס פּסיכאָלאָגיש אמת — איז דער אמתער אמת

אייגנטלעך, וואָס איך האָב אין פאַריקן אַרטיקל אָנגערופן „דער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער מעטאָד" אין יידישן געשיכטע־אונטערריכט, קאָן נאָך קורצער אָנגערופן ווערן „דער פּראַגמאַטישער מעטאָד".

עס איז לעצטנס אַ מאָדע געוואָרן ביי די אַמעריקאַנער גאָט־זוכער — וואַלדאָ פרענק, לואיס מאַמפאָרד — צו ריידן לשון־הרע אויפן פּראַגמאַטיזם. ס'איז די אָרעמזעליקע פילאָזאָפיע פונעם אַמע־ריקאַנער ביזנעסמאַן, וועלכער שעצט בלויז נוצלעכקייט. אמת איז פאַר אים בלויז דאָס וואָס דערלאַנגט באַלדיקע רעזולטאַטן. אַן אי־דייע מוז געבן פּראָפיט, אַניט איז זי ניט אמת! — דאָס איז דער פּראַגמאַטיזם אויסגעטייטשט צום שלעכטן. אָבער אויסגעטייטשט צום גוטן, איז עס זייער אַ וואוילע טעאָריע: אַן אידייע מוז אַרבעטן. דער קריטעריום פון אַן אידייע איז איר אַרבעטספעאיקייט. אויף וויפל אַן אידייע איז אַרבעטספעאיק, אויף אַזוי פיל איז זי אמת. ווען מיר גייען צוריק צו איינעם פון די פאָטערס פון פּראַגמאַטיזם, צו דעם טיכטיקסטן אַמעריקאַנער פּסיכאָלאָג וויליאַם דזשיימס, זעען מיר, אַז זיין הויפּט־אָנווענדונג האָט דער פּראַגמאַטיזם ביי אים גע־האַט אין אויסטייטשונג פון עבר — אויף צו דערקלערן דעם פּסי־כאָלאָגישן דינסט פון די אַמאָליקע גלויבונגען. אין זיין ווערק „די פאַרשיידנאַרטיקייט פון רעליגיעזע איבערלעבונגען" אַנאַליזירט ער די עקסטאַזן פון די קריסטלעכע מיסטיקער און זוכט אָנצוטאַפּן די פּסיכאָלאָגישע פרוזשינעס פון זייערע באַגליקנדיקע נשמה־דערהוי־בונגען. וויבאַלד זיי זיינען באַגליקט געוואָרן, האָבן זיי געמוזט זיין פּסיכאָלאָגיש גערעכט. כאָטש זייערע גלויבונגען זיינען פאַרוויקלט געווען אין פאַלשע פאָרשטעלונגען, לעגענדעס, מיטאָסן און אָפּט־מאָל אין ווילד מיטאָלאָגיש־טעאָלאָגישע פאַנטאַזיעס, — אָבער אונ־

טער די פאַנטאַזיעס האָבן געמוזט זיין אין דער אַרבעט פּסיכאָלאָגישע אמתן, אַניט וואָלטן זיי ניט געאַרבעט! דאָס האָט וויליאַם דזשיימס ניט באַרעכטיקט די פאַנטאַזיעס, נאָר די פּסיכאָלאָגישע אמתן אונטער זיי. וואָס איז פּסיכאָלאָגיש אמת, איז אויך לאָגיש אמת; און אָט דעם פּסיכאָלאָגיש־לאָגישן אמת האָט ער געזוכט אַרויסצושיילן.

האָב איך פאַריקן מאָל דעם פּראַגמאַטיזם אָנגעווענדט אויף דער פּאַרציייטיקער יידישער געשיכטע, אויף איר ארץ־ישראל־פּעריאָד, און עס האָט זיך באַקומען אַ פיל גרעסערער רעזולטאַט, ווי וויליאַם דזשיימסן האָט זיך ווען עס איז געחלומט. ביי אים האָט זיך גע־האַנדלט וועגן יחידים־צדיקים, וואָס זיינען באַגליקט געוואָרן. דאָ האָט אַ גאַנץ פאָלק אויף דעם פּסיכאָלאָגישן אמת — אויף דעם פּסי־כאָלאָגישן אונטערשלאָג פון זיין גאָט־גלויבן — איינגעפונדעוועט זיין ·קיום. דער פּסיכאָלאָגישער אמת איז דאָ, אַז נשמה איז אַ יש, וואָס דורך דיסציפּלין, דורך אמונה, באַשטעטיקט דורך מעשים און מסירת־נפש, ווערט זי אַן אייזערנע ממשות, אויף וועלכער אַ גאַנץ פאָלק קאָן זיך האַלטן. אַ דאַנק זיין אמונה־העראָאיזם האָט דאָס פאָלק אָנגעהאַלטן זיין קיום אויף אַ פּאַסיקל לאַנד, ביים ברעג פון ים־הגדול, אויפן דורכמאַרש פון מעכטיקע חיילות, וואו דאָס לאַנד האָט געדאַרפט צען מאָל חרוב ווערן, און איז טאַקע חרוב געוואָרן, אָבער דאָס פאָלק איז ניט חרוב געוואָרן.

פאַרן וועלטלעכן אונטעררי׳כט, פּעדאַגאָגיש, איז דער פּראַג־מאַטישער מעטאָד ניט אָפּצושאַצן. אין אַ פּעריאָד יידישער געשיכטע, וואָס, אויסערלעך באַטראַכט, האָט זי כסדר זיך געוואַקלט צווישן מלחמות און מפּלות, מפּלות און מלחמות — טראָגט דער מעטאָד אַריין די איינהייטלעכקייט און גאַנצקייט פון אַ כסדרדיקער עלית־נשמה. דאָס זעלביקע און נאָך מער טוט דער מעטאָד אויף פאַר דער נאָך־ארץ־ישראל־געשיכטע, וועלכע האָט אפילו קיין פּאַסיקל לאַנד ניט געהאַט ווי אַן אָנהאַלט פאַר איר גאַנצקייט. מיטן נאַקעטן אויג געזען, צעפאַלט זי אויף שטיק־שטיקער, צעוואָרפענע צווישן לענדער און ציייטן. אָבער געזען ווי אַן עקספּערימענט אין שטייגנדיקער נשמה־גבורה, ליגט זי זיך אויס ווי אַ גלייכער טרעפּ באַרג אַרויף...

דער ערשטער שטאַפּל פון דעם טרעפּ איז געווען דער העכסטער שטאַפּל, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אין ארץ־ישראל. פאַראויס־זעענדיק דעם אומפאַרמיידלעכן חורבן פון לאַנד, האָבן די פירער — די תנאים, די פאָלקס־אינטעליגענץ — די פּרושים — גענומען באַ־צייטנס גרייטן אַ נייע מאָביליזאַציע — בויען אַ נשמה־הויז — אַ פעסטונג, וואו דאָס פאָלק זאָל זיך שיצן, ווען דאָס לאַנד וועט חרוב ווערן; דאָס נשמה־הויז איז געווען די ווידער־אויפגעשטעלטע אין דער פאַנטאַזיע ארץ־ישראל; און דאָס נשמה־הויז האָבן זיי אָנגע־שטעלט מיט נשמה־כלים — די ווידער אויפגעשטעלטע מנהגים פון

ארץ־ישראל, וועלכע זיינען דערהויבן געוואָרן צו מצוות, צו איבן און דיסציפּלינירן די נשמה אין מסירת־נפש. און דאָס פאָלק האָט זיך אָנגעקלאַמערט אָן דער משיח־זעאונג פון די נביאים, וואָס איר פּראַגמאַטיש־פּסיכאָלאָגישער זין איז געווען די פּערזאָניפיצירונג פון פאָלקס־אויסדויער, פון בטחון און נצחון, פון זיין טרייסטנדיקן גלויבן, אַז אים איז באַשערט אַ וועלט־ראָלע ביים סוף פון די צייטן, ווען די וועלט וועט באַנייט ווערן. אָנגעהויבן האָט זיך די מאָביליזאַציע אין ארץ־ישראל און פאַרענדיקט אין בבל. און עס האָט געאַרבעט! און עס האָט געדינט. וואָרעם דאָס פאָלק האָט פון זיך צוגעגעבן נאָך מער וויפל זיין אמונה האָט אים געגעבן. פאַר זיינע נשמה־כלים, פאַר די מצוות, פאַר ניט עסן קיין טרפות האָט דאָס פאָלק זיך גע־לאָזט שעכטן, פאַר זיין משיח־האָפענונג האָט עס זיך געוואָרפן אין די בלוטיקסטע ריזיקעס — אוןביידע מסירת־נפשן האָבן איבערגע־שמידט דעם פאָלקס נשמה אין אייזן. די תלמודיש־משיחישע מאָבי־ליזאַציע האָט דערלאַנגט אָן ארץ־ישראל של מעלה. פאַרן פאָלק זיך אָנצוהענגען אָן איר, און זי האָט זיך אַרויסגעשטעלט שטאַרקער פון דער ארץ־ישראל של מטה. זי האָט געדויערט לענגער — גאַנצע צוויי טויזנט יאָר.

עס איז געווען אַ באַוואוסטזיניקע אונטערנעמונג — אָט דער גאַנצער משיחיסטישער איינשטעל — אַ שליחות, אַ „מיסיע", וואָס דאָס פאָלק האָט זיך אויפגעגעבן? פון פּראַגמאַטישן שטאַנדפּונקט, וואָס נעמט בלויז אין באַטראַכט דעם פּסיכאָלאָגישן עפעקט פון רעליגיעזע גלויבונגען, איז עס פּראָסט פּשוט געווען אַ פּסיכישער אַפּאַראַט אין דינסט פון קיום — כדי צו קאָנען אָנהאַלטן אַ קיום, וואָס האָט כמעט קיין מאַטעריעלע אונטערשטיצונג ניט געהאַט. כ'וויים, כ'וויים, עס איז דאָ אַ מאַרקסיסטישע אינטערפּרעטאַציע דערויף: יידן האָבן אָנגעהאַלטן זייער קיום אין חוץ־לארץ דורך 2000 יאָר אַדאַנק דעם, וואָס אַ געוויסער קלאַס יידן האָט דערפילט אַן עקאָנאָמישע פונקציע, וואָס איז נייטיק געווען פאַר די פעלקער — נעמלעך, די פאַרמיטלער־פונקציע, די מסחר־פונקציע.

צוויי־פלהאַפטע גוישע פריינד, ווי זאָמבאַרט, טוען אונדז אָן דעם גרויסן צוויי־פלהאַפטן כבוד און דערקלערן, אַז די יידן זיינען געווען אַ סך מער ווי סוחרים־פאַרמיטלער. זיי זיינען געווען די באַשעפער פון קאַפּיטאַליזם. צעשפּרייט צווישן לענדער — צווישן מזרח און מערב, צפון און דרום, און דאָך צווישן זיך געבונדן, שטענ־דיק אויף דעם וואַנדער, וואָס דאָס האָט זיי געצוואונגען צו האַלטן זייערע פאַרדינסטן אין דער לייכט־טראָגבאַרער פאָרם פון צירונג, גאָלד און מזומן — זיינען זיי באַזונדערס מסוגל געווען צו זיין די טרעגער און פאַרשפּרייטער פון קאַפּיטאַל.

דאַרף איך איבעררייסן די עקספּאָזיציע פון מיין געשיכטלעכער

סכעמע, כדי זיך פאַנאַנדערצוכענען מיט דער מאַרקסיסטישער אינ־טערפּרעטאַציע. צום אַלעם ערשטן די פראַגע: ווי איז דער דין גע־ווען אין יענע לענדער, וואו יידן האָבן ניט דערפילט קיין ספּעציעלע פונקציע, וואו זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט די זעלביקע מלאכות און פּראָפעסיעס ווי די איינגעבאָרענע, און די איינגעבאָרענע וואָלטן גאַנץ לייכט זיך געקאָנט באַגיין אָן זייערע יידישע געסט? אין בבל צ״בש, וואו דער תּלמודיש־משיחישער איינשטעל איז ענדגילטיק איינגעשטעלט געוואָרן, די בבלער זיינען אַליין געווען גוטע סוחרים. דאָס זעלביקע גילט פאַר דרום־פראַנקרייך, איטאַליע, שפּאַניע. אָן דער ספּעציעלער פונקציע, וואָס זאָל זיי באַרעכטיקן צו קיום, האָבן זיי דאָך זיך צוזאַמענגעהאַלטן ווי אַ פאָלק, ניט צעשאָטן געוואָרן אין שטויב. דער דאָך איבער זייער קאָפּ — די ארץ ישראל של מעלה — האָט זיי צוזאַמענגעהאַלטן. — און אַפילו אין לענדער, וואו יידן האָבן יאָ געהאַט זייער ספּעציעלע פונקציע — וואָס האָט די יידישע רעליגיע געטאָן? — געווענדט אין דער זעלביקער ריכ־טונג ווי די עקאָנאָמיק — אָפּצוענטפערן אויף דעם קיום־נויט — האָט זי שוין וואָס מחדש געווען — לפנים משורת הדין — איבער דער עקאָנאָמישער פונקציע. זי האָט זיך ניט באַנוגנט מיט אויפ־כאַפּן די אָנווייזן און אָנצוהערענישן פון דער יידישער עקאָנאָמיק, מיט פאַרשטאַרקן זיי דורך פאַרזעצונג פון מסחר אין באַוואוסטזיין פון געטאָ־יידן. מסתמא קען מען געפינען געווג סימנים, וואו דער מסחר האָט יאָ אַריינגערעדט אין יידישן דין, אין יידישער עטיק. אָבער ניט נאָר האָט די רעליגיע געשטאַרקט דעם עקאָנאָמישן פאַקט, זי האָט זיך געשטאַרקט איבער אים. די רעליגיע האָט זיך דאָ קענ־טיק געמאַכט מיט אַ פּעולה, פאַר וועלכער קיין עקאָנאָמישע אונטער־שטיצונג איז ניט געווען. מסחר איז גענוג אויפצוהאַלטן אַ קלאַס. אָבער ניט גענוג אויפצוהאַלטן אַ גאַנץ פאָלק. האָט די יידישע רע־ליגיע זיך געראַנגלט מיט דער איינזייטיקייט פון מסחר, און האָט די איינזייטיקייט גובר געווען. זי האָט אויסגעשפּרייט דאָס יידישע באַוואוסטזיין איבער די גרענעצן פון מסחר: דורך דער יידישער רעליגיע, האָט דאָס יידישע באַוואוסטזיין פונקציאָנירט ניט ווי דאָס קלאַסן־באַוואוסטזיין פון די סוחרים, נאָר ווי דאָס פאָלקס־באַוואוסט־זיין פאַר אַלע קלאַסן יידן. הינטער די מויערן פון דער געטאָ האָבן אַלע יידן זיך צוזאַמענגעהאַלטן ווי אַ גאַנץ פאָלק. הגם פלאַץ און עקאָנאָ־מישער אָנהאַלט איז געווען בלויז פאַר איין קלאַס, איין פונקציע, אָבער, אין יידישן באַוואוסטזיין איז דער גאַנצער נאַציאָנאַלער שטח צוגעדעקט געוואָרן. נאַטירלעך, האָט דער קלאַס, וואָס האָט דערפילט די וויכטיקע פונקציע, געזוכט צו פונקציאָנירן פאַר אַלע קלאַסן אין איינפלוס און דעה. דער סוחר, דער מעקלער, דער וואָכערניק ביי די גויים, איז ביי יידן געווען אַ גרויסער יחסן — דער פּרינץ, דער שררה, דער יידישער פאַרטרעטער פאַר דער רעגירונג — דער מנהיג,

דער פּרנס, דער ראש־הקהל, דער שתדלן. אָבער דער רב איז פאַרט געווען א גרעסערער יחסן — דערפאַר טאַקע, ווייל ער האָט פאַר־טראָטן די תורה וואָס האָט געדעקט די עדה מיט נאַציאָנאַלן באַ־וואוסטזיין, וואָס האָט זי צוזאַמענגעהאַלטן אין א גאַנצקייט.

דער פּראַגמאַטיזם פאַרקוקט די טעאָלאָגיע און אינטערעסירט זיך בלויז מיט דער פּסיכאָלאָגיע, מיט פּסיכאָלאָגישן פּראָדוקט פון דער אמונה. דער פּראָדוקט פון דער יידישער אמונה איז געווען נישט מער און נישט ווייניקער ווי דער קיום פון יידישן פאָלק — א קיום אָנגעהאַנגען אויף דער נשמה־גבורה, וואָס זיין אמונה האָט פּראָדוצירט. ווי קומט דעם פּראַגמאַטיזם, וואָס וויליאַם דזשיימס האָט אַרויסגעקראָגן פון די עקסטאַזן פון די מיסטיקער, צו דעם פּראַגמאַטיזם פון דער יידישער געשיכטע! די יידישע געשיכטע איז א גראַנדיעזער עקספּערימענט פון א גאַנץ פאָלק, דורך יאָרטויזנ־טער, צו פּראָדוצירן נשמה־גבורה דורך אמונה, דורך בטחון און נצחון, דורך דער געגלויבטער באַשערטקייט אין זיין וועלט־ראָל. און די פּסיכאָלאָגישע פּעולה איז געווען, ווי דאָס פאָלק וואָלט באמת געהאַט א גאַראַנטיע פון דעם אויבערשטן, אַז אַזוי וועט טאַקע זיין. — ווי קאָנען מיר, וועלטלעכע פון עקספּערימענטאַלן צייט־אַלטער, פאַרקוקן אַזאַ געשיכטלעכן עקספּערימענט? אַי, עס איז געווען א רעליגיעזער עקספּערימענט? אָבער דער רעזולטאַט איז געווען א „וועלטלעכער" — קיום! דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס רעליגיע קען געבן, מער פאָדערט זיך פון איר גאָרנישט, ווי קיום־דינסט. און מיר, וועלטלעכע, מעגן און מוזן דעם רעזולטאַט אָננע־מען — א געבונדנקייט צו א טעאָלאָגישער דאָגמע. און לערער אין א וועלטלעכער שול מעגן דעם רעזולטאַט לערנען מיט יידישע קינדער און ניט שעמען זיך אויסצוזאָגן, אַז צו פאַרדאַנקען איז עס דער יידישער רעליגיע וועלכע האָט געאיבט דעם יידנס נשמה. ווי־באַלד מען וועט עס לערנען אָן א היטל, מיט מאַרקס און לאַסאַל פאַר עדות אויף די ווענט, מיט דער רויטער פאָן אויף דער מזרח־וואַנט, און די לערער וועלן נאָך צוגעבן, אַז מיר, היינטיקע, פאַר־שטייען גאָט, ווי דעם מאָביליזאַטאָר פון פאָלקס־אמונה אין זיך אַליין; ווי דעם סימבאָל, וואָס בינדט אין איין קנופּ דעם מאָראַלישן נפש פון יחיד און פאָלק און משיחן; ווי דעם סימבאָל, וואָס מאָביליזירט דעם פאָלקס־בטחון אין זיין קינפטיקן נצחון; און די לערער וועלן צוגעבן, אַז מיר, היינטיקע, האָבן אַנדערע קרבנות און אַנדערע נאַ־ציאָנאַלע און סאָציאַלע מצוות — וועלטלעכע מעשים אויף צו איבן די נשמה און מסירת־נפש — וועט עס די קינדער גאָרניט שאַטן. אדרבא, זיי וועלן נאָך פרעגן: וועלכע וועלטלעכע מצוות דאַרפן זיי מקיים זיין.

עס האַנדלט זיך וועגן דעם — איז די וועלטלעכע דערציאונג אויף

אייביק צוגעשוואָרן צום פּלאַכן קוק אויף רעליגיע ווי אויף אַ הוילן אָבערגלויבן, האָט זי אַ שבועה געשוואָרן צו האָדעווען יידישע קינ־דער פאר נאַרעלעך און בלאַזשעננס?

האָב איך נאָך ניט דערפירט ביזן סוף מיין געשיכטלעכע סכע־מע — ביז צום צוזאַמענברוך פון געשיכטלעכן געטאָ־איינשטעל — וואָס איז געווען דער אריינפיר אין דער נייער, דריטער, וועלטלע־כער מאָביליזאַציע פון יידישן גייסט.

## קאַפּיטל 4

# געדאַרפט אַ גאון — קומען בעלי־מלאכות

איך שטעל מיר ניט פאָר, אַז איך האָב שוין געפּועלט ביי די וועלטלעכע פּעדאַגאָגן, אַז זיי זאָלן אָננעמען דעם סאָציאַל־פּסיכאָ־לאָגישן, אָדער פּראַגמאַטישן מעטאָד אין געשיכטע־אונטערריכט, וויפל איך האָב אים ניט רעקאָמענדירט. דער מעטאָד הייסט פאַר־קוקן דעם רעליגיעזן כאַראַקטער פון יידיש־געשיכטלעכן איינשטעל און רעכענען זיך בלויז מיט זיין וועלטלעכן רעזולטאַט אין קיום, אין אַקומילירטער לעבנס־ענערגיע, אין נאַציאָנאַלער עמאָציע. עס איז זיי פריקרע צוצורירן זיך צום רעזולטאַט, וויבאַלד דער מקור איז אַ רעליגיעזער. און ווי קאָן מען אָפּטיילן דעם רעזולטאַט פון דעם מקור — פון דער רעליגיעזער איבערלעבונג, פון וועלכער ער שטאַמט?

ענטפערט דעם פּראַגמאַטיזם, אַז מען דאַרף גאָרניט אָפּטיילן. אין רעליגיעזן איינשטעל גופא איז דאָ דאָס „וועלטלעכע”, דאָס פּסיכאָ־לאָגיש ווערטפולע, אַ ריי פּסיכאָלאָגישע אמתן, וואָס מאַכן דעם רעליגיעזן איינשטעל אַרבעטן און דערלאַנגען קיום־קראַפט. דאַרף מען די אמתן אַרויסשיילן פון אונטער דעם רעליגיעזן איינשטעל און זיי שטעלן צום וועלטלעכן דינסט.

און דער ערשטער פּסיכאָלאָגישער אמת איז, אַז נשמה איז אַ יש, ניט קיין ליידיקייט — אַ יש, וואָס דורך נשמה־איבונג, דורך נשמה־דיסציפּלין, קאָן עס דערפירט ווערן ביז צו אייזנפעסטער, ממש מאַטעריעלער ממשות. פון הוילן גייסט־שטאָף שמידט זיך אויס אַן אַפּאַראַט, וואָס פּראָדוצירט נשמה־גבורה, לעבנס־גבורה. דאָס בלייבט פּסיכאָלאָגיש אמת ביז צום היינטיקן טאָג. אפילו ווען מיר האָבן אָנגעוואָרן די רעליגיעזיטעט, דאַרף מען מיט וועלטלעכע מיטלען זיך אויסשמידן אַזאַ נשמה־אַפּאַראַט.

דער צווייטער פּסיכאָלאָגישער אמת איז, אַז אפילו אין גאָט־גלויבן איז דאָ אַ וועלטלעכער גרונט־עלעמענט. דאָס איז די שפּירונג

פון אַנגעלאָפן ווערן מיט לעבנס־גבורה. פון וואַנען? פון דעם לעבנס־אורקוואַל, וואָס איז דאָ אין אונדז. ווען איינגעשטעלט אויפן וועלט־סוד, וועלכער איז נאָך אַ פאַקט פאַר דער היינטיקער וויסנשאַפט, האַנדלענדיק אין אמונה, אַז עס איז קיין גרענעץ ניטאָ צום אָנשעפּן לעבנס־גבורה פון לעבנס־אורקוואַל — די ביאָלאָגיע לייקנט עס ניט — דער וועלט־סוד, די אמונה דאַרפן אפילו ביים נאָמען ניט אָנגערופן ווערן — נאָר מען האַנדלט אין ריזיקע, אין צוטרויען, אין בטחון — דעמאָלט פּאַסירט עס: עס ציט זיך אַ שפע פון לעבנס־גבורה.

דער פּאַרציטיקער נאָמען פאַר אָט דער גרונטשפּירונג פון אָנ־נעמען זיך מיט גבורה, איז געווען גאָט.

אויף אָט דער גרונטשפּירונג איז אָנגעוואַקסן די טעאָלאָגיע, וואָס נעמט דעם אומענדלעכן וועלט־סוד — דעם אין־סוף — און קלאַפּט אַריין אין אים אַ טשוואָק, און זאָגט: דאָ ענדיקט ער זיך, און רופט אים אָן ביים נאָמען און אַזאַ פּנים האָט ער און אַזוי רעדט ער. די טעאָלאָגיע האָט פון גאָט געמאַכט אַן אָפּגאָט, אַ געץ. אָט די טעאָלאָגישע פאַרגעצונג, די עבודה זרה, וואָס ווערט גע־טריבן אַרום גאָט — דאָס רופט אַרויס ביי די וועלטלעכע דעם פריקרען געפיל. זיי ווילן די קראַפט, דעם זאַפט, דעם טעם פון דער רעליגיעזער איבערלעבונג, אָבער זיי ווילן ניט די געצנדינערײַ.

און אַ דריטער, נאָך אַ גרעסערער פּסיכאָלאָגישער אמת איז פון אונדז פאַרשטעלט געוואָרן דורך דער טעאָלאָגיע — אַן אמת, וואָס ערשט אין היינטיקער צייט ווערט זיין פּראַגמאַטישער באַטייט פול אַנטפּלעקט. דער גרונט־עלעמענט פון דער רעליגיעזער איבערלע־בונג — די שפּירונג, אַז נייער כוח קומט דעם מענטשן צו, ווערט באַגלייט מיט אַ צווייטער גרונטשפּירונג, אַז אַ נייער מענטש קומט אים צו. ער וואַקסט, ער שטייגט. ער שפּירט, ווי אַ נייע געשטאַלט נעמט אויפגיין אין אים, איבער אים — פאַרגרעסערט, פאַרשענערט, אידעאַליזירט — אַ מוסטער־געשטאַלט. עס קומט פאַר אין פאַר־קערטער אָרדענונג ווי אין פּסוק פון בראשית. דאָרט „ויברא אלהים את האדם בצלמו" — און גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין געשטאַלט. דאָ: די שפּירונג פון דער נייער געשטאַלט, וואָס גייט אויף אין אים, ברענגט דעם מענטשן צו דער שפּירונג פון באַ־שעפער — דאָס איז דער מקור פון משיחיזם. די יידישע משיח־געשטאַלט האָט אָפּגעשפּיגלט אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, וואָס עס קומט פאַר אין דער נשמה פון יחיד, ווען ער ווערט אויפגעעפנט צום אין־סוף.

אין יחידים ווי אין פאָלקס „איך" גייט אָן אַ פּאַראַלעלער געשטאַלטונגס־פּראָצעס. ביי ביידן קומט עס פאָר, ווען זיי געפי־נען זיך אין אַ קלעם, און בלויז אַ נייער מענטש־באַשאַף קען אַרויס־פירן פון קלעם. דאָס איז דער משיחיזם: דאָס איבערהויבן זיך

איבער א פאַרקלעמטער סיטואַציע ניט דורך טרוקענער אידייע נאָר דורך וויזיע־געשטאַלט — א מעטאַד פון כוח־דערלאַנגונג דורך גע־שטאַלט־געבונג, צו לאָזן איפגיין און אויפשפּילן א געשטאַלט, פאַר־אויסשיקן א זעאונג, א צוקונפט־וויזיע און דערנאָך באַרעכטיקן זי מיט מעשים. דער מעטאַד וואָס ציט אָן דעם מאַקסימום ענערגיע — אָן א שיר טיכטיקער ווירקזאַמער פון יעדער שכלדיקער אידייען־פּראָפּאַגאַנדע.

איבער דעם פּערמאַנענטן קלעם, אין וועלכן דאָס פאָלק איז אָפּ־געזעסן די לעצטע צוויי טויזנט יאָר, האָט געהויערט די משיח־גע־שטאַלט, וואָס האָט אָפּגעגעבן פון זיך, דורך דעם פרומען לעבנס־שטייגער, א פּערמאַנענטן אַקט פון כוח־דערלאַנגונג דורך געשטאַלט־געבונג, וואָס אָן דעם וואָלט דאָס פאָלק דעם קלעם גאָרניט אויס־געהאַלטן. און ווען דער קלעם פלעגט ווערן ניט אויסצוהאַלטן, פלעגט די משיח־געשטאַלט דערלאַנגען עקספּלאָזיעס פון געשטאַלט־געבונג. דאָס זיינען די פאַלשע משיחים געווען, וועלכע, כאָטש פאַל־שע, פלעגן זיי איבערשאַפן מענטשן־מחנות, כהרף־עין, געבנדיק זיך אליין ווי א וויזיע ווי א מוסטער־געשטאַלט. כאָטש פאַלשע פלעגן זיי ראַטעווען פון דער לעצטער פאַרצווייפלונג, אָפּפרישנדיק די פרייד פון משיח־דערוואַרטונג. אויב די שבתי־צבי־ און יעקב־פראַנק־באַוועגונגען געפעלן אונדז ניט, איז חסידות אויך א פּראָדוקט פון משיחיסטישן געשטאַלטונגס־דראַנג, און איר אָפּפרישונג פון פריידיקן בטחון האָט דורך דער יידישער ליטעראַטור זיך דערלאַנגט אויך צו אונדז היינטוועלטיקע.

און טאָמער האָט די יידישע געשיכטע געליפערט ווייניק באַווייזן אויף כוח־דערלאַנגונג דורך געשטאַלט־געבונג, איז דער איצטיקער מוראדיקער וועלט־ספּעקטאַקל פון הינטן אַרום, א גרויליקע באַשטע־טיקונג דערויף. וואָרעם דאָס איז געווען דער טריפענער אַקט פון נידעריקער געשטאַלט־געבונג, וואָס „דער פירער" האָט דורכגעפירט איבער די דייטשישע מיליאָנען — דאָס איז געווען געשטאַלט־געבונג, וואָס האָט היטלערן געגעבן זיין ערשטן טריאומף.

גענוג. איך האָב גענוג אַרומגערעדט דעם „וועלטלעכן", פּסי־כאָלאָגיש־פּראַגמאַטישן ווערט פון די צוויי טעאָלאָגישע סימבאָלן — גאָט און משיח — כדי עס זאָל קלאָר ווערן, אז וועלטלעכע פעדאַ־גאָגן דאַרפן זיך ניט זשענירן צו נעמען די צוויי סימבאָלן פאַר וועגווייזער — ניין, פאַר וועגצייכנס אין יידישן געשיכטע אונטער־ריכט. זיי טראָגן אַריין איינהייטלעכקייט און שטייגערונג אין א פעריאָד געשיכטע, וואָס איז זיגזאַגיש צעוואָרפן צווישן צייטן און לענדער. דער זיגזאַג איז געגאַנגען אַן עליה אין א גראָדער שטייגנ־דיקער ליניע.

און דאָס איז אין קורצן די געשיכטלעכע סכעמע פון צוויי טויזנט יאָר:

דער ארץ־ישראל־פעריאָד, ווי מיר ווייסן, האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פּרואוו צו פאַרווירקלעכן די משיח־אוטאָפּיע. און יידן האָבן געוואוסט, אַז עס איז אַן אוטאָפּיע, וואָרעם זי האָט איינגעשלאָסן אין זיך ניט נאָר גאולה פאַר יידן — אַ מלוכת השמים אין ארץ ישראל — נאָר אויך גאולה פאַר די מענטשיקע פעלקער. וואָס האָבן געשיקט זייערע חיילות קיין ארץ ישראל. זיי האָבן עס אויך געדאַרפט „אויס־געלייזט" ווערן, וואָרעם ווי דען אַנדערש? ניט „אויסגעלייזטע", וועלן זייערע חיילות דאָך צעשטערן משיחס מלכות השמים אין ארץ ישראל. איז עס געווען אַן אוטאָפּיע — וואָרעם ווער וועט שטערן בבל און מצרים, רוים און יוון טאָקע צו צעשטערן די ארץ־ישראל־דיקע מלכות־השמים?

און אַזוי טאָקע איז עס געשען.

צו דער צייט, ווען דער פּרואוו אויף מלכות השמים איז געמאַכט געוואָרן, האָט רוים געשפּאַרט אויף ארץ ישראל. יידן האָבן זיך ניט געלאָזט פאַרפירן. אַ געזונטער אינסטינקט האָט זיי אונטערגעזאָגט, אַז דער פּרואוו וועט זיך אויסלאָזן מיט אַן אומזיסטער פאַרשווענדונג פון דער אָנגעזאַמלטער יידישער נשמה־גבורה, וואָס דאָס וועט מיי־נען נאַציאָנאַלער זעלבסטמאָרד. וואָרעם אָנגעזאַמלטע נשמה־גבורה — דאָס איז דאָס ווערטפולסטע וואָס אַ נאַציע פאַרמאָגט — דאָס איז די נאַציע! אַ מלכות־השמים אויפן חשבון פון יידישן קיום וועט עס זיין! און ווידער האָבן יידן שוין געוואוסט, אַז די וועלט ענדיקט זיך ניט ביי די הרי־חושך, אַז הינטער די הרי־חושך לויערן נאָך באַרבאַרן, און אונטער דער מלכות־השמים וועלן זיי דאָך אויך דאַרפן אַרונטערגענומען ווערן. און די יידישע פירער זיינען דאָך גערעכט געווען. דער פאַרקריסטלעכטער משיחיזם האָט זיך אויס־געלאָזן מיט אַ קירך, וואָס האָט געשמירט מיט גן־עדן־זאַלב די צע־ווייטיקטע הערצער פון די פאַריאָכטע פעלקער־מאַסן, און אַזוי אַרום מיטגעהאָלפן צו הערשאַפט רוים, און דערנאָך די צוויי אימפּעריעס, אויף וועלכע רוים האָט זיך געשפּאָלטן, — ביז עס זיינען אונטער־געקומען די באַרבאַרן, און די קירך האָט זיך גענומען צו זיי — צו זאַלבן מיט גן־עדן־זאַלב זייערע שטייפע באַרבאַרישע הערצער...

דערמיט האָט זיך אויסגעלאָזט דער פּרואוו אויף מלכות־השמים. איז מלכות־השמים געווען אַן אוטאָפּיע — אָבער אַ שיצנדיקע אוּ־טאָפּיע!

עס איז אויסגעקומען, ווי יידן וואָלטן זיך איינגעשלאָסן אין זייער שיצנדיקער אוטאָפּיע — אין זייער קינסטלעכער נשמה־פּעס־טונג אויסצוהאַרן ביז די גאַנצע וועלט וועט אַרומגענומען ווערן, און די הרי־חושך וועלן פאַרשווינדן, און עס וועלן מער קיין באַר־באַרן ניט זיין. דעמאָלט וועט משיח מעגן קומען, און עס וועט נע־מען אַ סוף צום גלות. זיינען זיי געזעסן אין זייער פעסטונג, איבער־

געבנדיק פון דור צו דור זייער אָנגעזאַמלטע נשמה־שפּאַנונג, מיט די ניי־צוגעקומענע געווינסן אין אויסדויער און מסירת־נפש — מוכן ומזומן אויסצופּלייצן פון זיך מלכות־השמים איבער דער וועלט — זאָל נאָר משיח קומען! אָבער זיי זיינען ניט סתם געזעסן און געוואַרט. זיי האָבן געמאַכט הכנות ארומצונעמען און אַריינצונעמען די וועלט. טאָפּלטע הכנות פאַר אַ טאָפּלטער אַרומנעמונג — אויסערלעכער און אינערלעכער. אויסערלעך האָבן זיי מיטגעמאַכט די אויסשפּרייטונג פון דער וועלט הינטער די „הרי־חושך", וואַנדערנדיק פון לאַנד צו לאַנד, מיטנעמענדיק זייער נשמה־פעסטונג, בויענדיק אַרום איר אַ יידישן ישוב — זייער „געטאָ". האָבן זיי דערגרייכט אין מזרח ביז צו די סלאַוון. און אין מערב — ווען אַמעריקע איז אַנטדעקט געוואָרן — האָבן זיי זיך אויך אַהין פאַרקליבן. און אינערלעכע הכנות: די פאַלשע משיח־באַוועגונגען זיינען אין תוך געווען פאַרצווייפלטע פּאַרציייטיקע פאַרזוכן אַרומצונעמען און אַריינצונעמען די וועלט. דערפאַר טאַקע פלעגן די משיחישע אַרומנעמונגען אָפּט פאַרפירן אין שמד. געזינטער איז געווען, וואָס זיצנדיק הינטער די געטאָ־מויערן, האָבן זיי דאָך מיטגעמאַכט דעם וועלט־פּראָגרעס — גאָר באַזונדערס דעם פּראָגרעס אין מעדיצין, וועלט־קענטעניש און פילאָזאָפיע. און ווען עס פלעגט זיך באַווייזן אַ געפערלעכע לערע, וואָס האָט געקאָנט אָפּציען נפשות פון דער יידישער מחנה, האָבן זיי די געפאַר אויך פאַריידישט. אַזוי האָבן זיי אַריינגעצויגן אַריסטאָטעלן, פּלאַטאָ, די אַראַבישע פילאָסאָפיע, די מיטל־עלטערלעכע סכאָלאַסטיק, היפשלעך אַפילו אַריינגעזויגן דעם רענעסאַנס. אַפילו געפּרוּווט פאַריידישן די השכלה, אָבער זי האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַ געפערלעכן סם, וואָס האָט גענומען אויסעסן דעם אמונה־בנין. האָט די פרומקייט זיך צוריקגעצויגן אין איר פעסטונג, אין איר פּאָזיציע פון אַן אויסהאַרערין ביז משיח וועט קומען.

(אָט די צוויי פּאַראַלעלע וועלט־אַרומנעמונגען — דער אינערלעכער, משיחישיסטישער, רעליגיעז־פילאָסאָפישער — און דער אויסערלעכער, מאַטעריאַליסטישער אַרומנעם — אָט דער פּאַראַלעל מאַכט פון דער גלות־געשיכטע איין שטיק. — איז געווען אַ פאַרבינדונג צווישן די צוויי אַרומנעמונגען, אָדער איז עס געווען אַ צופעליקער פּאַראַלעל? — דווקא די מאַרקסיסטישע אינטערפּרעטאַציע מאַכט די פאַרבינדונג: בעת די צדיקים האָבן אַרומגענומען די וועלט מיט וויזיע, האָבן ניט אַזעלכע צדיקים אַריינגעטראָגן וויזיע אין מסחר — און אַזוי אַרום געגרינדעט דעם באַנק־געשעפט און וואַנדערנדיק פון לאַנד צו לאַנד מיטגעהאָלפן דער אַרומנעמונג פון דער וועלט דורכן קאַפּיטאַליזם).

אָן ספק, ניט קיין פערפעקטע לעבנס־אָרגאַניזירונג, ניט קיין פולע לעבנס־באַוואָרעניש, דאָס פאָלק האָט געצאָלט מוראדיקע ציגזן אין

רעגולערע בלוט־אָפּצאַפּעניש פאַר זייער צולהכעיס צו די אומקום־באַפעלן פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט. די ארומנעמונג פון דער וועלט דורך משיחות, דאָס מיטמאַכן דעם פּראָגרעס איז אויך ניט אָפּגעגאַנגען גלאַט. היפּשע צאָלן האָבן זיך אָנגענומען מיט אַזוי פיל משיחות און אַזוי פיל פּראָגרעס, אַז זיי פלעגן פארשווינדן אין אַסימילאַציע, אָבער ס׳רוב מנין און ס׳רוב בנין — ניין, ניט ס׳רוב מנין און ס׳רוב בנין, נאָר אַ רעשט איז אַלעמאָל געבליבן אויף אָנהאַלטן דעם קיום ביז צום נצחון און משיחס צייטן — ווי זיי וואָלטן זיך געהאַלטן אויפן וואַרטן...

און זיי האָבן זיך דערוואַרט!

עס האָט פּאַסירט. די גאַנצע וועלט איז ארומגענומען געוואָרן דורך דעם קאַפּיטאַליסטישן רינג, און דער קאַפּיטאַליסטישער רינג האָט איצט געפּלאַצט. און ניטאָ מער קיין הרי־חושך, און ניטאָ מער קיין באַרבאַרן: אַ העלפט פון דער ציוויליזירטער וועלט איז באַר־באַריש געוואָרן. — און קיין „גלות" איז אויך ניטאָ. ניטאָ מער וואו צו וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד — און משיח קומט ניט. וואו וועט זיך אַהינטאָן די אמונה אין „משיחס צייטן" — אין אַ וועלט פון כולו יושר — וואָס די משיח־וויזיע האָט אָנגעזאַמלט?

און נאָך מער האָט פּאַסירט. אַ צייט פריער פאַרן מאַטעריעלן צוזאַמענברוך, האָט דער אייזנשטאַרקער וויזיאָנערישער בנין, וואָס האָט אויסגעהאַלטן צוויי טויזנט יאָר, געגומען צוזאַמענברעכן.

די כלים מיט דער הויפּט־כלי — די משיח־וויזיע, וועלכע איז געווען אַן איינפאַס פאַר דער יידישער אייבער־ראַל אין אחרית־הימים — די כלים האָבן געמעגט און געמוזט צוזאַמענברעכן, ווי־באַלד דער גלויבן אין זיי האָט זיך אויסגעוועבט און אויסגעווייט. אָבער דער וועלטלעכער אינהאַלט פון רעליגיעזן אַפּאַראַט, פון גאָט־און משיח־גלויבן — די נשמה־דיסציפּלין — דער דור־דורותדיקער שטראַם פון דער יידישער נשמה־גבורה — דער געהויבענער ראַלע באַוואוסטזיין, אַן וועלכן עס איז אָנגעקלאַמערט געווען די ווערט־פולסטע נאַציאָנאַלע עמאָציע, וואָס האָט געשפּייזט מיט קיום — אַט די אַלע ווערטפולע עמאָציעס, זיי טאָרן דאָך אין ניוועץ ניט גיין!

מיר האָבן געדאַרפט האָבן אַ גאון, וואָס זאָל צוגרייטן נייע פאָרמען. אַנשטאָט דעם גאון, זיינען געקומען אַ טוץ אידייאישע בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן פּשוט, דורך אימיטאַציע, איבערגענומען די קולטור־ און ליטעראַטור־פאָרמען פון די אומות־העולם, וועלכע האָבן אי מלוכות, אי טעריטאָריעס און וואָס ראָלע־באַוואוסטזיין גיט זיך זיי אומזיסט, פּאַרטיקעריייט. די יידישע ליטעראַטור האָט זיך דווקא געגרייט אָנצונעמען זיך מיט געהויבענעם יידישן ראָלע־באַוואוסטזיין, דער סאָציאַליזם האָט צוגעשטעלט נייע מצוות מעשיות.

גרייטע אַנצוגעמען מיט דער געירשנטער יידישער מסירת־נפש פון דור־דורות. וועגן וואָס רעדט אברהם וואַלט־ליעסין אין זיינע פּאָע־מעס און עסייען? וועגן טראַנספאָרמאַציע פון דער יידישער ענער־גיע — פון רעליגיעזע אחרית־הימימדיקער אין סאָציאַליסטיש אחרית־הימימדיקע פאָרמען. אָבער די גאַנצע צייט זיינען די ליטעראַטור און דער סאָציאַליזם געשטערט געוואָרן פון דער אימיטאַטאָרישער בעל־מלאכהשער קולטור־פאַרוואַלטונג. איצט דאַרף מען שוין קיין גאון ניט זיין איינצוזען, אַז דאָס איז געווען די אימיטאַציע — דער נהיה ככל הגויים — וואָס האָט געבראַכט די קולטור, די ליטעראַטור, דעם סאָציאַליזם, און במילא אויך די וועלטלעכע יידישע דערצי־אונג — צו אַ פאַרחלשטן צושטאַנד.

די וועלטלעכע שול וועט די ערשטע דאַרפן ענטפערן. ניט נאָר די געשיכטע, נאָר איר גאַנצן אונטערריכט וועט זי דאַרפן איינשטעלן צום אָפענטפער אויף די פראַגן. וואָרעם וואָס עלטערן חלומען און פירן ניט דורך, פראָיעקטירן זיי אריין אין זייערע קינדער.

קינדער זיינען צוקונפט־מענטשן. קינדער־דערציאונג איז אַ צו־קונפט־פראָיעקט. יענע יידישע דערציאונג, וואָס וועט זיין די ער־שטע איינצופאַסן די ווערטפולע נשמה־ירושה פון עבר אין צוקונפט־פאָרמען — וועט איר באַשערט זיין צו ווערן אַ פאָלקס־באַוועגונג.

„קולטור און דערציאונג“, אַפּריל—מאַי, 1942.

